# אַלע ווערק פון שלום-עליכם

## יוגענד-ראָמאַנען

שלום-עליכם פֿאָלקספֿאָנד אויסגאַבע—ניו-יאָרק, 1925

# אינהאַלט

טייבעלע . . . . . . . . . . . . . . . . . . 7
קינדער־שפּיעל . . . . . . . . . . . . . . . . . . 59

# טייבעלע

עס איזט איינע אַלטע געשיכטע,
דאָך בלייבט זי איממער ניי;
אונד וועם זי יוסט פּאַסיערטע,
דעם בריכט דאַס הערץ ענטצוויי...
(היינריך היינע).

## I

אין אַ קליין ליכטיג צימער, ביי אַ קליין אָפֿען פֿענסטער, איז געזעסען טייבעלע, אַ יונג מיידעל פֿון אַ יאָהר אַכצעהן, מיט איין אַרבייט אין די הענד. איהר שען ליכטיג פּנים האָט בעוויזען, אַז זי איז צופֿריעדען; איהרע טונקעלע, גלענצענדיגע אויגען האָבען געברענט ווי פֿייער, איהרע שוואַרצע געקרייזעלטע קורצאונטערגע־שוירענע האָר האָבען פֿערשטעלט פֿון ביידע זייטען איהרע פֿער־פֿלאַמטע באַקען, און אויף איהר קליין מיילכען האָט געשפּיעלט אַ צופֿריעדענער שמייכעל; מיט איהרע קליינע ווייסע הענטלעך האָט זי אַוועקגעלעגט די אַרבייט אָן אַ זייט, האָט אַ וואָרף געטהאָן מיט דעם קאָפּ, פֿערשאָרט די האָר, צונויפֿגעלעגט ביידע הענד אויף דעם האַרצען, און האָט געוואָרפֿען איהרע שענע שוואַרצע אויגען אויף דעם יונגען מאַן, וואָס איז געזעסען אַקעגען איהר און האָט געלע־זען אַ בריעף. דאָס איז געוועזען אַ הויכער שענער מאַן פֿון אַ יאָהר צוואַנציג, מיט אַ ווייס קיילעכיג געזיכט, מיט בלויע אויגען

און בלאָנדע האָר. געקליידט איז ער געווען זעהר עלעגאַנט, אייראָפּעאיש, ווי אונזערע האַלב־אַריסטאָקראַטישע גביר׳ישע קינדער; אַ שווערע מאַסיווע גאָלדענע קייט מיט זעהר אַ טהייערען שטיין איינגעזעצט אין דעם רינג, וואָס ער האָט געטראָגען, און דערצו זיין ריין ווייס געזיכט מיט זיינע אויסגעגלעטע ווייסע הענד האָבען געוויזען, אַז ער איז געוואַכסען ביי רייכע עלטערען און האָט נאָך ניט געוואוסט וואָס הייסט אַרבייטען אין דער וועלט און פון וואַנען רייכקייט נעמט זיך. דאָס איז געווים אַ אידישער פינאַנץ־פּרינץ — איינער פון די, וואָס גלויבען ניט דעם, וואָס בעקלאָגט זיך אויף דער שלעכטער צייט, און מיינט, אַז ע ר ד אַ ר ף אַזוי לעבען, און דער אַנדערער — דער אַנדערער לאָז זיך לעבען, ווי ער פערשטעהט... נאָר מיר וועלען זיך נאָך בעקענען גאַנץ נאָהענט מיט אונזער העלד.

— מאַריץ! וואָס קלערט איהר צו ענטפערען דער מוטער אויף דעם בריעף? — האָט איהם דאָס מיידעל פּלוצים אַ פרעג געטהאָן. מאַריץ איז רויט געוואָרען און האָט איהר ניט באַלד געקאָנט ענטפערען; ער איז אויפגעשטאַנען פון דעם בענקעל און איז זיך אַ פּאָר מאָל דורכגעגאַנגען הין און צוריק; דערנאָך האָט ער זיך געזעצט נעבען דעם מיידעל און האָט גענומען איהר האַנד אין זיינע הענד און האָט לאַנג געקוקט איהר אין די אויגען. ער האָט געזאָגט צו איהר:

— וואָס פרעגט איהר מיך עפּיס היינט, וואָס איך קלער איהר צו ענטפערען אויף איהר בריעף? דאָס זעלבע וואָס אויף אַלע איהרע בריעף...

דאָס מיידעל האָט אַביסעל נאָכגעטראַכט און האָט שטיל אַרויסגעצויגען איהר האַנד פון זיינע הענד און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגען. מאַריץ האָט זיך איינגעבויגען און האָט איהר געוואָלט אַ קוק טהון אין פּנים; זי האָט איהם מיט ביידע הענד אַרומגעכאַפּט דעם האַלז און האָט איהם לאַנג געקושט אין קאָפּ און אין די אויגען.

— טהייערער, טהייערער מאַריץ, דו ביזט מיין פריינד! טהייערער מאַריץ! זיי מיר מוחל, איך בין א שלעכטע; בע־שטראַף מיך, איך בין דיך ניט ווערטה: איך קלער אויף דיר שלעכטס... אז דו געהסט אוועק און איך זעה דיך ניט, ווערסט דו ביי מיר אָן דעם גאַנצען גלאַנץ; דו ווייזט מיר אויס קליין, אָרעם, נידעריג, פאַלש, נאָך ערגער פון פאַלש — שוואַך, שוואַך!! מאַ־ריץ! איך האָב פיינט א שוואַכען מענשען אָהן א כאַראַקטער, — ערגער, הונדערט מאָל ערגער פון א פאַלשען, פון א מערדער; דער מערדער איז א שלעכטער מענש, נאָר א מענש; אָבער דער „בעזכאַראַקטערנע” איז גאָר קיין מענש ניט ביי מיר — א פליעג, א וואָרעם...

ביי די ווערטער האָט טייבעלע אַרויסגעלאָזט מאַריצען פון איהרע אָרעמס און איז ווידער געבליבען זיצען שטיל און האָט נאָר געקוקט אויף איהם. מאַריץ איז געוועזען פערוואונדערט אי־בער איהר היינטיגער אויפיהרונג; ער האָט געזעהן, אז זי איז היינט צערודערט: אָט ווערד זי לעבעדיג און מונטער, און אָט ווערד זי פערטראַכט און עפּיס אַזוי אומעטיג, אז דאָס האַרץ קאָן צעריסען ווערען קוקענדיג אויף איהר בלאַס געזיכט; עס איז עפּיס ניט כדרך הטבע.

— טייבעלע! מיין טהייערע! דו ביזט היינט ניט מיט אַלעמען. זאָג דעם אמת, וואָס איז מיט דיר? וואָס קלערסט דו איצט? וואָס זענען דיינע שענע אויגען אַזוי פערטראַכט? וואָס בעדייט דער וואָלקען, וואָס ווערד פּלוצים איבערגעצויגען אויף דיין שען געזיכט? איך קען דיך ניט פון נעכטען, דאַכט זיך, — זאָג, וואָס איז מיט דיר? דו צווייפעלסט אין מ י ר? אין דיין מאַריצען? דו ווייסט, ווי אַזוי איך האָב דיך ליעב, איך דאַרף דאָס דיר ניט דערצעהלען...

— איהר דאַרפט דאָס מיר ניט דערצעהלען — האָט טייבעלע איבערגעזאָגט זיינע ווערטער פערטראַכט ווי פריהער.

— וואָס זשע דען? וואָס זשע דען זאָל איך קלערען? מיר וועלען דאָך באַלד — דו ווייסט? — מיר וועלען דאָך באַלד גליק־ליך זיין: מיין מוטער וועט נאָר פון קארלסבאד קומען, זאָג איך איהר באַלד מיינע פּלאַנען; זי וועט זיך דאָס דערפרייען; זי וועט דיך ארומנעמען ווי א קינד...

— אַך, מאָריץ, מאָריץ! איהר זענט יאָ א קינד. און דערצו נאָך א פערצערטעלט קינד! איהר רעדט זיך אליין איין גאָט ווייסט וואָס פאַר נארישקייטען, און ווילט נישט קוקען אויף דער אנדערער זייט פון דער מטבע... איהר האָט דאָך ערשט אליין גע־לייענט איהר בריעף! איהר פערשטעהט דען ניט, צוליעב וואָס זי דולט אייך א קאָפּ מיט דער פאַמיליע נאָטקין און מיט די זעל־טענע מעלות פון דער מאַמזעל נאָטקין, וועלכע האָט זיך, נאָך די ווערטער פון אייער מוטער, כמעט פערליעבט אין אייער פּאָר־טרעט?...

— נו, ווער הערט זי! — האָט מאָריץ געענטפערט, ארומ־געהענדיג איבער דעם צימער. — איך לעב ניט מיט דער מאַמע'ס שכל, איך בין ניט דער „מאַמע'ס קינד"... זי וועט ניט וועלען? וואָס הייסט? פאַר וואָס זאָל זי ניט וועלען? ווייל מיין כלה האָט קיין געלד ניט? נארישקייט! איך האָב אליין געלד און דאַרף גאָר ניט קיין געלד! יחוס? וואָס טויג מיר יחוס? זי וועט מורא האָבען פאַר אידישע מיילער: מע וועט זאָגען, אז מאָ־ריץ, גאָלדע זילבערמאַנ'ס בן־יחיד, האָט חתונה געהאַט פאַר איין אָרעם מיידעל, וואָס קיינער ווייסט זי ניט? ווער הערט זיי? וואָס בין איך — א קינד? איך בין א מאַנספּערזאָן! איך קאָן בעשטעהן פאַר זיך! איך בין פריי: קיינער סמעיעט ניט מיר צו שטעהרען מיין גליק, אפילו מיין מוטער! איך געה באַלד אהיים און שרייב איהר א בריעף... און שיק איהר היינט א דע־פּעש... איך געה שוין, די רגע...

וואָס ווייטער מאָריץ האָט גערעדט, איז ער אַלץ מעהר פּער־פלאַמט געוואָרען. מע האָט געזעהן, אז ער רעדט דאָס ערנסט, מיט

געפיהל, מיט דעם גאַנצען הארצען, מיט דעם רעכטען אמת... טײ־בעלע אָבער איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו איהם און האָט איהם אָנ־געריהרט ביי דער האַנד.

— מאָריץ, גענוג! אײלט דאָך ניט אזוי: מע דאַרף ניט טעלעגראַפירען קיין קאַרלסבאַד; אײער מוטער דאַרף גיך קומען אהיים; מיר װעלען נאָך האָבען צייט איהר צו זאָגען...

מאָריץ איז אַ ביסעל געשטילט געוואָרען און האָט געזאָגט:

— נו, װעל איך איהר חאָטש אַ בריעף שרייבען, אַז איך בין אזוי גליקליך...

— מאָריץ! מע דאַרף דאָס אויך ניט! זי װעט ניט פער־שטעהן אייער גליק; זי קאָן דאָס ניט פערשטעהן... אָבער אַז זי װעט קומען און איהר װעט מיט איהר פערזענליך רעדען, װעט דאָס אנדערש זיין... איצט געהט אהיים: עס איז שוין זייגער צוויי. קומט ניט היינט, קומט מאָרגען פריה; איך בין היינט פערנומען אַ גאַנצען טאָג — אדיע!

מאָריץ האָט אויף זיך ארויפגעוואָרפען דעם אויבעררעק, ער האָט אָפּגעזוכט דעם הוט מיט דעם שטעקען און האָט זיך געקלי־בען אװעקצוגעהן; ער איז צוגעגאַנגען צו טייבעלען און האָט איהר געגעבען די האַנד.

— דו גלויבסט מיר? טהייערע!...

— מאָריץ! — האָט זי איהם געענטפערט, און איהרע אויגען האָבען זיך װיעדער אָנגעצונדען. — מאָריץ! איך גלויב דיר! טהייערער, טהייערער מאָריץ! זיי מיר מוחל מיינע נאַרישע גע־דאַנקען... איך גלויב דיר, מאָריץ, דו ביזט מיין לעבען...

מאָריץ איז שוין געשטאַנען ביי דער טהיר; טייבעלע האָט איהם צוריק צוגערופען און האָט איהם געזאָגט:

— מאָריץ! איך בין אינגאַנצען דיינע... דו ביזט ביי מיר אַלץ... אָהן דיר בין איך גאָרנישט, מאָריץ! אַז דו געהסט נאָר ארויס פון דער טהיר, װייזט זיך מיר אויס, אַז איך װעל דיך שוין מעהר ניט זעהען... װאָס װעל איך טהון? — זיי מיר מוחל,

טהייערער פריינד מיינער! דיין טייבעלע איז א נאַריש קינד, אַ קאַפּריזנע מיידעל, האַ־האַ־האַ!

מאַריץ איז אַוועקגעגאַנגען פערטיעפט אין געדאַנקען: ער האָט גאָר ניט געקאָנט פערשטעהן איהרע ווערטער, איהר געלעכ־טער... ער וואָלט זיך אָבער נאָך מעהר פערוואונדערט, ווען ער זאָל זיך געווען אומקעהרען צוריק: ער וואָלט געטראָפען טייבעלען אין בעט, בעגאָסען מיט הייסע ביטערע טרערען...

---

## II

מאַריץ זילבערמאַן האָט אַמאָל, מיט אַ יאָהר צעהן פריהער, געהייסען „מאיר", און זיין מוטער, גאָלדע רב מאיר'ס, רופט איהם נאָך הייגט אויך „מאיר'על". נאָר זינט די ציוויליזאַציע האָט אָנ־געהויבען אריינקוקען צו אונזערע ברידער אויך, האָבען מיר זיך דערשראָקען פאַר איהר, און האָבען זיך געהאַפּט צו די קליי־דער מיט די נעמען: די אַטלעסענע זשופּעצע מיט דעם קיילעכי־גען שטריימעל איז פערביטען געוואָרען אויף אַ קורצען פראַק מיט אַ צילינדערהוט, און דער נעכטיגער מאיר בערעל'ס, זרח נפתלי'ס און קלמן רב וועלוועל'ס זענען פלוצים געוואָרען מאַריץ באָריסאָ־וויטש, זאַחאַר פאַנטעלעמאָנאָוויטש און קלימענטי וולאַדימיראָ־וויטש... מאיר'על, וועלכען מיר מוזען אָנרופען ווי ע ר וויל — „מאַריץ", איז געוואַכסען אַ יתום ביי זיין רייכער מוטער, גאָלדע זילבערמאַן, אָדער גאָלדע רב מאיר'ס, — איהר פאָטער רב מאיר איז געווען זעהר איין „אדם חשוב"; אין די יונגע יאָהרען איז ער געווען אַ פּשוט'ער אַרענדאַר, נאָר דער פּריץ האָט איהם זעהר ליעב געהאַט, און האָט איהם געמאַכט פאַר דעם ערשטען פאַקטאָר אין הויף. רב מאיר האָט בעקומען עטליכע קערבלעך, און אַז דער

פריץ איז „מת" געוואָרען און האָט קיין קינדער ניט איבערגעלאָזט, איז ער געוואָרען ביי דער פריצה א „בן־בית", און האָט מיט איהר אזוי לאַנג געהאַנדעלט, ביז רב מאיר איז געוואָרען דער פריץ, און די פריצה האָט גענומען ביי איהם פענסיע. רב מאיר איז געוואָרען גרויס, האָט בעקומען א נאָמען, האָט אָנגעהויבען פאָהרען צום רבין... אויף דער עלטער איז רב מאיר ארויסגעפאָהרען קיין נ., האָט אָנגעהויבען פראַוועץ שלש־סעודות'ען, און „חברה" האָבען איהם געמאַכט דעם נאָמען אזוי גרויס, ביז ער האָט זיך משדך געווען מיט דעם רבינ'ס א שוועסטער און האָט געקויפט פאַר הונ־דערט טויזענד רובל איין איידעם א צאַצקע פאַר זיין בת־יחידה, גאָלדעניו, און איז בערוהט געשטאָרבען. דער איידעם, די צאַצקע, רב מאָטעלע, איז טאַקי געווען א גילדערנער יונגערמאַן, א תכשיט, און האָט ניט געוואוסט קיין צורת מטבע. ער איז אָבער געווען א קראַנקער, האָט זיך אָפּגעמוטשעט עטליכע יאָהר און איז גע־שטאָרבען און איבערגעלאָזט גאָלדען א יונגע אלמנה פון דריי און צוואַנציג יאָהר, מיט א קליין קינד פון צוויי יאָהר. גאָלדע האָט שוין דאָס צווייטע מאָל ניט געוואָלט חתונה האָבען (דאָס איז ביי אונז אפילו זעלטען), כדי איהר מאיר'על זאָל ניט דאַרפען אָנקומען צו א שטיפפאָטער. זי האָט איהר גאַנץ לעבען אוועקגעשענקט מאירל'ען, וועלכער איז אויפגעצויגען געוואָרען אויף זייד מיט אלערליי פערגעניגענס. ביז צעהן יאָהר האָט מען איהם געהאַלטען מלמדים, און מאיר'על האָט זעהר גוט געלערענט. גאָלדע האָט אָבער געוואָלט, ער זאָל קענען אַלץ אויף דער וועלט. קיין געלד האָט זי ניט געקאַרגט. זי האָט געזעהן, ווי אַנדערע גבירים לאָזען לערנען זייערע קינדער, האָט זי איהם אויך צוגענומען א פראַנ־צויז אין שטוב אריין, מיט א לעהרער אויף רוסיש און דייטש; מע האָט איהם געלעהרענט פיאַנאָ שפּיעלען, טאַנצען, רייטען אויף א פערד און „עטיקעטע" (דרך־ארץ) — ווי אַזוי צו געהן, צו רע־דען און זיך צו בענעמען צווישען מענשען. גאָלדע האָט אָבער געוואָלט, ער זאָל דערצו זיין איין עהרליכער איד אויך. צו דער

„בר־מצוה" האָט מאיר'ל געזאָגט פאַר איין עולם זעהר אַ פיינע דרשה, וועלכע האָט געקאָסט געגונג געלד און אויף וועלכער ער האָט נעבאַך גענוג געהאָרעוועט, האָטש ער האָט זי אַליין ווינציג־וואָס פערשטאַנען, און אַז ער איז געקומען סאַמע צום רעכטען שפּיץ, וואו מע דאַרף אויסבויגען דעם גראָבען פינגער, האָט איהם ליפּאַ־קנאָבעל (אַזוי האָט געהייסען דער גמרא־מלמד) שיער איינגע־שלונגען, און רב געצעל דער דיין איז געזעסען אויף אַזאַ שטייגער, ווי קופּערניק אין דער מינוט, ווען ער איז געפאַלען אויף דער המציאה, אַז די ערד דרעהט זיך. און געלדע? געלדע האָט געוויינט מיט זיסע גליקליכע טרערען און האָט נאָכדעם דריי טאָג בסדר אַלע רגע געשיקט נאָך ליפּשע די גראָבע, זי זאָל אָפּשפּרע־כען מאירל'ען אַ גוט אויג... אַזוי איז ער געוואַכסען דאָס, וואָס ביי אונז האַלט מען פאַר איין אידעאַל — „אַ ביסעל אַהין, אַ ביסעל אַהער", פון יעדער זאַך דאָס אויבערשטע, נאָר אין אמת אַריין — אָהן תורה, אָהן חכמה, אָהן וויסענשאַפט, ניט אויסגעסוויסטשעט, ניט אויסגעבילדעט דעם שכל... אַלץ איז בערעכענט צו גלאַנצען פון אויבען, כדי מע זאָל קאָנען טהון אַ שענעם שידוך. דער שדכן שרייבט אויף דעם חתן, אַז ער איז אַ „מושלם", אַ „גאַנצער מענש", „צו גאָט און צו לייט", מע גיט איהם אַ סך נדן מיט אַ כלה, און אַזוי געהט פאַרביי זיין יוגענד, און אַז ער ווערד עלטער און געהט־אַרויס אויף דער וועלט, זעהט מען ערשט דעמאָלט אַרויס, ווי די ערציהונג האָט אויף איהם געווירקט... מאיר'ל האָט געהאַט אַזאַ ערציהונג ביז זיעבעצעהן יאָהר, ביז די געלעגענהייט האָט איהם צוזאַמענגעבראַכט מיט פעלדמאַנען, מיט וועלכען מיר וועלען אונ־זער לעזער באַלד בעקאַנט מאַכען.

---

## III

מיכאיל פעלדמאַן איז געווען איינער פון די, וואָס האָבען זיך געשלאָגען פאַר דער „השכלה" און זענען מיט גוואַלד געוואָרען „משכילים". זיי זענען געוועזען אַ גאַנצע קאָמפּאַניע יונגע לייט, וואָס זענען געזעסען אויף קעסט און האָבען געשטודיערט אין קלויז, אַלע אויף איין פאַקולטעט: געריסען די גמרא, געבאַקען קאַרטאָפּלעס, גע'גנב'עט ליכט פון די יאָהרצייטען, געשמיסען דעם שמש און געטהאָן נאָך אַזעלכע וויכטיגע זאַכען... דאָס איז געווען אין דער צייט, וואָס אידען האָבען נאָך פון קיין גימנאַזיעס ניט געהערט — ווער שמועסט אין די קליינע שטעדטלעך, וואו מע האָט מאַפּו'ס מיט שולמאַנ'ס ביכלעך געברענט, און ווער עס האָט בגנבה געלייענט דעם „המגיד", „המליץ", „קול מבשר", דער האָט געהייסען „אפיקורס"... פעלדמאַן האָט ערגיץ געקראָגען דעם „תעודה" מיט דעם „זרובבל" און האָט זיי געלייענט פאַר די חברים, ביז רב פייביש דער לאַנגער, וואָס פלעגט אויך לערנען אין קלויז, האָט זיי גע'מסר'ט צו דעם גביר פון דער שטאָדט, רב נחמן פליאַסק, און עס איז געוואָרען אַ ווילדער כעס אין שטאָדט. רב נחמן איז געווען זעהר אַ פרומער איד; ער האָט געלעבט פון פּראָצענט און פלעגט עסען אָרעמע לייט מיט די ביינער, און אָפּ־שרייבען איין אָרעמאַן די בעבעכעס פאַר צעהן רובל פּראָצענט איז ביי איהם קיין נאָווינע ניט געווען, נאָר קיין עולות האָט ער ניט געקאָנט ליידען — ער האָט די אַלע ביכלעך געהייסען פער־ברענען, און דעם „אפס דמים" האָט ער פריהער אַליין צעריסען אויף פּיץ־פּיצלעך און דערנאָך ערשט פערברענט. די יונגע לייט האָט ער צעטריבען פון דער קלויז: איינינגע פון זיי האָט מען אָפּגעשיקט צום רבין אויף תיקון, און פעלדמאַנען, דעם רעכטען סם, האָט מען געגזרט, ער זאָל גט'ען דאָס ווייב און פאָהרען „וואו

דער שווארצער פעפער וואכסט"... פעלדמאַן איז אוועקגעפאָהרען קיין זשיטאָמיר אין דער ראַבינער־שולע; ער האָט דאָרט געענ־דיגט און איז אַוועק קיין פּעטערבורג אין דער אוניווערזיטעט. נאָר די לעבענסמיטעל מיט דעם פּעטערבורגער קלימאַט האָבען איהם ניט ערלויבט צו לערנען ווייטער, איז ער געקומען קיין נ., וואו עם קומט־פאָר אונזער געשיכטע. ער האָט דאָ געהאַט איי־ניגע פריינד, גאַנץ רייכע לייט, נאָר ער האָט אָבער ביי זיי ניט געוואָלט זיין, און האָט געלעבט פון שטונדען. זיין געזונד, וועל־כעס איז אָפּגעשוואַכט געוואָרען אין זשיטאָמיר פאַר די אַכט יאָהר, וואָס ער האָט דאָרט געליטען הונגער און קעלט, האָט זיך אין נ. אָנגעהויבען צו פערבעסערען, נאָר קיין פּעטערבורג האָבען איהם די דאָקטוירים נאָך ניט געהייסען פאָהרען, ביז ער וועט ניט איינ־גאַנצען געזונד ווערען, און אַזוי זענען אַוועקגעגאַנגען דריי יאָהר. אין דער צייט האָט ער געהאַט אַ שטונדע ביי דעם גראַף וו., וועלכער פלעגט לייהען געלד ביי גאָלדע זילבערמאַן. איינמאָל האָט דער גראַף זעהר אָפּגעלויבט זיין אידישען לעהרער פאַר גאָלדען. גאָלדע האָט געוואָלט, אַז איהר מאיר'על זאָל ביי איהם אויך לערנען, האָט זי געשיקט נאָך איהם די קארעטע, נאָר פעלדמאַן האָט געענטפערט, אַז ער קאָן קומען צו־פוס. און אַז ער איז גע־קומען, האָט ער מאיר'לען נישט געטראָפען. גאָלדע האָט איהם געבעטען זיצען.

— וויפיעל וועט איהר נעמען ביי מיר פאַר מיין זוהן? — האָט איהם גאָלדע געפרעגט.

— איך וויל פריהער זעהן אייער זוהן און איהם קענען.

— וואָס הייסט? איהר קענט ניט מיין מאיר'לען?...

ביי די ווערטער איז מאיר'על אריינגעקומען, האָט אַ קוש געטהאָן דער מוטער די האַנד, אויף פעלדמאַנען האָט ער אַ וואָרף געטהאָן איין אויג און קוים אַ שאָקעל געטהאָן מיט דעם קאָפּ. פעלדמאַן איז געזעסען, ווי אויף הייסע קויהלען.

— מאיר'על! איך וויל דיר דינגען אַט דעם נייעם לעהרער, ער לעהרענט מיט אונזער גראַפ'ס קינדער.

מאיר'על האָט אפילו קיין קוק ניט געטהאָן אויף איהם און האָט נאָר אַ פרעג געטהאָן די מוטער, צי זי האָט זיך שוין מיט איהם בעדונגען. פעלדמאַן האָט זיך אויפגעהאָפּט פון דעם שטוהל און איז צוגעגאַנגען צו גאָלדען און האָט געזאָגט:

— איך האָב אייך פריהער געזאָגט, אַז איך רעד ניט פון קיין געלד, ביז איך וועל זיך נישט בעקענען מיט דעם תלמיד פערזענליך. אייער זוהן דאַרף נאָך ניט קיין לעהרער: ער איז נאָך צו יונג און דאַרף זיך נאָך אַביסעל צו־לערנען, ווי אַזוי זיך צו בענעהן מיט מענשען. — מיט די ווערטער איז ער אַוועק פון זילבערמאַנ'ס הויז. גאָלדע האָט זיך געפונען שרעקליך בעלעדיגט און האָט איהם בעשיט מיט קללות, און מאיר'על איז אריינגע־גאַנגען צו זיך אין קאַבינעט און האָט אָנגעהויבען בעקלערען פעלד־מאַנ'ס ווערטער: ער האָט צום ערשטען מאָל אויף זיין לעבען געהערט אַזאַ מיינונג אויף זיך פון אַ פרעמדען מענשען. דאָס ער־שטע מאָל אויף זיין לעבען האָט ער זיך געפרעגט, וואָס איז ער אַליין פאַר אַ מענש און ווער איז דער גראָבער לעהרער? צוויי מאָל האָט ער זיך מיט איהם בעגעגענט אין גאָרטען, און האָט קיין אויג ניט אַראָפּגעלאָזט פון פעלדמאַנען, וועלכער האָט אויף איהם אפילו קיין קוק ניט געטהאָן. דאָס האָט איהם נאָך ערגער געקרענקט, און ער האָט זיך ענטשלאָסען איין מאָל פאַר אַלע מאָל בעקאַנטשאַפט צו שליסען מיט איהם און אין עטליכע טעג אַרום איז ער צוגעפאָהרען אין זעהר אַ שענער קאַרעטע מיט גרויס קוראַזש צו אַ קליין אָרעם שטיבעל, און האָט געטראָפען פעלד־מאַנען ביי'ם טיש פערוואָרפען מיט ביכער און מיט פאַפּיערען, אַז מע האָט קוים אַרויסגעזעהען זיין הויכען שטערן, די גרויע אויגען מיט זיין אויסגעטריקענט אויסגעדאַרט געזיכט. אַז פעלדמאַן האָט דערזעהן דעם גאַסט, האָט זיך בעוויזען אויף זיינע ליפּען אַזאַ זיסער ליעבליכער שמייכעל, אַז מאיר'על האָט זיך פערוואונדערט. ער

האָט זיך אָפּגערעקאָמאַנדירט. פעלדמאַן איז אַרויסגעגאַנגען פון דעם טיש און האָט איהם מיט דעם זעלבען פריינדליכען שמייכעל געזאָגט:

— אַך, זעהר אַנגענעהם! איך געדענק אייער נאָמען, עס פרייעט מיך זעהר, וואָס איך האָב די עהרע אייך צו זעהען ביי זיך אין מיין נאָרע; זיצט, איך בעט אייך, זיצט ביי אונז... טייבעלע, קום נאָר אַהער!...

ביי דער זייט האָט זיך אויפגעעפענט אַ קליין ווייס טהירעל, און אויף דער שוועל האָט זיך בעוויזען אַ קליין מיידעל פון אַ יאָהר פופצעהן און האָט אַ קוק געטהאָן אויף פעלדמאַנען, דערנאָך אויף דעם גאַסט, און איז צוגעגאַנגען צום טיש.

— עס וועט באַלד זיין טיי? — האָט זי פעלדמאַן אַ פרעג געטהאָן.

— די רגע! — האָט טייבעלע אַ וואָרף געטהאָן מיט איהרע שענע האָר און איז אַוועקגעלאָפען צוריק אין דעם אַנדערען צימער. פעלדמאַן האָט זיך געזעצט נעבען דעם גאַסט און האָט איהם געפרעגט: מיט וואָס קאָן ער איהם דיענען? מאיר'על האָט איהם דערצעהלט אַלץ, וואָס ביי איהם אויפ'ן הארצען האָט זיך אָנגע־קליבען, זינט ער האָט איהם געזעהען ביי זיך. מאיר'על האָט זיך געפיהלט היימיש מיט פעלדמאַנען, און האָט איהם דערצעהלט, וואָס פאַר אַ שנאה ער האָט אויף איהם געטראָגען ביי זיך אין הארצען ביז היינטיגען טאָג. פעלדמאַן האָט זיך צעלאַכט און האָט איהם געזאָגט:

— איהר זענט נאָך גאָר ווילד, מיין ליעבער גאַסט. איך וואָלט געהרען געזעהען די חיות, מיט וועלכע איהר זענט ערצויגען גע־וואָרען!...

טייבעלע האָט דערוויל אריינגעטראָגען גלעזער מיט דעם סאַמאָוואַר און האָט פערקאָכט טיי. פעלדמאַן האָט אויסגעפרעגט ביי מאיר'לען, ווי אַזוי ער לעבט, וואָס ער לערענט, ווער עס זענען

זיינע לעהרער, און צי איז ער צופריעדען. מאיר'על האָט איהם איבערגעגעבען וואָס ער האָט געוואוסט, און פעלדמאַן האָט איהם אויסגעהערט מיט דעם זעלבען ליעבליכען שמייכעלע, ערטערווייז האָט ער איהם איבערגעשלאָגען מיט זיינע פראַגען, און טייבעלע האָט דערווייל אָנגעגאָסען טיי. זי האָט זיך געזעצט אַקעגען דעם גאַסט און האָט זיך אויף איהם לאַנג פערטראַכט. פעלדמאַן האָט איהם אויסגעהערט ביז'ן סוף, און נאָך דער טיי האָט ער איהם אַזוי געזאָגט:

— אויב איהר ווילט מיט מיר בעקאַנט זיין, בעט איך אייך מיר מוחל זיין, וואָס איך רעד מיט אייך אויפריכטיג; איהר זענט געוואָהנט געוואָרען, אַז אייערע לעהרערס, וואָס האָבען גע־לעבט פון אייך, זאָלען אייך חנפ'ענען. זיי האָבען אייך געזאָגט, אַז איהר ווייסט שוין און קענט שוין אַלץ, חאָטש אין אמת'ען זענט איהר נאָך אַ קינד. אייער מוטער וויל, איהר זאָלט זיין אַ אידישער „מושלם", דאָס הייסט, אַ אידישער ענציקלאָפּעדיסט, מיט פיעל רוסישע, דייטשע, פראַנצויזישע ווערטער, נאָר אָהן וויסענשאַפט. געלייענט האָט איהר נאָך גאָר ניט. אויסגעוואַכ־סען זענט איהר אויף גרוים ראַסקאָש, און אויף אייערע ערציהער האָט איהר געקוקט ווי אויף ניאַנקעס, משרתים. די אַלע מענשען, מיט וועלכע איהר זענט אויפגעוואַכסען, נעמען־אָראָפּ פאַר אייך דאָס היטעל, און יעדער ווייזט אויף אייך מיט די פינגער: „אָט געהט דער יונגער מיליאָנער!" איהר זענט אויפגעוואַכסען, ווי אַ געבלאָזענער פּרינץ, נאָך דעם פאַלשען אַריסטאָקראַטישען סיס־טעם, און איהר האָט געמיינט, אַז די אַלע מענשען, וואָס איהר זעהט, דרעהען זיך אַרום אויף דער וועלט נאָר צוליעב אייך...

מאָריצען איז פעלדמאַנ'ס רעדע אפילו ניט געפעלען, נאָר ער האָט זיך ניט ווילענדיג צוגעהערט צו זיינע ווערטער, וועלכע האָ־בען זיך ווי געגאָסען און זענען געווען אין אַזאַ טאָן, אַז ער האָט זיך ניט געקאָנט בעלעדיגען פון זיי. פעלדמאַן האָט פיינט גע־האַט אין זיין רעדען אריינצומישען הויכע ווערטער. זיין לשון איז

געווען איינפאַך, נאָר געגאַנגען גלייך אין הארצען, מיט א זעלטע־נער האַרמאָניע; אז פעלדמאַן האָט נאָר אָנגעהויבען צו רעדען, האָט זיך געגלוסט הערען און הערען אָהן א שיעור... אז מאָריץ איז ארויסגעגאַנגען פון פעלדמאַנען, האָט ער געפיהלט אין האַר־צען עפּיס א נייע אומבעקאַנטע ליכטיגקייט און וואַרעמקייט, און ער איז געקומען אהיים אזוי פריילֿיך, לעבעדיג, אז גאָלדע האָט איהם ארומגעכאַפּט קושען, און זיין לאַקיי האָט אויף איהם פערוואונ־דערט געקוקט, וואָס ער געהט ארום ביי זיך אין קאַבינעט און זינגט... אויף מאָרגען איז ער ווידער אוועקגעגאַנגען צו פעלד־מאַנען, און פון דעמאָלט אָן האָט מען שוין געזעהען מאָריצען אַלע טאָג געהן פון דאָרט מיט א בוך; אָפטמאָל האָט מען איהם צו־זאַמען מיט פעלדמאַנען געזעהען שפּאַציערען אין גאָרטען. גאָלדע איז ניט צופריעדען געווען פון דעם, וואָס ער האָט זיך אזוי פלייסיג גענומען „צו די ביכלעך", ביי וועלכע ער פלעגט אויסזיצען גאַנצע נעכט, און פון דעם, וואָס ער פלעגט גאַנצע טעג פערברענגען מיט דעם אָרעמען לעהרער... איינמאָל איז ער געפאַלען גאָלדען אויף דעם האַלז:

— מאַמוניו! איך וויל ברענגען פעלדמאַנען! אָט וועסט דו אַליין זעהען, וואָס דאָס איז פאַר א מענש...

עס פערשטעהט זיך, אז גאָלדע האָט אויף איהם גאָרניט ארויסגעזעהען „קיין פייגעלעך", ווי זי האָט נאָכדעם געזאָגט. דאָס האָט אָבער מאָריצען ניט געשטעהרט, ער זאָל זיין ביי פעלד־מאַנען טאָג ווי נאַכט. פעלדמאַן האָט איהם ליעב געקריגען פאַר זיין פעהיגקייט און פאַר זיין ווייכען גוטען כאַראַקטער, און האָט איהם אזוי צוגעבונדען צו זיך, אז מאָריץ האָט איהם אַלסדינג פערטרויעט, און האָט קיין זאַך ניט געטהאָן און ניט געקלעהרט, ביז ער האָט פריהער איהם ניט דערצעהלט. איינמאָל איז פעלד־מאַן שלאַף געוואָרען; מאָריץ האָט געשיקט זאָגען דער מוטער, אז מע זאָל אויף איהם ניט וואַרטען, ער וועט נעכטיגען ביי דעם לעהרער, און האָט זיך געזעצט ביי דעם בעט, וואו מיכאֵיל איז

געלעגען, און האָט איהם מיט גרויס געטריישאפט צוגעלעגט קאַל־
טע קאָמפּרעסען צום קאָפּ.

טייבעלע איז אויך געזעסען און האָט זיך געביטען מיט מאָ־
ריצען. גאָלדע האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און איז גע־
קומען זייגער צוועלף ביינאכט זעהען, וואָס טהוט דאָ מאיר'על
אַזוי שפּעט. זי האָט געטראָפען מאָריצען מיט טייבעלען זיצען
ביי'ם בעטעל, אין וועלכען פעלדמאַן איז געלעגען אין גרויס היץ.
זי איז אריינגעקומען מיט א ליארעם, ווי זי איז געוואָהנט גע־
וואָרען. זיי ביידע האָבען איהר געוויזען מיט דעם פינגער, אַז
זי זאָל הויך ניט רעדען. זי איז צוגעגאַנגען צום בעט און האָט
זיך איינגעבויגען צום קראַנקען. דאָס הארץ האָט זיך איהר א
וואָרף געטהאָן פאַר רחמנות: ער איז געווען בלאַס, געלבליך, מיט
דארע געלע הענד, ווי ביי א טוידטען, נאָר אויף זיינע ליפּען האָט
געשפּיעלט א שוואך שמייכעל. גאָלדע האָט בעטראַכט דאָס
קליינע שטיבעל מיט דעם אָרעמען מעבעל, וועלכעס איז אפילו
גאַנץ ריין געווען; זי האָט א קוק געטהאָן, ווי די קינדער (מאָריץ
מיט טייבעלען) זיצען אַזוי ערנסט נעבען דעם חולה, איז זי צו־
געגאַנגען צו טייבעלען, האָט זי ארומגענומען און האָט איהר א
קוש געטהאָן אין קאָפּ. דער חולה האָט זיך איבערגעוואָרפען,
האָט אויפגעעפענט די אויגען און האָט דערזעהען א פרעמדע פרוי
ביי זיך, איז ער אביסעל צעמישט געוואָרען. מאָריץ האָט דאָס
פערשטאַנען, האָט זיך צו איהם אָנגעבויגען און האָט געזאָגט, אַז
דאָס איז זיין מוטער.

— אפשר וואָלט איך געשיקט צו מיין דאָקטאָר? ער וועט
באַלד קומען. — האָט איהם גאָלדע געזאָגט פערזאָרגט.

— א דאַנק. — האָט איהר פעלדמאַן געענטפערט. — א ביי־
סעל בין איך אַליין א דאָקטאָר, און אביסעל פערלאָז איך זיך
אויף דער נאַטור: זי דארף אַליין איבערארבייטען.

גאָלדע איז פאַר'ן אוועקגאַנג צוגעגאַנגען צו טייבעלען און
האָט איהר נאָך א מאָל א קוש געטהאָן. מאָריצ'ס מיט טייבעלע'ס

אויגען האָבען זיך בעגעגענט, און זיי זענען ביידע רויט געוואָרען.
אז מיכאַילען איז גרינגער געוואָרען, זענען זיי זיך צעגאַנגען — מאָ־
ריץ איז אוועק אהיים, און טייבעלע צו זיך אין איהר צימער — יע־
דער מיט זיינע געפיהלען אין הארצען... מאָריץ איז געקומען אהיים,
און האָט זיך באלד געלעגט שלאָפען. עס האָט זיך איהם גע־
חלומ'ט, אז ער ליגט אין בעט, און טייבעלע האָט זיך איינגע־
בויגען צו איהם, און מיט איהרע שווארצע געקרייזעלטע האָר האָט
זי אָנגעריהרט זיין געזיכט, און איהרע שענע שווארצע אויגען
קוקען אויף איהם אזוי טרויעריג, אז עס גלוסט זיך צו וויינען...
טייבעלען האָט זיך אויך גע'חלומ'ט, נאָר אויף איין אנדערען
אופן: עס האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אז מאָריץ האַלט זי
שטארק מיט זיינע ווייכע ווייסע הענד, און זיי דרעהען זיך ביידע
אין א גרויסען זאַל אָהן א שיעור. זי וויל איהם חאפּען ביי דעם
קאָפּ און געבען א קוש אין זיין שענעם ליכטיגען שטערן, רייסט
ער זיך אויס און לויפט אוועק ווייט־ווייט! און קומט ווידער,
און נעמט זי ארום אין זיינע אָרעמס און רייסט זיך ווידער אויס
און לויפט אוועק...

---

## IV

וועד איז געווען טייבעלע?

געבוירען פון אָרעמע, אָרעמע עלטערען. איהר פאָטער איז
געווען א בעל־מלאכה, א שניידער. איין עהרליכער. נאָר איין
אָרעמער. אז טייבעלע איז אַלט געווען פינף יאָהר, פלעגט זי זיין
איין עדות פון גאַנץ פיינע סצענעס: איהר מוטער איז געווען
גאָר א יונגע און זעהר א שען ווייבעל פון א יאָהר פיער און
צוואַנציג; זי איז געווען ביי „יאָסעל דעם קרומען" (אזוי האָט
מען גערופען טייבעלע'ס פאָטער) דאָס צווייטע ווייב. זי האָט
איהם ניט ליעב געהאט און געטריבען אין דער ערד אריין; ער

האָט געהאָרעוועט ווי איין אייזעל טאָג ווי נאכט, און זי האָט געלעבט ווי גאָט אין אדעס: געגעסען און געטרונקען, און איהם פלעגט זי פערשטאָפּען דאָס מויל מיט א שטיקעל ברויט און מיט א שיסעלע קוליש פון פאסאָלים. זיינע ארבייטער פלעגען איהר טראָגען שטילערהייד ניט מיט קאָנפּעקטען, און די נאָהענטע שכנות האָבען אויף איהר אונטערגערעדט... דעם מאָן פלעגט זי רופען „קרומער הונט", און קיין קללות האָבען זיך ביי איהר קיינמאָל ניט אויסגעלאָזט; יאָסעל פלעגט איהר אָבער ניט ענט־פערען. אז זי פלעגט זיך גוט צעשעלטען, פלעגט ער זינגען שטיקלעך פון „כתר", פון „הלל", פון „ויאתיו", מיט זעהר א טרויעריג קול, וועלכעס טייבעלע האָט ליעב געהאַט צו הערען. די נאָדעל פלעגט דעמאָלט פליהען גאַנץ הויך, און אין זיינע שוואַר־צע גרויסע אויגען פלעגט גלאַנצען א טרער... עס איז געווען שווער איהם אין כעס אריינצוברענגען. נאָר איין מאָל אויף איהר לעבען געדענקט טייבעלע אזא סצענע: עס איז געווען „וויבאָ־רעס" אין דער „צעהאָוואָי אופּראַווע", יאָסעל האָט זיך עפּיס פער־זאַמט און איז געקומען אהיים א ביסעל פערשמאַכט...

— שיכור'ניק!! — איז אויף איהם אָנגעפאַלען יענטעל (אזוי האָט מען גערופען טייבעלע'ס מוטער). — א שיכור דאַרפסט דו נאָך זיין ?! אָך און וועה איז מיינע יונגע יאָהר און טעג !...

זי האָט איהם לאַנג געשאָלטען און האָט איהם געוואָרפען די זיפּ מיט קלייען אין קאָפּ אריין. יאָסעל האָט געהאַט שוואַרצע געקרייזעלטע האָר. די קלייען האָבען איהם געמאַכט ווי א שד. יענטעל האָט זיך צעלאַכט און האָט צונויפגערופען די ארבייטער און טייבעלען, זי זאָל אָנשפּייען דעם טאַטען אין פּנים. טייבעלע האָט נאָך ניט אויספּעיעט צו־לויפען צום טיש, איז שוין יאָסעל געשטאַנען מיט אויפגעהויבענע קולאַקעס; זיינע אויגען זענען געווען אָנגעגאָסען מיט בלוט, זיין פּנים איז געווען שרעקליך; ער וואָלט געקאָנט צערייסען יענטלען אויף שטיקלעך, ווען טייבעלע זאָל ניט געווען אונטערפאַלען אונטער זיינע פיס מיט א געוויין.

יאָסעל איז געבליבען שטעהן אויף א מינוט שטיל. נאָכדעם האָט ער זיך געחאפּט מיט ביידע הענד פאר די פּאות מיט דער באָרד און האָט זיך אויסגעריסען צוויי זשמענים האָר... שפּעטער מיט א פערטעל שעה איז טייבעלע געלעגען אין בעט פערחליפּעט, יענטעל איז געזעסען אין א ווינקעלע, אָנגעשפּארט אויף צוויי פינ־גער פון דער לינקער האנד, און האָט געשאָלטען אויף דעם אלטען שטייגער, און יאָסעל איז געשטאנען איינגעבויגען איבער'ן קינד'ס קאָפּ. אין די אויגען זענען איהם געווען טרערען.

פונקט אין אזא פּאָזע געדענקט טייבעלע איהר אָרעמען פּאָ־טער, ווען איהר מוטער איז געווען געפעהרליך שלאָף, א האלבע שעה פאר דעם טוידט. עס איז געווען א קאלטער ווינטער־טאָג; יאָסעל האָט נאָר־וואָס אריינגעטראָגען צוויי שייטלעך האָלץ און האָט גענומען איינהייצען דעם אויווען; זיין געקרייזעלטע באָרד און פּאות זענען געווען אָנגעפּילט מיט פעדערען; דאָס פּנים איז איהם געווען אויסגעצויגען, די אויגען רויט; ער איז ארומגעלאָפען אהין און אהער מיט דעם פינגערהוט אויף דעם אויסגעבויגענעם פינגער און האָט געשלונגען די טרערען. טייבעלע איז געזעסען אויף דעם אויוועו און האָט געקוקט אראָפּ, ווי ער איז צוגעגאנגען צו דער מוטער און האָט זיך אָנגעבויגען צו איהר. יענטעל האָט קוים אויפגעהויבען די האנד און האָט א מאך געטהאָן ארויף. יאָסעל איז אָפּגעטרעטען אביסעל ווייטער. זי האָט איהם עטליכע מאָל געוויזען מיט דער האנד ארויף... זי האָט, אפּנים, געוואָלט, ער זאָל איהר צוטראָגען דאָס קינד פאר איהר טוידט. יאָסעל האָט ניט פערשטאנען וואָס זי מיינט. יענטעל האָט א מאך גע־טהאָן מיט דער האנד, האָט נאָך א מאָל א קוק געטהאָן ארויף, האָט זיך איבערגעקעהרט אויף דער אנדערער זייט, און איז... אויסגעגאנגען. יאָסעל האָט זיך לאַנג ניט געמוטשעט אויף דער וועלט: ער האָט פאר צרות אָנגעהויבען טרינקען, האָט אָפּגע־לעבט צוויי יאָהר, און איז געשטאָרבען.

---

## V

טייבעלע איז געבליבען עלענד ווי א שטיין. זי איז אלט געוועזן נייען יאהר, און האט זיך ארומגעוואלגערט איבער דער שטאדט, ביז פעסי די מעקלערין האט איהר געפונען איין ארט ביי צירעלע דער פאבריקמאכערין. צירעלע איז געוועזן זעהר א פיין ווייבעל, א גרושה, אהן קינדער, און האט זיך פערדיענט איהר שטיקעל ברויט, ניט אזוי פון דער ארבייט, ווי פון אנדערע ספעקולאציעס... אונזערע לעזער מיינען, אז צירעלע איז געוועזן א סוחר, אדער זי פלעגט פערלייהען געלד אויף משכונות? חלילה! צירעלע איז געוועזן א ווייבעל א גאנץ סאלידנע. ביי איהר האבען זיך שטענדיג געפונען עטליכע יונגע מיידלעך יתומות. זי פלעגט זיי אויסהאלטען און זעהר שען קליידען, און אז זיי פלעגען אלט ווערען פופצעהן־זעכצעהן יאהר פלעגט זי אנהויבען מיט זיי שפאציערען אין גארטען און ווייזען זיי דער וועלט... צירעלע איז בעקאנט געוועזן מיט פיעל יונגע לייט פון דער שטאדט און אויך מיט אלע פריצים. אונזערע לעזער מיינען, אז צירעלע איז געוועזן א הולטייקע — חס ושלום! איהר דאוונען, איהר ראש־חודש בענשען, איהר קנייטלעך לעגען, איהר תחינות זאגען האבען געהאט א שם! פערקעהרט, זי פלעגט נאך זאגען, אז א י ה ר מעג טאקי גאט־ברוך־הוא העלפען פאר איהר חסד, וואס זי טהוט מיט די ארעמע יתומות... טייבעלע איז אפגעוועזן פיער יאהר ביי צירעלען. זי האט זיך אנגעזעהען גאנץ שענע זאכען, וואס האבען זיך אפגעטהאן מיט איהרע עלטערע חברת'עס, פון וועלכע מיר וועלען אונזערע לעזער בעפרייען... זי איז אלט געווארען דרייצעהן יאהר און איז געוועזן שען, ווי דער זומער־טאג. צירעלע האט זיך געשפיעגעלט אין איהר. זי האט זי ניט אפגעלאזט פון די אויגען און פלעגט זי רופען „טאכטער", און האט זי אויסגעקליידט ווי א גרעפין. טייבעלע איז געוועזן צופריעדען מיט צירעלע'ס בעהאנדלונג. נאר איין זאך האט זי ניט

געקאָנט איבערטראַגן: אויסהערען די קאָמפּלימענטען פון די פרעמדע יונגע לייט, וואָס פלעגן זיך צונויפקלויבן ביי צירעלען אַלע טאָג.

ווער זענען די יונגע לייט, וואָס פערברענגען ביי איהר די צייט?... און ווער איז דער יונגערמאַן, וואָס וואָהנט דאָ אויף דעם הויף, אין דעם קליינעם שטיבעל, און געהט אַלע טאָג אוועק אויף עטליכע שעה און קומט צוריק צו אַ געוויסער צייט אַהיים, און זיצט אַמאָל אָפּ אַ גאַנצע נאַכט איבער ביכער? פאַר וואָס געהט ער אויך ניט צו צירעלען צו־גאַסט, גלייך מיט יענע יונגע לייט? מע דאַרף פרעגן ביי צירעלען. צירעלע האָט איהר געזאָגט, אַז דאָס איז עפּיס אַ שלים־מזל, איין אָרעמער לעהרער. ער הייסט פעלדמאַן. זי האַלט ניט פון אַזעלכע יונגע לייט: זי האָט ליעב שענע, רייכע, פריילִיכע, קלוגע...

פעלדמאַן האָט עטליכע מאָל בעמערקט טייבעלען ארומגעהן איבער דעם הויף איינע אַליין. פעלדמאַן האָט געוואוסט, ווער צי־רעלע איז, און וואָס פאַר מענשען עס געהען צו איהר... איינמאָל איז פעלדמאַן אַהיימגעקומען שפּעט פון די שטונדען און האָט גע־טראָפען טייבעלען אַריינקוקען צו איהם אין פענסטער. טייבעלע האָט זיך אַביסעל דערשראָקען, וואָס ער האָט זי אַזוי געטראָפען. עס האָט זיך צווישען זיי אָנגעהויבען אַזאַ געשפּרעך:

— איהר האָט אַריינגעקוקט צו מיר אין מיין חדר?

— יאָ... איהר זענט היינט אַזוי שפּעט אַהיים געקומען...

זיי זענען עטליכע מינוט געשטאַנען שטיל און נאָר געקוקט איינער אויף דעם אַנדערען און זיך געמאָסטען מיט די אויגען. ענדליך האָט זי פעלדמאַן אַ פרעג געטהאָן:

— איהר זענט שוין לאַנג ביי צירעלען?

— איהר קענט זי? — האָט איהם טייבעלע פערוואונדערט געפרעגט.

— איך האָב געהערט פון איהר.

— פאר וואָס גערט איהר קיינמאָל נים אריין צו אונז, ווי יענע יונגע לייט? — טייבעלע האָט זיך אויסגעדרעהט צו צירע־לע'ס הויז און האָט איהם געוויזען מיט דעם פינגער אויף דעם פענסטער, וואָס איז געווען שטארק בעלייכט.

— איהר ווילט, איך זאָל אויך געהן אהין? — האָט זי פעלד־מאַן געפרעגט האלב לאכענדיג.

— הא? ניין! איך פרעג, פאר וואָס איהר געהט נים אהין?

— פאר וואָס איך געה נים? קיין רעכטער מענש געהט נים צו צירעלען... — פעלדמאַן האָט זיך פערהאפט. — איך בין זעהר א פערנומענער מענש און האָב קיין צייט נים.

טייבעלע האָט זיך אביסעל פערטראַכט.

— פאר וואָס־זשע זענען י ע נ ע נים פערנומען? פאר וואָס האָבען זיי יאָ צייט? זיי זענען דען נים קיין רעכטע מענ־שען?...

פעלדמאַן האָט נים באלד געענטפערט.

— זיי האָבען נים וואָס צו טהון, זיי זענען לעדיגגעהער, פוסטע לייט, נידעריגע מענשען, זיי האָבען געלד און האָרעווען נים דערויף, זיי מוזען ערגיץ פערברענגען די צייט, כדי זיי זאָלען נים משוגע ווערען פאר ראָסקאָש.

— איך האָב אויך געטראַכט דאָס זעלבע, — האָט טייבעלע געזאָגט און איז צוגעגאַנגען נעהענטער צו פעלדמאַנען, — נאָר צי־רעלע זאָגט, אז דאָס זענען די פיינסטע יונגע לייט אין שטאָדט, און לויבט זיי גאָר אהן א שיעור... אָט פון איין לאַכט זי דוקא: איהר זענט איהר נים געפעלען...

זיי האָבען זיך ביידע צעלאַכט.

— איהר זענט שוין לאַנג ביי איהר? — האָט פעלדמאַן וויע־דער געפרעגט.

— שוין פיער יאָהר.

— איהר זענט צופריעדען?

טייבעלע האָט ניט געענטפערט אויף זיין פראגע און האָט נאָר א וואָרף געטהאָן מיט איהרע שווארצע געקרייזעלטע האָר, און איה־רע גרויסע שווארצע אויגען זענען געבליבען פערטראַכט.

— איהר קלערט דאָרט לאַנג צו בלייבען? — האָט זי פעלד־מאַן ווייטער געפרעגט.

טייבעלע איז געשטאַנען אין דער זעלביגער פּאָזע און האָט איהם שטיל געענטפערט:

— איך קלער שוין אליין גאַנץ לאַנג דעריבער און קאָן גאָר ניט צו־קלערען... קיין עלטערען האָב איך ניט, קיין פריינד אויך ניט — און אז איך דערמאָן זיך, וואָס מיט מיין עלטערער חברת׳ע האָט זיך אויסגעלאָזט!... זי איז ניט לאַנג געקומען צו אונז א צע׳הרג׳עטע, א פערשוואָלענע, הונגעריג ווי א הונד... מיר האָבען זי קוים דערקענט!... צירעלע האָט זי צוריק ניט געוואָלט צונע־מען. איך האָב זי געבעטען, מיר האָבעןביידע געוויינט פאַר איהר, און זי וויל ניט און וויל ניט!... מיר האָט זי שטילערהייד געזאָגט, איך זאָל אוועק פון דאַנען, וואָרום עס קאָן מיט מיר אויך זיין אזא סוף, ווי מיט איהר... זי האָט זיך מיט מיר געזעגענט און האָט אזוי געוויינט...

פון טייבעלע׳ס שענע אויגען האָבען זיך מיט א מאָל א גאָס געטהאָן טרערען. פעלדמאַן איז צוגעגאַנגען צו איהר און האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנד. טייבעלע האָט זיך אויסגעריסען און איז אַנטלאָפען.

פון יענעם טאָג אָן האָט זי פעלדמאַן ניט געזעהען א וואָך צוויי. ער האָט גערעכענט, אז זי איז אַנטלאָפען פון צירעלען; נאָר ווי גרויס איז געוועזן זיין פערוואונדערונג, אז ער איז איינמאָל געקו־מען אהיים און האָט געטראָפען די טהיר פון זיין שטיבעל אָפּגע־שלאָסען און טייבעלע איז געזעסען ביי׳ם טיש און האָט געקוקט אין א בוך! אז זי האָט איהם דערזעהן, האָט זי געשווינד צוגעמאַכט דאָס בוך, איז אויפגעשטאַנען און איז געבליבען פערשעמט, ווי

א קליין קינד, וואָס האָט זיך אַריינגעחאַפּט אין קעמערעל, וואו די עפּעל מיט די באַרען ליגען, און פּלוצים איז אָנגעקומען די מוטער...

— איך האָב געוואַרט אויף אייך אַ פּאָר שעה, — האָט זיך טייבעלע פערענטפערט — און האָב געזעהען, אַז איהר קומט ניט, האָב איך גענומען דעם שליסעל (איך האָב געזעהען וואו איהר בעהאַלט איהם) און בין אַריינגעגאַנגען צו אייך און זיץ שוין דאָ לאַנג. איך האָב דערוויילע געזעהען אייערע ביכער; מיין עלטערע חברת'טע, פון וועלכער איך האָב אייך דערצעהלט, האָט מיך אויסגעלעהרענט לייענען רוסיש. איך בעט אייך, איהר זאָלט זיך אויף מיר ניט בייזערען. איך בין געקומען צו אייך פרעגען איין עצה...

פעלדמאַן איז געשטאַנען און האָט בעטראַכט דאָס יונגע אומגליקליכע מיידעל; איהרע שענע אויגען זענען געווען רויטליך, ווי ביי אַ מענשען, וואָס דערשלאָפט ניט אַ נאַכט, פון איהר שען ווייס געזיכט איז געווען צו זעהען, אַז עס איז איהר ביטער אויפ'ן האַרצען. פעלדמאַן האָט איהר צוגעטראָגען אַ בענקעל און האָט זי געבעטען זיצען.

— זאָגט, איך וועל אייך העלפען מיט וואָס און וויפיעל איך קאָן.

טייבעלע האָט זיך געזעצט און האָט אָנגעשפּאַרט איהר קאָפּ אויף דער רעכטער האַנד, מיט דער לינקער האָט זי געבלעטערט דאָס בוך, וואָס זי האָט פריהער אוועקגעלעגט, די אויגען מיט די לאַנגע ברעמען האָט זי אַראָפּגעלאָזט, און אויף איהרע קליינע רויטע ליפּען האָט געשפּיעלט אַ ביטער שמייכעלע.

— איך קאָן מעהר ניט זיין ביי צירעלען... איך...

— איהר קאָנט דען ניט אוועקגעהן פון איהר? — האָט זי פעלדמאַן איבערגעשלאָגען. — זי האָט אייך דען געקויפט? זאָגט איהר, אַז איהר ווילט מעהר ניט זיין ביי איהר — און געננוג.

טייבעלע האָט אויפגעהויבען די אויגען אויף פעלדמאַנען.

— איך בין אַרויסגעגאַנגען היינט פון צירעלע'ס הויז, און מיין פוס וועט שוין דאָרט ניט זיין אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבען!...

ביי די ווערטער האָט איהר די אויבערשטע ליפּ אַ ציטער געד
טהאָן און איהר געזיכט האָט אויסגעוויזען בייז. פעלדמאַן האָט
פון איהר ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג: אין איהרע ווערטער האָט
ער געהערט אַ קול פון אַ מענשען, ניט ווי פון אַ קינד. ער האָט זיך
בעטראַכט, אַז עס איז גלייכער זי ניט צו פרעגען די אורזאַכע פון
איהר בעשלוס. ער האָט איהר פאָרגעלעגט אַלערליי פּלאַנען: אויב
זי וויל, וועט ער איהר אָפּזוכען איין אָרט אויף צו לערנען זיך
נעהען און אַרבייטען, און אויב זי וויל, וועט ער זי לעהרנען לייענען
און שרייבען, און אויב ער וועט זעהען, אַז זי האָט דערצו אַ טאַ־
לאַנט, וועט ער זי אַלץ לעהרנען וואָס מע דאַרף און וואָס ער קאָן.
ער האָט איהר געגעבען צו פערשטעהן, אַז דאָס איז גאָר ניט אַזוי
שווער, ווי זי מיינט; מע דאַרף נאָר האָבען געננוג געדולד. ער
האָט איהר געזאָגט, אַז אויב זי וויל, קאָן זי אפילו היינטיגען טאָג
איבערבלייבען ביי איהם אין דעם צווייטען צימער בעזונדער, ביז
זי וועט קאָנען אַליין האָרעווען און זיך פערדיענען צום לעבען און
וועט ניט דאַרפען אָנקומען צו קיינעם. פעלדמאַן האָט געקאָנט
רעדען: ער האָט איהר געוויזען אַ ביישפּיעל פון זיך אַליין, און
האָט איהר דערצעהלט, ווי עלענד און אומגליקליך ער איז געווען,
אַז מע האָט איהם אַרויסגעטריבען פון זיין שטאָדט, ווי אַזוי ער
האָט בעדאַרפט געהן דאָס לעצטע מאָל צו רב נחמן פליאַסק בעטען
ביי איהם אויף הוצאות, און ווי אַזוי רב נחמן האָט איהם אויפגענו־
מען: פריהער איז ער אַרויסגעגאַנגען אויף צוויי שעה, נאָכדעם
איז ער אַריינגעגאַנגען אין שטוב, האָט אָפּגעשוואַנקט די הענד,
האָט פערגלאָצט די אויגען און מיט גרויס כוונה געזאָגט „אשר
יצר״... ער האָט געהייסען פעלדמאַנען שטעהן אין הויז ביי דער
טהיר, ביז ער וועט זיך אײנגאַנצען אָפּפּאַרטיגען, און ער האָט זיך
געשטעלט דאַווענען, וועלכעס האָט אויך געדויערט צוויי שעה. נאָך
דעם דאַווענען האָט ער געזאָגט אַ ביסעל זוהר, האָט געמאַכט אַ
כוסה און האָט פערביסען מיט צוויי אָפּגעשיילטע אייער, גוט
איינגעקאַטשעט אין זאַלץ. נאָכדעם האָט ער געהאַט אַ חשבון

מיט אַ פֿערווייַנטער אַלמנה, וועלכע האָט איהם געבראַכט, אַ חוץ דעם זילבער, וואָס איז שוין לאַנג געלעגען פֿערזעצט ביי איהם פאַר צוואַנציג רובעל, אַ זיידען קלייד, וואָס זי האָט געמאַכט איהר טאָכטער צו דער חתונה און האָט עס פֿערזעצט ביי איהם פאַר צעהן רובעל, דערצו האָט זי זיך אונטערגענומען פֿערצעהן וואָכען אויסצוצאָהלען צו צוויי רובעל מיט אַ פֿערטעלע יעדע וואָך, נאָך דער פרשה, און אַז עס וועט געהען חוקת מיט בלק און מטות ומסעי צוזאַמען, דאַרף זי יענע וואָכען צאָהלען דאָפּעלט צו 4.50, און די וואָכען דאַרפען זיך אַלץ רעכענען איינציגע. פון די צעהן רובעל האָט ער דערווייל אַראָפּגענומען פּראָצענט פאַר „יענער" וואָך, אַ חוץ פופציג קאָפּיקעס אויף „לחם־אביונים". די וויסטע אַלמנה איז אַרויסגעגאַנגען ווילד צופריעדען, און רב נחמן האָט זיך גע־זעצט עסען אַליין, און פעלדמאַן איז אַלץ געשטאַנען ביי דער טהיר, און האָט געהערט, ווי רב נחמן האָט געשאָלטען די קעכין, פאַר וואָס דאָס טייגעכץ איז אויסגעקומען אַזוי לויז, און די פּאָלקע פון דעם עוף איז געוועזן אַ ביסעל איבערגעבראָטען... נאָכדעם האָט ער געבענשט אויפ'ן קול, און צו „ובנה ירושלים" האָט ער זיך צע־וויינט, ווי אַ קליין קינד. נאָך דעם בענשען האָט איהם דאָס ווייב אַריינגעטראָגען צוויי געלע באַרען מיט אַ פלאַם־פייעריגען אַרבוז אָהן קערלעך; ער האָט איהם אויפגעגעסען אינגאַנצען, און האָט זיך צוגעלעגט אָפּרוהען וויעדער אויף אַ שעה צוויי. אַז ער איז אויפגעשטאַנען, האָט ער זיך געוואַשען די הענד און אַריינגערו־פען פעלדמאַנען צו זיך, און האָט איהם גענומען זאָגען מוסר, אַז דער גיהנום מיט אַלע זיינע שטראָף איז קאַרג פאַר אַזאַ שייגעץ, וואָס האָט אַ העזה צו לייענען איטשע־בער'ס ביכלעך אין אַ מקום־קדוש, און האָט געוויזען מיט ראיות ברורות, אַז געבען אַזאַ הולטאַי אַ נדבה איז די גרעסטע עבירה, אַ סך ערגער ווי צו הרג'ענען אַ מענשען. דערמיט האָט ער איהם אָפּגעלאָזט אויף אַלע פיער זיי־טען. נאָר אַז פעלדמאַן איז פֿערביטערט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, האָט רב נחמן אַ קרעכץ געטהאָן און האָט פֿערשריבען מיט רש"י־

כתב אין „צעטעל של הוצאה והכנסה": אז דעם שייגעץ, ימח שמו, וואָס מע האָט ביי איהם געפונען דעם „אפס דמים", איז ארויסגעגעבען געוואָרען פון לחם אביונים געלד 5 רו"כ על הוצאות הדרך...

פעלדמאַן האָט איהר דערצעהלט זיין גאַנצע ביאָגראַפיע פון יענער צייט אָן ביז ער איז אריין אין פינפטען קלאַס ראַבינער־שולע. ער האָט ניט פערגעסען צו דערצעהלען די מעשה, וואָס האָט זיך מיט איהם געטראָפען אין דער שטאָדט „בלאָטע". ער האָט געהאַט אַ רעקאָמענדאַציע צו דעם גביר פון דער שטאָדט „בלאָטע" — רב גרשון שפּרינגער, וועלכער האָט איהם צוגענומען לעהרנען מיט זיין בן־זקנים פייטעל. רב גרשון שפּרינגער איז רייך געוואָרען פון אַ קלייניגקייט: ער האָט אויסגעדונגען עטליכע אידישע פאַמיליעס די מיהלען, וואָס דער גראַף האָט געהאַט אין דער שטאָדט, און זיי געהען נאָך עד היום אין די הייזער, און אליין איז ער געוואָרען אַ גביר, האָט געטהאָן שאַרפע שידוכים און איז געוואָרען מיט חסידים אַ חסיד און מיט אַריסטאָקראַטען איין אַריסטאָקראַט — דאָס וואָס הייסט ביי אונז אַ מעורב עם הבריות. ער האָט געקאָנט אויסקומען מיט דער גאַנצער וועלט, דאָס הייסט, יעדען בעזונדער אָפּנאַרען. ער האָט געוואָלט בעקומען אַ נאָמען אויף דער וועלט, פלעגט ער אריינשיקען פון דער אימעניע צעהן וועגען שטרוי אין „הקדש" אריין, און זיין „אייגענער" קאָררעספּאָנדענט האָט צעבלאָזען אויף אַלע גאַזעטען, אַז הגביר רב גרשון שפּרינגער בעהייצט ווינטער אַלע אָרעמע לייט אין דער שטאָדט „בלאָטע". און אַז דער אַנדערער גביר אין דער זעל־ביגער שטאָדט האָט בעדאַרפט שטאַרבען, און עס האָט זיך איהם פאַרגלוסט דוקא אין גן־עדן אריין, האָט ער איבערגעלאָזט זיין גאַנצען קאַפּיטאַל אויף עולמות מיט גמילות־חסדים מיט תלמוד־תורה, און האָט געמאַכט פאַר איין אָפּעקון, פערשטעהט זיך, רב גרשון שפּרינגער, וועלכער האָט דאָס געלד פערטהאָן וואו אהין ער האָט געוואָלט, און אַ „חשבון", האָט ער געזאָגט, וועט ער

ווייזען, אם ירצה השם, אז משיח וועט קומען, וואָרום איצט איז ער שטאַרק פערנומען מיט זיינע אייגענע געשעפטען...

חאָטש רב גרשון איז געווען איין עם־הארץ און האָט קוים געקענט דאַווגען, נאָר „משכילים” האָט ער פיינט געהאַט בתכלית השנאה, און פלעגט זיי רופען „זשוליקעס”, און „השכלה” האָט ביי איהם געהאַט אַ נאָמען — „קראַנצעפּאָליע” *...

זיין בן־זקונים פּייטעל וואָלט בעדאַרפט געבאָרען ווערען גאָר אַ גרויסער חכם, האָט איהם דער מלאך געגעבען צו אַ שטאַרקע שנאָל אונטער דער נאָז, איז ער געוואָרען אַ טיפּש... ער איז אַלט געווען אַכצעהן יאָהר און האָט זיך געריבען צווישען די „משכילים”, און דער גמרא־מלמד פלעגט איהם אַ מאָל פאַרשרייבען אַ קאָר־רעספּאָנדענציע אין אַ לשון־קודש־צייטונג, אויף וועלכער ער פלעגט שטעלען זיין נאָמען. אַז פעלדמאַן איז אָנגעקומען צו איהם פאַר אַ לעהרער, האָט ער זיך געפּרובט מיט איהם אויך מאַכען די זעלבע שווינדלערייען, האָט ער איהם אָפּגעזאָגט. פּייטעל איז ברוגז געוואָרען און האָט איהם געזידעלט, געמאַכט מיט דער בלאָטע. פעלדמאַן האָט איהם מיט זיינע דאַרע הענד, אַזוי ווי מיט אַ צוואַנג, אָנגענומען ביי'ם גאָרגעל און האָט איהם אַרויס־געוואָרפען דורך דעם פענסטער... דערפאַר איז ער אָפּגעזעסען צוויי וואָכען אין פּאָליציע און איז קוים מיט דעם לעבען אַנטלאָפען פון דער שטאָדט „בלאָטע”.

טייבעלע האָט מיט גרויס אינטערעס אויסגעהערט זיין ביאָ־גראַפיע, וועלכע פעלדמאַן האָט געקאָנט דערצעהלען און בעשענען מיט אַנעקדאָטען און משלים. ער האָט זי אויפגעקלערט, אַז אַ מענש קאָן פון זיך מאַכען וואָס ער וויל, און קיין שום שלעכטע

---

* מיר האַבען געזוכט דאָס וואָרט „קראַנצעפּאָליע” אין אַלע נייע און אַלטע ווערטערביכער און האַבען אַזאַ וואָרט נישט געפונען; לכן בעטען מיר אונזערע לעזער, זיי זאָלען איינ'חזר'ען דאָס וואָרט „קראַנצעפּאָליע”, וועט דאָס אונז בלייבען לדור דור...

ד ע ר פ ע ר פ א ס ע ר.

אומשטענדען קאָנען איהם ניט שטעהרען צו זיין דער אָרענטליכ־
סטער מאַן אויף דער וועלט, אַבי ער קוקט נאָר אויף יעדער זאַך
מיט אָפענע אויגען און מיט זיין אייגענעם שכל, מיט זיין אייגען
געפיהל. ער מוז האָרעווען צו ווערען זעלבסטשטענדיג, צוליעב
זיך און צוליעב דעם כלל מענשען.

טייבעלע האָט איהם אויך דערצעהלט אַלץ, וואָס איהר יונגער
שכל האָט געקאָנט בעמערקען אין איהר לעבען. זי האָט איהם
פערשיט מיט פראַגען: פאַר וואָס איז דאָס אָדער יענעס אַזוי
און ניט אַנדערש? און אַז עס איז שוין גאַנץ שפּעט געוואָרען
און מע האָט שוין בעדאַרפט געהן שלאָפען, האָט זי פעלדמאַן
אריינגעפיהרט אין דעם צווייטען צימער און האָט שוין געוואָלט
אַוועקגעהן צו זיך אין צימער, האָט איהם טייבעלע אָפּגעשטעלט
און האָט איהם געגעבען איהר האַנד מיט די ווערטער:

— איהר זענט ניט אַזוי, ווי יענע יונגע לייט?... איהר זענט
באמת איין אָרענטליכער מאַן?

פעלדמאַן האָט אַ קוק געטהאָן איהר אין די אויגען מיט אַ
שמייכעל און האָט גאָרניט געענטפערט. טייבעלע האָט איהם די
האַנד ניט ארויסגעלאָזט און האָט איהם ווידער געפרעגט:

— איהר שווערט מיר ביי אייער לעבען?

— איך שווער ביי מיין לעבען!...

---

## VI

די ערשטע צייט האָט טייבעלע געקוקט אויף פעלדמאַנען
מיט צווייפעל: זי האָט ניט געוואוסט, צי זאָל זי איהם גלויבען,
צי ניין. פעלדמאַן האָט דאָס פערשטאַנען, און טייבעלע האָט
איהם אַמאָל אַליין געזאָגט, וואָס עס מוטשעט זי. פעלדמאַן האָט
איהר דערויף געענטפערט, זי זאָל דאָס איבערגעבען דער צייט,
וואָס קאָן אַלץ איבערמאַכען און אויסזאָגען דעם רעכטען אמת.

עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט: אין אַ האַלב יאָהר אַרום איז טייבעלע צו איהם צוגעבונדען געוואָרען, ווי אַ שוועסטער; זי האָט אַליין אַלץ געטהאָן אין שטוב: געקאָכט, געראַמט, גרעט געוואַשען, און נאָך אַזעלכע אַרבייט. אין לערנען האָט טייבעלע בעוויזען אַזאַ פעהיגקייט, אַז פעלדמאַן האָט זיך געוואונדערט. ער האָט מיט איהר געלעהרענט עטליכע שעה אין טאָג; די איבע־ריגע צייט האָט זי געלעזען ביכער. פעלדמאַנען האָט זי ניט געלאָזט אָטהעמען: זי האָט אַלץ געוואָלט וויסען. עס איז פער־גאַנגען נאָך אַ יאָהר. עס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז מע האָט פעלדמאַנען גערופען צו אַ רייכען מאַן און מע האָט איהם פאָר־געלעגט אַ שטונדע געבען אַ קליין מיידעלע פון אַ יאָהר צעהן; פעלדמאַן איז אָבער געווען זעהר פערנומען, און האָט רעקאָמענ־דירט טייבעלען. טייבעלע האָט דאָרט אָנגענומען די לעקציע פאַר צוואַנציג רובעל אַ חודש און איז פאַר פרייד שיער ניט אַרויפגע־פאַלען פעלדמאַנען אויף דעם האַלז:

— נו, מיכאיל, היינט בין איך כמעט אַזוי רייך ווי איהר; איך האָב שוין קיין מורא ניט, טאָמער וועט איהר מיך אַרויס־טרייבען...

יענעם אָבענד האָבען זיי לאַנג געפּלוידערט צוזאַמען. טיי־בעלע האָט זיך געמאַכט נאַריש, ווי אַ קליין קינד, און פעלדמאַן האָט אָנגעקוואָלען פון איהר, ווי אַ גליקליכער פאָטער. זיי האָ־בען אַזוי לאַנג גערעדט, ביז עס איז געקומען צו גאַנץ וויכטיגע זאַכען. טייבעלע האָט אויפגעהערט צו לאַכען און האָט פער־טראַכט געהערט פעלדמאַנען, וועלכער האָט אין דעם אָבענד אויס־געגאָסען פאַר איהר אַלע זיינע געפיהלען. טייבעלע האָט איהם ניט רעכט פערשטאַנען און געבעטען, ער זאָל איהר זאָגען וואָס ער מיינט. פעלדמאַן האָט איהר צום ערשטען מאָל אין די צוויי יאָהר אויסגעזאָגט, אַז ער ליעבט זי מעהר פון אַלץ אויף דער וועלט!... טייבעלע איז רויט געוואָרען ווי אַ רויז; זי איז צו־געגאַנגען צו איהם. האָט גענומען זיין האַנד צו זיך אין די הענד,

האָט זיך איינגעבויגען צו איהם און האָט איהם לאַנג געקוקט אין די אויגען. פעלדמאַן האָט געפיהלט די וואַרימקייט פון איהרע קליינע גלאַטע הענטלעך, מיט דעם ריח פון איהרע האָר, וועלכע האָבען אָנגעריהרט זיין געזיכט. זיי האָבען ביידע קיין וואָרט ניט אויסגערעדט, און אַזוי זענען זיי זיך צעגאַנגען אין זייערע צימער, ווי אַלע נאַכט. איבער טייבעלע'ס בעט איז געהאַנגען פעלדמאַנ'ס פּאָרטרעט; זי האָט איהם אַראָפּגענומען, האָט צוגע־שלאָסען די טהיר און האָט געקוקט אויף דעם בילד:

— אָ, טהייערער מיכאַיל, דו ביזט זעהר אומעהרליך!...

אין דער נאַכט האָט טייבעלע געזעהען אַזאַ חלום:

אַ גרויסער, ברייטער, טיעפער גרוב, אָהן אַ גרונד; עס פליהען אַרום אין דער לופטען קליינע מענשעלעך, וואָס האָבען אַ פּנים פון שלאַנגען און יאָגען זיך איינע נאָך די אַנדערע. זי האָט דאָרט דערקענט צירעלען, וועלכע האָט זיך מיט צעשפּרייטע אָרעמס און מיט אַ שמייכעלע געקאַטשעט און געדרעהט אַהין און אַהער; אַרום איהר האָבען זיך אַרומגעדרעהט נאָך קלענערע מענ־שעלעך מיט פערשיעדענע פיזיאָגנאָמיען. זי האָט צווישען זיי דערקענט איניגע יונגע לייט, וואָס פלעגען זיין פון צירעלע'ס געסט. אָן אַ זייט האָט זי דערזעהען איהר עלטערע חברת'ע, וועל־כע האָט אויף זיך געריסען די קליידער און געוויינט, געיאָמערט מיט אַ משונה קול. זי האָט אויפגעהויבען די אויגען, האָט זי דערזעהען פעלדמאַנען אַזוי גרויס און שען, אַז זי האָט שוין גאָר פערגעסען אָן די אַלע קליינע מענשעלעך; נאָר זיין געזיכט איז געוועזען אַזוי ווי מיט אַ וואָלקען בעדעקט; זיינע אויגען האָבען גע־קוקט אויף איהר מיט אַ געבעט, מיט רחמנות. זי האָט זיך גע־וואָלט אויפהויבען אַ ביסעל העכער, נאָר זי האָט ניט געקאָנט, גלייך ווי עמיצער וואָלט זי צוגעהאַלטען. זי האָט געפיהלט, אַז זי פאַלט אַלץ נידעריגער און נידעריגער...

אויף מאָרגען, אַז פעלדמאַן האָט זי דערזעהען, האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז ביי טייבעלען זענען רויט די אויגען, גלייך

ווי זי וואָלט געוויינט אַ גאַנצע נאַכט. ער האָט זי געוואָלט פרעגען, וואָס דאָס בעדייט, נאָר ער האָט זי ניט געפרעגט. פון דעמאָלט אָן פלעגט טייבעלע זיין פערטראַכט און ווי פערזאָרגט, און פעלדמאַן האָט ניט געהאַט קיין געלעגענהייט אויפמישען דאָס אַלטע געשפּרעך. אזוי איז איבערגעלאָפען נאָך אַ האַלב יאָהר. טייבעלע איז שוין אַלט געוואָרען פופצעהן־זעכצעהן יאָהר און איז געוועזן ווי אַ בלום, וואָס הויבט נאָר אָן צו בליהען.

אונזערע לעזער דאַרפען געדענקען, ווי אזוי עס איז געשלאָסען געוואָרען די ערשטע בעקאַנטשאַפט צווישען מיכאיל פעלדמאַן און מאָריץ זילבערמאַן. אויף דעם צווייטען טאָג האָט איהם פעלדמאַן פאָרגעשטעלט פאַר זיין שילערין טייבעלע זאַנענשיין, און אזוי זענען די יונגע מענשען בעקאַנט געוואָרען. זיי פלעגען זיך זעהען אַלע טאָג, צוזאַמען לערנען, ביכער לייענען, אָפטמאָל זיך קריגען איבער אַ בוך און געהן שפּאַציערען. עס איז איבערגעגאַנגען עטליכע מאָנאַט ביז דער צייט, וואָס פעלדמאַן איז שלאָף געלעגען און גאָלדע זילבערמאַן איז ביי איהם געוועזען. ער איז אָפּגעלעגען נאָך פינף טעג און איז אינגאַנצען געזונד געוואָרען. מאָריץ מיט טייבעלען זענען אזוי פרייליך געוועזן דערפון, אַז זיי האָבען בעשלאָסען צו מאַכען מיכאַילען אַ סורפּריז (איבעררּאַשונג). עס איז געוועזען חודש מאַי. זיי האָבען אָנגעקויפט פיעל בלומען און האָבען בעהאַנגען די וועגד פון זיין צימער. אַז פעלדמאַן איז אריינגעקומען, האָט ער זיי געדריקט די הענד און האָט זיי געדאַנקט פאַר זייער געטריישאַפט. דאָ האָבען זיך מאָריץ מיט טייבעלען ווידער בעגעגענט מיט די אויגען און זענען ווי רויט געוואָרען. פעלדמאַן האָט דאָס בעמערקט און האָט זיך אַ ביסעל פערקלערט דערויף. דעם גאַנצען טאָג האָט ער ווינציג גערעדט און איז געוועזן פערטראַכט. טייבעלע האָט זיך צו איהם געטשעפּעט, וואָס איז מיט איהם; ער האָט איהר געזאָגט, אַז דער קאָפּ טהוט איהם אַ ביסעל וועה, און איז אַוועקגעגאַנגען צו זיך אין צימער. מאָריץ האָט טייבעלען

נאָך קיין איינציג וואָרט געזאָגט פון זיינע געפיהלען צו איהר. איינמאָל זענען זיי געזעסען צוזאַמען ביי'ם טיש און האָבען געוואַרט אויף פעלדמאַנען און האָבען ביידע געשוויגען. מאָריץ האָט עפּיס יאָ געוואָלט זאָגען, נאָר ער האָט זיך גיך פערכאַפּט און האָט אַ הוסט געטהאָן. פעלדמאַן איז געקומען, און זיי זענען לעבעדיגער געוואָרען. נאָך דער לעקציע האָט זיך מאָריץ געקליבען אַוועקצוגעהן און ביי'ם געזעגענען האָט טייבעלע דערפיהלט אין דער האַנד אַ שטיקעל פּאַפּיער. מאָריץ איז אַוועקגעגאַנגען, און טייבעלע איז געוואָרען בלאַס, דאָס האַרץ האָט איהר געקלאַפּט, ווי מיט אַ האַמער, די הענד האָבען איהר געציטערט. זי האָט דאָס צעטעלע אַריינגעלעגט אין קעשענע און האָט גערעדט מיט פעלדמאַנען. פעלדמאַן האָט אָבער בעמערקט, אַז טייבעלע ענטפערט ניט צו דער זאַך, האָט ער אויף איהר פערוואונדערט אַ קוק געטהאָן. דאָס געזיכט האָט איהר געפלאַמט, ווי פייער. ער האָט איהר צוגעלעגט די האַנד צום שטערן: דער קאָפּ איז איהר געווען הייס.

— טייבעלע! וואָס איז מיט דיר?!

— גאָרניט, כלעבען, גאָרניט... — האָט איהם טייבעלע געענטפערט און איז אַרויסגעגאַנגען צו זיך אין צימער, האָט אַרויסגענומען דאָס צעטעלע, וואָס מאָריץ האָט איהר איבערגעלאָזט, און האָט איבערגעלייענט די ווערטער:

„היינט, זייגער פינף, וועט איהר זיין אין שטאָדט־גאָרטען אונטער דעם עפּעלבוים. איך דאַרף אייך זאָגען זעהר אַ נויטיגע זאַך".

זייגער פיער, אַז פעלדמאַן איז נאָך געווען אויף די שטונדען, האָט זיך טייבעלע אָנגעטהאָן, האָט פערשלאָסען די שטוב און איז געשווינד אַרויסגעגאַנגען. אויף דער גאַס האָט זי זיך אַנידערגעשטעלט און האָט זיך אַ כאַפּ געטהאָן ביי'ם האַרץ, וועלכעס האָט ניט אויפגעהערט צו קלאַפּען... אַז זי איז אַריינגעקומען אין גאָרטען, איז זי באַלד צוגעגאַנגען צו דעם עפּעלבוים און האָט זיך

צוגעזעצט אויף דער באנק. די זון האט דורכגעשלאגען איהרע שטראהלען דורך די געדיכטע צווייגען פון די בוימער, דער סאלאוועי האט געזונגען. טייבעלע האט ארויפגעקוקט אויף דעם בוים און האט בעמערקט, ווי צוויי פייגעלעך האבען זיך געשלאגען; זייער מלחמה האט זי אזוי שטארק פעראינטערעסירט, אז זי האט ניט געהערט, ווי מאריץ איז צוגעגאנגען צו איהר. ער איז געבליבען שטעהן און האט געקוקט אויף איהרע שווארצע געקרייזעלטע האר, וואס דאס ווינטעלע האט געשאקעלט; איהר הארץ האט זיך געהויבען ארויף און אראפ, און איהר מיט א ווייס זעקעל בעדעקט קליין פיסעל האט ארויסגעשטארט פון דעם שווארצען קלייד און איז אראפגעהאנגען פון דער באנק. מאריץ האט מורא געהאט האפען דעם אטהעם, ער זאל זי ניט אויפוועקען. עס איז אוועקגעגאנגען נאך צוויי מינוט. מאריץ האט שטילערהייד געזאגט:

— טייבעלע...

— אך! מאריץ?!... — האט זי זיך אויפגעהאפט און אין איין אויגענבליק איז זי שוין געשטאנען אויף די פיס. ווי אזוי דאס איז געווארען — געדענקען זיי ניט, נאר מאריץ האט געהאלטען טייבעלען אין זיינע ארעמס און האט איהר ווי פערטומעלט געזאגט:

— טהייערע, טהייערע טייבעלע! איך האב דיר שוין לאנג געוואלט זאגען, נאר איך האב מורא געהאט פאר דיינע שווארצע בייזע אויגען!...

און מיט די ווערטער האט ער צוגעדעקט מיט זיינע הייסע קושען איהרע אויגען, די ברעמען, דעם קאפ, די הענד... טייבעלע האט זיך ניט געפרובט אויסרייסען פון זיינע הענד; זי האט נאר געזאגט:

— שוין לאנג, טהייערער מאריץ?... זאג: שוין לאנג, שוין לאנג?...

---

## VII

דריי טאָג איז טייבעלע נאָכדעם ארומגעגאנגען צעטראָגען. זי האָט געשיקט צו מאַריצען אזא צעטעלע:

„מיין טהייערער! וואַרט נאָך א טאָג און געה ניט צו אונז: איך וויל ניט, איך קאָן ניט! איך וועל פערברענט ווערען פאַר שאַנד, וואָס איך האָב גענאַרט אונזער איינציגען פריינד מיכאיל און האָב איהם נאָך ביז היינט ניט אויסגעזאָגט מיין גליק. היינט — מאָרגען וועל איך איהם דערצעהלען. וואַרט נאָך א טאָג, נאָך א טאָג, ביז איך וועל דיר שרייבען, דו זאָלסט קומען צו אונז. איך וויל דיך שוין זעהען!"...

אין יענעם אָבענד, זייגער צוועלף, אז פעלדמאַן האָט זיך שוין געקליבען לעגען שלאָפען, האָט איהם טייבעלע א קלאַפּ געטהאָן אין דער טהיר. ער האָט זיך שטארק פערוואונדערט אויף איהר שפּעטיגען וויזיט. טייבעלע האָט זיך צוגעזעצט אקעגען פעלדמאַנען מיט די ווערטער:

— מיכאיל, איך האָב אייך איצט א וויכטיגע זאַך צו זאָגען: מיין הארץ, וואָס איז ביז אהער פריי געוועזען, איז ניט לאַנג געוואָהר געוואָרען פון א נייעס...

פעלדמאַן האָט ברייט אויפגעעפּענט די אויגען, און טייבעלע האָט ווייטער גערעדט, גלייך און ריין:

— איך האָב ביז אהער ניט געוואוסט, אז ליעבע איז אזוי שטארק, אז זי ווייסט ניט קיין גרעניץ, קיין שעמעוודיגקייט.

פעלדמאַן האָט געהערט נייע ווערטער פון איהר, און האָט זיך געקלערט: „דאָס איז זי געקומען אויפדעקען איהר הארץ פאַר מיר און אויסזאָגען, אז זי ליעבט מיך אויך, ווי איך זי, שוין אזוי לאַנג"...

— מיין בעסטער פריינד מיכאיל! איך מוז אייך אלץ דער־צעהלען, וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט די לעצטע טעג: איך האָב ליעב מאָריץ זילבערמאַן...

פעלדמאַן איז געוואָרען בלאַס, ווי די וואַנד, און האָט זיך געריבען איין האַנד אָן דער אַנדערער. ער האָט געוואָלט עפּיס זאָגען און האָט ניט געקאָנט... טייבעלע האָט דאָס געזעהען און האָט ווייטער גערעדט:

— איך ווייס, אַז דאָס זעהט ביי אייך אויס קרום... מאָריץ איז ניט מיין גלייכען: ער איז אַ פּרינץ... נאָר וואָס זאָל איך אָבער טהון מיט מיין האַרץ? קאָן איך דען זאָגען: „שאַ, שווייג שטיל"? ניין, איך בין ניט שולדיג. איך האָב איהם ליעב אַזוי פיעל, אַז מעהר קאָן מען שוין קיין מענשען ניט ליעבען!...

— קינד, קינד! — האָט איהר פעלדמאַן געענטפערט. — דו פערענטפערסט זיך אומזיסט: איך האָב שוין לאַנג אַרויס־געזעהען, אַז עס דאַרף גיך קומען די צייט, ווען דיין האַרץ וועט אויך אָנהויבען צו רעדען. אמת, איך האָב ניט געוואוסט אויף וועמען דיינע אויגען קוקען... (דאָ האָט זיך פעלדמאַן אַ ביסעל פערהוסט). איך האָב ניט געוואוסט, אַז דו האָסט פאַר דיינע אויגען אַזאַ מענשען, וואָס זיין שען געזיכט מיט זיין געשטאַלט קאָן האַרמאָנירען מיט אַזאַ פריילין, ווי דו...

טייבעלען זענען די ווערטער ניט געפעלען. זי האָט איהם איבערגעשלאָגען:

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, מיכאיל, איהר ווילט מיר פאָר־וואורף מאַכען, אַז איך האָב ליעב געקריגען אַ שען פּנים...

— טייבעלע! דו קענסט מיך ניט פון נעכטיגען טאָג; דו ווייסט, אַז מיר איז אויך ליכטיגער צו זעהען פון דער ווייטענס, אַז די ליעבענדע זענען ביידע שען און יונג; עס איז אָנגענעהם צו זעהן אַזאַ פיין פּאָר, ווי דו מיט מאָריץ זילבערמאַן... נאָר זאָג מיר, טייבעלע, וואָס איך וועל ביי דיר פרעגען, און זאָלסט זיך ניט געפינען בעלעדיגט, וואָס איך מיש זיך אַריין אין אייערע געשעפטען: צי קענסט דו איהם שוין גוט? צי האָט איהר שוין גערעדט וואָס ווייטער וועט זיין? צי האָט איהר זיך געפרעגט, וואוהין דאָס וואַסער טראָגט אייך?...

פעלדמאַן האָט נאָך לאַנג גערעדט איבער דעם ענין. טייבע־
לע האָט איהם ניט געענטפערט; זי איז געזעסען אָנגעשפּאַרט
אויף ביידע הענד און האָט ניט אַראָפּגעלאָזט קיין אויג פון פעלד־
מאַנען, וועלכער איז אַרומגעגאַנגען אַהין און צוריק שטאַרק צע־
טראָגען איבער אַ האַלבע שעה, אין וועלכער ניט פעלדמאַן ניט
טייבעלע האָבען קיין וואָרט ניט גערעדט. ענדליך איז פעלדמאַן
צוגעגאַנגען צו איהר, האָט אַרויפגעלעגט ביידע הענד אויף איהרע
אַכסלען און האָט איהר געזאָגט מיט אַ שטיל קול:

— טייבעלע! דו ווייסט, אַז דו ביזט ביי מיר טהייער...
ווי אַ שוועסטער, ווי אַ קינד... פערלאָז זיך אויף מיר, איך וועל
אייך ביידע ניצליך זיין. נאָר דאָס בעט איך פון דיר: אויב,
בעהיט גאָט, אונזערע פּלאַנען וועלען ניט אויסגעפיהרט ווערען
און עס וועט זיך ניט גוט אויסלאָזען — זאָלסט דו זיך דערמאָנען
אָן דיין איינציגען בעסטען פריינד, מיכאיל פעלדמאַן...

---

## VIII

די גרעסטע שרייבער, פּאָעטען, פּסיכאָלאָגען האָבען לאַנג גע־
זאָרעוועט איבערצוגעבען אויף דעם פּאַפּיער די בעסטע מאָמענטען
פון דער אמת׳ער ליעבע, נאָר דאָס קאָן נאָר פערשטעהן דער, וואָס
האָט אַליין ליעב געהאַט און איז געווען געליעבט. נאָר ניט אַלע
גליקליכע ליעבענדע טרינקען אַלע גלייך פון דעם זעלטענעם
טהייערען וויין: איינער פערזוכט דאָס פערגעניגען אַ מינוט, איין
אויגענבליק; דער אַנדערער געניסט עס זיין גאַנץ לעבען. מאָריץ
מיט טייבעלען האָבען זיך געבאָדען אין דעם ליכטיגען ריינעם
וואַסער צוויי יאָהר. צוויי יאָהר גליק! צוויי יאָהר כסדר זעהען
אַלע טאָג דעם מענשען, וואָס מיט איין קוק, מיט איין וואונק

ווערען בעלייכט אַלע פערבאָרגענע ווינקעלעך פון זיין הארצען, וואָס דערוועקט אונזערע מענשליכע געפיהלען, וואָס קאָן אונז איבעראַרבייטען אינגאַנצען. — ליעבע לעזער! איהר ווייסט, וואָס הייסט צוויי יאָהר גליק?... אין די צוויי יאָהר האָט עס מאָריצען וויים געבראַכט: פעלדמאַן האָט איהם פאַרבערייטעט איינצו־טרעטען אין דער אוניווערזיטעט; טייבעלע האָט נאָך בעסער געלערענט און האָט גערעכענט אין אַ יאָהר אַרום אויך פאָהרען לערנען אין דער שטאָדט, וואו מאָריץ וועט זיין. וועלכע שענע לופטשלעסער האָבען זיך די גליקליכע געבויעט! דאָס קינפטיגע גליק איז ביי זיי שוין געווען בעשטימט. אויף דעם ערשטען בלאַט פון אונזער ערצעהלונג האָבען מיר איבערגעלאָזט טייבעלען ליגען אין בעט בעגאָסען מיט טרערען. אונזערע לעזער ווילען שוין וויסען די אורזאַכע, וואָס די איבערגליקליכע טייבעלע האָט גע־וויינט. מיר ווער̈לען זיי באַלד ערקלערען:

גאָלדע זילבערמאַן איז קראַנק געוואָרען. די דאָקטוירים האָ־בען איהר געהייסען פאָהרען קיין קאַרלסבאַד. גאָלדע האָט גע־וואָלט מיטנעמען מאָריצען אויך קיין אויסלאַנד, נאָר ער האָט בשום אופן ניט געוואָלט פאָהרען. פון קאַרלסבאַד האָט איהם גאָלדע געשיקט אַלע טאָג בריעף, אז עס איז איהר זעהר שווער צו זיין אַליין אין אַ פרעמד לאַנד, און ווען ניט די פאַמיליע נאָט־קין, מיט וועלכער זי האָט זיך בעקענט, וואָלט זי שוין לאַנג גע־קומען צוריק אַהיים. ישראל נאָטקין איז געווען אַ רוסישער איד, זעהר אַ רייכער, און איז געקומען מיט דער גאַנצער פאַמיליע קיין קאַרלסבאַד אויף דעם גאַנצען סעזאָן. גאָלדע האָט זיך גאָרניט געקאָנט אָפּלויבען פון דער פאַמיליע, בעזונדערס פון רב ישראל'ס טאָכטער, אַ מאַמזעל פון אַ יאָהר צוואַנציג, זעהר אַ פיינע, אַ געבילדעטע און מיט אַלע מעלות. גאָלדע'ס בריעף זענען געווען פול מיט קאָמפּלימענטען אויף דער מאַמזעל נאָטקין, וועלכע האָט נאָך פופציג טויזענד רובעל נדן... זי האָט זיך געוואונשען, אז גאָט זאָל איהר צושיקען אַזאַ שנור... מאָריץ האָט זיך אויסגע־

לאכט אויף אלע איהרע בריעף, און האט זיי געוויזען טייבעלען און פעלדמאנען. ענדליך האט ער דערהאלטען פון דער מוטער א בריעף, אין וועלכען זי מיט דער גאנצער פאמיליע נאטקין בע־טען איהם, ער זאל זיך דורכפאהרען קיין קארלסבאד. אט דאס איז געוועזען דער בריעף, וואס מאריץ האט געוויזען טייבעלען, און דורך דעם האט זיך ביי זיי פערבונדען דער שמועס, וואס איז שוין בעקאנט אונזערע לעזער, פון דעם ערשטען קאפיטעל פון אונזער ערצעהלונג. אז מאריץ איז אוועקגעגאנגען, איז פעלדמאן געקומען און האט געטראפען טייבעלען אין טרערען. האט ער באלד פערשטאנען, אז עס איז שוין עפּיס א נייעס געשעהן ביי די ליעבענדע. ער האט זיך צוגעזעצט צו איהר און האט גע־ווארט, וואס וועט זי זאגען.

— מיכאיל, איהר ווילט וויסען, וואס איך ווין? גלויבט מיר, מיין פריינד, אז איך ווייס אליין ניט, צי איז דאס פאר פרייד, צי פאר צרות?... מאריץ איז דא ערשט געוועזען... אך, מיכאיל, איהר זאלט געוועזען זעהן, הערען, ווי ער האט גערעדט!... ער האט געוואלט שיקען א דעפּעש קיין קארלסבאד, אז די מוטער זאל קומען...

— וואס דארף ער די מאמע? — האט זי פעלדמאן מיט א שטאך געפרעגט.

טייבעלע איז פאר כעס אונטערגעשפרונגען אויף דעם בעט:

— וואס דארף ער די מאמע?... מיכאיל, איהר זענט צו מאריצען צו שטרענג: זי איז דאך פארט א מוטער! זי דארף דאך וויסען, וואס איהר איינציגער זוהן טהוט! זי איז א מוטער!...

— קינד מיינס! — האט איהר פעלדמאן שטיל געענט־פערט. — דו ביזט איצט צעטראגען, ווייסט דו נישט ווער עס זאגט גלייך — איך, צי דו...

טייבעלע האט זיך נאך ערגער צערייצט.

— איך בין צעטראגען? רעכט!... נו, זאגט־זשע איהר בעסער, אז איהר קאנט און ווייסט!

טייבעלע האָט זיך ווידער בעגאָסען מיט טרערען. פעלד־מאַן האָט זי איינגעשטילט, איינגענומען, ווי אַ קליין קינד; ער האָט זי אַרומגענומען און צוגעצויגען צו זיך. טייבעלע האָט אָנ־געהויבען שטילער ווערען, און אין עטליכע מינוט אַרום איז זי שוין ווייטער געווען מונטער, ווי אַלע מאָל. זי האָט זיך אָפּגע־וואַשען, אָנגעטהאָן, געריידט, געשפּעט און געלאַכט. אויף דעם קאָפּ האָט זי אָנגעטהאָן אַ קרענצעל פון רויזען, וואָס מאָריץ האָט איהר געשענקט פון זיין גאָרטען; די אויגען האָבען איהר גע־ברענט, ווי צוויי בריליאַנטען ביי'ם ליכט. פעלדמאַן האָט אָנגע־קוועלט פון איהר. ער האָט איהר עפּיס געוואָלט זאָגען, נאָר אין מיטען האָט זיך אויפגעעפענט די טהיר און עס איז אַריינגע־קומען מאָריץ. ער איז געווען אָנגעטהאָן רייזע־פּערטיג... טייבעלע האָט געפיהלט, אַז עס האָט זיך איהר אָפּגעריסען דאָס האַרץ; זי איז געבליבען שטעהן אויף איין אָרט, בלאַס ווי דער טוידט, און האָט ניט געקאָנט אויסרעדען קיין וואָרט. מאָריץ איז צוגע־גאַנגען צו איהר. פעלדמאַן האָט איהם געבעטען זיצען. ער האָט זיך געהאַפּט און האָט געזאָגט:

— טייבעלע, מיכאיל, זייט געזונד: איך פאָהר קיין קאַרלס־באַד... אָט ערשט האָב איך דערהאַלטען אַ דעפּעש: די מאַמע איז שטאַרק שלאַף; מע רופט מיך אַהין... איך וועל אייך אַלע טאָג שרייבען בריעף... איך וועל גיך קומען צוריק... טייבעלע! איך וועל רעדען מיט איהר וועגען אונז... זייט געזונד, מיינע טהייערע...

פעלדמאַן האָט געזעהען, אַז טייבעלע שטעהט קוים אויף די פיס. ער איז צוגעגאַנגען צו איהר און האָט איהר שטיל געזאָגט:

— טייבעלע! וואָס איז מיט דיר?...

— האַ? איך? גאָרניט!... דו פאָהרסט?... איהר פאָהרט?... — האָט טייבעלע געזאָגט און האָט אַרויפגעצויגען אַ פרייליכע מאַסקע אויפ'ן פּנים.

— נו, פאָהרט געזונד! — האָט איהם פעלדמאַן געזאָגט. — און פערגעסט אונז ניט — פאַר צרות, אָדער פאַר פרייד...

ער האָט אָפּגעזוכט דאָס היטעל און איז ארויסגעגאנגען פון שטוב, בכדי די ליעבענדע זאָלען זיך קאָנען געזעגענען אהן א דריטען. אז מאָריץ איז איבערגעבליבען אליין מיט טייבעלען, האָט ער איהר געוואָלט פאלען אויפ׳ן האלז; זי האָט איהם אָבער אָפּגעהאלטען.

— מאָריץ... דאָס ניט, דאָס דאַרף מען ניט... טהייערער, איך וועל דיך מאָרגען ניט זעהן? און איבערמאָרגען אויך ניט? און אפשר קיינמאָל ניט?...

— טייבעלע! וואָס רעדסט דו? איך וועל דיך גיך זעהען...

— מאָריץ! דו ווייסט: איך בין דיינע, דיינע, מאָריץ!...

— דו ביזט מיינע, מיינע אויף אייביג! טייבעלע, איך וועל דיך ניט פערגעסען אויף א מינוט!...

ער האָט זיך געצויגען צו איהר און האָט זי געוואָלט ארומ-נעמען; זי האָט איהם לייכט אָפּגעשטויסען פון זיך.

— ניין, מאָריץ, ניט דאָס, ניט דאָס... גיב מיר דיין האנד, אָט אזוי, און שווער מיר ביי מיין נאָמען, דו הערסט? ביי מ י י ן נאָמען, אז וואָס עס זאָל זיך ניט מאכען מיט דיר, זאָלסט דו מיר שרייבען... רעכט?

— רעכט!...

פעלדמאן איז אריינגעקומען מיט א פריילינער מינע:

— נו, שוין? געגוג אָנגערעדט זיך? הא? היינט לאָזט מיך אויך אביסעל רעדען מיט אייך, ברומענדיגע טייבעלעך, אויס-לענדישע פייגעלעך! טייבעלע! שטעל אויף דעם סאמאָוואר: עס איז נאָך פריה צום פּאָיעזד, און מיר וועלען דערווייל אביסעל שמועסען פון אונזערע אינטערעסען...

מיט די ווערטער האָט ער אריינגעפיהרט מאָריצען צו זיך אין צימער און האָט זיך מיט איהם פערשלאָסען.

— נו, מאָריץ, היינט מוזען מיר רעדען אביסעל אָפענער... מע רופט אייך ארויס אהין מיט א דעפּעש, אז אייער מוטער איז

שלאף? עס איז א ליגען! מע רופט אייך צו דער מאַמזעל נאַט־קין: איהר זענט א בן־יחיד, אייער מוטער איז רייך, איהר זענט א ווינאַדנער חתן... געלד געהט צו געלד...

— מיכאיל! וואָס רעדט איהר! איהר מיינט, איך בין דערזעלבער מאַריץ, וואָס פריהער מיט דריי יאָהר?

— אָ!... איך ווייס, איך ווייס!... איך קען אָבער אייער ווייך האַרץ, אייער שוואַכען כאַראַקטער... אייער מוטער'ס טרע־רען וועלען אויף אייך ווירקען... מיר זענען ווייט, און ווער ווייסט, וואָס פאַר א פאַניבריה די מאַמזעל נאַטקין איז דאָרט! איהר זענט נאָך צו יונג...

— פאַר וועמען רעכענט איהר מיך? איך וועל פערבייטען טייבעלען אויף... מיכאיל! איהר בעלעדיגט מיך... איהר ווייסט מיין ציעל...

— מאַריץ! אויב איהר געפינט זיך בעלעדיגט פון מיינע ווערטער, בעט איך אייך מיר מוחל זיין. נאָר איהר דאַרפט פערשטעהן מיט וועמען איהר רעדט: איהר רעדט מיט איין עלענדען מענשען, וואָס זיין אומגליקליך מזל האָט איהם אָפּגע־ריסען פון דער פאַמיליע, פון פריינד, פון בעקאַנטע, כמעט פון אונזער גאַנצער נאַציע, און ער האָט ארויסגעצויגען, גאָט ווייסט פון וועלכע הענד, א פרעמד עלענד קינד און האָט זי צוגעבונדען צו זיך, און איז אליין צו איהר צוגעבונדען געוואָרען... מיין לעבען איז שוין צוזאַמענגעוואַכסען מיט איהר לעבען... אייך ליעבט זי גאָר אָהן א ברעג!... אז מיט אייך וועט חלילה עפּיס פּאַסירען, הרג'עט איהר זי אוועק, און מיך דעסגלייכען... איהר ווייסט? איהר ווייסט? איך האָב אמאָל געהאָפט, אז מיין ליעבע צו איהר (צו וואָס זאָל איך לייקענען?) וועט אפשר דערוועקען אין איהר האַרץ אזא געפיהל, ווי צו אייך איצט... נאָר איך האָב שלעכט גערעכענט... ווי קומט דאָס צו מיר?!... איך בין דערמיט געווען צופריעדען, וואָס זי איז ביז אהער אזוי גליקליך געווען מיט אייך.

איהר לאָזט זי מיר היינט איבער אין א געפעהרליכער לאַגע... געדענקט, מאָריץ, אייער טייבעלען — זי איז אינגאַנצען אייע־רע: איהר זענט דער אויסגעקליבענער...

מאָריץ האָט געוויינט, ווי א קליין קינד. דאָס האַרץ איז איהם שיער צעריסען געוואָרען אויף שטיקער. ער האָט נישט געקאָנט אויסרעדען קיין איינציג וואָרט. ער האָט געחאַפּט פעלד־מאַנען בייביידע הענד און האָט זיי געקושט... פעלדמאַן האָט געפינטעלט מיט זיינע גרויע אויגען און האָט געריבען צינד־העלצלעך, וועלכע האָבען זיך אַלץ פערלאָשען... ער האָט פער־רויכערט א ציגאַר און האָט געזאָגט:

— נו, גענוג, גענוג שוין, זילבערמאַן! ווישט זיך אָפּ דאָס פּנים און זייט א מאַנספּערזאָן!

דאָס טיי־טרינקען איז איבערגעגאַנגען נישקשה. פעלדמאַן האָט געזאָגט ווערטלעך, דערצעהלט אַנעקדאָטען. אַלע האָבען געלאַכט. ער האָט מורא געהאַט, אז טייבעלע זאָל ניט מאַכען קיין סצענע אין די לעצטע מינוטען, פאַר מאָריצ'ס אָפּרייזע. ווי פערוואונדערט איז ער אָבער געוועזען, אז בשעת מאָריץ איז אויפגעשטאַנען צו פאָהרען, איז טייבעלע זעהר פריילין געוועזען! איהר געלעכטער האָט נאָך קיינמאָל אַזוי ניט געקלונגען, ווי אין די מינוטען; זי האָט שוין צופיעל געלאַכט און גערעדט... פעלד־מאַן האָט פערשטאַנען, וואָס דאָס געלעכטער האָט זי געקאָסט; דאָס האַרץ האָט זיך איהם צוזאַמענגעצויגען פאַר וועהטיג... נאָך א מאָל אַדיע, נאָך א מאָל אַדיע... אָט זענען שוין די פערד... ער זיצט שוין אין וואָגען... דער קוטשער האָט א קנאַק געטהאָן מיט דער לאַנגער בייטש. די פערד האָבען א ריס געטהאָן דעם וואָגען, און ער איז פערפאַלען געוואָרען אין דעם געדיכטען שטויב פון די גאַסען, וואָס פיהרען צום וואָקזאַל. נאָר א ווייס טיכעלע האָט זיך געזעהען אין דער הויך. דאָס פּאָסטגלעקעל האָט נאָך גע־קלונגען עטליכע מינוט אַלע מאָל שטילער, ביז עס האָט זיך גאָר פערלאָרען אין דער ווייטער לופט, וואו די זון האָט זיך אראָפּ־

געלאָזט, ווי אין וואסער אריין... שטיל און לעדיג איז געוואָרען ביי פעלדמאַנען אין שטוב. שטיל און לעדיג ביי טייבעלען אין הארצען...

---

## IX

ליעבע לעזער! מיר וועלען אייך ניט פיהרען קיין קארלסבאד זעהען, וואָס טהוט דאָרט אונזער העלד, מאָריץ זילבערמאַן. ער איז דאָס ערשטע מאָל אויף זיין לעבען ארויסגעפאָהרען אויף דער וועלט. פון יעדער סטאַנציע, פון יעדען וואָקזאַל זענען געגאַנגען פון איהם הייסע בריעף צו טייבעלען. אז ער איז אריבער די גרעניץ, האָט זיך פאר איהם געעפענט א נייע וועלט. ער האָט זיי צוגעזאָגט אַלסדינג צו שרייבען, און ער האָט זיין וואָרט גע־האַלטען. נאָר פּלוצים איז זיין קאָררעספּאָנדענציע איבערגעריסען געוואָרען. מיר דארפען ניט דערצעהלען, וואָס פאר שמערצען דאָס האָט צוגעטהיילט דער אָרעמער טייבעלע. איהר קאָפּ האָט גענוג איבערגעטראכט! פעלדמאַן האָט מורא געהאַט צו רעדען דערפון מיט איהר: ער האָט געזעהען, אז זי צאַנגט, ווי א ליכט. און אזוי זענען איבערגעגאַנגען צוויי חדשים, וועלכע האָבען זיך איהר אויסגעוויזען ווי צוויי יאָהר, ביז דער פּאָסטטרעגער האָט איהר איינמאָל געבראַכט א גרויסען בריעף. דער שטעמפּעל איז געווען פון קארלסבאַד. זי האָט באַלד דערקענט זיין האַנדשריפט אויף דעם קאָנווערט. די הענד האָבען איהר געציטערט: זי האָט קוים אויפגעריסען דעם קאָנווערט. פיער מאָל האָט זי אָנגעהויבען צו לעזען דעם בריעף, און האָט ניט פערשטאַנען קיין וואָרט... אָט דאָס האָט איהר מאָריץ געשריבען:

„טהייערע טייבעלע! איך בין ניט ווערטה, אז דיינע הענד זאָלען האַלטען מיין בריעף און דיינע שענע אויגען זאָלען קוקען אויף מיין שריפט, וועלכע גיט דיר איבער מיינע ווערטער ניט

מיט טינט אויף פּאַפּיער, נאָר מיט מיין בלוט אויף מיין אייגענער פּעל. פּערענטפּערען זיך פאַר דיר — וואָלט געווען די גרעסטע מערדעריי מיט דער גרעסטער נידעריגקייט פון מיין זייט, נאָר איך בעט דיך (דאָס לעצטע מאָל) אויסהערען דיין מאָריצען, וואָס איז ביי דיר אמאָל געווען אזוי טהייער! וויים, טהייערע טייבעלע, אַז מאָריץ איז געפאַלען, אַז מאָריץ איז איצט דער אומגליקליכ־סטער אויף דער גאַנצער וועלט! וואָס האָט איהר מיך געלאָזט אַליין אויף דעם וואַסער? איך זאָג דאָס דיר און אונזער טהייערען מיכאיל. וואָס האָט איהר מיך מפקיר געווען? איהר האָט דען ניט געוואוסט, אַז שווימען אין דעם טיעפען ים איז זעהר אַ גע־פעהרליכע זאַך פאַר דעם מענשען, וואָס איז ניט געוואָהנט צו די גרויסע חוואַלים? צום אָנפאַנג, אַז איך בין נאָך ביי דעם ברעג געשוואומען, איז מיר זעהר אַנגענעהם געווען צו קוקען, ווי די בייזע ווינדען פּלעסקען דעם ים. זיי האָבען מיך געטראָגען וויי־טער און ווייטער... איך האָב געפּרובט אַ מאָל אַרומקוקען זיך אויף דעם שטיק וועג, וואָס איך האָב שוין אָפּגעשוואומען, האָב איך שוין ניט געקאָנט אָפּזוכען מיט די אויגען דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט: איהר האָט אויסגעוויזען ווי צוויי ליכטיגע פּינ־טעלעך, ווי צוויי גלאַנצענדיגע שטערען אויף דעם דונקעלען וויי־טען הימעל, און נאָכדעם זענען די צוויי פּינטעלעך אויך פערשוואונדען געוואָרען... איך זוך איצט ביי זיך אין קאָפּ און קאָן גאָר זיך ניט דערמאַנען, וואו און ווען בין איך געפאַלען... איך געדענק נאָר דער מוטער'ס טרערען, די ערשטע בעקאַנטשאַפט מיט דער פאַמיליע נאָטקין, מיט זייער טאָכטער, און נאָכדעם זייערע וויזיטען צו אונז, און מיינע וויזיטען צו זיי, אונזערע שפּאַציער־גענג אין דעם שענעם גאָרטען, אונזער פאָהרען אויף דעם שיף, קלאַראַ'ס (אזוי רופט מען זייער טאָכטער) בלאָנדע האָר, בלויע אויגען, הויכע געשטאַלט, און איהר שטאַרקע שטי־מע... צו דעם צווייטען וויזיט ביי זיי האָט מען מיך געבעטען שפּיעלען פּיאַנאָ. איך האָב געשפּיעלט שובערט'ס אַ מעלאָדיע,

און קלאַרא האָט מיר אַקאָמפּאַנירט. דער רעזאָנאַנס פון דעם זאַל איז געווען גרויס און ברייט, און עס האָבען זיך אַ גאַס גע־טהאָן אַזעלכע פערשיעדענע, ווייכע, קלינגענדיגע, וואַרעמע טע־נער, אַזאַ זעלטענע האַרמאָניע!!... איך האָב אויפגעהויבען אויף איהר די אויגען, איז זי ווי אויסגעוואַכסען אויף אַ גאַנצען אַרשין, און זי האָט מיר אויסגעוויזען אַזוי שען און ריין, ווי אַ מלאך... אין מיין האַרץ האָט זיך אָנגעצונדען אַ פייער, וואָס האָט אין מיר געברענט, און איך האָב מורא געהאַט צו צוגעהן צו איהר. אַזאַ פּרוב האָב איך געליטען אַלע טאָג! זי האָט מיך געמוטשעט מיט איהר קול, און עס איז מיר ליעב געווען צו מוטשען זיך, אַבי נאָך און נאָך הערען איהר געזאַנג... עס ווייזט אויס, אַז זי האָט גע־וואוסט וואָס מיט מיר טהוט זיך, האָטש איך האָב מיט איהר דערפון ניט גערעדט. איינמאָל איז זי געווען ביי אונז. מיין מוטער איז געווען אין גאָרטען, און קלאַרא איז געזעסען מיט מיר. איך בין געווען שטאַרק פערזאָרגט און פערטראַכט. זי האָט מיך געפרעגט די אורזאַכע. איך האָב איהר ניט געוואָלט ענטפערען, איז זי אויפגעשטאַנען און אָנגעהויבען זינגען אַ מעלאָדיע, ביז איך ווי בעטויבט געוואָרען... מיין פאַנטאַזיע האָט מיך פערטראָ־גען ווייט! איך האָב זי גערעכענט העכער פון אַ מענשען — איך בין אַנידערגעפאַלען פאַר איהר!... איך געדענק ניט, ווען און ווי אַזוי איך בין געשטאַנען מיט קלאַרא'ן אונטער דער חופּה... דער פּרעדיגער האָט אַ רעדע געהאַלטען, זיינע ווערטער האָבען מיר לאַנג געקלונגען אין די אויהערען, און עס האָט זיך מיר אויסגע־וויזען, אַז ער זאָגט מיר: „געדענק וואָס דו טהוסט!"... מיין מוטער האָט געוויינט פאַר פרייד, און קלאַרא האָט מיך געפרעגט, וואָס קלאַפּט ביי מיר דאָס האַרץ... טייבעלע! איך בין אומ־גליקליך: דיך האָב איך אָנגעוואָרען, פערלאָרען אויף אייביג; זיך האָב איך פערקויפט אַ פרעמדער... זי איז ווייט פון מיר, ווי דער הימעל פון דער ערד... מיין ציעל קאָן איך שוין יעצט ניט דערגרייכען: איך געהער היינט ניט זיך אַליין; איך בין אַ

קנעכט... איך האָב שוין מיין ראָלע אָפּגעשפּיעלט גאַנץ קאָמיש! דער גרויסער זינדיגער קאָן מיט חרטה און מיט גוטע ווערק ניי געבאָרען ווערען, אָבער ניט אַזאַ „וואָרעם" ווי איך... טייבעלע! מיכאיל! פערגעסט אָן מיר: איך בין ניט ווערטה, איהר זאָלט מיך געדענקען! זייט גליקליך,ביידע צוזאַמען!..."

---

X

פעלדמאַן איז נאָך־וואָס אוועקגעגאַנגען אויף זיינע שטונדען בעת טייבעלע האָט דערהאַלטען דעם שענעם בריעף פון קאַרלס־באַד. אַז זי האָט געענדיגט דעם בריעף צו לעזען, איז זי געבליבען זיצען אַ קליינע צייט ווי אַ פערשטיינערטע. איהרע אויגען האָ־בען אַ ווייַלע אָנגעוואָרען דעם גלאַנץ. נאָכדעם איז זי אויפגעשטאַנען, האָט אַ וואָרף געטהאָן מיט דעם קאָפּ און האָט אָנגע־הויבען ארומצוגעהן איבער דער שטוב פון איין ווינקעלע צום אנדערען, צונויפגעלעגט די הענד אויף דעם הארצען; די אויגען האָבען אָנגעהויבען צו בעקומען זייער פריהעריגען גלאַנץ, איהר געזיכט איז ליכטיגער געוואָרען, דאָס הארץ האָט איהר שטאַרק געקלאַפּט, דער קאָפּ האָט ביי איהר געארבייט. זי האָט אָפּגע־זוכט אַ בויגעלע פּאָסט־פּאַפּיער און האָט זיך געזעצט שרייבען. עס האָט געדויערט אַ האַלבע שעה. זי האָט צונויפגעלעגט דאָס בויגעלע פּאַפּיער מיט מאָריצ'ס בריעף און האָט זיי אין אַ קאָנ־ווערט אַנידערגעלעגט אויף דעם טיש. זי האָט אויפגעעפענט איהר קעסטעל, האָט ארויסגענומען פון דאָרטען אַלע איהרע זאַ־כען און האָט זיי איינגעפּאַקט אין אַ קליין רייזע־זעקעל, האָט אהין אריינגעלעגט פעלדמאַנ'ס פּאָרטרעט און האָט איבערגעצעהלט איהר געלד, וואָס זי האָט צונויפגעקליבען פון איהרע שטונדען, — דאָרט איז געווען הונדערט און צוואַנציג רובעל. זי האָט זיך אביסעל צוגעזעצט און האָט בעטראַכט די שטוב, וואו זי איז אויפ־

געצויגען געוואָרען. נאָכדעם איז זי אריינגעגאַנגען צו פעלדמאַנען אין צימער, האָט זיך אָנגעבויגען צו זיין בעטעל און האָט אַ קוש געטהאָן דאָס קישעלע... זי האָט צוגעשלאָסען די שטוב, אויפגעהאַנגען דעם שליסעל און איז מיט דעם רייזע־זעקעל אין די הענד אַוועקגעגאַנגען אויף דער פּאָסט־סטאַנציע. אין אַ האַלבע שעה אַרום איז זי שוין געזעסען אין אַ וועגעלע, וועלכעס האָט זי געטראָגען צום וואָקזאַל, און דאָ האָבען מיר זי שוין פערלאָרען אין דער מאַסע פּאַסאַזשירען, וואָס האָבען געוואַרט אויף דעם פּאָיעזד פון אָדעסער ליניע.

דאָס איז דער בריעף, וואָס טייבעלע האָט געשריבען פעלדמאַנען:

„אַז איהר וועט דערהאַלטען מיין בריעף, וועל איך שוין זיין אין וועג. איך בעט אייך, איהר זאָלט מיך ניט נאָכיאָגען. איך וואָלט גאָר ניט בעדאַרפט אַנטלויפען און וואָלט געקאָנט אַזוי אַוועקפאָהרען: איך בין פריי, און קיינער קאָן מיר מיין פרייהייט ניט שטעהרען! נאָר איך האָב ניט געוואָלט זעהען, ווי מיין טהייערער, עהרליכער, גוטער מיכאיל וועט בעגלייטען זיין נאַרישע טייבעלע, וועלכע ער האָט ערשט ניט לאַנג אויפגעהויבען פון דער גאָס פון מיסט... לייענט איבער ז י י ן בריעף, וועט איהר זעהען, אַז קיין אַנדער פּלאַן איז פאַר מיר ניטאָ. זיך אַליין דאָס לעבען נעמען איז די גרעסטע נאַרישקייט; דאָס דאַרף נאָר טהון דער מענש, וואָס פערשטעהט ניט, צו וואָס ער לעבט אויף דער וועלט, אָדער דער גרויסער עגאָאיסט, אַז עס געהט איהם ניט אַזוי ווי ער וויל, ווערד ער ברוגז און שיסט זיך. איך ווייס, אַז איך בין אַ מענש (אַ פרוי — אַלץ איינס), קאָן איך ניצליך זיין און עפּיס געבען דער וועלט אַ חוץ ליעבע. — איך ווייס, איך וועל אייך פיעל שמערצען מאַכען מיט מיין אַנטלויפען פון אייך: איך געדענק אייערע ווערטער, וואָס איהר האָט מיר געזאָגט פריהער מיט צוויי יאָהר... איך ווייס, אַז איך וואָלט געקאָנט אייער לעבען גליקליך מאַכען אויף אייביג, און אפשר (ווער ווייסט?) זיך

זעלבסט... נאָר איך רעכען אייך דערויף צו הויך און זיך צו קליין, אַז איך האָב געקאָנט האַלטען פאַר אַ גאָט אַזאַ קליין מענשעלע, ווי מאָריץ זילבערמאַן... איך זאָג ניט, אַז איך קאָן צו אייך ניט גרייכען. איך פיהל אָבער אין זיך פיעל קראַפט צו דערגרייכען עטוואָס וויכטיגערס, גרעסערס און מעהר ניצליכעס פאַר דער וועלט — און איך וועל דאָס געוויס דערגרייכען, ו ו י י ל א י ך ו ו י ל ד אָ ס !... איהר מיינט, אַז מיין בעשלוס איז אין איין רגע געוואָרען? ניין, טהייערער מיכאיל! זינט ע ר איז אַוועקגעפאָהרען פון אונז (געדענקט איהר?) האָב איך געפיהלט, אַז מיין האַרץ ברעקעלט זיך אויף שטיקלעך, און עס ווערד דאָרטען ווי לעדיג... וואָס מיין קאָפּ האָט איבערגעאַרבייט אין די לעצטע צוויי מאָנאַטען — בין איך ניט אים שטאַנד אייך איבערצוגעבען, און דאָס, וואָס איך האָב בעקלערט, איז בעשטימט, און אַזוי דאַרף זיין — ניט אַנדערש! אפשר וועלען מיר זיך נאָך אַמאָל זעהען ביי אַנדערע אומשטענדען, ווער ווייסט? דערוויייל בעט איך אייך, טהייערער מיכאיל, מיך ניט צו זוכען און ניט נאָכצופרעגען זיך אויף מיר. מיין ליעבע האָב מיר געגעבען אַ גוטע לעקציע!... אייך וועל איך געדענקען, ווי אַ מלאך, וואָס האָט מיך פון דער בלאָטע אַרויסגעשלעפּט און האָט מיך צו מיין מענשליכקייט אומ־געקעהרט און מיר די פרייהייט געגעבען... איך בעט, מיך צום שלעכטען ניט צו דערמאַנען, און די גרעסטע מתנה פון אייך וועט ביי מיר זיין, אַז איהר וועט דאָס צום האַרצען ניט נעמען און ניט וויינען אויף דעם אומגליק פון אייער טייבעלע, וואָס גלויבט אין זיך און האָפט אויף זיך אַליין... מיר דאַרפען זיך צעגעהן שטיל, אַזוי ווי מיר האָבען זיך בעקאָנט שטיל..."

פעלדמאַן איז היינט אין ח., אין דער אוניווערזיטעט, אויף דעם פערטען קורס. ניט לאַנג איז ער געווען אין קיעוו און האָט זיך בעגעגענט אויף קרעשטשאַטיק מיט אַ רייך געקליידטען יונגער־

מאַן, געאַרעמט מיט אַ הויכער יונגער פרוי. זיי זענען אַרויס־געגאַנגען פון דעם שענסטען גאַסטהויז — „גראַנד האָטעל״.

דאָס איז געווען מאָריץ זילבערמאַן מיט זיין פרוי קלאַרא.

— מיכאיל! — האָט מאָריץ אויסגעשריגען און האָט זיך אויסגעריסען פון דער דאַמע. פעלדמאַן איז צוגעגאַנגען און האָט אויפגעהויבען זיינע גרויע אויגען אויף מאָריצען: ער האָט איהם ניט דערקענט.

— מיכאיל!... וואָס מאַכט איהר? שוין פינף יאָהר!... וואו איז טייבעלע?...

פעלדמאַן האָט אַ זאָג געטהאָן: „אַ־אַ־אַ!״... ער האָט זיך גאַנץ העפליך געווייטעט מיט מאָריצען, האָט אַ קוק געטהאָן אויף קלאַרא׳ן און איז אַוועקגעגאַנגען ווייטער. קלאַרא האָט מיט אַ גרימאַסע געפרעגט מאָריצען אויף פראַנצויזיש:

— Qui est ce mal-appris?*

מאָריץ האָט איהר גאָרניט געענטפערט; ער איז געשטאַנען מיט אַ פערפינסטערט געזיכט און האָט נאָכגעקוקט פעלדמאַנ׳ס טריט... קלאַרא האָט זיך אָנגעבלאָזען אויף איהם, און אַז זיי זענען געקומען אהיים, האָט זי איהם געמאַכט אַ סצענע.

גאָלדע איז געשטאָרבען און האָט איבערגעלאָזט מאָריצען אַ היבש קאַפּיטאַל. ער האָט געעפענט אַ קאַנטאָר און אויף דער טאַבעלע איז אויפגעצייכענט: „זילבערמאַן, נאָטקין עט קאָמ־פּאַניע״. — צי איז ער גליקליך? — דאָס איז אַזאַ פראַגע, וואָס מיר נעמען זיך ניט אונטער צו ענטפערען אויף איהר.

און טייבעלע? — מיר בעטען אונזערע לעזער ניט צו זאָר־גען פאַר איהר: אַזעלכע ווי זי ווערען ניט פערפאַלען אויף דער וועלט. עס קאָן זיין, אונזערע לעזער וועלען זיך בעגעגענען מיט

---

* ווער איז דער גראָביאַן?

איהר אין גיכען; נאָר דערווייל געהט טייבעלע שטיל אראָפּ פון דער סצענע, אזוי ווי זי איז ארויפגעגאנגען אויף איהר. עס מאכט זיך אָפּטמאָל, א שטערן גלאנצט ליכטיגער און שענער פון אלע שטערען אין הימעל; ער לייכט אלע מאָל גלייך: אי אין אָבענד, ווען ער בעווייזט זיך נאָר אויף דעם הימעל, אי צום פריה־מאָרגען, ווען ער דארף זיך בעהאלטען...

## ע נ ד ע.

# קינדער־שפיעל

א מערקווירדיגע ליעבע־געשיכטע פון א געפעסטעטע, געבאלעוועטע רייכע אידישע בן־יחיד.

געשריבען אין יאהר 1886.

# קינדער־שפּיעל

## דאָס ערשטע קאַפּיטעל.

### אין חדר.

אין די יונגע יאָהרען זענען זיי געווען די בעסטע גוטע ברידער: אין איין חדר געלערענט, געהאַט גלייכע פעהיגקייטען, גלייכע יאָהרען, און האָבעןביידע ניט געוואָלט לערנען. דער חילוק צווישען זיי, וואָס איינער איז געווען גראָב און קיילעכיג ווי איין ארבוז, שרעקליך פויל, תמיד פערזאָרגט, תמיד פערוויינט און א גרויסער פרעסער, א נאַשער, — דערפאַר האָט מען איהם אין חדר א נאָמען געגעבען „קוואַשע"; דער אנדערער איז געווען פונקט דער היפּך: א לאַנגער און א דארער, א לעבעדיגער און א פריילּיכער, א פליהער און א טענצער, א סמיעליאַק און א חיטרע יונגאַטש, א ריהרעוודיגער און א קרעפטיגער, אזוי אז קיינער האָט איהם נישט געקאָנט בייקומען, און דער גאַנצער חדר האָט פאַר איהם דרך־ארץ געהאַט: וואָס ער האָט געזאָגט, איז געווען געזאָגט, און וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער געטהאָן. גערופען האָט מען איהם „מאָטעל־מזיק".

מאיר־קוואַשע און מאָטעל־מזיק זענען געווען די ערגסטע תלמידים ביי רב יוסי דעמבענער אין חדר. רב יוסי פלעגט זיי הרג'ענען צעהן מאָל א טאָג, ברעכען די ביינער מיט א שטעקען,

אָדער קאַטעווען מיט אַ פּאַדעשווע, נאָר וויפיעל מע האָט זיי ניט געשלאָגען אין קאָפּ אריין, האָט זיך צו זיי די גמרא געקלעפּט, ווי איין ארבעס צו דער וואַנד! געקומען דער „דאָנערשטאָג”, האָבען זיי זיך שוין געריכט אויף אַ מפלה: אָט געהט רב יוסי דעמבבענער פון קלויז מיט דעם טלית-ותפילין אונטער'ן אָרעם... זיין גראָבע נאָז מיט די גריבלעך, זיין אויסגעפּליקטע באָרד, זיין בעלמעוואַטע אויג מיט זיין גאַנצער „אַסאָבע” ווארפען אויף אַלעמען אַ שרעק-ליכע מרה-שחורה: עס ווערד פערקיהלט אינוועניג. דער גרעס-טער חריף קאָן פערגעסען, ווי מע רופט איהם, בשעת עס טהוט אויף איהם אַ קוק רב יוסי דעמבבענער'ס בעלמעוואַטע אויג.

— נעמט די גמראס!

די קינדער נעמען די גמראס, דאָס האַרץ קלאַפּט און די קניהעס ציטערען. זיי מישען-אויף. דער רבי צעשאָקעלט זיך און זאָגט:

— נאַ-אַ!

זיי הוסטען זיך אויס, ווי די סאָלדאַטען אויף דער אוטשעניע. דער רבי צעשאָקעלט זיך נאָך שטארקער און זאָגט נאָך אַ מאָל:

— נאַ-אַ! אָמר רב פּפּא, האָט רב פּפּא געזאָגט! רעדט!!!...

חברה טהוען אַלע אַ קלאַפּ אין איין קול:

— אָמר רב פּפּא, האָט רב פּפּא געזאָגט!

און עס ווערד אַ שרעקליכער ליאַרעם פון דרייצעהן מיילער. אַלע שרייען, אַלע קלינגען און אַלעמען איז פריילין אויפ'ן האַר-צען, מחמת אַלע ווייסען די גמרא, אַלע זאָגען ווי אַ וואַסער, איינער חאַפּט פאר'ן אַנדערען, קוקט מיט איין אויג אין דער גמרא און מיט דעם אַנדערען אויף דעם רבינ'ס בעלמעוואַטע אויג; אפילו מאיר-קוואַשע און מאָטעל-מזיק שרייען אויך, שאָקלען זיך אַזוי ערנסט און דרעהען מיט'ן גראָבען פינגער אַזוי געטריי, גלייך ווי קיינער פערשטעהט ניט אַזוי, ווי זיי פערשטעהען. און פּלוצים...

— שאַ! שששששאַ! שאַ!...

אַזוי זאָגט דער רבי און טהוט אַ פּאַטש מיט דער האַנד איבער'ן טיש; ער נעמט מיט דער אַנדערער האַנד דאָס אויסגע-

פּליקטע בערדעל, גלעט דאָס מיט ישוב־הדעת און קוקט אראָפּ צו זיך אויף די פּאנטאָפּעל... אלע ווערען פערשטאָרבען. זיי פּיהלען, ווי עס ווארגט זיי עפּיס אין האלז און זיי קאָנען דאָס ניט אראָפּ־שלינגען. א שרעקליך שטילשווייגעניש! גאנץ שטיל טהוט זיך דער רבי א פרעג:

— זאָג־זשע, מאיר־סערדצע, וואָס לאָזט מיך דאָ רב פּפּא הערען?... זאָג, זאָג! שעם זיך ניט!

ביי מאיר־קוואשע קייקלען זיך שוין טרערען פון די אויגען, גלייך — גלייך אויף דער גמרא אראָפּ. דער רבי קוקט אלץ אונ־טען, צו זיך אויף די פּאנטאָפּעל, און רעדט זיך ווייטער אזוי גלאַט, אזוי בנעימות'דיג:

— זאָג, סערדצע, זאָג, מאיר'על, שעם זיך ניט, וואָס אהרט דיך?...

ביי מאיר־קוואשע זענען די באקען שטארק פערפלאמט און די נאָז גלאנצט, ווי איין עפּעלע. ער ווייסט שוין זיין פּסק; ער ווייסט, אז אָט באלד וועט מען איהם הייסען ארויסגעהן פונ'ם טיש, אליין אראָפּנעמען די ריטער פון דעם באלקען, אליין אראָפּציהען זיך, מחילה, די תחתונים'לעך, אליין אויסציהען זיך מיט'ן פּנים אראָפּ אויף דער באנק, און נאָכדעם — נאָכדעם ווייסט ער שוין וואָס!...

א רויטער, א געשוואָלענער, א צע'הרג'עטער, זעצט זיך מאיר־קוואשע צוריק אויף זיין אָרט און קוקט אין דער גמרא אריין טיעף־טיעף, און זעהט נישט קיין אות פאַר די אויגען, וואָס זענען שוין געשוואָלען פון געוויין. נאָר, דאנקען גאָט, אבי ער איז שוין זיינס איבערגעקומען!

איצט איז מאָטעל אויפ'ן צעטעל.

— אנו, מאָטעלע! — זאָגט צו איהם דער רבי א ביסעל פרייליכער. — אנו, מאָטעלע, זאָג נאָר דו, סערדצע, וואָס וויל דאָ רב פּפּא האָבען? זאָג, מאָטעלע, זאָג!...

מאָטעל־מזיק איז אָבער ניט מאיר־קוואשע: מאָטעל־מזיק וויל אָפּנאַרען דעם רבי'ן, אָפּנאַרען אַלעמען און זיך אַליין אויך; ער צעשאָקעלט זיך און טהוט אַ קלונג טאַקי נאָר ווי אַ מזיק:

— הניחא למאן דאית ליה כרב פפא; אלא למאן דלית ליה כרב פפא — מאי איכא למימר? תיקו — בלייבט אַ קשיא!...

דער רבי הויבט אויף דעם קאָפּ, שטעלט אַנידער דאָס בעלמע־וואַטע אויג גלייך אויף מאָטלען און פרעגט איהם איבער נאָך אַ מאָל קאַלטבלוטיג:

— וואָס לאָזט מיך דאָ רב פפא הערען?...

מאָטעל־מזיק פאַלט ביי זיך אַליין נישט אַראָפּ און זאָגט זיך ווייטער זעהר רוהיג, קוועטשענדיג מיט דעם גראָבען פינגער:

— וואָרום זעלטאָס אַנדערש זיין, אַז עס זאָל זיין ווי רב פפא זאָגט, וואָלט דאָך געווען אַ וויעדעראַנאַנד אַקעגען טאַקי אויף רב פפא'ן אַליין; אלא וואָס דען? — מוז איך דאָך שוין אָנקומען דערצו, אַז עס איז אויף רב פפא'ן קיין קשיא ניט — פאַר וואָס? מחמת קרבנות? היינט וואָס לאָזט ער מיך דאָ הערען? איז דער תירוץ: תיקו!...

דער רבי געהט־אַרויס פון די כלים; ער חאַפּט זיך אויף און לאָזט אַראָפּ מאָטלען עטליכע קלינגענדיגע פעטש, אַזוי אַז מאָטעל פאַלט־אַראָפּ פונ'ם בענקעל און פערלירט דאָס היטעל. מאָטעל קוקט זיך אַרום פערוואונדערט: וואָס טהוט זיך דאָ מיט איהם? דאַכט זיך, ער ווייסט אַזוי גוט און זאָגט אַזוי גלייך?!...

דער רבי הייסט איהם זיך אַנידערלעגען אויפ'ן בענקעל און ער שמייסט איהם און קאַטעוועט איהם, וויפיעל עס געהט אין איהם אריין. און מאָטעל? מאָטעל שווייגט, גלייך ווי ניט איהם מיינט מען. ער זאָל דאָס לאָזען אַ טרער, אַרויסלאָזען חאָטש אַ פּיפּס פונ'ם מויל — ניין! דער רבי איז אויסער זיך פאַר כעס, עס ווערד איהם נמאס שמייסענדיג, חאַפּט ער אַ שטעקעל, אַ „יאַמ־שאָווע" שטעקעל, און ברעכט איהם די ביינער. מאָטעל שרייט ניט, וויינט ניט, קרעכצט ניט; ער טהוט נאָר ביי יעדען שנייד

מיט'ן שטעקעל א פינטעל מיט די אויגען — און געגוג. נייז, רב יוסי דעמבענער קאָן דאָס שוין מעהר ניט איבערטראָגען! מיט אויגען אָנגעגאָסענע מיט בלוט טהוט ער זיך א לאָז צו מאָטלען; ער חאפּט איהם אָן ביי דער האנד און טהוט זי איהם א דרעה־אוים הינטער די פּלייצעס. מע הערט א קנאַק... נאָר מאָטעל שווייגט. ער קריצט נאָר מיט די צייהן — און מעהר נישט. דער רבי שלאָגט איהם מיט ביידע הענד אין הארצען אזוי לאַנג, ביז ער טהוט אויף איהם א שפּיי און גיט א פּאַל־אום אליין אויף דער סאָפע. עס געדויערט לאַנג, ביז דער רבי סאַפּעט זיך אָפּ...

די תלמידים, צעהן־יאָהריגע חברה, זעהען דאָס אַלע דאָנער־שטאָג; און ווער איז דאָס אים שטאַנד ארויסצוגעבען, וואָס עס פיהלט דעמאָלט זייער קינדערש הארץ און וואָס עס טראַכט דע־מאָלט זייער קינדערשער קאָפּ!...

## דאָס צווייטע קאַפּיטעל.

גע׳פּטר׳ט דעם חדר.

אין יענער צייט האָט שוין אָבער מאָטעל נישט געהייסען „מאָטעל־מזיק״ און מאיר האָט שוין מעהר נישט געהייסען „מאיר־קוואשע״. דעם ערשטען האָט מען גערופען „מאָטעל בערצי׳ס״, און דעם אַנדערען — „מאיר לייבצי׳ס״.

זיי האָבען חתונה געהאַט ביידע אין איין חודש און פון איין שטאָדט.

בערצי בערעשעס (אַזוי האָט מען גערופען מאָטעל׳ס שוועהר) האָט געהאַט אַ טאָכטער אַ בת־יחידה, זעהר אַ שען מיידעל. האָט ער איהר געגעבען אַ פּאָר טויזענד רובעל נדן מיט אַ ציקאַווע חתן פון אַ שען אָרט, אַפּילו נישט קיין גרויסער למדן, דערפאַר איז ער אָבער אַליין אַ מענש, אַ קלוגער יונגאַטש, אַ יונג מיט ביינער, אַ מענש מיט אַ פּיסק.

מאָטעל׳ס עלטערען זענען געוועזען געמיינע לייט און האָבען זיך קוים־קוים דורכגעשלאָגען דערמיט, וואָס דער פאָטער איז געוועזען... עס איז שווער צו זאָגען, וואָס ער איז געוועזען! ער איז געוועזען איינער פון די געפּאַלענע נגידים און מיוחסים, וואָס פערנעמען תמיד דעם אויבענאָן סײַ אין קלויז, סײַ אויף אַ שמחה, און וואָס אַלע געדענקען, אַז זיי זענען אַמאָל געוועזען נגידים, מיוחסים. מע לאָזט זיי נישט אײַנגאַנצען פאַלען, זיי זאָלען דאַרפען חלילה געהן איבער

די הייזער. די שטאָדט שאַרט זיי צו יענע ברעקלעך, וואָס דאַרפען ממילא אַראָפּפאַלען; מע פרעגט ביי זיי אַמאָל איין עצה און מע פערלאָזט זיך אויף זיי מיט אַ בוררות, ווייל מע האַלט זיי פאַר קלו־גע לייט, פאַר קאָפּ־מענשען. מיט איינעם וואָרט, זיי זענען אָט דאָס, וואָס ווערד אָנגערופען: „די פינפטע ראָד צום וואָגען”... אָט אַזעלכער איז געווען מאָטעל'ס פאָטער אויך. און זיין מוטער האָט געהאַט אַ חוץ אַ פּרנסה: אַ קלייטעל אַ צעלניק, וואָס נאָר איין גאָט ווייסט דעם אמת, וואָס פאַר אַ סחורה דאָרט האָט זיך געקאָנט געפינען און ווי גרויס איז געווען דער פּדיון ביי איהר, מחמת דער מאַרק געדענקט שוין ניט די צייט, ווען עס זאָל אַהין אַריינשמעקען אַ קונה. דאָך פלעגט זי פון קלייטעל ניט אַרויס־טרעטען, און האָט אַזוי אַ צייט מיט יאָהרען פערבראַכט אָט דאָ אויפ'ן ברעט־בענקעל, אַרויסקוקענדיג אויף אַ קונה, ביז די אויגען זענען איהר אויסגעטריקענט געוואָרען און איהר אַמאָליג שען גע־זיכט איז איינגעקנייטשט און איינגעשרומפּען געוואָרען אַזוי, אַז צו פערציג יאָהר איז זי שוין געווען איין אַלטע אידינע.

געלעבט האָבען זיי אין גרויס דחקות, און אָפטמאָל איז נישט געווען אפילו אויף אַ פּוד מעהל. נאָר מאָטעל געדענקט ניט, אַז זיין פאָטער זאָל זיין אַמאָל פערזאָרגט, אָדער ער זאָל אָכקען און קרעכצען אויף דער ביטערער צייט, ווי אַנדערע קבצנים; אדרבה, דאָס איז געווען אַ פרייליכער קבצן, אַן אָפּגעפּוצטער און אַ ריי־נער, אַז ווען איהר גיט אויף איהם אַ קוק, וואָלט איהר זיכער גע־מיינט, אַז עס ליגען ביי איהם שווערע טויזענדער אין קאַסטען. מאָטעל געדענקט, ווי די מוטער פלעגט יאָ אַמאָל דעקוטשען דעם טאַטען וועגען דעם, וואָס מע זעהט נישט קיין קונה אין די אויגען; פלעגט זי דער פאָטער אָפּשטופּען מיט אַ ווערטעל. די מוטער אָבער האָט נישט געהאַלטען פון קיין ווערטלעך, פלעגט זי איהם זאָגען:

— אודאי, ביי דיר איז אַלץ ווערטלעך, און מיר ווערען פאַר־סיהלט אַלע געבליטען, אַז איך נעם אויפ'ן קאָפּ און טהו אַ טראַכט,

וואָס וועט זיין מיט אונזער מאָטעלען ? עס וואַכסט, אָהן עין־הרע, א בחור...

— עט, שטות׳עריי ! — שלאָגט זי איבער דער פאָטער. — נארישקייטען, כלעבען ! מיט אונזער מאָטעלען האָב איך שוין דוקא קיין דאגה ניט. אונזער מאָטעלע וועט זיין א גביר, דו הערסט צי ניין ? אָט וועסט דו זעהן, אז ער וועט זיין, אם ירצה שם, א גביר !... איאָ, מאָטעל ? הא ? וואָס זאָגסט דו עפּים מכח דעם ? דו ווילסט זיין א גביר ?

ניט אזוי איז דערצויגען געוואָרען מאיר־קוואשע ; ער איז אויסגעוואַכסען דוקא אויף ראָסקאָש מיט פערגעניגען. די נאטור האָט איהם ארויסגעלאָזט אויף דער וועלט א היבשען, א נעפּאָק־טען, מיט א געזונטען מאָגען און מיט גראָבע ליפּען, גלייך ווי זי האָט געוואוסט פאָראויס, אז איהם וועט די מוטער פון קינדווייז אָן כסדר שטאָפּען מיט פעטע קנישעס און קאָנפעקטען, פייגען, ניס און באָקסערען. אז מע האָט איהם א חאַפּ געטהאָן אין חדר, האָט מען ביי איהם שטענדיג געפונען אָנגעשטאָפּטע קעשענעס מיט עסענוואַרג, און מיר, זיינע חברים, פלעגען ארום איהם אָפּלעקען א ביינדעל, חאָטש פון דער נאטור איז ער ניט געוועזען קיין גוטער, — אדרבה, געוועזען איז ער דוקא א קארגער, ניט קיין פערגינער, נאָר מיר האָבען ביי איהם תמיד גענומען מיט גוואלד, און דערצו נאָך געשענקט איהם אמאָל עטליכע בוכענצים, אזוי אז ער פלעגט זיך בעוואַשען מיט טרערען. וויפיעל מאָל פלעגט אריינלויפען אין חדר אריין זיין מוטער, א גראָבע, א שווארצע אידינע, און צושטעלען אונז א בענקעלע צום רבי׳ן, ווי אזוי „דאָס קינד״ (מאיר־קוואשע) קלאָגט זיך נעבאך, אז מע „אָביזשאיעט״ איהם, אז מע רייסט אוים ביי׳ם קינד דעם לעצטען ביסען פון מויל, אז דאָס קינד איז נע־באך שטענדיג הונגעריג, וועה און ווינד איז איהר! און אוועק־געהענדיג פלעגט זי איהם איבערלאָזען א גאנצע טאָרבע מיט גע־בראָטענע פּופּקעס, העלזלעך, דארע קישקעס, קאָרענע לעקאך, צור־קערקעס, טאָרט, צוקערלעקאך, וועלישע ניסלעך, באָקסערען וכדומה.

געוועהנליך, האָבען מיר איהם שטאַרק מקנא געווען און פּלעגען זיך אָן איהם נוקם זיין וואו מיר האָבען נאָר געקאָנט, און שטענדיג אָנגעוואָרפען איהם „דעם טאַטען דעם בעל־עגלה".

מ'האָט זאָגט, אַז אַמאָל, שוין גאַנץ לאַנג, איז זיין פּאָטער געווען אַ בעל־עגלה. גאָט האָט איהם בעגליקט, איז ער געוואָרען פון אַ בעל־עגלה אַ ליוועראַנט (אַ פערד־הענדלער), און פון דעמאָלט אָן איז ער „אָנגעשטאָפּט מיט געלד ווי אַ גוי"... אַז ער האָט בעקומען געלד, האָט ער זיך אָנגעהויבען „איידלען", דהיינו: געקויפט זיך איין אָרט אין „מזרח", שבת — „שלישי" אָדער „שישי", ניט אַנדערש; בעקליידט זיך און דאָס ווייב און קינדער ווי עס דאַרף צו זיין; אַריינגעגעבען דריי „ריינינגקייטען" אין די בתי־מדרשים אַריין און, וואו עס פּאַסט, געשענקט די שענסטע נדבה. און כאָטש דער בעל־עגלה איז איהם שטענדיג געלעגען אויפ'ן פּנים, דאָך איז דאָס וואָרט „בעל־עגלה" געווען פאַר איהם ערגער ווי גע'שמד'ט; זאָגען איהם הונדערט מאָל „גנב" איז איהם אַ סך אָנגענעהמער געווען, ווי מע זאָל איהם אויפוואַרפען, אַז ער איז געווען אַמאָל אַ בעל־עגלה, — חיות ניט זיכער!... און ווער שמועסט זיין ווייב — די האָט זיך נאָך מעהר „געאיידעלט" פון איהם; זיין ווייב האָט געשאָטען מיט גאָלד צוליעב כבוד, בכדי זי זאָל זיין לייטען גלייך; איהרע קינדער האָט זי אָפּגעגעבען צו די גרעסטע מלמדים פון שטאָדט; אויף שבת האָט זי גענומען צעהן אָרעמע לייט מיט אַ מאָל; אַלע גבאי'טעס זענען געווען איהרע איבערגעגעבענע אויף תמיד און האָבען זי געהויבען אויף דריקעם; שידוכים האָט זי געוואָלט טהון נאָר מיט די גרעסטע מיוחסים, און האָט געצאָהלט אַ סך געלד פאַר שניר מיט איידעמס, ניט אַזוי צוליעב די שניר מיט די איידעמס, ווי צוליעב די מחותנים מיט די מחותנת'טעס. אַז זי האָט חתונה געמאַכט אַ קינד, האָט זיך די חתונה געלאָזט הערען גאַנץ ווייט!

איצט קאָנט איהר אייך שוין פאָרשטעלען, ווי גליקליך זי איז געווען, אַז זי האָט אַ שידוך געטהאָן מיט רב לייבצי רב פּנחס'על'ס!

ווי גליקליך איז זי געווען, אז איהר מאיר׳על איז רב לייבצי רב פינחס׳על׳ס איין אײדעם, און רב לייבצי רב פינחס׳על׳ס טאָכטער איז איהר שנור, און רב לייבצי רב פנחס׳על׳ס אליין איז איהר מחותן, און רב לייבצי רב פנחס׳על׳ס ווייב איז איהר מחותנ׳טע!

רב לייבצי רב פינחס׳על׳ס איז געווען כל ימיו איין עני ואביון, נאָר ווייל ער קומט ארויס פון „גוטע אידען” און האָט געהאט עט־ליכע שענע טעכטער, האָט ער שוין קיין דאגות פרנסה נישט בע־דארפט האָבען: מע פלעגט איהם צוצאָהלען אין בייטעל אריין. אז מאיר־קוואשע איז געוואָרען זיין אײדעם, האָט מען איהם אָפּ־געצאָהלט אחת ואחת טויזענד רענדלעך, און דערפאַר וואָס ער האָט געהאַלטען דאָס פּאָרפּאָלק אויף קעסט, האָט מען איהם אחוץ געצאָהלט חודש־געלד. זכות־אבות, דארפט איהר וויסען, איז נישט פון די קליינע זאכען!

זיין אײדעם אָבער, מאיר־קוואשע, אָדער מאיר רב לייבצי׳ס, האָט זיך נישט געפיהלט אזוי גליקליך: איהם האָט דעם שוועהר׳ס יחוס נישט אזוי שטארק געוואָרעמט; ער האָט פּשוט געליטען הונגער און האָט נישט געקאָנט סובל זיין די חסידישע תנועות פונ׳ם שוועהר, וואָס פלעגט איהם שטארק דעקוטשען, ער זאָל נעמען א אידיש ספר אין האַנד אריין... אונזער מאיר־קוואשע איז קוים פּטור געוואָרען פונ׳ם פינסטערען וויסטען חדר, און דאָ דערמאַנט מען איהם ווידער וועגען א „אידישען ספר”!

זעלבסטפערשטענדליך, אז ביי אָט אזעלכע אומשטענדען האָט דער אײדעם נישט געקאָנט הויזען מיט׳ן שוועהר; זיי האָבען זיך צעקריעגט, צעפּאַטשט — און מאיר איז ארויס פון רב לייבצי פינחס׳על׳ס הויז אויף תמיד.

מאיר איז ניט אנטלאָפען אהיים צו זיינע עלטערען, וועלכע האָבען זיך אזוי גע׳יחוס׳ט מיט׳ן טייערען מחותן, — ניין; ער האָט זיך בעזעצט אויף א קליינער צייט ביי זיין אלטען חבר, ביי מאַטעל־מזיק, וואָס הייסט שוין היינט מאָטעל בערצי׳ס.

## דאָס דריטע קאפיטעל.

### חתונה געהאַט.

מאַטעל בערצי׳ס איז שוין געווען אַ סך גליקליכער פון זיין חבר מאיר רב לייבצי׳ס.

בערצי ווײנשענקער איז געווען אַ פּראָסטער איד, נאָר אַ וועלטמענש, איין אויסגעריבענער, וואָס איז דורכגעגאַנגען, ווי מע זאָגט, דורך פייער און דורך וואַסער און דורך מעשענע רעהרען. אין דער יוגענד איז ער געוואַכסען אין אַ קליין שטעדטעל, און אַז ער איז געבליבען אַ יתום, האָט ער זיך אוועקגעלאָזט קיין אדעס, געשטעלט זיך אין אַ ווײנקעלער פאר אַ משרת, אָפּגעדיענט אַ סך יאָהרען, צונויפגעשלאָגען אַ היבשען קאַפּיטאַל, חתונה געהאַט און ארוים אין דער דאָזיגער שטאָדט, וואו עס קומט־פאר אונזער אמת׳ע געשיכטע, און האָט זיך אײנגעפיהרט דאָס געשעפט שטיל, נישט געפלויגען, בעל־הבתיש. אויף די עלטערע יאָהרען, אַז זיין ווייב איז געשטאָרבען און אליין האָט ער זיך שוין געוואָלט אַ ביסעל אָפּרוהען, האָט ער געזוכט פאַר זיין איינציגער טאָכטער אזא חתן, וואָס זאָל קאָנען פערטרעטען זיין אָרט און איבערנעמען דאָס געשעפט; דאָס זעלבע האָט אויך געמיינט זיין טאָכטער.

מלכה בערצי׳ס (אזוי האָט געהייסען זיין טאָכטער) איז ניט געווען אזא פאַרשוין, ווי טייבעלע רב לייבצי׳ס; דערפאַר איז זי געווען פונדאמענטאלער פון טייבעלע רב לייבצי׳ס. טייבעלע האָט

מאַקי געהאַט שוואַרצע אויגעלעך, רויטע בעקעלעך, לאַנגע ברעמען, שענע געקרייזעלטע האָר, איין אויסגעטאָקט נעזעל, אויסגעשניצטע ליפּעלעך — זי איז אָבער געווען אָט דאָס, וואָס מע רופט אָן אַ „רוחניות", זעהר־זעהר איין איידעל בעשעפעניש, גרינג ווי אַ פעדער און לופטיג ווי אַ מלאך. מלכה דאַגעגען האָט געהאַט גרויסע גרויע אויגען, לאַנגע ליכטיגע האָר, אַ ביסעל אַ גראָבליכע נאָז, פולע ליפּען, און אַליין הויך און גרויס, מיט לאַנגע גראָבע הענד — און פון דעסטוועגען נישט קיין מיאוסע. מאָטלען איז זי פון דער ערשטער מינוט אָן אזוי שטאַרק געפעלען געוואָרען, אז ער האָט קוים דערלעבט די מינוט, די רגע, ווען זיינע עלטערען האָבען זי גענומען צו זיך אויף שבועות. אַך, אין די דאָזיגע צוויי טעג האָט נעבאַך אונזער מאָטעל־מזיק איבערגעטראָגען אַלע שמערצען פון ד'ער ערשטער ליעבע!

שטעלט אייך פאָר: אָט זעהט מאָטעל מיט זיינע אויגען די דאָזיגע, מיט וועלכער ער דאַרף אָפּלעבען אַ וועלט. אָט קוקט זי אויף איהם מיט איהרע קלוגע גרויע אויגען. אָט שמייכעלט זי, און דאָס פּנים פלאַמט איהר פאַר פרייד. אָט הערט ער איהר קול. זי רעדט, נאָר ניט צו איהם. זי לאַכט, נאָר ניט צו איהם. ער איז „אַ חתן", און דאַרף זיך שעמען... אָט פערקאַטשעט זי די אַרבעל, און איהרע ווייסע דיקע הענד בלייבען נאַקעט — און ער, מאָטעל נעבאַך, איהר אייגענער חתן, טאָר זי אפילו נישט קיין קוש טהון!... די מאַמע מעג שטעהן און צעפּלעכטען איהר די לאַנגע, ווייכע, שמעקענדיגע צעפּ, און ער, מאָטעל, טאָר ניט! און וואָס פאַר אַ פשוט'ע זיין כלה איז: זי קאָכט אַליין און באַקט אַליין און מאַכט אַזעלכע בלינצים, וואָס צעגעהען זיך אין יעדען אבר! חאָטש אַ וואָרט איהר זאָגען, חאָטש אַ האַלב וואָרט, חאָטש אָנריהרען זיך אָן איהר האַנד, אָן איהר קלייד! נאָר — שאַ! אָט געהט זי גלייך צו איהם, צו מאָטלען... זי נעמט ביי איהם אַרויס דעם גילדענעם זייגער (דעם זייגער האָט איהם דער קעשענע פון דער מחותן געשיקט אַ מתנה) און פרעגט ביי איהם, צי עס גע־

פעלט איהם די מתנה? אָ! ער פיהלט, אז זי שטעהט נעבען איהם... ער ריהרט זי אָן אומגעהערען ביי דער האנד... זי קוקט אויף איהם און שמייכעלט... ער נעמט זי אָן שטאַרקער ביי דער האנד — זי לאָזט זיך... ער האַפּט איהר האנד און וויל זי א קוש טהון — קומט אָן די מאַמע!...

דעם זעלבען שבועות איז אויך מאיר־קוואַשע'ס כלה, טייבעלע רב לייבצי'ס, געקומען אויף יום־טוב צו זיינע עלטערען. ניין, ניט רב לייבצי רב פּינחס'על'ס טאָכטער איז געקומען — דאָס איז גע־קומען עפּיס א פּרינצעסין, עפּיס א בת־מלכה פון טויזענד־און־איין נאַכט: איידעל און לופטיג, איינגעטונקען אין זיידענס און אין גאָלד, קוים־קוים וואָס זי ריהרט אָן מיט'ן פיסעלע די ערד, א רוחניות, וואָס עסען עסט דאָס ווי א פייגעלע און פישטשען פּיש־טשעט דאָס ווי א שוועלבעלע... מאָהלט אייך וויפיעל זילבער, וויפיעל גוטס האָט מאיר'ס מוטער ארויסגענומען פון די קאַס־טענס! וויפיעל האָט זי אָנגעקאָכט און אָנגעבאַקען לכבוד דעם דאָזיגען טייערען און ליעבען גאַסט, וואָס אין הארצען פיהלט זי, אז זי איז ניט ווערטה צו זיצען מיט איהר ביי איין טיש! מאיר'ס פאָטער — דער האָט מורא אפילו א קוק צו טהון אויף דער כלה: ער ציטערט, טאָמער חלילה האַפּט ער זיך ארויס מיט א גראָב וואָרט... און מאיר? מאיר איז רויט, ווי א צוויק. זיינע גראָבע באַקען זענען נאָך מעהר אָנגעבלאָזען, און דער שטערן שוויצט איהם מיט סכנת־נפשות! עס מאָהלט זיך איהם רק אויס, אז ער זיצט נישט אקוראַט. ער רוקט אַלע מאָל אָן דאָס היטעל שטאַר־קער און שטאַרקער. ער באַראַבאַניעט מיט די קורצע גראָבע פינ־גער איבער'ן טעלער. דער פאָטער וואַרפט אויף איהם איין אויג און טרעט איהם אָן אויפ'ן פוס. נאָר דאַנקען גאָט, אָט טראָגט מען שוין דעם פאַלומעסיק מיט פיש. מאיר ווערד לעבעדיגער. מאיר האָט ליעב פיש פון תמיד אָן. ער עסט געשמאַק מיט אפּעטיט און פּאַטשט מיט די ליפּען. דער פאָטער איז אויסער זיך. ער לעגט אוועק לעפעל און גאָפּעל, ווערד רויט, ווי א צוויק, און קוקט

אויפ׳ן זוהן מיט אזא רציחה, ווי ער וואָלט איהם וועלען דורס זיין.

פון דעסטוועגען, אז ס׳איז געקומען צו דער חתונה, איז אויך דער פאָטער נכשל געוואָרען, געהאַפּט איין איבעריגע כוסה, און די צונג האָט זיך איהם אויפגעבונדען. ער איז צוגעגאַנגען צום מחותן, צו רב לייבצי רב פּינחס׳על׳ס, אַרומגענומען איהם אויפ׳ן בעל־עגלה׳שען אופן און האָט איהם געפרעגט, אויף קאַטאָוועס, צי ווייסט ער דעם חילוק פון אַ פערד ביז אַ שקאַפּע און ביז אַ זשערעבעץ... אַ סקאַנדאַל! אַ סקאַנדאַל! דאָס זאָל געוועזען זיין פאַר דער חופה, וואָלט רב לייבצי רב פּינחס׳על׳ס געוויס געפאָהרען צוריק אַהיים. אַצינד איז שוין געוועזען פאַרפאַלען. אַ סקאַנדאַל! אַ סקאַנדאַל!...

אויף מאָרגען, אז מאיר׳ס פאָטער האָט זיך אויסגעניכטערט, האָט ער דעם מחותן מפצה געוועזען פאַר דעם בזיון מיט מזומנים, און געזעגענענדיג זיך מיט׳ן זוהן, מיט מאיר׳ען, האָט ער איהם אויג אויף אויג אַזוי געזאָגט:

— פאַרגעס ניט, זוהנאָ, דאָס... אַז דו האָסט זיך פּאַפּאַדיעט צווישען מיוחסים, איידעלע לייט, וואָס דו ביזט ניט ווערטה זייער דאָס... זייער פּאָדעשווע. צווישען איידעלע לייט וועסט דו זיך אויך אַמאָל אויסאיידלען, מחמת דו ביזט נאָך דערוויייל אַ דאָס... עס איז ניטאָ קיין ערגערס אויף דער וועלט פון אַ דאָס... און מכת געלט, פּרנסה, האָסט דו ניט וואָס צו זאָרגען, מחמת דו האָסט נאָך אַ דאָס... אַ געזונטען טאַטען. אמת, נעכטען האָב איך זיך אביסעל דאָס... צעשאָקעלט, נאָר מען איז דאָך אַ דאָס... אַ מענטש. אַ גוי זאָגט אַ גלייכווערטעל... עס איז פאַרהאַן, דאַכט זיך, אויך אַ דאָס... אַ פּסוק אַזאַ. הכלל, ברודער, שמיר און דאָס... איך מיין, פאָהר געזונטערהייד!...

אין דעם זעלבען טאָג האָט מאָטעל׳ס פאָטער אויך געהאַלטען אַ רעדע פאַר זיין זוהן, נאָר אויף איין אַנדער אופן:

— נו, מיין ווייב, האָב איך דיר ניט געזאָגט, אַז מיט מאָ־טעלען האָבען מיר קיין דאגה ניט, אַז מאָטעל דאַרף זיין אַ גביר,

אם ירצה שם... הא? וואָס זאָגסט דו, מאָטעל? איאָ, איך בין גערעכט?... קוק ניט, וואָס דיין טאַטע איז אַ קבצן. עס איז דרינען פאַרהאַן אַ סך צו רעדען!... אָבער דו דאַרפסט זיין אַ נגיד. דו מוזט זיין אַ נגיד מיט גאָט׳ס הילף... דו הערסט צי ניין? אָט וועסט דו געדענקען מיין וואָרט: זאָלסט מיך אָנרופען ליגנער, אַז אין צעהן יאָהר אַרום, נישט מעהר ווי צעהן יאָהר, וועט אונזער מאָטעל אַרויסשיקען נאָך אונז אַ קאַרעטע מיט פיער ברע־נענדיגע שקאַפּעס — אַנדערש וויל איך ניט, דו הערסט צי ניין? און מע וועט אונז ברענגען אין אַ דרייגאָרענדיגען מויער, דו הערסט צי ניין? מיט גלעזערנע פּאָדלאָגעס, מיט לאַנגע שפּיעגלען, דו הערסט צי ניין? מיט טייערע פּאָטעלען, דו הערסט צי ניין? אָט דער עיקר איז, מאָטעל, דו פאַרשטעהסט צי ניין, — דער עיקר איז היטען דאָס קערבעל דאָרט וואו מע דאַרף, דו פאַרשטעהסט צי ניין? און דאָרט וואו מע דאַרף אַ וויַיז טהון, אַ גלאַנץ טהון, עס זאָל יעגעם אַ צופּ טהון ביי׳ם האַרצען און אַ בלענד אין די אויגען, — דאָרט טאָר מען ניט זיין קיין פאַרך, דו פאַרשטעהסט צי ניין? און פיהרען זיך מיט אַ שווערער, מיט אַ ווייב — דאָס דאַרף איך דיך ניט לעהרנען; דערויף ביזט דו ניט מאיר־קוואַשע און דיינע עלטערען זענען ניט קיין בעלי־עגלות, דו פאַרשטעהסט צי ניין?

## דאָס פיערטע קאַפּיטעל.

ארױס פון קעסט.

„דו פארשטעהסט צי נײן? דו פארשטעהסט צי נײן?״ — אָט די דאָזיגע װערטער האָבען אונזער מאָטלען געקלונגען א גאַנ־צען װעג אין די אויהערען, נאָר ער האָט זײ אין זינען געהאט, װי דעם פאר־א־יאָהריגען שנײ.

מאָטעל האָט פאר זיך איצט א גאנצע װעלט!

װעמען הערט ער אצינד, אז זײן טײערע מלכה זיצט אָט דאָ בײ דער זײט, און ער פיהלט זי נעבען זיך, און עס מאָהלט זיך איהם אוים, אז נאָך אזא, װי מלכה, איז שוין גאָר אויף דער װעלט נישטאָ!

און װירקליך, נאָך אזא מלכה איז אויף דער גאנצער װעלט נישטאָ! קײנער קאָן אזוי ניט ארומדרעהען זיך א גאנצען טאָג אין שטוב, װי מלכה, אז עס זאָל זײן אי פרײליך, אי אלע ארבײט אָפּגעטהאָן; קײנער קאָן אזוי ניט קאָכען און באַקען אלײן און געהן ארום זיך רײן, ציכטיג, װי מלכה; קײנער קאָן אזוי ניט פיהרען דאָס גאנצע װײנגעשעפט און דערצו אין זינען האָבען דעם מאַן, אז ער זאָל עסען צו דער צײט, שלאָפען צו דער צײט און זאָל אויך ניט זיצען צונױפגעלעגט די הענד; קײנער קאָן אזוי ניט צושטעלען אזוי פיעל פערגעניגען דעם מאַן מיט׳ן פאָטער און אװעקגעבען אזוי פיעל ליעבע, אזוי פיעל טרײשאפט, װי מלכה!

אַט וואָס מאָטעל שרייבט צו זיינע עלטערען:

„טייערע עלטערען! איהר שרייבט מיר, אַז איך האָב אייך געשיקט אַ קורצען בריעף, איז דאָס דערפאַר, ווייל איך בין שטאַרק פערנומען און קאָן זיך ניט אָפּרייסען קיין צייט אפילו צו אייך אַ גרעסערען בריעף אמאָל אָנשרייבען! איהר ווייסט דאָך, אַז מיין שוועהר האָט מיר איבערגעגעבען אינגאַנצען זיין געשעפט, וואָס האָט איצט אָנגעהויבען נאָך בעסער געהן ווי פריהער, אַזוי, אַז איך מיט מלכה'ן האָבען שוין קיין הענד ניט. צום מיינסטען געהט אָפּ טאָווע פערקויף פון רוסישע ויינען, און ביי אונז קויפט מען פון עטליכע שטעדט. ווען מיר זאָלען האָבען נאָך אַ צוואַנציג טויזענד רובעל, וואָלטען מיר אויסגעשריבען אויך אויסלענדישע וויינען, און דערפון וואָלטען מיר גאָר גליקליך געוואָרען. נאָר וואו נעמט מען אַזוי פיעל קלינגערס? אַ דאַנק גאָט דערפאַר אויך; קיין גביר בין איך ניט, נאָר אַ נגיד יאָ. דער שוועהר האָט שוין איבערגע־שריבען זיין גאַנצען הויף מיט אַלע קלייטען אויף מיין נאָמען. איך האָב היינטיגס יאָהר אריינגעטראָגען קאַפּיטאַל און בין שוין, דאַנקען גאָט, לייטען גלייך — אַ קופּיעץ... מלכה וואָלט אייך אַליין צוגעשריבען אַ גרוס, לאָזט זי ניט דאָס קינד. זעהר אַ וואוילער יונגאַטש, נאָר אַ גרויסער שרייער. שרייבט מיר, וואָס איז די מעשה מיט מאיר'ס פאָטער, וואָס ער וויל זיין אייגענעם זוהן נישט העלפען אפילו מיט קיין גוט וואָרט? דער דאָזיגער בעל־עגלה טראַכט, אפּנים, אין קבר אריין מיטנעמען דאָס געלד? אַ ביטערער רחמנות אויף מאיר'ען נעבאָך מיט'ן וויב: זיי בלאָנקען זיך דאָ ארום, און מיט'ן שוועהר, מיט רב לייבצי רב פּינחס'על'ס, קאָן ער ניט הויזען, און פאָהרען אהיים צום בעל־עגלה האָט ער מורא — אַ גאָט'ס רחמנות!"...

די זעלבע פּאָסט טראָגט נאָך אַ בריעף, פון מאיר'ען צו זיין מוטער (צום פאָטער האָט ער מורא צו שרייבען):

„ליעבע מוטער! איך האָב מיט גרויס דאַנק מקבל געווען די הונדערט רובעל, וואָס דו האָסט מיר צוגעשיקט, און בין דיר מודיע,

אַז עס איז שוין פון זיי נישטאָ קיין גראָשען. דיינע טרערען זענען אַרויסגעוואָרפען: איך קאָן ביי'ם שוועהר אויף קעסט ניט זיצען. טהו אַ קוק, ליעבע מוטער, אויף מיין חבר מאָטלען — ער איז דאָס גליקליך! מע זאָגט, אַז ער שוין אַ גביר, — און איך בין געבליבען ביי'ם יחוס! איך בין אַ גרויסער בעל־הוצאה, וואָרום מיין טייבעלע איז ניט גלייך צו מלכה בערצי'ס, וואָס לויפט אַליין אין קעלער אַריין נאָך וויין און שטעהט ביי'ם אויווען! מיין טייבעלע איז דערצו נישט געוועהנט געוואָרען; זי זאָגט, אַז זי איז אַ גביר'ס אַ שנור, קאָן זי זיך פערגינען האַלטען צוויי דיענס־טען, וואָרום ווען ניט דאָס, וואָס מע זאָגט, אַז מיין טאַטע האָט אַ סך געלד, וואָלט זי מיך גאָר ניט געוועזען גענומען... זי איז דען ניט גערעכט? היינט האָבען מיר דאָך שוין אַ קינד אויך, דאַנקען גאָט. אפילו זעהר אַ שען מיידעלע, ווי צוויי טראָפּען וואַסער טייבעלע, נאָר מע דאַרף איין אַם... לכן בעט איך דיך, ליעבע מוטער, האָב רחמנות אויף דיין קינד און לאָז מיך ניט פאַלען! זאָג דעם טאַטען, דעקוטשע איהם — ביז וואַנען איז דער שיעור?"...

פון די דאָזיגע צוויי בריוולעך זעהט דער לעזער אַרויס, אַז איינער פון אונזערע העלדען הויבט ערשט אָן צו לעבען אויף דער וועלט, און דער צווייטער ליגט טיעף־טיעף אין דער ערד און באַקט בייגעל! און אפילו שפּעטער, אַז מאיר האָט נאָך זיין פאָטער'ס טוידט בעקומען ירושה הונדערט טויזענד רובעל, איז זיין לעבען דערפון נישט בעסער, נישט זיסער געוואָרען.

אַ קוק טהון אויף מאיר'ען, וואָלט מען געקאָנט מיינען, אַז ער לעבט זיך גאַנץ צופריעדען: די זעלבע אָנגעבלאָזענע באַקען מיט'ן גלאַנצענדיגען שטערן; די זעלבע פולע רויטע ליפּען, וואָס פריהער; דערצו האָט ביי איהם נאָך אָנגעהויבען וואַכסען אַ בייכעל מיט אַ שענער קיילעכיגער שוואַרצער באָרד, אַזוי אַז ער האָט בעקומען אַ פּנים פון אַ פיינעם נגיד. און האָטש אפילו אין איהם זענען פערבליבען איינינע אָפּשניצלעך פון דעם פאָטער, ווי דאָס וואָרט „דאָס" נאָך יעדער פראַזע וכדומה אַזעלכע מאַניערען,

פון דעסטוועגנען האָט ער זיך שטאַרק „אויסגעאיידעלט“, אַזוי, אַז עס איז שווער געווען צו דערקענען, צי איז מאיר אַ איד פון לער־נען, צי אַ גראָבער יונג? הײַנט האָט ער שטאַרק ליעב געקריגען בענוצען לשון־קודש־ווערטער, וואו מע דאַרף און וואו מע דאַרף ניט. דערפאַר אָבער האָט ער בײַ זיך אין שטוב אויפגעפיהרט זיך גאָר נישט מעשה למדן און אַריסטאָקראַט, דהיינו: אַז ס'איז געקומען צו דער טיי, האָט ער געמוזט אַראָפּוואַרפען פון זיך די קאַפּאָטע מיט די שטיוועל, און אַזוי, האַלב־נאַקעט און באָרוועס, זיצען און שוויצען איבערן סאַמאָוואַר... אַך, וויפיעל טרערען האָט דערויף טייבעלע פערגאָסען! וויפיעל טעג און נעכט האָט מאיר אַליין איבער דעם צוגעקרענקט! נאָר פאַרפאַלען! איהר וועט שוין מאיר־קוואַשע ניט איבערמאַכען. אַזאַ איז ער געבוירען געוואָרען בײַ זיין טאַטען און אַזאַ וועט ער שוין שטאַרבען!

ווי לאַנג האָט מאיר געקלאָגט נאָך זיין פאָטער — דאָס קאָנען מיר ניט וויסען; מיר ווייסען נאָר, אַז וויבאַלד ער האָט נאָר בע־קומען די ירושה אין דער האַנד אריין, האָט מאיר נישט געוואוסט, וואָס טהוט מען מיט אַזאַ סומע געלד? און ווער ווייסט, וואָס מיט מאיר'ס געלד וואָלט געוואָרען, ווען זיין אַלטער חבר מאָטעל וואָלט איהם ניט געקומען צו הילף און בײַגעשטאַנען אין זיינע נויטען!...

מיר קאָנען נישט אָפּלייקענען, אַז מאָטעל פלעגט ניט איין מאָל מיטהעלפען זיין אַלטען חבר בײַ דער נויט, און טייבעלע איז איהם געווען זעהר דאַנקבאַר און האָט תמיד געשעצט מאָטלען פיעל העכער פון מאיר'ען, און האָט שטענדיג מקנא געווען מלכה'ן, וואָס זי האָט אַזאַ מאַן, ווי מאָטעל. זאָל אָבער דער לעזער קיין טעות ניט האָבען און ניט מיינען חלילה, אַז טייבעלע האָט ליעב געהאַט מאָטלען און פיינט געהאַט מאיר'ען; חס ושלום! מיר זאָגען דאָך עפּיס אידען, ניט קיין גויים! טייבעלע האָט מקנא געווען מלכה'ן אויפ'ן מאַן, גלייך ווי זי האָט איהר מקנא געווען אויפ'ן זיידענעם מענטעלע, אויף די פּערעל, אויף דער שטוב, אויף די קינדער.

טייבעלע האָט דאָס גאָר ניט געלייקענט פאַר מאיר'ען אַליין און פלעגט איהם גאַנץ אָפטליך ארויסזאָגען דעם אמת, אז ער קומט ניט צו מאַטלען, ווי הימעל צו דער ערד; אז מאַטעל איז טאַקי פּאַרט א מענש, און ער, מאיר, איז געווען א קוואַשע און וועט בלייבען א קוואַשע! אפילו אצינד, אז מאיר האָט בעקומען די ירושה, האָט איהם טייבעלע ניט אויפגעהערט צו טאַטשען:

— דאַרפסט געוויס דאנקען מאַטלען, וואָס ער וויל דיך צו־נעמען פאַר א שותף, אזא באַבע אין פּאַסטעלעס, ווי דו ביזט! מעגסט זיין זיכער, אז מאַטעל וועט שוין האָרעווען פאַר דיר אויך, און דו וועסט זיך ווייטער גלעטען דאָס בייכעל און ארומגעהן, ווי א לעהמענער גולם, פון שמוני'ן צו בוני'ן, און רעדען פון פּאָלי־טיקע, גלייך ווי דו ווייסט אפילו, ווער עס האָט דיך געשלייערט!...

— נו, טייבעלע, גענוג שוין, כלעבען! גענוג שוין דיר דאָס... ביזט אפשר טאַקי דאָס... גערעכט, אָבער ניט אזוי דאָס... ניט אינגאַנצען!

— צי איך בין גערעכט? אודאי בין איך גערעכט! איך פרעג דען ביי דיר, צי איך בין יאָ גערעכט, צי ניט גערעכט? געפעלט דיר א ביסעל איין אויסשמועס פון א לאַנד־חכם?!...

— ניין, טייבעלע, איך מיין ניט דאָס! איך מיין דאָס! איך זאָג דאָך אַליין דאָס!...

— דאָס־דאָס, דאָס־דאָס! מעהר הערט מען פון דיר ניט אז „דאָס"! דיין „דאָס" ליגט מיר שוין אָט־א־דאָ! געה שוין, געה אַוועק פון מיר, לאָמיך דיך חאָטש ניט אָנקוקען!...

שטיל, אָהן ווערטער, געהט מאיר אַוועק פון טייבעלען, ציהט זיך אויס אויף דער קאַנאַפּע מיט'ן פּנים ארויף צו דער סטעלי און שוויצט, און דאָס פּנים איז איהם רויט, ווי א צוויק.

## דאָס פינפטע קאַפּיטעל.

„דעפּא פרידמאַן עט פוהרמאַן".

אַט וואָס פּאַר אַ שילד מיט גאַנץ גרויסע גילדענע בוכשטאַ־בען עס הענגט אויף דעם וויין־סקלאַד פון מאַטעל־מזיק און מאיר־קוואשע.

אמאָל, גאָר אמאָל, מיט אַ יאָהר פופציג צוריק, איז געווען אויף דער וואַנד אָנגעשריבען מיט שווארצע אותיות אויף אידיש: „בכאן מוכרים יין גפן כשר לפסח". ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטען דעמאָלט, אַז פון יענעם אָרעמען צניעות'דיגען לשון־קודש־ברעטעל וועט אמאָל אויסוואַכסען אַ גרויסע ליכטיגע שרייענדיגע שילד מיט גאָלדענע אותיות!

און דער סקלאַד גופא? דאָס איז שוין נישט יענער קעלער, וואָס איז געווען אמאָל פאַר בערצי וויינשענקער — ניין! דאָס איז שוין אַ גרויסער שענער מויער מיט עטליכע אָפּטיילונגען, און אויף יעדער אָפּטיילונג הענגט איין אַנדער ברעטעל: דאָ פער־קויפט מען אויסלענדישע וויינען און ליקערען; דאָ — באַקאַליינע סחורה; דאָ — געזאַלצענע זאַכען. עס פליהען אַרום פּריקאַז־טשיקעס מיט ווייסע פאַרטיכער און מע רעדט אויף רוסיש. ביי דער זייט, אַקעגען דער טיר, ביי אַ קאַנטאָרקע, שטעהט אַ קאַסיר מיט אַ פּעדער, פערשטעקט הינטער'ן אויהער, און קלאַפּט אַ גאַנ־צען טאָג אויף די ביינדלעך. זעלטען־זעלטען זעהט מען דורכ־

ליפען פרידמאנען (אונזער אלטער בעקאנטער — „מאטעל-מזיק")
מיט א פאק חשבונות אין דער האנד. אונזער מאטעל האט זיך
ניט שטארק פערענדערט פון יענער צייט, וואס מיר האבען איהם
אוועקגעווארפען ביי זיין שוועהר אויף קעסט: דער זעלבער פריי-
ליכער לעבעדיגער מאטעל, וואס אמאל, נאר בענייט מיט א קליין
בערדעל, אייראפעאיש געקליידעט, מיט א קאפעליש אויפ'ן קאפ, און,
ווי אמאל, גיך-גיך גערעדט, געלאפען, ניט געגאנגען, ווארפענדיג
מיט די לאנגע הענד, ווי א ווינדמיהל מיט די פליגעל, און אויפ'ן
פנים א שמייכעלע פון א פערנומענעם מענשען, וועלכער האט פער-
געניגען דערפון, וואס ער איז אזוי פערנומען.

נאך זעלטענער זעהט מען אריינגעהן אין קאנטאר אריין דעם
הערין פוהרמאן (אונזער בעליעבטער „מאיר-קוואשע"). זעהט
איהר, דער הערר פוהרמאן האט שוין דוקא א פנים פון איין עושר:
סאליד און גראב, געהט א ביסעל שווערליך ביי דער ערד, מיט א
שענער קיילעכיגער שווארצער בארד, די באקען תמיד מיט א פארב,
די ליפען גראב און רויט, און אז ער געהט, שטעלט ער זיך אפט
אפ אויפ'ן וועג און בלאזט זיך אפ א ביסעל, די פאלעם צענומען,
און א שענע ווייסע מאנישקע מיט א שווארצען ברייטען זשילעט
נעמען-ארום גאנץ פעסט זיין קיילעכיג בייכעל, וועלכס האט א
השגה צו ווערען מיט דער צייט נאך קיילעכיגער. ער געהט אריין
צו זיך אין „קאנטאר" אריין (אזוי רופט מען די קלייט, וואו דער
קאסיר שטעהט ביי'ם טישעל און קלאפט אויף די ביינדלעך) זעהר
שטרענג, מיט גרויס קוראזש, און פיהרט זיך מיט די מענשען זעהר
שטרענג; „ער בלאזט פון זיך", ווי מע רופט דאס. און מע האט
טאקי פאר איהם דרך-ארץ, בעת ער קומט אריין, הגם מע לאכט
פון איהם און מע קרימט איהם איבער צווישען חברה פריקאזטשי-
קעס, בעת ער געהט אוועק. ער האט זיך זיין אייגענעם שטוהל
אין „קאנטאר", אויף וועלכען ער צעלעגט זיך מיט גרויס גדלות,
ווי ביי'ם טאטען אין וויינגארטען. און יעדעם מאל, וואס ער געהט
אריין, מוז ער עפים זאגען א דעה:

— דער דאָזיגער וויין איז א ביסעל צו דאָס... מע דאַרף אויסשרייבען אַנדערע הערינג, מחמת זיי זענען שוין געוואָרען דאָס... איהר זאָלט מיר אויף ביינאַכט צוגרייטען א חשבון פון אַלע דאָס...

און חאַטש אַלע האָבען גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דער הערר פוהרמאַן פערשטעהט אזוי וואָס אין חשבון טהוט זיך, פונקט ווי דער האָהן פערשטעהט אין „בני־אדם", דאָך האָט מען איהם דעם חשבון געמוזט ברענגען, און ער האָט אויף מאָרגען געגעבען דעם קאַסיר א מיאוסען פּסק:

— וואָס פאַר א דאָס האָט איהר מיר נעכטען געגעבען? איך האָב פיינט אַזעלכע דאָס!...

און קוים איז ער אַרויסגעטרעטען פון קאַנטאָר, אַזוי האָט זיך יוסעלע דער משרת תיכף ומיד צעלעגט אויפ'ן שטוהל מיט'ן בויך אַרויסגעשטעלט, פונקט ווי דער הערר פוהרמאַן, און בלאָזענדיג און פּעבקענדיג, האָט ער איהם איבערגעקרימט:

— וואָס איז דאָס פאַר א דאָס? איהר זאָלט מיר דאָס!...

צווישען חברה פריקאַזטשיקעס ווערד א געלעכטער. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז איינמאָל איז דערפון פרידמאַן געוואָהר געוואָרען, האָט ער יוסעלע דעם משרת דורכגעטריבען. פרידמאַן האָט נישט געוואָלט, מע זאָל לאַכען פון זיין שותף! פרידמאַן האָט געלעבט זעהר גוט מיט פוהרמאַנען! אין יענער צייט איז פוהרמאַן געווען דער „געלד־שידוך"; זיין גאַנצע ירושה, די הונדערט טויזענד רובעל, האָט ער אַריינגעבראַקט אין געשעפט אַריין, און אויף אַלע פּאַפּיערען איז געווען גע'חתמ'עט פוהרמאַן גלייך מיט פרידמאַנען. חתמ'ענען זיך האָט פוהרמאַן זעהר ליעב געהאט; אַז עס איז געקומען צום חתמ'ענען זיך, האָט ער פערקאַטשעט די אַרבעל, אַוועקגעזעצט זיך מעשה מיניסטער און א שנייד געטהאָן דעם נאָמען „מאיר פוהרמאַן" מיט אַזא קוראַזש און מיט אַזוי פיעל דריידעלעך און פלעכטעלעך, אַז עס איז אויסגעקו־

מען א קוילעטש פון אויבען, א קוילעטש פון אונטען, צוויי בייגעל ביי די זייטען און אין מיטען עטליכע שטעקעלעך מיט פינטעלעך.

מע קאָן זאָגען, אז די דאָזיגע חתימה איז קיינעם ניט אזוי שטאַרק געפעלען געווען, ווי איהם אליין, און טאַקי דעריבער האָט ער קיינמאָל ניט געקוקט, אויף וואָס ער חתמ'עט זיך; אבי די חתימה זאָל אויסקומען מעהר פערדרעהט און פערפלאָכטען. הלואי וואָלט פוהרמאַן מעהר אריינגעקוקט אין דעם, וואָס פרידמאַן הייסט איהם זיך חתמ'ענען, וואָלט אפשר געווען פיעל נוצליכער און געזינטער פאַר איהם!...

פוהרמאַן האָט אָבער נישט געהאַט קיין שום סבה ניט צו גלויבען און ניט צו פערלאָזען זיך אויף זיין חבר, אויף זיין שותף פרידמאַן. ערשטענס, קען ער דאָך מאָטלען פון קינדווייז אָן פאַר איין עהרליכען; צווייטענס, האָט פרידמאַן פון זיינטוועגען געטהאָן אזוי פיעל, וואָס מע טהוט ניט אפילו איין אייגענעם ברודער; דריטענס, איז פרידמאַן אליין איין עושר; און ועל כולם, ווען ער זאָל זיך ניט פערלאָזען אויף פרידמאַנען, מוז ער דאָך אליין זיין אומעטום, אכטונג געבען אויפ'ן געשעפט, אריינקוקען אין די חשבונות — און דאָס איז שוין א צו שווערע הלכה פאַר מאיר־קוואשע! גענוג פאַר איהם, וואָס ער מישט זיך צווישען די פריקאַזטשיקעס, זאָגט זיי דעות שטענדיג, רייסט זיי אויס פאַר איין איבעריגען גראָשען, זשאַלעוועט עסען די משרתים, הויבט־אויף א גוואַלד פאַר א ביסעל וויין, וואָס מע האָט אומגעהרען פערגאָסען, רייסט־אראָפּ שכירות ביי'ם סטאָראָזש און פיהרט זיך אויף בכלל, ווי עס דאַרף זיך אויפפיהרען א שטרענגער בעל־הבית, וואָס היט אָפּ דאָס געשעפט...

פרידמאַן האָט דאָס געזעהן און איז געווען פון דעם זעהר צופריעדען: געוויס, געוויס, אזוי דאַרף זיך טאַקי פיהרען א בעל־הבית! — און אליין האָט ער זיך גענומען צום חשבון...

פריהער, אז זיין שוועהר בערצי ווינשענקער איז געשטאָרבען, האָט ער איהם איבערגעלאָזט איין איינגעפאַלענעם ווינקעלער, איין

אלטין שטוב מיט א ז גמען — און נישט מעהר! דאָס ביסעל קאַ־פּיטאַל, וואָס מאָטעל פרידמאַן האָט צונויפגעשלאָגען, האָט ער אריינגעבראָכט אין דער דירה, וואָס ער האָט זיך אויסגעבויט, מיט'ן קעלער, וואָס ער האָט צורעכט געמאַכט, און ווייל ער האָט שוין געהאט א נאָמען, האָט ער אראָפּגעבראַכט א טראַנספּאָרט ווײַן אויף קרעדיט, און זיצענדיג אזוי איינמאָל אין א ווינטערנאַכט איבער די חשבונות, האָט ער שטיל א רוף געטהאָן זיין ווייב:

— מלכה, קום נאָר אהער אויף א ווײַלע!

— וואָס איז, מאָטעל?

— מלכה, מיר שטעהען שמאָל, מלכה! דו זעהסט? אָט איז דער חשבון איינגאַנצען פאַר די אויגען: עס געהט אונז אָפּ, טרעף וויפיעל?

— וויפיעל? וויפיעל?

— פינף טויזענד זענען מיר שולדיג, און צעהן טויזענד דאַר־פען מיר האָבען צום מאַרק. מיר מוזען דאָס האָבען! פופצעהן טוי־זענד מוזען מיר האָבען, דו פאַרשטעהסט צי ניין?...

נו, איז דען א חידוש, וואָס מאָטעל האָט צוגענומען מאיר'ען פאַר א שותף, און וואָס פרידמאַן און פוהרמאַן זענען געוואָרען פערבונדען מיט פריינדשאַפט און מיט ליעבשאַפט נאָך מעהר, ווי אמאָל, ווי אין די יונגע יאָהרען?

נאָר ווי זייער פריינדשאַפט און זייער ליעבשאַפט איז גרויס געוועזן, אזוי איז די פריינדשאַפט מיט דער ליעבשאַפט צווישען זייערע ווייבער געוועזן הונדערט מאָל אזוי גרויס און אזוי שטאַרק. דאָס איז געוועזן א ברענענדיגע ליעבע צווישען צוויי לייבליכע שוועסטער, וואָס זענען איבערגעגעבען איינע דער אנדערער מיט'ן לעבען, מיט'ן גוף און מיט דער נשמה!

דער דאָזיגער שענער געשיכטע פון דער ריהרענדיגער פריינד־שאַפט צווישען די צוויי יונגע פרויען שענקען מיר אין אונזער ער־צעהלונג גאָר א בעזונדער קאַפּיטעל.

## דאָס זעכסטע קאַפּיטעל.

א זעלטענע ליעבע צווישען צוויי פרויען.

פריהער, מיידעלווייז, האָבען זיי זיך גאָר נישט געקענט. דאָס הייסט, וויסען האָבען זיי דוקא געוואוסט איינע פון דער אנדערער: טייבעלע רב לייבצי'ס האָט געוואוסט, אז ביי בערצי וויינשענקער איז דאָ א טאָכטער, א גראָבע מויד, וואָס קען זיך מיט אלע שכורים פון איהר פאָטער'ס וויינשענק, און נעמט־צו געלד אום שבת, און גיט אויסגאָב אום שבת, און איז שוין אָנגעשטאָפּט מיט יאָהרען, און איז שען „ווי מיינע צרות" און נאָך, און נאָך... און מלכה בערצי'ס האָט געהערט, אז ביי רב לייבצי רב פּינחס'על'ס איז דאָ א טעכטערל, א קליינס און א גרינס, קוים וואָס עס רעדט, בייז ווי א יאשטשערקע, קוקט נישט גלייך אויף קיין מאנסביל און געהט־אוים נאָך אלע שניידערויונגלעך, און נאָך, און נאָך... ערשט דעמאָלט האָבען זיי זיך אָנגעקוקט רעכט, בשעת זיי זענען גע־וואָרען כלות פון איין שטאָדט — דעמאָלט האָבען זיי זיך גוט בע־טראכט פון קאָפּ ביז די פּיס; איינע האָט געוואוסט, וויפיעל קליידלעך און וואָס פאר א שאלעכעל די אנדערע האָט, און וויפיעל ארשין בלאָנדען זי האָט זיך געקויפט, און וואָס פאר א מתנות דער חתן האָט איהר געשיקט, — און ביידע האָבען זיי געטראָגען גלייכע שמערצען: מלכה האָט מקנא געווען טייבעלען אויף דעם טייערען בראָש מיט די אויהערינגלעך, וואָס איהר רייכער מחותן האָט איהר

געשיקט, און טייבעלע האָט שיער ניט געפּלאַצט, קוקענדיג אויף מלכה'ס סאַמעטענעם בורנאָס מיט שליאַמעס, וואָס בערצי ווייַ־שענקער האָט איהר געמאַכט צו דער חתונה.

ערשט נאָך דער חתונה, אַז זיי זענען זיך צונויפגעקומען צו־זאַמען מיט זייערע מאַנען, וועלכע האָבען זיך געמאַכט גאַנץ אָפּטע וויזיטען, ווי אַלטע חברים, ערשט דעמאָלט האָבען זיך די דאָזיגע צוויי יונגע ווייבלעך בעקענט פּערזענליך, און אַך! ווי ליעבליך, ווי פריינדליך זיי האָבען זיך צערעדט צווישען זיך, קנאַקענדיג די ניסלעך און פּערטרינקענדיג מיט קאַלט וואַסער און מיט אַלערליי איינגעמאַכטסען, ווי עס פיהרט זיך ביי אונז. עס האָט זיך זיי אויסגעוויזען, אַז זיי קענען זיך שוין פון הונדערט יאָהר, און פון וואָס האָבען זיי נישט איבערגעשמועסט אין דעם ערשטען מאָל? די קאַסטענס מיט די שאַפעס האָבען זיך געעפענט, אַלע מלבושים זענען אָנגעמאָסטען געוואָרען, אפילו די ציכלעך פון די קישענס, אפילו דאָס גרעט איז אַרויס אויף דער סצענע, און דאָס אָנקוועלען מיט דער שמחה איז גאָר ניט צום בעשרייבען!

און זייערע מאַנען, מאָטעל מיט מאיר'ען, זענען, געוועהנליך, געזעסען אין אַ בעזונדערען חדר און האָבען זיך, ווי דער שטייגער איז ביי יונגע איידעמס, געשפּיעלט אין שאָך ביז זייגער צוועלף אין דער נאַכט, און אַז זיי האָבען זיך שוין אָפּגעזעגענט און גע־קליבען זיך געהן אהיים, זענען זייערע ווייבלעך נאָך אַלץ געזעסען איינגעגלעבט איינע אין דער אַנדערער און האָבען געהאַלטען פּונקט אין מיטען אַ אינטערעסאַנטען שמועס, ווי אַזוי זי, מלכה, האָט דאָס ערשטע מאָל גערעדט מיט איהר חתן, און ווי אַזוי זי, טייבעלע, האָט זיך געפיהרט מיט איהר מיַן באַלד נאָך דער חתונה.

— אהיים! אהיים! שוין צייט אהיים! — האָבען די מאַנען זיי אָנגעהויבען אונטערצוטרייבען.

— אָט באַלד! אָט באַלד! — האָבען די ווייבער געענטפערט, גאָרניט געקאָנט זיך אָפּרייסען איינע פון דער צווייטער.

— לאָזט שוין איבער אויף נאָך א מאָל! — האָבען די מאַנען געזאָגט מיט א געלעכטער.

— זעה נאָר, ווי זיי זעצען די נשמה! — האָבען די ווייבער געענטפערט אויך מיט א געלעכטער און האָבען זיך ביי׳ם געזעגענען אזוי שטארק געקושט, גלייך ווי זיי וואָלטען זיך אָפּגעזעגענט אויף אייביג.

קומענדיג אהיים און אריינלעגענדיג זיך אין בעט אריין, האָט טייבעלע געזאָגט צו מאיר׳ען:

— מע זאָגט, אז פון א חזיר׳שען עק קאָן מען קיין שטריימעל ניט מאַכען... פאַרט בערצי׳ס א טאָכטער! ביי מיין טאטען וואָלט שוין א קינד ניט גערעדט אזעלכע מיאוסע, גראָבע ווערטער! און ווי געפעלט דיר א ביסעל, ווי זי האָט זיך עס צעלעגט מיט איהרע שמאַטעס? בלעבען, מאַטעל איז שוין א סך לייטישער פון איהר, חאָטש ער ציטערט אזוי איבער איהר. איך ווייס ניט, וואָס האָט ער אין איהר אזעלכעס דערזעהען, וואָס ער פּאַדקעוועט אזוי ארום איהר?...

אין דער דאָזיגער מינוט האָט זיך מלכה צעגאָסען פאַר געלעכטער, ליגענדיג ביי זיך אין בעט:

— חא־חא־חא! ווי א סאָראָקע אויף א חזיר — חא־חא־חא! און וואָס פאַר א באָלוואַן ער איז! יארעמע דער סטאָראָזש — חא־חא־חא! פּאָלאָזשים, איך בין איהם ניט מקנא: זי איז אויך נישקשה פון א שלאַק! א סחורה!... איך האָב געהערט פון איהר נאָך מיידעלוויז, אז זי שלעפט די דיענסטען פאַר די צעפּ. דערפאַר אָבער געהט זי מיט צוויי צוויעקעס אין די אויהערען, און זיי פּאַסען איהר, ווי מיינע וועהטיגען! ביזט עפּים א מבין, מאָטעל, אויף זיינע ליפּען? חא־חא־חא! און זי קוועלט נאָך אָן פון איהם, חא־חא־חא!...

## דאָס זיעבעטע קאַפּיטעל.

### אויס שותפות — צעשלאָגען די קאָמפּאַניע.

אין דער צייט, בעת די פירמע „פרידמאַן עט פוהרמאַן" האָט אַרויסגעשטעלט די בעקאַנטע גילדענע שילד אויף דעם סקלאַד פון ווײַן מיט די קלייטען, האָבען די שותפים זיך בעזעצט ביידע אויף דעם אויבערשטען שטאָק פון'ם מויער, אין וועלכען די סקלאַדען האָבען זיך געפונען, און אַזוי האָבען זיי געקאָנט, קוקענדיג אין פענסטער, קלויבען נחת פון'ם גרויסען געשעפט, וואָס איז אַלע מאָל געגאַנגען בעסער און בעסער, חאָטש זייערע שונאים האָבען געזאָגט, אַז דאָס קאָן ניט אויסגעהאַלטען ווערען, און פרידמאַן און פוהרמאַן וועלען מוזען אין גיכען אַנזעצען. פרידמאַן און פוהרמאַן האָבען געהערט, וואָס די וועלט רעדט פון זיי, און האָבען זיך אין הארצען אויסגעלאַכט פון די דאָזיגע „לייטישע מיילער", און האָבען זיך געטהאָן זייערס: פרידמאַן איז געזעסען איבער די ביכער און האָט געהיט דעם חשבון, ווי א הונד די שוועל, און פוהרמאַן האָט פערריסען די נאָז אַזוי הויך און אַרויסגעשטעלט דעם בויך מיט אַזאַ גדלות, ווי עס וואָלט שוין גאָר ניט זיין קיין גלייכען צו איהם אויף דער גאַנצער וועלט. ווער וואָלט געזאָגט, אַז אָט דעם זעלבען פוהרמאַן קאָנט איהר טרעפען צו יעדער צייט אין דער היים איבער א טאָפּ קאַרטאָפלעס און הערען, ווי ער רייסט אויס די דיענסט פאַר איין איבעריגען צעהנדליג אייער, וואָס זי האָט געקויפט?

אז זיין נאָמען האָט אָנגעהויבען זיך הערען אויף דער וועלט, האָבען זיך צו איהם א לאָז געטהאָן קרובים פון אלע זייטען: אלערליי פעטערס, מוהמעס, שוועסטערקינדער, מחותנים, אזוי גוטע בעקאַנטע, חברים. לכתחילה איז פוהרמאַן געווען שטאַרק צופריע־דען, וואָס דער אָדער יענער קרוב איז געקומען צו איהם צו־גאַסט; ער האָט איהם געמאַכט אַזאַ ברייטען „ברוך־הבא", אַז דעם קרוב האָבען זיך געשטעלט טרערען אין די אויגען פאַר פרייד און פאַר דאַנקבאַרקייט.

— אָבער איך האָב געוואוסט, מאיר, דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, אַז דו האָסט מיך ניט פאַרגעסען!...

מאיר האָט איהם גענומען אונטער דער האַנד און האָט איהם אויסגעפיהרט איבער אַלע חדרים, געוויזען דאָס מעבעל, דעם גאַנ־צען הויף, די קלייטען, דעם קעלער — אַלץ, אַלץ! דער קרוב האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און נאָר געזאָגט: „ס ס ס ס ס!..." נאָכ־דעם האָט איהם מאיר געזעצט ביי'ם טיש אויבענאָן, געלעגט איהם אין טעלער אריין דאָס שענסטע און דאָס בעסטע און האָט געקאָ־מאַנדעוועט מיט'ן משרת:

— אליק, א פלאַש דאָס... באַרדאָ! אליק, פון דעם בעסטען דאָס...

אָנגעגאָסען דעם קרוב דאָס ערשטע גלאָז וויין, האָט ער איהם דערצעהלט, וואָס פאַר א וויין דאָס איז, וויפיעל ער קאָסט און וועלכע פּריצים טרינקען דאָ אַזאַ וויין.

נאָר וויבאַלד דער קרוב האָט נאָר אָנגעהויבען פערהיקען זיך און דערצעהלען, וואָס פאַר א ביטערע צייט היינט איז, ווי אזוי די פּרנסה איז געשלאָגען. ווי אזוי מע ווערד אויסגעריסען, ווי אזוי ער האָט נעבאך געהאַט איין אומגליק אויף זיך, עפּיס א שרפה, א פּראָצעס, — אזוי האָט זיך ביי פוהרמאַנען א רים געטהאָן אין הארצען: ער האָט באַלד דערפיהלט, אַז דאָ איז עפּיס ניט גלאַט, אַז דאָס שמעקט מיט געלד. האָט ער אָנגעהויבען פינטלען מיט די אויגען, שאָקלען מיט'ן קאָפּ און קרעכצען, און אויף גיך געחאַפּט

אויף זיך דעם ראָק, אַרויסגעלאָפען אין קאַנטאָר און אָפּגעזעסען דאָרט ביז שפּעט אין דער נאַכט. אויף מאָרגען — ווידער דאָס אייגענע; אַזוי לאַנג, ביז דער קרוב האָט אַ שפּיי געטהאָן און איז אוועקגעפאָהרען מיט לעדיגע הענד.

נאָר ניט אַלע קרובים זענען גלייך; עס גיט זיך אויס אַמאָל אַזאַ סמעליאַק, פון וועמענ'ס הענד עס איז שווער אַזוי גיך זיך אַרויסצודרעהען! אַזעלכער איז געווען דער „פעטער דן", וועלכער פערדיענט, אַז מע זאָל זאָגען וועגען איהם עטליכע ווערטער. דער „פעטער דן", מאיר'ס אַ לייבליכער פעטער פון דער מאַמע'ס צד, איז תמיד געווען אַ קבצן און האָט תמיד געצויגען ביי דער שוועס־טער די קליי, בעת זי, מאיר'ס מוטער, איז געוואָרען אַ נגידית'טע. אַליין האָט ער נישט געטהאָן קיין האַנד אין קאַלטע וואַסער, האָט זיך גערעכענט פאַר איין איידעלען אידען, וואָס קוקט־אריין אין אַ אידישען ספר; דערפאַר האָט ער געפאָדערט פונ'ם שוואָגער, פונ'ם „בעל־עגלה", ער זאָל איהם בײשטעהן אין זיינע נויטען, און וויפיעל מע האָט איהם געגעבען, איז איהם קאַרג געווען. אַ טויבער, מיט שמיקלעך וואַטע אין די אויהערען, איז ער תמיד אַרומגעגאַנגען און האָט געוואָרטשעט: ער האָט געהאַלטען, אַז נאָר פאַר זיין איידעלקייט אַליין האָט שוין דער שוואָגער, דער בעל־עגלה, זיך בעדאַרפט טיילען מיט איהם אויף דער העלפט... צום סוף האָט ער איהם אַ שעה פאַר'ן טוידט אפילו פערגעסען אַריינצושטעלען אין דער צוואה אריין!... דער „פעטער דן" האָט דעמאָלט געשוואוירען ביי באָרד און פאות, אַז צייט ער וועט לעבען וועט ער ניט אָנ־קוקען ניט די שוועסטער, ניט איהרע קינדער!... נאָר וואָס אַ מענש נעמט אויף זיך, איז נאָך אַלץ ווייניג. אין אַ צייט אַרום. אַז דער „פעטער דן" האָט דערהערט, אַז זיין פּלימעניק „מאיר־קוואַשע' איז געוואָרען גאָר אַ גאַנצער גביר, אַ מיליאָנער, האָט ער זיך מיישב געווען און איז זיך דורכגעפאָהרען צום פּלימעניק, צום הערר'ן פּוהרמאַן, אַ קוק טהון, וואָס טהוט זיך דאָרט אַזעלכעס? פאַרט אַ פּלימעניק, בלוט און פלייש!...

דער „פעטער דן" איז ניט געקומען צו הערן פוהרמאַן, ווי עס קומט אַ גאַסט — ניין! דער „פעטער דן" איז צו איהם גע־קומען, ווי מע קומט צו זיך אַהיים פון אַ ווייטער נסיעה. פריהער האָט מען אַריינגעוואָרפען גלייך אין זאַל אַריין אַ פערשמירטען, אַ פערשטונקענעם זאַק מיט חפצים, אַ גרויסען קישען, פון וועלכען עס זענען געפלויגען פעדערען אַ סך, אַ גרויסען בלעכענעם טשייניק, אַ פלאַש פון בראָנפען, אַ טלית־ותפילין. און אַליין איז דער „פע־טער דן" אַריין מיט'ן וואָלפענעם פעלץ (עס איז געווען ווינטער־צייט), מיט אַ גרינער שאַל, מיט שטיוועל און מיט אַזא ליאַרעם, אַז אַלע זענען טוידט געבליבען פאַר שרעק. וואָס איז דאָס פאַר אַ שלאַק? ווער איז דאָס?...

— דאָס בין איך! איך בין עס! דו האָסט מיך ניט דער־קענט? האַר אוים אַ ביסעלע — אָט וועל איך זיך אויסטהון און אַ ביסעל זיך אָנוואַרעמען. אי, אַ קעלט, אַ ביטערע קעלט!... אַזוי? דו זיצט זיך טאַקי קיין מעשה ניט! הערסט דו!... און דאָס איז דיין ווייבעל?... קום נאָר אַהערצו, מאיר'על, נאַ דיר אָפּ שלום־עליכם! אַ־אַ־אַ! מחיה־נפשות אָט דאָ ביי דער הרובע!... אַ ביסעל בראָנפען וועט מסתמא זיין? האַ? ווי מיינסט דו, אשטייגער? אָט וואַש איך די הענט און דאַוון־אָפּ מעריב, וועלען מיר אַ קאַפּ שמועסען...

מאיר ציטערט פאַר כעס און קריצט מיט די צייהן: ער גע־דענקט נאָך דעם „פעטער דן" פון יונגעלווייז, ווי אַזוי דער טאַטע האָט געליטען פון איהם! נאָר וואָס טהוט מען מיט אַ פעטער? אַרויסטרייבען קאָן מען איהם ניט! מע דאַרף איהם עפּיס געבען, עס העלפט זיך נישט — אַבי גיכער פּטור ווערען!

נאָר פון דעם „פעטער דן" ווערד מען ניט אַזוי גיך פּטור: ער הערט ניט וואָס מע רעדט צו איהם... מאיר שרייט צו איהם אויף אַ קול — ענטפערט ער גאָר בויבעריק! ער שטופּט וואַטע אין די אויהערען און צעלעגט זיך אין זאַל, ווי ביי זיין טאַטען אין ווייגאָרטען. ער פעראומערט אַלעמען דאָס לעבען. ער לאָזט

ניט רעדען, ניט עסען, ניט שלאָפען, דאָס גאַנצע הויז איז פול מיט'ן „פעטער דן״!... מאיר מאַכט שוין אַליין אַ רעדע מיט'ן פעטער מכח זיין קומען. ער פרעגט ביי איהם הויך, אויף קולי־קולות: וואָס וויל ער, וואָס בעגעהרט ער, וואָס פערלאַנגט ער פון איהם?... דער „פעטער דן״ האָט אָבער צייט. ער זאָגט:

— חאַפּ נישט, מיין קינד, האָב צייט אַ ביסעל! מיר וועלען נאָך שמועסען וועגען דעם אויך, אם ירצה שם! דערווייל זאָג מיר בעסער, מאיר־סערדצע, אָט וואָס איך וועל דיך פרעגען...

ניט אַזוי אָבער איז זיך בעגאַנגען טייבעלע מיט איהרע קרובים. די מאַדאַם פוהרמאַן האָט זיך געשעמט מיט איהר אָרעמער פאַמיליע און נישט געקאָנט ליידען, אַז עס איז צו איהר אַריינגעקומען איין אָרעמער־קרוב אין אַ צעריסענער קאַפּאָטע, ווען די מאַדאַם פרידמאַן איז געווען ביי איהר צו־גאַסט; דעריבער האָט זי געטיילט מיט דער ברייטער האַנד, נאַטירליך, אַז מאיר זאָל נישט וויסען, נישט דערפאַר ווייל זי האָט מורא געהאַט פאַר'ן מאַן — ניין! זי האָט שוין לאַנג געהאַלטען מאיר'ען שטאַרק אין די הענד — נאָר ווייל עס איז איהר ניט אָנגעשטאַנען, אַז איהרע פריינד, איהר גילדענע משפּחה, זאָל דאַרפען אָנקומען צו איהר מאַן.

די מאַדאַם פרידמאַן איז געווען גליקליכער פון איהר. אַ געזונדע און אַ פרייליכע, האָט זי געלעבט אַ גוטען טאָג, געוואוסט פון אַ וועלט צו זאָגען, שטאַרק ליעב געהאַט דעם מאַן, וועלכער איז אויסגעגאַנגען נאָך איהרע טריט, געפיהרט זיך אַ סך פרייער פון טייבעלען, דהיינו: דעם פאַבריק שוין לאַנג אַראָפּגעוואָרפען, געגאַנגען אין טהעאַטער, געשלאָסען בעקאַנטשאַפט מיט יונגע לייט. עס קאָן זעהר זיין, אַז די מאַדאַם פוהרמאַן וואָלט זיך אויך דערלויבט אַזוי צו לעבען, ווען איהר פאָטער זאָל ניט הייסען רב לייבצי רב פּינחס'על'ס און זי זאָל ניט הייסען נאָך עד היום „טייבעלע לייבצי'ס״. אי, האָט זיך איהר נעבאַך געגלוסט אַראָפּוואַרפען דעם פאַריק און אַרויסשטעלען חאָטש אַ ביסעלע איהרע שענע שוואַרצע האָר! ביי איהר איז דאָך שענערע האָר, ווי ביי דער „געלער״

מאדאם פרידמאַן !... ניט קאָנענדיג דערגרייכען איהר ווילען, האָט זי אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער פיינט געקריגען איהר פריינדין — די מאַדאַם פרידמאַן ; איהר געלעכטער, איהרע „געלע" ניט-צוגע-דעקטע האָר האָבען איהר געברענט די אויגען און געשטאָכען אין האַרצען ! די מאַדאַם פרידמאַן האָט דאָס גאַנץ גוט געוואוסט, און האָט שוין לאַנג געפּיקט מאָטלען אין קאָפּ אַריין, אז עס וואָלט שוין צייט געווען אָפּטיילען זיך פון'ם שותף און אָנהויבען זעלבסטשטענ-דיג צו לעבען אויף דער וועלט...

— אודאי, זאָג איך דיר, ווענסט דו זי אוועקקוילען ! — האָט איהר מאָטעל דערויף געענטפערט. — דו ווענסט איהר גאָר מאַכען דעם טוידט ! דו ווייסט, מלכה, וויפיעל, אַשטייגער, עס קאָן איהם ארויסקומען אויף זיין חלק ? אנו, טרעף ! ווענסט טרעפען, צי ניין ?

— וויפיעל ?

— במעט דריי הונדערט טויזענד קערבלעך ! דו פאַרשטעהסט צי ניין ?...

— אָט דעם סטאַראָזש ?!... אָט דער יאַשטשערקע ?!...

און מלכה'ן איז אַריין אַ שלעכטער געדאַנק אין קאָפּ אַריין... דער דאָזיגער געדאַנק האָט זי לאַנג-לאַנג נישט געלאָזט רוהען, ביז זי האָט אָנגעהויבען מוטשען דעם מאַן, וואָס האָט זי תמיד גע-פאָלגט, אַזוי אַז ער האָט צולעצט אויך מסכים געווען דערויף.

אויף וואָס האָט ער מסכים געווען ? דאָס האָבען זיי ביידע צווישען זיך קיינמאָל ניט גערעדט, נאָר זיי האָבען ביידע פער-שטאַנען איינער דעם אַנדערען אָהן ווערטער.

און אָט זיצען זיי ביידע : פרידמאַן און פוהרמאַן. פרידמאַן רעדט און מאַכט מיט דער האַנד ; ער ווייזט דעם שותף פּאַפּיערען, חשבונות ; ער וואַרפט אויף די ביינדלעך ; ער שוויצט און פער-ענטפערט זיך און רעדט מיט גרויס היץ :

— פאַרשטעהסט צי ניין ? פאַרשטעהסט צי ניין ?...

— יאָ ! איך פאַרשטעה, ווי אַזוי דאָס... פון וואַנען אָבער קומט עס, אז עס זאָל זיין אַזוי דאָס ?... — פרעגט איהם פוהרמאַן,

קוקענדיג אַראָפּ אויף די שפּיץ שטיוועל מיט פערפלאַמטע באַקען און מיט אַ צעבלאָזענער נאָז, און די הענד ציטערען ביי איהם, און דער שטערן שוויצט.

אַ שווערע צייט איז דאָס געווען פאַר דעם הערר מיט דער מאַדאַם פוהרמאַן; אַ שווערע צייט פאַר די דיענסטען אין שטוב; נאָר שווערער פון אַלעמען איז דאָס פאַר מאָטעל פרידמאַן! ער פיהלט, ווי נידעריג, ווי ניט־עהרליך ער בענעהט זיך מיט זיין חבר, וואָס האָט איהם כמעט ביי זיין לעבען דערהאַלטען מיט דער ירושה! נאָר די מאַדאַם פרידמאַן נעמט אויף זיך די עבירה. זי איז ערב פאַר אַלץ. זי האָט אַ סך אורזאַכען, אַז דעם שותף, דעם גראָבען פוהרמאַן, קומט מעהר ניט ווי פופציג טויזענד רובל. דאָס איז אויך צופיעל: ער האָט קיינמאָל נישט געאַרבייט, און, פערקעהרט, אַלץ געגעסען פונ'ם גרייטען, און זי, די יאַשטשערקע, האָט אויסגעהאַלטען אַ גאַנצע משפחה מיט טונעיאַדצעס, לעדיגגעהערס...

די מלחמה האָט זיך געצויגען אַ פּאָר חדשים. טייבעלע טרייבט דעם מאַן, ער זאָל לויפען, וויינען, שרייען, זיך פערלאָזען אויף מענשען. פרידמאַן איז מרוצה זיך פערלאָזען אויף מענשען.

— אויף מענשען?! — שרייט מלכה פרידמאַן. — אויף מענשען? מיין טאַטענ'ס ווינקעלער? מיין מאַנ'ס האַרעוואַניע? איך וויל ניט קיין מענשען! איך דאַרף ניט קיין מענשען!...

איין עק — אַ סוף! שוין צעטיילט. דאַנקען גאָט — גע־פּטר'ט!

ביי די פרידמאַנס איז גאַנץ ליכטיג און פרייליך. דער הערר פרידמאַן זיצט ביי זיך אין קאַבינעט, ווי תמיד, איבער זיינע חשבונות. ער איז שטאַרק פערטראַכט, און ווי אַ קליין וואָלקענ־דעל פליהט־דורך איבער זיין געזיכט און לעגט אַ קנייטש אויף זיין הויכען ווייסען שטערן. נאָר אָט עפענט זיך די טיר און עס געהט אַריין די מאַדאַם פרידמאַן, געזונד און שען, פרייליך און צופריעדען. איצט איז זי די איינציגע בעל־הבית'טע איבער'ן גאַנצען רייכטום, שוין פּטור געוואָרען פון די שותפים! זי געהט־צו

צום מאַן, לעגט־אַנידער איהר פעטע האַנד אויף זיין דאַרע פּלייצע. ער טהוט זיך אַ וואַרף און דערזעהט מלכה'ן. אַ, מלכה?... ער האָט גאָר ניט געהערט, ווי זי איז אַריינגעגאַנגען! זי וויל וויסען, וואָס איז ער אַזוי פערטראַכט, פערזאָרגט? גאָרניט! גאָרניט! ער פערענטפערט זיך און כאַפּט אַרויס אַ שטיקעל פּאַפּיער פון'ם שופלאָד און ווייזט איהר מיט'ן פינגער, אָהן ווערטער. זי קוקט לאַנג־לאַנג, און אַ רויט צוויקעל בעדעקט איהר געזיכט. אויף'ן שטיקעל פּאַפּיער שטעהט אַ 5 מיט פינף נאָלען, אָט אַזוי: 500,000.

— דו פאַרשטעהסט צי ניין? — זאָגט צו איהר מאָטעל פרידמאַן. — דו פאַרשטעהסט צי ניין?...

אָ! זי פערשטעהט שוין זעהר גוט! דאָס הייסט אַזוי גרויס, ווי פינף הונדערט טויזענד רובעל! אַ האַלבער מיליאָן!...

## דאָס אכטע קאַפּיטעל.

א מלחמה צווישען דעם אייזערנעם באַלקאָן און די רויטע לאַדען.

אַלץ איז געווען ווי פריהער: אי דער שענער מויער, אי די סקלאַדען, אי די קלייטען, אי די פריקאַזטשיקעס מיט די ווייסע פאַרטיכער, אי דער קאַסיר מיט דער פּען הינטער'ן אויהער — אַלץ, אַלץ ווי פריהער. נאָר די גרויסע שילד מיט די גרויסע גילדענע אותיות „פרידמאַן עט פּוהרמאַן" איז ניטאָ. אויף איהר אָרט הענגט שוין איין אַנדער שילד, אַ גרעסערע און אַ שענערע, מיט שרעקליך גרויסע בוכשטאַבען: „פרידמאַן". אויבען, אויפ'ן אייזערנעם באַלקאָן, זיצט די מאַדאַם פרידמאַן, און אַרום איהר זיצען יונגע לייט, פּרויען, בעקאַנטע — און מע טרינקט טיי. עס איז גאַנץ פריילאַך; אַלע רעדען און לאַכען. די מאַדאַם פרידמאַן קוקט אַראָפּ פונ'ם הויכען באַלקאָן אַקעגען, אויף אַ קליין ווייס שטיבעל מיט רויטע לאָדען ביי די פענסטער. זי לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג פונ'ם דאָזיגען שטיבעל. זי זעהט, זי פיהלט, ווי אַ פּאָר שוואַרצע אויגען קוקען דאָרט דורכ'ן פענסטער גלייך אויף איהר מיט קנאה און מיט שנאה. די מאַדאַם פרידמאַן געהט אין אַ לייכט ווייס קלייד. איהר האַנד ליגט אויף דער פּאַרענטשע פונ'ם באַלקאָן, און אַ גרינג ווינטעלע פער'גנב'עט זיך צו איהר אין אַר־בעל אַריין און דעקט אָפּ איהר האַנד, איהר ווייסע פעטע האַנד. די צוויי שוואַרצע אויגען, וואָס קוקען אויף איהר דורכ'ן פענס־

טער פונ׳ם ווייסען שטיבעל מיט די רויטע לאָדען, טרעטען־אָפּ פון זייער אָרט, טהוען אַ שפּיי און קעהרען זיך אום צוריק צום פענסטער און קוקען ווייטער ארויף אויפ׳ן באַלקאָן. וויפיעל שמערצען, וויפיעל קנאה, וויפיעל שנאה געהען־ארויס פון די דאָזיגע שווארצע אויגען צום באַלקאָן, און וויפיעל שלעכטיגקייט, וויפיעל נקמה גיסט זיך פונ׳ם באַלקאָן אראָפּ אויף דעם דאָזיגען ווייסען שטיבעל מיט די רויטע לאָדען, מיט די שווארצע אויגען, וואָס טרעטען קיינמאָל ניט אָפּ פונ׳ם פענסטער.

אַלע טאָג זעהען די שווארצע אויגען, ווי עס פאָהרט־צו צום טויער אַ גלענצענדער פאַעטאָן, און די „געלע", די גראָבע מאדאם פרידמאַן, זעצט זיך קוים אריין, און אַ פּאָר טייערע פערדלעך טראָגען זי אַוועק צום טייך זיך באָדען. אַ גאַנצען טאָג זעהען די שווארצע אויגען, ווי אונטען, אין די סקלאַדען, קאָכט ווי אין אַ קעסעל, דער עולם שטופּט זיך, מע לייזט געלד, און גרויסע שווערע פּעק מיט סחורה קאַטשעט מען אריין און ארויס. און אויבען, אויפ׳ן באַלקאָן, לעבט מען אַ גוטען טאָג. מע פרעסט און מע זויפט און מע טהוט זיך אָן אַלע פערגעניגענס! די רייכסטע לייט פאָהרען־צו אהין מיט וויזיטען, אָפטמאָל טאַנצט מען דאָרט און מע הוליעט־אָפּ אַ גאַנצע נאַכט ביז׳ן ווייסען טאָג אריין, און בעת דאָ עפענט מען נאָר אויף די רויטע לאָדען, שטעהט שוין דאָרט דער לאָקיי אָדער דאָס שטוב־מיידעל און טרייסעלט־אָפּ דעם שטויב פון די טייערע דיוואַנעס מיט די סאַמעטענע קליידער, און דער שטויב פליהט און לעגט זיך דאָ אויף די רויטע לאָדען, ווי בכיון, ווי אויף צו־להכעיס... אַז צום באַלקאָן פאָהרט־צו די מאדאם שפּיעגעל־גלאָז, די מאדאם רעגענבויגען אָדער די מאדאם שטעכענהאָלץ, ווייסען שוין די שווארצע אויגען, וואָס מע רעדט דאָרטען: זיי טרעפען, זיי פיהלען, וואָס זאָגט די מאדאם שפּיעגעלגלאָז, וואָס דערצעהלט די מאדאם רעגענבויגען און פון וועמען לאַכט די מאדאם שטעכענהאָלץ. און אַז די שווארצע אויגען דערזעהען ארויסגעהן אויפ׳ן באַלקאָן אַ הויכען יונגען מאַן מיט לאַנגע בלאָנ־

דע האָר, מיט גרויע אויגען און מיט א ווייס געזיכט, קלערען זיי זיך:

„אָט איז ער שוין, איהר „קדיש"! א לאַנגער, א ווייסער גאַלאַנאַנסקער האָהן... זי מיינט, אַז איהר באָרים וועט זיין א דאָקטאָר... עס וועט איהר נאָך פריהער די אויגען אַרויסקריכען, ביז ער וועט אמאָל עפּים ווערען! אזוי לאַנג קרענקט זי, ווי לאַנג מיין ראָזע וועט אפילו וועלען קוקען אויף איהר באָריסען מיט די לאַנגע פיס! אָ! אָט געהט מיין ראָזעטשקע! טראָגט מיט זיך ביכער, נאָטען. עס קעהר איהר גוט שטעכען, דער „גראָבער"! איך וויים — זי פערגינט מיר ניט מיט'ן גאַנצען הארצען!"...

* * *

„אָ! אָט געהט זי, די „קאַרלעטשקע"!" — קלערט זיך אין דער דאָזיגער מינוט די מאַדאַם פרידמאַן אויפ'ן באַלקאָן. — „פונקט אזוי גרוים ווי די מאַמע איהרע, און גרין אויך אזוי ווי די מאַמע, און מיינט אויך, אַז יעדער קוקט אויף איהר און איז זי מקנא. שאַ! זי טראָגט, דאַכט זיך, עפּים א ביכעל? א גאַנצע מלומדת, א קאַטאָוועס א ביסעל? זי שפּיעלט אויפ'ן טאָפּטשאַן, חאַ־חאַ־חאַ!"...

און א בייזער געלעכטער, פול מיט סם־המות, גיסט זיך פונ'ם הויכען אייזערנעם באַלקאָן אראָפּ אויפ'ן נידעריגען ווייסען שטיבעל מיט די רויטע לאָדען. און צוויי שוואַרצע אויגען וואַרפען פון זיך פייער צוריק אַרויף אויפ'ן אייזערנעם באַלקאָן.

די דאָזיגע צוויי שוואַרצע אויגען געהערען צו דער מאַדאַם פוהרמאַן, און דער שענער אייזערנער באַלקאָן — צו דער מאַדאַם פרידמאַן.

נישט מעהר ווי זעכצעהן־זיעבעצעהן יאָהר צוריק זענען די דאָזיגע צוויי ווייבלעך געזעסען ביידע אויף איין קאַנאַפּע, געקנאַקט צוזאַמען ניסלעך, געגעסען איינגעמאַכטס, געלאַכט און געשפּעט

פון דער גאַנצער וועלט, געלעבט ווי צוויי שוועסטער, ווי צוויי טרייע ליבענדע שוועסטער — און אצינד?

נאָר ווי טרויעריג די לאַגע איז געוועזן צווישען אָט די צוויי פרויען, איז זי צווישען זייערע מאַנען נאָך טרויעריגער געוועזן; דער חילוק איז נאָר, וואָס די ווייבער האָבען געפיהרט איין עפענט־ליכען קריעג צווישען דעם אייזערנעם באַלקאָן און די רויטע לאָדען, און זייערע מאַנען האָבען מלחמה געהאַלטען צווישען זיך פער־שטעלט, בעהאַלטען, טיעף־טיעף אין זייערע הערצער. קיינער האָט נישט געקאָנט פערשטעהן, פאַר וואָס האָט זיך דער הערר פוהר־מאַן, זינט ער האָט זיך אָפּגעטיילט פונ'ם הערר פרידמאַן, פער־שלאָסען ביי זיך אין שטיבעל מיט די רויטע לאָדען, אַזוי אַז מע האָט איהם שוין מעהר נישט געזעהן, ווי ער שפּאַציערט־אַרום אי־בער דער שטאָדט מיט אַ פעררויסענער נאָז, מיט אַ גרויסען בויך און מיט די הענד אין די קעשענעס, ווי פריהער. ער האָט זיך פערשלאָסען אין דעם דאָזיגען ווייסען שטיבעל, וועלכם ער האָט זיך געקויפט באַלד נאָך דער „חלוקה", און האָט צוגעשלאָגען אויף די פענסטער שטאַרקע אייזערנע לאָדען, וואָס איהם איז אויסגעקור־מען אָפּצופאַרבען מיט רויטען, און האָט שוין מעהר ניט געוואָלט ארויסטרעטען פון שטוב, וואו ער האָט פערבראַכט אַ סך יאָהרען, ליגענדיג אויסגעצויגען אויף אַ האַרטער סיראַטענער סאָפע, אָדער זיצענדיג אין אַ סיראַטענער קרעסלע און ציהענדיג אַ פּאַסקודנעם פּאַפּיראָס. ניטאָ שוין אַמאָליגע ווייכע פּאָטעלען! ניטאָ די סאַ־מעטענע דיוואַנעס! ניטאָ יענע שמעקענדיגע ציגאַרען!...

תחילת, אַז פוהרמאַן האָט זיך צעטיילט מיט פרידמאַנען, האָט ער געוואָלט אויפּברעכען אַקעגען איהם אַ קאָנקורענציע. איז ער אוועקגעפאָהרען און האָט געבראַכט אַ גרויסען טראַנספּאָרט ווייַן און האָט אין אַ פערלויף פון אַ האַלב יאָהר גע'פּטר'ט שענע עטליכע קערבלעך. האָט ער דערזעהען, אַז ער קאָן זיך מיט פרידמאַנען ניט שפּיעלען. אין יענער צייט האָט ער אַ חוץ דעם געפיהרט קעגען דעם שותף אַ גרויסען פּראָצעס, פון וועלכען ער האָט בעדאַרפט

גליקליך ווערען; אזוי האָבען איהם געזאָגט זיינע אדוואָקאטען. נאָך דער סוף האָט בעוויזען, אז דאָס וואָס פוהרמאַן פּלעגט זיך אזוי גרינג, אומבעטראכט חתמ'ענען אויף יעדען פּאַפּיער, וואָס פרידמאַן האָט איהם אונטערגערוקט, האָט איהם געקווילעט ביז גאָר, און דער פּראָצעס האָט איהם אויך אָפּגעקאָסט א שענע קאָפּיקע. דעמאָלט האָט פוהרמאַן דערזעהען, אז קיין אנדער געשעפט איז ניטאָ, אויסער ווי געבען געלד אויף פּראָצענט, זיין א מלוה אָדער א „באַנקיר" — איז ער געוואָרען א באַנקיר.

דער געדאַנק, אז דער, וואָס דאַרף דאָס געלד, וועט מוזען צו איהם אָנקומען, איהם בעטען, האָט איהם דערהאַלטען ביי'ם לעבען, און די ערשטע עטליכע יאָהר האָבען די פוהרמאַנס דערזעהען, אז נאָך אין צעהן יאָהר אַרום קאָנען זיי ווערען גבירים, און זייער שכן פרידמאַן, פליהענדיג און טראַסקענדיג, קאָן פּלאַצען און בלייבען באַנקראָט, און אפשר נאָך אָנקומען צו זיי, צו די פוהרמאַנס, ווי אמאָל... די דאָזיגע זיסע האָפענונג האָט זיי געצוואונגען צו פערגעסען אָן דעם אומגליק, וואָס זיי האָבען געהאַט, און זיי האָבען גענומען שינדען די פעל פון זייערע בעלי־חובות, רייסען פּראָצענט פון פּראָצענט אויף וואָס די וועלט שטעהט!

פוהרמאַן איז שוין קליגער געוואָרען און האָט שוין אָנגע־הויבען היטען חשבון: זיין פריהעריגער שותף האָט איהם גע־קאָסט געננוג רבי־געלד. און ווי גליקליך זענען זיי געווען דעם טאָג, ווען זיי האָבען דערהערט, אז מע רעדט אויף פרידמאַנען עפּיס ניט פריילינג, גאָר ניט פריילינג, זעהר־זעהר ניט פריילינג! פוהרמאַן האָט נאָך א מאָל איבערגערעכענט דאָס „וואָכצעטעל" און האָט דערזעהען, אז איבעראיאָהר קאָן געמאָהלט זיין, ער זאָל האָבען א הונדערט טויזענד רובעל! דאָס יאָהר איז אוועקגע־גאַנגען; פרידמאַן האָט אָנגעהויבען נאָך מעהר גלאַנצען, נאָך מעהר קלינגען אויף דער וועלט, און זיי, די פוהרמאַנס, האָט איין פריץ אָנגעזעצט פופציג טויזענד רובעל. ווידער א פּראָ־צעס, ווידער אדוואָקאטען, ווידער אומזיסטיגע הוצאות מיט

אומזיסטיגער מיה. ניין! מע דארף זיין נאָך מעהר געהיט און מע דארף רייסען די הויט!... מע דארף לעבען מיט חשבון און מע דארף היטען דאָס קערבעל! וואָס וועט זאָגען דער אייזערנער באַלקאָן, אז די רויטע לאָדען וועלען בלייבען אָהן אַ גראָשען געלד?... און די פוהרמאַנס זענען געוואָרען אזוי קאַרג, אז קיין אָרעמאַן האָט נישט אריבערגעטרעטען זייער שוועל; קיין אָרע־מער קרוב איז שוין מעהר צו זיי נישט געקומען; דעם „פעטער דן" האָט פוהרמאַן אָהן צערעמאָניעס ארויסגעטריבען און זיין גאַנץ ביטער הארץ האָט ער אויסגעלאָזט צו איהם. אפילו די גילדענע משפחה פון רב לייבצי רב פינחס'על'ס פאמיליע האָט שוין אויך מורא געהאט בעווייזען זיך צו די פוהרמאַנס. טיי־בעלע האָט דאָס אפילו נישט געוואָלט ליידען, נאָר פון דער צייט אָן, וואָס זיי האָט אָנגעהויבען דאָס גליק געהן צוריק, איז מאיר געוואָרען אזוי צערייצט און צעבייזערט, אז טייבעלע האָט אָנ־געהויבען פאר איהם דרך־ארץ האָבען, מורא האָבען, אזוי לאַנג אזוי ברייט, ביז פוהרמאַן איז געוואָרען אַ דעספּאָט ביי זיך אין הויז, אַ טיראַן, וואָס יעדער האָט געציטערט פאר זיין פּארע, פאר זיין קוק. אַ שטילער פון שטענדיג אָן, האָט פוהרמאַן נאָך מעהר פיינט געהאט אצינד צו רעדען, פערברענגען, ווי דער שטייגער איז, מיט'ן ווייב, מיט'ן קינד, און האָט זיי שטרענג פערבאָטען, אז דער נאָמען „פרידמאַן" זאָל ניט דערמאַנט ווערען ביי איהם אין שטוב!... אויף טייבעלען איז געקומען אַ שווערע צייט, דאָס לעבען איז איהר קיין לעבען נישט געווען: פון איין זייט דער מאַן דער דעספּאָט, און פון דער אנדערער זייט דער אייזערנער באַלקאָן. און גאָט ווייסט, צו וואָס זי וואָלט געקומען, ווען ניט איהר איינציגער טרייסט אויף דער וועלט, איהר טייער־סטער חיות, איהר איינציגע טאָכטער, איהר קינד — ראָזעטשקע, מיט וועלכער זי האָט פערבראכט איהרע גאַנצע יאָהרען און טעג, און פאר וועלכער איהר הארץ איז געווען תמיד אָפען. נאָר דאָס דאָזיגע קינד האָט געזעהען און געפיהלט, ווי אזוי איהר מוטער

לעבט, וואָס זי טראָגט־איבער — זי האָט איהר אָבער נישט געקאָנט העלפען מיט גאָרניט: ערשטענס, איז זי אויך געווען דאָס זעלבע שוואכע בעשעפעניש, ווי איהר מוטער, און, צווייטענס... נאָר דאָס ווערד ביי אונז דערצעהלט אין פאָלגענדען קאפּיטעל.

## דאס נייענטע קאפיטעל.

א פלאם־פייעריגע ליעבע צווישען דעם אייזערנעם באלקאן און די רויטע לאדען.

דער אייזערנער באלקאן און די רויטע לאדען זענען געווען פערבונדען צווישען זיך ניט נאר מיט קריעג אליין, ניט נאר מיט קנאה, מיט שנאה, מיט נקמה און מיט שלעכטיגקייט; דעם אייזערנעם באלקאן מיט די רויטע לאדען האבען, אחוץ דעם, פערבונדען צוויי יונגע הערצער מיט די שטארקסטע קייטען פון דער ערשטער, זיסער און צויבערליכער ליעבע! ניט איין מאל האט דער אייזערנער באלקאן געשיקט צו די רויטע לאדען הייסע, פלאמפייעריגע בריוועלעך, און די רויטע לאדען האבען געענטפערט דעם אייזערנעם באלקאן מיט זודיגע ווערטער, מיט ברענענדיגע אויגען, מיט קלינגענדיגע קושען. דער אייזערנעם באלקאן האט נישט געקאנט לעבען אהן די רויטע לאדען, און די רויטע לאדען האבען פערגאסען הייסע טרערען, ווען זיי האבען נישט געזעהען פאר זיך דעם אייזערנעם באלקאן.

באריס פרידמאן און ראזע פוהרמאן, וואס זענען פון קינדווייז געוואכסען אונטער איין דאך, דערצויגען געווארען גלייך, געלערענט ביי איין לעהרער, האבען זיך די ערשטע יאהרען פיינט געהאט אזוי שטארק, אז ניט איין מאל האבען זיך איבער זיי די מוטערס צווישען זיך געקריעגט און געריסען. באריס האט תמיד בייגעקומען די קליינע ראזעטשקע און האט זי אפטמאל געשלאגען

פאר איהר וויינען, פאר איהר בלאזען זיך, פאר איהר גדלות און אלע איהרע אנדערע מעלות, וואס זי האט געהאט בירושה פון איהר טאטען. באריס, פערקעהרט, איז געווען א פרייליכער, א לעבעדיגער, א געזונטער יונגאטש און האט נישט געקאנט סובל זיין ראזעטשקע'ס קוויטשענדיג קול'כעל און האט נישט געקאנט אנקוקען איהרע שטענדיגע פערוויינטע שווארצע אויגלעך. ביז ער האט זיך גאר אויפגעהערט מיט איהר צו בעגעגענען. און אזוי איז אוועקגעגאנגען א צייט מיט יאהרען.

אין דער דאזיגער צייט איז ראזע געוואכסען אליין, אהן חבר'טעס, אהן בעקאנטע, און איהרע יונגע קינדערשע יאהרען זענען געגאנגען זעהר אומעטיג, איינפאך, טרויעריג: די מוטער איז געווען פערנומען פריהער מיט פליאטקעס, נאכדעם מיט'ן פראצעס, און צולעצט מיט'ן אייזערנעם באלקאן, פון וועלכען זי האט קיין אויג נישט אראפגעלאזט. און דער פאטער האט איהר פון קינדווייז אן בעוויזען, אז ער איז א פאטער און פאר איהם דארף זי דרך־ארץ האבען. זעלטען האט זי זיך געזעהען מיט'ן פאטער: קומענדיג פונ'ם שרייבער, האט זי אליין אפגעגעסען און גענומען זיך צום ביכעל; צום פאטער אין קאבינעט אריין האט זי מורא געהאט אריינטרעטען, סיידען אמאל פער'גנב'ענען זיך, דורך א שפארינקעלע חאפען א קוק — און אנטלויפען. מיט דער מוטער האט זי יא ליעב געהאט צו זיצען און דער־צעהלען איהר מעשיות, נאר מייסטענטייל האט די מוטער פער־בראכט בוי'ם פענסטער, קוקענדיג ארויף אויפ'ן באלקאן, — און אין יענער צייט האט מען זי ניט געטארט אנריהרען און איבער־שלאגען איהר די געדאנקען, און ניט איין מאל האט ראזעטשקע געחאפט פעטש פון דער מוטער דערפאר, וואס זי איז געקראכען צו איהר דעמאלט, בעת זי איז געזעסען ביי'ם פענסטער און גע־קוקט ארויף אויפ'ן באלקאן. פון דעמאלט אן האט שוין דאס קינד געוואוסט, אז ווען די מוטער זיצט ביי'ם פענסטער און קוקט אהין, טאר מען צו איהר ניט צוגעהן...

ערשט דעמאָלט, אַז ראָזע איז אַלט געוואָרען דרייצעהן יאָהר און איז שוין געגאַנגען אין פּאַנסיאָן, איז זי געוואָהר געוואָרען, וואָס בעטייט אָט דער דאָזיגער אייזערנער באַלקאָן און פּאַר וואָס קוקט אַהין די מוטער מיט אַזאַ פייער. וויפיעל שרעקליכע זאַכען האָט ראָזע זיך דעמאָלט אָנגעהערט פון דער מוטער! פון וויפיעל שלעכטיגקייט, פערדאָרבענהייט און אומדאַנקבאַרקייט איז זי געוואָהר געוואָרען צו דרייצעהן יאָהר!

— מאַמעניו! טייערע מאַמע! קוק גאָר ניט אַהין!...

און אַליין פלעגט זי זיך פער'גנב'ענען און חאַפּען אַ קוק אַרויף, אויפ'ן באַלקאָן, און לאַנג־לאַנג קוקען אויף דער גראָבער מאַדאַם פרידמאַן, ווי אַזוי זי וואַרפט זיך אַריין אין דער קאַרעטע אַריין און פליהט־אַרום צווישען די קלייטען און ברענגט צו פיהרען אַהיים פּעק מיט סחורה, מיט עסענוואַרג, און ווי אַזוי נעסט פּאָהרען־צו און פּאָהרען־אָפּ — און זיי, די פוהרמאַנס, קוקען ניט אָן כמעט די ליכטיגע שיין, קיינער פּאָהרט צו זיי ניט, און זיי קענען זיך מיט קיינעם ניט, און אין שטוב פיהרט מען זיך ווי ביי דעם ערגסטען קבצן: דער פּאָטער טיילט אַליין אַרויס אין מאַרק אַריין, און נעמט־אָפּ חשבון ביי דער אידינע פון פלייש, פון זאַלץ און פון ציבעלעס, און אַמאָל צעבייזערט ער זיך אַזוי אויף דער מוטער, אַז זי פאַלט אַריין אין בעט אַריין און בעוואַשט זיך מיט טרערען.

— דו פאַרגעסט זיך? — שרייט אויף איהר דער פּאָטער. — דו ווילסט מיך בדלות שטעלען, איך זאָל דאַרפען געהן איבער די הייזער איבער דיר, דו אויסברענגעריין? אַלע טאָג אַ האַלב פונט ליכט? ווער פאַרמאָגט דאָס אַלע טאָג צוויי פונט פלייש? געגוג איין מאָל אין טאָג עסען פלייש ביי אָט אַזאַ יקרות! עס איז נאָך קאַרג, וואָס די קעבין באַ'גנב'עט מיך אַלע טאָג, אַלע שעה, אַלע מינוט, אַלע רגע, און מע צעטראָגט מיר די ביינער פון אַלע זייטען? מע ראַבעוועט, מע גזל'ט, מע רייסט פון די הענט, און קיינער זאָגט ניט אַ וואָרט!...

די מוטער ליגט מיט'ן פּנים אין קישען, און די טאָכטער זיצט נאָהענט נעבען איהר און ציטערט, ווי א שעפּעלע. זי האָט מורא אויפהויבען די אויגען, און איז זיך מחיה, וואָס „ער" איז שוין אנשוויגען געוואָרען. דער פּאָטער הייסט ביי די דאָזיגע צוויי פּרויען „ער"; קיין אנדער נאָמען האָט ער ביי זיי ניט.

— שטעה אויף, מאַמע, „ער" איז שוין אנשוויגען געוואָרען און ליגט שוין אויף דער סיראַטענער סאָפע...

טייבעלע שטעהט אויף מיט רויטע אויגען, און צווישען דער מוטער מיט דער טאָכטער פערבינדט זיך א לאנגער שמועס, נאָר שטיל, קוים וואָס מע הערט. פון אלץ, פון אלץ ווערד דאָ איבער־גערעדט: ווי אזוי זי, טייבעלע, איז אמאָל געווען גליקליך. ווי אזוי זיי זענען אמאָל געווען רייך. אמת, זיי זענען אצינד אויך ניט אָרעם; עס קאָן זיין, אז זיי זענען אצינד רייכער ווי אמאָל, נאָר זי ווייסט עס ניט. דאָס ווייסט „ער"... „ער" האַלט דאָס געלד אין קאסטען, אין דעם אייזערנעם קאסטען. דאָרט ליגען א סך פּאַפּיערען, וועכסלען, דאָקומענטען, באנקאָווע בילעטען, משכונות, געלד, און נאָר „ער" אליין געהט צום קאסטען. „ער" האַלט ביי זיך די שליסעלעך, און זי האָט מורא צו זיי זיך צוצו־ריהרען. זי וויל איהם ניט פרעגען: זי איז געהרען, אז „ער" טשעפּעט זי ניט. און אלץ איבער זיי, איבער אָט די מערדער, וואָס אויפ'ן אייזערנעם באלקאָן!...

— וואָס איז דאָרט ביי אייך פאַר סודות? — שרייט פוהר־מאַן, ליגענדיג אויף דער סיראַטענער סאָפע.

פוהרמאַן ציטערט פאַר א שאָרך... ער האָט מורא פאַר גנבים, פאַר גזלנים, מע זאָל איהם חלילה ניט בעפאַלען. ער פערלאָזט זיך אויף קיינעם ניט. אליין פערמאַכט ער אלע נאַכט די רויטע לאָדען, פערשליסט די טיר און חאַפּט זיך אויף עטליכע מאָל אין דער נאַכט און טאַפּט דעם אייזערנעם קאסטען, די שליסעל. אויף יעדען בעזונדער קוקט ער מיט מורא, מיט חשד. יעדער איז איהם עפּיס ווי פערדעכטיג. אפילו דאָס ווייב, דאָס קינד וואָרפען אויך

אויף איהם אָן א מרה־שחורה, בעת זיי זיצען אין שלאָפצימער און שושקען זיך שטילערהייד... ווער ווייסט? אפשר רעדען זיי זיך עפּים אָן צווישען זיך? אפשר פערטראַכטען זיי א שלעכטע מחשבה קעגען איהם?...

— ראָזעלע! ראָזעלע! קום נאָר אהער, ראָזעלע!

מיט אראָפּגעלאָזטע אויגען, א בלאַסע, א דערשראָקענע, געהט זי צו צום פאָטער.

— קום אהער! קום אהער נעהענטער! קוק נאָר אָן א ביסעל, ווי זי האָט עס מורא... איך וועל דיך ניט אויפעסען! איך בין ניט קיין דאָס!... זאָג נאָר, טאָכטער, וואָס איז דאָרטען געוועזן ביי אייך פאַר א דאָס? וואָס האָט דיר די מאַמע עפּים געזאָגט אַזעלכס? זאָג נאָר דעם דאָס... דעם אמת! זאָג אוים, האָב קיין מורא ניט פאַר דאָס!...

נאָר אמאָל, זעהר זעלטען, טרעפט זיך ביי איהם אויך א גוטע שעה. ער ווערד עפּים ווי לעבעדיגער, מונטערער און ווייכער. ער קוקט דעם ווייב אין די אויגען אריין, ווי איינער, וואָס פיהלט זיך, אַז ער איז שולדיג. ער מאַכט מיט איהר א רעד וועגען דער טאָכטער, וועגען זייער איינציגער טאָכטער:

— הערסט, טייבעלע, דאָס... איך מיין אקעגען דעם... ראָזעלע איז שוין, קיין עין־הרע, א דאָס... א פיין מיידעל. מע וואָלט שוין באַדאַרפט א טראַכט טהון מכח א דאָס... דאַנקען גאָט, א ביסעל דאָס איז פאַרהאַן... נישט קיין סך — אַזוי, קיין מעשה ניט (ער טהוט זיך א טאַפּ אין קעשענע ביי די שליסעלעך)... פאַרשטעהסט זיך, אויב מע וועט אונז אָפּגעבען אַלע דאָס... אויב עס וועט ניט זיין חלילה קיין אָנזעצען ביי היינטיגע דאָס... פון ראָזעלע'ס וועגען האָב איך אָפּגעלעגט באַזונדער א ביסעל דאָס (ער קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען)... זאָלסט איהר נאָר ניט זאָגען, טייבעלע! א קינד, וואָס טויג דאָס איהר צו וויסען? אַז עס וועט קומען די דאָס... די צייט, וועט זי אַליין וויסען...

טייבעלע פערגעסט זיך: זי מיינט, אז דאָס איז אמאָליגע יאָהרען, בעת זי האָט געקאָנט א געשריי טהון אויף מאיר'ען, אזוי אז ער זאָל צובייסען די צונג. זי שטעלט־אָן איהרע שווארצע אויגען אויף איהר מאַן און הויבט־אָן צו טענה'ן פאר איהר קינד:

— איך פארשטעה ניט, וואָס איז דאָ פארהאַן מורא צו האָבען פאר איין אייגען קינד? ובפרט...

— שאַ־שאַ! — הויבט אויף איהר אָן מאיר צו שרייען, מאַכענדיג מיט די הענד. — זעה נאָר, ווי מע האָט איהר דאָ אָנגעריהרט דעם דאָס... דעם האָנאָר! איך זאָל דיך וועלען פאָלגען, וואָלטען מיר שוין לאַנג באַדאַרפט געהן אין די דאָס... אין די הייזער! דו קעהרסט מיינען, אז ביי מיר איז פולע קאסטענס מיט דאָס?...

די מאַדאַם פוהרמאַן געהט־אַוועק פונ'ם מאַן מיט א ביטער הארץ, — און עס געהען ווייטער פינסטערע, וויסטע, טרויעריגע טעג, לאַנג־לאַנג, אָהן א סוף, אָהן איין עק! די מוטער זוכט איהר טרייסט ביי איהר קינד, ביי איהר איינציגער טאָכטער, ביי איהר טייערער געטרייער ראָזעטשקע, און איהר טייערע געטרייע ראָזעטשקע זוכט איהר טרייסט אין א בויגעלע פּאָסט־פּאַפּיער, וועלכס איז בעשריבען געדיכט פון אַלע פיער זייטען, מיט א סך פּאסקעלעך און מיט א סך פּינטעלעך. אין דעם דאָזיגען בויגעלע פּאָסט־פּאַפּיער, וועלכס ראָזע טראָגט ביי זיך אויפ'ן הארצען און לייענט דאָס נאָר ביינאַכט, ביי א צווייגראָשענדיג ליכטעל, בעת די גאַנצע שטוב שלאָפט שוין לאַנג, שטעהט געשריבען דאָס דאָזיגע:

„מיין נשמה, מיין לעבען, מיין מלאך — ראָזע!... דאָס ליעבסטע וואָרט, דער גרעסטער טיטעל וועט זיין נאָר א בעלעדיגונג פאר מיין ליעבע צו דיר. מיין טייער לעבען! אַך, פאר וואָס בין איך אזוי געשטראָפט, אז איך מוז מיט דיר רעדען אויף פּאַפּיער? וואָס האָבען מיר אַזעלכס פערזינדיגט? מיר דאַכט, אז אין די דריי יאָהר, וואָס אונזערע הערצער זענען צונויפגעקניפּט געוואָרען מיט דער זיסער אייביגער ליעבע, האָבען מיר אויסער שמערצען

קיין גוטע שעה נישט פערזוכט? נאָר, דאַנקען גאָט, איך קאָן דיך פערזיכערען, אַז דאָס איז שוין דאָס לעצטע יאָהר, דער לעצטער חודש, די לעצטע וואָך, דו הערסט? — די לעצטע וואָך פון אונזער אַרעסט! נישט מעהר ווי אין פינף טעג אַרום ענדיגט זיך ביי מיר דער עקזאַמען, און איך פאָהר... ניין! איך פליה צו מיין טייערער, טייערער, טייערער ראָזע אויף תמיד, אויף אייביג־אייביג, מיין ראָזע, מיין שמעקענדיגע, מיין בליהענדיגע ראָזע, מיין אייביגער און מיין איינציגער פריינד אויף דער גאַנצער וועלט!...

„פון מיר דיין פריינד, דיין ברודער און דיין אויסלייזער,
וואָס ערוואַרטעט שוין די מינוט די רגע צו זעהען דיך,
וואָס קושט די ערד וואו דיין פוס טרעט,
וואָס לעבט איינגאַנצען נאָר צוליעב דיר,
וואָס טראָגט דיין פּאָרטרעט ביי זיך אויפ'ן הארצען,
וואָס בעט גאָט פאַר דיר שטענדיג,
וואָס בוקט זיך דיר פון ווייטען,
„באָרים פרידמאַן".

## דאָס צעהנטע קאַפּיטעל.

וואו עס ווערד בעשריבען, ווי אזוי א אידישער פּרינץ, פון וועלכען עס דאַרף ארוים א פּראָפעסאָר, אדער, לכל הפּחות, א דאָקטאָר, גיט־אָפּ גלענצענד דעם עקזאמען און פאָהרט טאַנצענדיג און זינגענדיג אַהיים.

אונזער העלד, באַרים פרידמאַן, געהט־אום מיט ברייטע שפּאַן איבער'ן צימער, און רייבענדיג זיך דעם שטערן, חאַפּט ער זיך א סך מאָל צום ביכעל און לעגט דאָס ווידער אַוועק, אזוי לאַנג, ביז ער טהוט א שמיץ די ביכער אָן דער ערד און חאַפּט א בויגעלע פּאָסט־פּאַפּיער און שרייבט־אָן איינע פון די דאָזיגע בריעף, וואָס מיר האָבען שוין געהאַט די מעגליכקייט פאָרצושטעלען פאַר אונזערע לעזער אין דעם פאָריגען קאַפּיטעל. ער טראָגט אליין אָפּ דאָס בריוועל אויף דער פּאָסט, און געהט פון דאָרטען גלייך אין טהעאַטער אריין. אויף מאָרגען שטעהט ער אויף מיט א קאָפּוועהטיג און קאָן נישט געהן אין גימנאַזיע צום עקזאַמען. נאָכדעם קומט צו איהם דער רעפּעטיטאָר און זאָגט איהם מוסר און דערמאַנט איהם, אז ער קאָן בלייבען אויפ'ן צווייטען יאָהר אין לעצטען קלאַס, און דער פאָטער וועט זיין דערפאַר שטאַרק ברוגז. אונזער העלד וויינט אזוי לאַנג, ביז ער פאַלט־ארויף דעם לעהרער אויפ'ן האַלז און דערצעהלט איהם מיט טרערען פון זיין ליעבע, פון זיין ראָזע, פון זיין טייערער, טייערער ראָזע! דער לעהרער איז אויך נישט מעהר ווי א יונגער מענש מיט א ווייך ווארעם הארץ, קוקט ער אויפ'ן שילער און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און פינטעלט מיט די

אויגען. ער דערמאנט זיך אצינד, ווי אזוי ער האָט אַליין אַמאָל געהאַט אַ שען מיידעל מיט אַ זיס קול און מיט ברענענדיגע אויגען. ווי אזוי ער האָט אָהן איהר ניט געקאָנט לעבען. ווי אזוי זי האָט געקוקט אויף איהם און האָט צו איהם געזאָגט: „אך! דיינע האָר! דיינע האָר!״... פערשטעהט זיך, אז בייגעלמאַן (אזוי הייסט דער לעהרער) איז אין זיין ליעבע נישט גליקליך געוועזען און האָט שוין לאַנג פערגעסען דאָס שענע מיידעל מיט די פייערינע אויגען. דאָך איז ביי איהם אין הארצען געבליבען אַ פונק, וואָס צאַנקט נאָך ערגיץ טיעף־טיעף אין דער נשמה, און אַ קליין ווינטעלע קאָן דאָס נאָך אַמאָל צעבלאָזען, עס זאָל דערפון ווערען אַ פייערעל. בייגעלמאַן פערשטעהט דעם שילער: נאָר וויל בייגעלמאַן איז שוין ניט קיין יונגעל און האָט שוין אויף זיין לעבען ניט איין מאָל זיך געלעגט שלאָפען אַ הונגעריגער, דעריבער פרעגט ער דעם שילער אַ קלאָץ־קשיא:

— יאָ, באָרים, אַלץ איז רעכט! וואָס זשע וועט אָבער זיין דער תכלית? דו דארפסט דאָך אָפּגעבען דעם עקזאַמען! מע וועט דאָך דיך ארויסטרייבען פון גימנאַזיע! דיין פאָטער וועט דיך אויף דער שוועל צו זיך ניט ארויפלאָזען. ער וויל דיך זעהען נאָר אַ פּראָפעסאָר, אָדער, לכל הפחות, אַ דאָקטאָר... דו קאָסט איהם שוין אָפּ אזוי פיעל גאָלד! דו דארפסט...

באָרים פערשטעלט איהם דאָס מויל מיט דער האַנד און לאָזט איהם גאָר ניט רעדען ווייטער. וואָס מיר געלד? וואָס מיר פּראָפעסאָר? ראָזע, ראָזע איז מיין פּראָפעסאָר!...

— יאָ, ביזט טאַקי גערעכט: ראָזע איז דיין פּראָפעסאָר. וואָס וועסט דו אָבער טהון, אז דו וועסט שוין מיט איהר אַנטלויפען און חתונה האָבען? וואו וועסט דו נעמען מיטלען צום לעבען? עסען, טרינקען?...

— בייגעלמאַן! וואָס רעדט איהר? ווי קומט דאָס גאָר צו אייך, אז איהר זאָלט גאָר אזעלכס פרעגען? און מיינע הענט? און האַלץ האַקען? און ערד גראָבען? און זעקלעך טראָגען?...

בייגעלמאַן שאָקעלט מיט'ן קאָפּ, קוקענדיג אויפ'ן זייגער, און מיט אַ ביטער שמייכעלע געהט ער אַוועק צו זיינע איבעריגע שי־לער. און באַרים, דער קינפּטיגער האָלצהאַקער, ערדגראַבער און זעקעלטרעגער, עסט דערווייל אַ שענעם אַנבייסען, פּערטרינקט מיט אַ גוט גלאָז וויין און פּעררויכערט אַ טייערען ציגאַר. דער זע־קעלטרעגער געהט זיך דורך אַ ביסעל אין מאַרק, צווישען די קליי־טען, וואו די קרעמער פרעהען זיך, אַז זיי דערזעהען איהם פון וויטען, און ברענגט אהיים אַ נייע פּאָר הענטשקעס, צוויי פלעשע־לעך פּאַרפיומען, גליצערין־זייף, אַ שפּאָגעל־נייעם שניפּס, וואָס פערשפּיליעט זיך פון ביידע זייטען, אַ האַלב טוץ ניי־מאָדישע העמ־דער, אַ גוטען טשעמאָדאַן, אַ פּאָר מעשענע לייכטער מיט אַ טוץ מעסער און גאָפּלען, מיט נאָך אַ סך זאַכען, וואָס ער דאַרף זיי אויף כפּרות האָבען; נאָר דאָס איז שוין ביי איהם אַזאַ חולאת, אַזאַ שלאַפקייט פון שטענדיג — אויסגעבען געלד און קויפען אַלץ, וואָס דאָס אויג דערזעהט.

די טעג פונ'ם עקזאַמען האָבען זיך שוין געענדיגט, און אָט איז שוין דער לעצטער טאָג אין גימנאַזיע — דער אַקט. אָט פליהט מיט רויטע פּערפּלאַמטע באַקען גאָלדענשטאַדט אהיים מיט דער ערשטער „נאַגראַדע" אונטער'ן אָרעם. ער וועט קומען אהיים ווי אַ העלד, וואָס האָט איינגענומען די מלחמה און פאָהרט אַצינד מיט טריאומף, און אַלע מענשען, אַלע בוימער, אַלע ווינקעלעך שרייען איהם „הורראַ!"

אַ בלאַסער, אַ געלער פאַר כעס, פאַר קנאה, שטעהט זיל־בערשטאַדט אָן אַ זייט און איז גרייט צעררייסען די לעהרערס דער־פאַר, וואָס גאָלדענשטאַדטען האָט מען געשענקט די ערשטע „נאַ־גראַדע", און איהם, זילבערשטאַדטען, וואָס האָט אַ גאַנץ יאָהר אַזוי ערנסט, אַזוי געטריי געהאָרעוועט, — האָט מען געגעבען אַ פייג, ניט קיין „נאַגראַדע"...

אַ טויטער שטעהט אייזענשטאַדט אין אַ ווינקעלע — ער, אייזענשטאַדט, האָט ניט אויסגעהאַלטען דעם עקזאַמען! ווי אַזוי

וועט ער קומען אהיים צום אָרעמען פאָטער, צום שניידער, וועלכער האָט פון זיך די קליי געצווינגען און זיך אויסגעבראָכט אויפ'ן זוהן? די מאַשינע פערזעצט, געהאָרעוועט ביז איין אויג איז איהם אויסגערונען — און צום סוף!...

און אונזער פרינץ, באָרים פרידמאַן, דרעהט זיך אויך דאָ ארום אינ'ם טייערען גאַרניטור, אויסגעזייפט, אויסגעשמירט מיט שמעקענדיגע טראָפּענס און פערקעמט ווי א מיידעלע, מיט א ווייסען שרונט איבער'ן גאַנצען קאָפּ. ער ווייסט, אז אין זיין בילעט שטעהט: увольняется, נאָר ער דרעהט זיך דאָ ארום א פערטראַכטער, א וואַזשנער, גלייך ווי ער איז אריינגעגאַנגען אהער פון דער גאַס א קוק געבען, וואָס טהוט זיך דאָ. און דאָרטען, אין ווינקעל, שטעהט אייזענשטאַדט, דער בידנע אייזענשטאַדט מיט די גרויסע אויגען, אויף איין אָרט, פּונקט ווי א פערגליווערטער.

פון דעסטוועגען, זאָרגט ניט: באָרים פרידמאַן פאָהרט אהיים מיט א גאַנצער קאָמפּאַניע חברים, וועלכע ער פיהרט צו זיך אויף זיינע הוצאות. א פרייליכער וועג! זומער. די פעלדער זענען גרין. די זון באַקט. די שטיינער פונ'ם שאָסיי גליהען, און די פערד טראָגען דעם עקיפּאַזש כמעט אין דער לופטען. איין ווערסט נאָכ'ן אנדערען פליהען פאַרביי די אויגען, און „חברה" עפּענען אויף די געמבעס און מע זינגט צוזאַמען, אלע מאָל איין אנדער ליעדעל. שטאַרקער פון אלע שרייט גאָלדענשטאַדט. אין דעם דאָזיגען יונגען מענשען זינגט די ערשטע „נאַגראַדע". איהם ציהט נאָך זילבערשטאַדט מיט א שרעקליכען באַס, וואָס בייזערט זיך אויף דער וועלט פאַר דעם אומרעכט, וואָס עקזיסטירט נאָך אויף דער ערד. נאָר איין אייזענשטאַדט זיצט איינגעהויקערט און טראַכט וועגען זיין אָרעמען פאָטער, דעם שניידער, וואָס האָט גע'פּטר'ט איין אויג איבער'ן זוהן... נאָר פרידמאַן, גאָלדענשטאַדט און זילבערשטאַדט לאָזען איהם לאַנג נישט טראַכטען: זיי שטורכען איהם אונטער פון אלע זייטען, ער זאָל אויך זינגען מיט זיי.

און אייזענשטאדט עפענט־אויף דאָס מויל, פערקרימט זיך אזוי זויער און לאָזט ארויס אזא משונה־נאריש קול, אז חברה ווערען שיער ניט צעזעצט פאר געלעכטער.

אין יעדער קרעטשמע שטעלט מען זיך אָפּ. מע נעמט צו קאפּעלעך. מען דארף בעווייזען, אז מען איז שוין „גרויסע"... מע פאלט פון די פיס. מע לאכט פון אייזענשטאדטען. אייזענשטאדט אליין לאכט שוין אויך — און מע פאָהרט ווייטער.

אויפ'ן צווייטען טאָג קומט מען אהיים, צו פרידמאנען. פיער יונגאטשעס שפּרינגען־ארויס פונ'ם וואָגען, און דער העכערער פון אלע, מיט לאנגע בלאָנדע האָר, מיט רויטע בעקלעך, עלעגאנט געקליידט, מיט א רייזעטאאש איבער די פּלייצעס, מיט א גילדענער פענע, פליהט דער ערשטער אויפ'ן באלקאָן, אויפ'ן בעקאנטען אייזערנעם באלקאָן, און פאלט־ארויף דעם פאָטער און דער מוטער אויפ'ן האלז, און מע קושט זיך איין מאָל, און צוויי מאָל, און דריי מאָל, און נאָך א מאָל, און ווידער א מאָל. מאָטעל און מלכה ווייסען שוין גאנץ גוט פונ'ם אומגליק, וואָס זייער זוהן האָט גע־טראָפען: ווי אזוי מע האָט איהם נעבאָך אויפ'ן עקזאמען געמור־טשעט, ווי אזוי איינער פון די לעהרערס האָט איהם נעבאך אומזיסט־אומנישט „געשניטען". דערפון האָט זיי שוין באָרים לאנג געשריבען, און דער לעהרער, בייגעלמאַן, האָט אויך געשריבען, אז די מעשה איז לויטער אמת...

— אָט זענען מיינע חברים: גאָלדענשטאדט, זילבערשטאדט און אייזענשטאדט, מיט וועלכע איך בין געקומען אהער פערברענגען די וואקאצי איהר קאָנט זיי פרעגען; זיי ווייסען דעם אמת. אָט דער דאָזיגער אייזענשטאדט האָט אויך דעם זעלבען אומגליק, וואָס איך. איאָ, אייזענשטאדט? איך זאָג אמת, צי ניין?...

אייזענשטאדט, וואָס איז דאָס ערשטע מאָל אין אזא רייבער שטוב, שטעהט און פינטעלט מיט די אויגען.

— נו־נו, באַרים! מע גלויבט דיר, מע גלויבט דיר! — זאָגט איהם די מוטער, די מאַדאַם פרידמאַן, און חאַפּט איהם נאָך אַ מאָל ארום קושען.

— דו פאַרשטעהסט צי ניין? דו פאַרשטעהסט צי ניין?... — זאָגט דער הערר פרידמאַן ווי צו זיך אַליין, קוקענדיג אויפ'ן זוהן און אויסרעכענענדיג אויפ'ן קאָפּ, וויפיעל קאָסט ער איהם שוין אין דער צייט פון די דאָזיגע אכט יאָהר, וואָס ער האָט איהם אומזיסט אָפּגעהאַלטען אין דער גימנאַזיע.

— מזל־טוב! איהר „קדיש" איז שוין געקומען!... — זאָגט טייבעלע פוהרמאַן צו זיך אַליין, קוקענדיג פונ'ם פענסטער מיט די רויטע לאָדען ארויף, אויפ'ן באַלקאָן.

— טייערער, טייערער! — זאָגט צו זיך ראָזע פוהרמאַן, קוקענדיג פונ'ם אנדער'ן פענסטער אויף איהר טייערען באַרים פרידמאַן, און קוועטשט זיך מיט ביידע הענד שטאַרק־שטאַרק צום הארצען, גלייך ווי „ער" איז שוין דאָ, אין איהרע אָרעמס.

## דאָס עלפטע קאַפּיטעל.

ווי אזוי דער „סטודענט" באַרים פרידמאַן מיט זיינע דריי חברים פערברענגען נוצליך די צייט.

מיט וועמען קעהר זיך דאָס, אשטייגער, אָן, וואָס סע שטעהט אָנגעשריבען ביי באָרים פרידמאַן אויפ'ן ווייסען בויגען פּאַפּיער, וועלכען ער האָט געבראַכט אהיים פון דער גימנאזיע? וועמענ'ס עסק איז דאָס? דער בויגען פּאַפּיער ליגט בעהאַלטען ביי דער מאַדאַם פרידמאַן אין א קאָמאָד, און זי רופט איהם „דער אַטעס־טאַט", און איהר זוהן הייסט ביי איהר „דער סטודענט".

ווי צופריעדען, ווי גליקליך איז די מאַדאַם פרידמאַן מיט איהר זוהן, מיט'ן פרישען, געזונטען, שענעם סטודענט! זי האָט איהם אָפּגעגעבען בעזונדערע צוויי חדרים פון זיינטוועגען מיט זיינע חברים, וועלכע זענען דאָ גיך געוואָרען היימיש, חוץ איין אייזענשטאַדט, וואָס קאָן נאָך אַלץ נישט פערגעסען דעם פאָטער, דעם בלינדען שניידער, און זיצט דעריבער בעזונדער אין א ווינקעלע, בלעטערט א בוך און וויל זיך גאָר ניט אריינמישען צו זיינע חברים, וואָס קלייבען זיך פּאָהרען הינטער'ן שטאָדט אויף א גאַנצען טאָג שיפען זיך איבער'ן טייך. אַליק דער משרת פּאַקט אין טשעמאָדאַן אריין צידה לדרך: געבראָטענע קאַטשקעס, וואורשט, וויין, ניס, קאָנפעקטען. דער עקיפּאַזש שטעהט שוין ביי'ם באַלקאָן. עס געהען ארוים דריי יונגע לייט און זעצען זיך אין איהם

אריין אליק זעצט זיך אקעגען. דער קוטשער טהוט אַ שמייס די פערד — און חברה סטודענטען פאָהרען אוועק. די מאַדאַם פרידמאַן זאָגט:

— אַ גאַנץ יאָהר האָרעווען נעבאַך די סטודענטען, ווי די פערד, דאַרפען זיי זיך אַצינד אָפּרוהען. יעדער מענטש דאַרף האָבען רוה, ובפרט נאָך אַ יונגער מענטש, אַ סטודענט!...

אפנים, זי איז צופריעדען דערמיט, וואָס זי קאָן זיך אליין אָפּנאַרען. זי געהט־אריין אין שטוב און דערזעהט דאָרט זיצען אייזענשטאַדטען איבער אַ בוך.

— וואָס איז דאָס? פאַר וואָס זענט איהר אויך ניט געפאָהרען מיט די סטודענטען? זיי האָבען אייך פאַרגעסען מיטנעמען? מיין באָרים האָט מיר דערצעהלט, אַז איהר האָט אויך געהאַט דעם זעלבען אומגליק — איהר זענט נישט אריבער... מסתמא האָט צו אייך אויך דער לעהרער זיך געטשעפּעט אומזיסט?...

— ניין, ניט דערפאַר! — ענטפערט איהר אייזענשטאַדט בתמימות. — ניט איבער׳ן לעהרער; איך בין אליין שולדיג. קיינער איז דערין ניט שולדיג, נאָר איך אליין!...

און אייזענשטאַדט דערצעהלט איהר אַ גאַנצע געשיכטע, אַ טרויעריגע געשיכטע, ווי אַזוי ער האָט געמוזט אונטערהאַלטען איין אָרעמע שוועסטער מיט אַ גאַנצער פאַמיליע, וואָס שטאַרבט פון הונגער, און אויסהאַלטען אַ קלענערען ברודער אין גימנאַזיע, צוליעב וועלכע ער האָט געמוזט געבען שטונדען, צעהן שטונדען אַ טאָג, אַזוי, אַז עס איז איהם כמעט קיין צייט ניט געבליבען צו לערנען. פון דעסטוועגען וואָלט ער בעדאַרפט צום עקזאַמען אַ ביסעל צוהאָרעווען, אַ ביסעל איבער׳ן כח, אַ ביסעל ווינציגער שלאָפען... האָט ער אָבער אַזוי ניט געטהאָן און האָט דעם עקזאַמען ניט אויסגעהאַלטען. עס אַהרט איהם שוין ניט אַזוי פאַר זיך, ווי פאַר זיין אָרעמען פאָטער, דעם בלינדען שניידער, וואָס האָט צוליעב איהם די מאַשינע פערזעצט...

די מאַדאַם פרידמאַן הערט־אויס די דאָזיגע טרויעריגע געשיכטע מיט רחמנות, און אין קאָפּ פליהט איהר דורך אַזאַ מחשבה: „וואָס וואָלט זי געטהאָן, ווען איהר באָרים זאָל זיין ביי דער לאַגע פונ׳ם דאָזינגען אָרעמען אייזענשטאַדט?"... און זי דאַנקט און לויבט גאָט, וואָס ער האָט זי געבענשט מיט אַזאַ רייכטום, און וואָס איהר באָרים האָט נישט די דאגות מיט די שמערצען, וואָס אייזענשטאַדט האָט.

איהר באָרים האָט טאַקי באמת ניט אַזעלכע דאגות מיט אַזעלכע שמערצען, ווי אייזענשטאַדט האָט. איהר באָרים זיצט אַצינד מיט זיינע חברים — גאָלדענשטאַדט און זילבערשטאַדט — אויף דעם שיף, וועלכם דאָס וואַסער טראָגט אַלץ ווייטער און ווייטער, און לאַכט, און זינגט, און עסט. און טרינקט. נאָר אַזוי ווי קיין צופריעדענער מענש איז גאָר אויף דער ערד ניטאָ, דעריבער איז קיין וואונדער ניט, וואָס אָט דער גליקליכער פּרינץ, אויף וועלכען עס האָרעווען אַ סך הענד, אַ סך פיס, אַ סך פּלייצעס, אַ סך קעפּ, — אָט דער געבאַלעוועטער באָרים פרידמאַן איז אויך ניט צופריעדען מיט זיין דאָליע: איהם געהט אויך אָפּ אַ סך צום אמת׳ען גליק; איהם געהט אָפּ אָט דאָ, ביי דער זייט, אויפ׳ן שיפעל, דאָס קליינע שוואַרצע מיידעל פון דער ווייסער שטוב מיט די רויטע לאָדען...

ליגענדיג אויפ׳ן גראָז אויסגעצויגען מיט׳ן פּנים אַרויף, דערצעהלט באָרים פרידמאַן זיינע חברים די גאַנצע געשיכטע פון זיין ליעבע. די געשיכטע איז אַ קורצע, נאָר זעהר אַ ריהרענדע, פון וועלכער יעדער יונגער מענש מיט אַ ווייך וואַרעם האַרץ קאָן זיך אַראָפּנעמען אַ מוסר...

„ער" איז אַלט געוועזן זעכצעהן יאָהר און האָט געלערענט אין פיערטען קלאַס, און „זי" איז אַלט געוועזן פיערצעהן יאָהר און האָט געענדיגט דעם פּאַנסיאָן. ער איז געוועזן אין אַ מונדיר מיט גילדערנע קנעפּ, און זי האָט געהאַט אַ פּאָר שוואַרצע פייעריגע אויגען מיט געטליכע געקרייזעלטע האָר. ער איז געגאַנגען אין שטאָדט־

גאָרטען מיט זיין מוטער שפּאַציערען, און זי איז געגאַנגען מיט איהר מוטער אויך אין שטאָדט־גאָרטען שפּאַציערען. זייערע אויגען האָבען זיך בעגעגענט, און פון דעמאָלט אָן האָט זי אריינגעוואָרפען א פונק אין זיין הארצען. דער פונק האָט זיך מיט דער צייט צעברענט און איז געוואָרען א שרעקליך פייער, א פלאַמפייער אין זיין הארצען... וויפיעל נעכט האָט ער פערבראַכט, וואַכענדיג און טראַכטענדיג, ווי אזוי קומט מען צו איהר? צום אומגליק, שטעהט זי איין ביי אזעלכע עלטערען, צו וועלכע ער טאָר זיך ניט ווייזען פאַר די אויגען. ביז גאָט האָט איהם געהאָלפען, אין א יאָהר ארום האָט ער שוין געהאַט די געלעגענהייט צו זעהען זי, רעדען מיט איהר, האַלטען איהר טייער הענטעל אין זיין האַנד. זי האָט דאָ א קרובה, א גרושה, א יונגע, נאָר זעהר א מיאוסע, וואָס האָט מיטלייד מיט אומגליקליכע ליעבענדע, מחמת זיי אַליין האָט אַמאָל ליעב געהאַט און פערשטעהט דאָס וואָרט „ליעבע”... „געלויבט און געבענשט זאָל זיין די דאָזיגע גרושה: זי האָט אונז צונויפגעפיהרט, זי האָט אונז אָנגעוויזען, וואו דאָס גליק געפינט זיך. אויף איהר אדרעס שרייבען מיר זיך דורך שוין כמעט דריי יאָהר און אויף איהרע אויגען האָבען מיר זיך געגעבען די הענט און געשוואוירען ביי גאָט, ביי'ם הימעל, אז מיר זאָלען זיך פאַרבינדען אויף אייביג און קיינמאָל ניט צעשיידען!”...

די דאָזיגע ליעבע־געשיכטע האַרמאָנירט זעהר אין דער דאָזיגער מינוט מיט דער שענער זומערדיגער נאַטור, און אונזערע יונגע לייט, וואָס ליגען דאָ אויסגעצויגען אויפ'ן גרינעם גראָז, ווייזט זיך אויס, אז אַלץ ארום און ארום זאָגט: „אמת! אמת! אמת!” — אי די גרינע בוימער, אויף וועלכע עס פליהט דורך א גרינג ווינטעלע און מאַכט אויף א מינוט א רעש צווישען די בלעטער, אי די פייגעלעך, וואָס זינגען און טאַנצען אומרוהיג דאָ און דאָרטען, אי דאָס שמעקענדיגע גראָז, וואָס לעגט זיך אונטער די פיס מיט גרויס הכנעה, אי דאָס וואַסער, וואָס פליעסקעט און הורעט, אי די צעריסענע ווייסע שטיקער וואָלקענס, וואָס שווימען־

אום אויפ'ן בלויען הימעל און האָבען א פּנים אין דער דאָזיגער שטילער זומער־צייט ווי שטיקער וואטע, וועלכע מע צעלאָזט און מע צעבלאָזט, — אלץ, אלץ רעדט אין איין קול: „אמת! אמת! אמת!"... און די ווארעמע הערצער פון די יונגע לייט ווערען נאָך מעהר דערווארעמט פון דער שענער ליעבע־געשיכטע, וואָס זייער חבר האָט זיי אָט ערשט דערצעהלט. זיי חאפּען זיך אויף ביידע מיט א מאָל און ווענדען זיך צו באָריסען מיט דער דאָזיגער פראגע:

— נו, באָריס, און דו וועסט האלטען וואָרט?...

באָריס געפינט זיך שטארק בעלעדיגט פון אזא פראגע. ער ענטפערט זיי מיט גדלות:

— באָריס פרידמאן וועט האלטען וואָרט! וואָס באָריס פרידמאן זאָגט, איז הייליג!... נאָר, ברידער, עס איז דאָ דערין אזוי פיעל שטעהרונגען, אזוי פיעל בערג און טאָלען, פייערען און וואַסערען!...

— דהיינו?

— דהיינו, דהיינו... ערשטענס, איז איהר פאָטער א פּראָצענטניק, א דעספּאָט, א טיראן, וואָס וועט זי פריהער א לעבעדיגע אין דער ערד אריינלעגען, איידער אָפּגעבען זי מיר. צווייטענס, זענען מיינע עלטערען מיט איהרע עלטערען צעריסען, אויף מעסערשטעך. דריטענס, וועט מיין מוטער שטארבען אויפ'ן אָרט, אז זי וועט נאָר דערהערען דעם נאָמען פון מיין כלה. און, פיערטענס, ווייס איך ניט, ווי ארום און ווי אזוי קאָן איך זי ארויסרייסען פון דאָרטען, פון די דאָזיגע מערדער?...

די חברים האָבען זיך א ביסעל פערטראכט. אין עטליכע מינוט ארום האָט זיך גאָלדענשטאדט אָנגערופען:

— נו, ברודער, מיר וועלען זיך איין עצה געבען!

— מיר וועלען דיר העלפען! — האָט זיך אָנגערופען זילבערשטאדט מיט זיין באסאָווע שטימע.

— מיר זענען דיינע!

— קאָנסט זיך אויף אונז פאַרלאָזען!
— ווי אויף אייגענע ברידער!
— אין פייער און אין וואַסער!
— אפילו אונטער דער ערד!
— אפילו צום רוח אליין!
— לאָמיר נעמען צו ביסלעך ווייַן!
— לחיים, ברידער!
— פאַר אַלעמענ׳ס געזונט!
— נידער מיט׳ן פאַנאַטיזמוס!
— אין דער ערד אריין אַלע דעספּאָטען!
— הוררא, באַרים!
— הוררא, ראָזע!
— הוררררא!!!...

אַליק דער משרת האָט זיך נאָר־וואָס אָפּגעבאָדען אין טייך און געהט־צו צו די „סטודענטען” און קוקט אויף זיי פערוואונדערט, וואָס האָבען זיי דאָ פּלוצים אויפגעהויבען אזא הויכען „הוררא”? נאָר פאַר אַליקען איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען: אַליק האָט שוין ניט אזוי פיעל האָר אין קאָפּ, וויפיעל בריוועלעך ער האָט איבערגעטראָגען פון באַריסען צו בערטע דער גרושה און פון בערטע דער גרושה צו באַריסען. דעריבער האָט מען ניט וואָס מורא צו האָבען און מע מעג רעדען וואָס מע וויל. און מע רעדט; מע זוכט זיך אַ וועג, מע גיט עצות, מע בויעט לופטשלעסער. דער זאָגט אזוי, דער אזוי, — נאָר ענדליך בעשטימט מען, אז מע דאַרף זיך זעהען מיט ראָזען ביי בערטע דער גרושה און דאָרט אָפּרעדען פּינקטליך, אויף וואָסער אופן די ליעבענדע זאָלען קאָנען אַנטלויפען פון דער דאָזיגער שטאָדט, און ערגיץ, אין אַ קליין שטעדטעל, אַ חופּה שטעלען. און ווייל באַרים אַליין קאָן דאָס דאָזיגע מיט ראָזען ניט איבעררעדען, מחמת יעדעס מאָל, ווען זיי זעהען זיך, סטייעט זיי קיין ווערטער ניט, און אחוץ „אַך!” און „אַך!” מיט פייערינע קוקען און מיט הייסע ווערטער איז ביי זיי קיין מאַטע־

ריאָל נישטאָ צום שמועסען, דעריבער מוז מען דערצו האָבען א פּרעמדען. בלייבט מעהר נישט, ווי צו וואַרפען גורל, ווער פון די דריי זאָל זיין דער דיפּלאָמאַט צווישען באָריסען מיט ראָזען? פערשטעהט זיך, אז דער גורל איז געפאַלען אויף אייזענשטאַדטען, מחמת גאָלדענשטאַדט איז א חוואַט נאָר אויף צו בעקומען ערש־טע „נאַגראַדעס" אין דער גימנאַזיע, און זילבערשטאַדט איז א צו הייסער יונג, און צו אַזאַ זאַך דאַרף מען זיין א ביסעלע קיהלער, בעטראַכט, מיט ישוב־הדעת. קיין בעסערער פון אייזענשטאַדטען איז טאַקי נישטאָ. אייזענשטאַדט איז איין עהרליכער מאַן און א קאַלטע בריאה, א פלעגמאַטיקער...

## דאָס צוועלפטע קאַפּיטעל.

בערטע די גרושה ווערד ביי ראַזע פּוהרמאַן אַ לעהרעריןן פון ליעבע.

שטעלט אייך פאָר אַ יונגע פרוי פון אַ יאָהר עטליכע און צוואַנציג, אַ נידעריגע און אַ גראָבליכע, מיט גרויסע שווארצע אויגען, מיט געדיכטע ברעמען, מיט אַ פּנים, אויף וועלכען עס זענען אָנגעזעצט אַלערליי פּרישטשיקלעך: רויטע, בלויע, גרינע, ווייסע, מיט אַ ביסעל אַ פערריסענער נאָז, מיט צוויי קליינע שווארצע וואָנסילעך אויף דער אויבערשטער גראָבער ליפּ, מיט אַ היבשער בראָדעווקע אויף דער לינקער באַק, אויף וועלכער עס וואַכסט און בליהט אַ בוטאָן פון זעקס אָדער זיעבען לאַנגע שווארצע האָר, מיט אַ קורצען האַלז, מיט שווארצע בעוואַכסענע הענד און מיט ווייסע פערעלדיגע צייהן — און אָט האָט איהר „בערטע די גרושה".

בערטע די גרושה האָט אַ פּנים פון אַ מאַנספּערזאָן און אַ הארץ פון אַ פרויענצימער, אַ גוט, ווייך, ווארעם הארץ מיט אַ רייכער פאַנטאַזיע פון אַ סך פראַנצויזישע ראָמאַנען. אַ גרושה איז זי געוואָרען נאָכדעם, ווי זי איז אַריינגעפאַלען צו אַ גראָבען מענשען אין די הענד, וואָס האָט אויסגענארט ביי איהר עטליכע טויזענד רובעל, אַוועקגעוואָרפען זי אויף דער דריטער וואָך נאָך דער חתונה און זיך אַזוי נידעריג, אַזוי אונמענשליך אויסגעלאַכט פון איהרע טרערען, פון איהר צעבראָכען הארץ! וואָס האָט זי

געקאָנט טהון, אַ שוואַכע פרוי, איין עלענדע אָהן עלטערען? פערשטעהט זיך, ווען איהר פאָטער, שניאור שימשעלביין, זאָל אויפשטעהן אַצינד פון קבר און אַ קוק טהון אויף זיין איינציגער טאָכטער, אויף זיין בערטע, וואָלט ער זיך צוריק אַ לעבעדיגער בעגראָבען! שניאור שימשעלביין האָט ליעב געהאַט זיין בערטע און געהיט זי, ווי דאָס שוואַרצאַפּעל פונ׳ם אויג. שניאור שימשעלביין איז געווען איין אָרענטליכער מאַן און האָט זיין ברויט פערדיענט מיט זיינע הענד: ער איז געווען אַ גאָלדשמיעד און אַ יובעליר, וואָס האָט ביז׳ן טוידט געהאָרעוועט טאָג און נאַכט און האָט איבערגעלאָזט זיין בערטען טאַקי גאָר אַ היבשען קאַפּיטאַל. אַז שניאור שימשעלביין האָט דערפיהלט, אַז עס איז שוין צייט צו שטאַרבען, איז ער געקומען צו מאיר פוהרמאַנען, וואָס איז געווען זיינער אַ קרוב, און האָט ביי איהם איינגעלעגט דאָס געלד אויף אַ צייט, ביז זיין בערטע וועט דאַרפען חתונה האָבען: שימשעלביין האָט געוואוסט, אַז פוהרמאַנ׳ס אייזערנער קאַסטען איז גלייך ווי די באַנק. און כך הוה. אַז בערטע איז אין אַ צייט אַרום געקומען צום אָפּעקון, צו מאיר פוהרמאַן, און האָט איהם געזאָגט, אַז אין צוויי וואָכען אַרום האָט זי חתונה, און בעט איהם דעריבער צוגרייטען דאָס געלד, האָט איהר פוהרמאַן געענטפערט, אַז ער וויל פריהער אליין זעהען זיך מיט איהר בעשערטען. ווי פערוואונדערט איז ער אָבער געווען, ווען צו זיין שטיבעל מיט די רויטע לאָדען איז צוגעפאָהרען אַ קאַרעטע, פון וועלכער עס איז אַרויסגעשפּרונגען אַ פראַנט מיט אַ צילינדערהוט, מיט ווייסע הענטשקעס און מיט אַ ווייסען שניפּס. דער פראַנט האָט זיך פאָרגעשטעלט: „אַרטהור פלעכטענטהאַל״. דער דאָטענטהאַל האָט זיך געצויגען אַ פּאָר שעה, און אַז אַרטהור פלעכ־ זיך פוהרמאַן געטאַפּט ביי די קעשענעס, געקוקט אויפ׳ן אייזערנעם קאַסטען, געקוועטשט די שליסעלעך אין דער האַנד, געשיקט רופען בערטען און האָט איהר אַזוי געזאָגט:

— הער נאָר אויס, בערטע, דיין חתן איז אַ קעשענע־גנב און אַ שאַרלאַטאַן... מעהר האָב איך דיר ניט וואָס צו זאָגען.

פערשטעהט זיך, אַז בערטע האָט זיך געפונען אַזוי בעלעדיגט, אַז זי האָט דריי טעג מיט דריי נעכט געוויינט אָהן איין אויפהער. מאיר פוהרמאַן האָט אויסגעוויזען אין איהרע אויגען אַ „פערדאָר־בענער מערדער", פונקט ווי עס ווערד בעשריבען אין די שענע ראָמאַנען, מיט וועלכע זי האָט זיך אָנגעלייענט ווי אַ פויק.

ארטהור פלעכטענטהאל האָט זי געטרייסט:

— אויף דעם דאָזיגען בעל־עגלה איז ניטאָ וואָס פאַראיבעל צו האָבען. ער האָט אויף זיין לעבען נאָך ניט גערעדט מיט קיין „ציוויליזירטען" מענטשען. ער איז אַ פּראָצענטניק און אַ דעם־פּאָט!...

בערטע האָט אַזוי לאַנג געוויינט איבער פוהרמאַנ'ס קאָפּ, ביז ער האָט איינמאָל מיט כעס ארויסגעחאַפּט אַ פּאַק מיט אַסיג־נאַציעס פונ'ם קאַסטען און האָט איהר אַ שמיץ געטהאָן אין פּנים אריין. די הענד האָבען איהם געציטערט בעת מעשה.

— נאַ! אָט האָסט דו דאָ פינף טויזענד רובעל! מעהר געב איך דיר איצט ניט. לאָזען די איבעריגע פינף טויזענד בלייבען. נישקשה, זיי וועלען דיר צונויף קומען אויף שפּעטער...

אוי, ווענען זיי איהר צונויף געקומען! אַז ארטהור פלעכטענ־טהאל האָט זי בעראַבעוועט און אַוועקגעוואָרפען, און בערטע האָט קוים־קוים גע'פועל'ט ביי איהם, ער זאָל איהר געבען גט, איז זי אריינגעפאַלען צו פוהרמאַנען אין שטוב אריין מיט אַ געוויין און האָט איהם געקושט די הענד. זי האָט ביי איהם געבעטען מחילה און האָט איהם געזאָגט, אַז ער איז איהר אויסלייזער, איהר צווייטער פאָטער. דאָס האָט איהם שטאַרק דורכגענומען. ער האָט אריינגערופען דאָס ווייב מיט דער טאָכטער און האָט צו זיי גע־זאָגט מיט גרויס אויפרעגונג:

— נו? זעהט איהר?... אָט וויינט זי. וואָס האָב איך געזאָגט? האָב איך דען ניט פריהער געזאָגט, אַז דאָס?...

פון יענער צייט אָן איז צווישען בערטע דער גרושה און ראָזע פוהרמאַן געוואָרען אַזאַ גוט לעבען, אַז מען איז געגאַנגען איינע צו דער אַנדערער יעדען טאָג; פוהרמאַן האָט דערפון גע־וואוסט און איז דערפון געווען צופריעדען: „לאָז זי זיך אויס־לערנען פון איהר, ווי אַזוי דאָס"...

און ראָזע פוהרמאַן האָט זיך אויסגעלערענט פון „בערטע דער גרושה" אַ סך זאַכען.

„בערטע די גרושה", וואָס האָט אַליין טייער בעצאָהלט פאַר איהר אייגענער ליעבע, האָט זיך געטרייסט מיט דער פרעמדער ליעבע און האָט געהאַט פערגעניגען פון ראָזע'ס גליק. אַז ראָזע האָט איהר איבערגעגעבען אַלץ, וואָס ביי איהר אויפ'ן הארצען איז געווען, האָט איהר בערטע געזאָגט, אַז זי מוז פריהער אַליין אָנקוקען דעם, וואָס האָט „געוואונען איהר ליעבע". אָ, בערטע איז שוין אַ געשלאָגענער הונד! זי וועט מען שוין אַזוי גיך ניט אָפּנאַרען — ניין!...

און באָרים פרידמאַן איז איהר פונ'ם ערשטען מאָל געפעלען: זיין שען געשטאַלט, זיינע לאַנגע בלאָנדע האָר, זיינע ווייסע הענד מיט די איידעלע מאַניערען זענען אַזוי פיעל געווען עהנליך מיט די מאַניערען פון אַ העלד, פון איין אמת'ען העלד, וואָס ווערד בעשריבען אין די ראָמאַנען, אַז עס איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס ראָזע האָט זיך אַזוי איינגעליעבט אין איהם! מע דאַרף נאָר אַכטונג געבען פון דער זייט, אַז עס זאָל דערפון, חלילה, ניט אַרויס עפּיס איין אומגליק, אַז די ליעבענדע זאָלען אויף תמיד זיין גליקליך. ראָזע איז נאָך אַזוי יונג!...

און בערטע די גרושה האָט זיך גענומען צו איהר אַרבייט ערנסט און געטריי. דריי יאָהר כסדר איז זי געשטאַנען אויף דער וואַך פון דער ווייטענס און האָט געהערט, ווי די דאָזיגע טייבעלעך שושקען זיך און קושען זיך; דריי יאָהר כסדר האָט זי געהיט, ווי אַ גוטער הונד, ביי דער טיר, אַז קיינער זאָל ניט איבער־שלאָגען די גליקליכע ליעבענדע צו רעדען, אָכקען און זיפצען און

צו קוקען זיך אין די אויגען אריין; דריי יאָהר כסדר האָט זי זיך מקריב געווען צוליעב'ן גליק פון צוויי פרעמדע יונגע ליעבענדע נפשות!

און זיי, די יונגע גליקליכע ליעבענדע נפשות, — צי האָבען זיי חאָטש אין זינען געהאט א מאָל זייער טרייע בעשיצעריןְ, בערטע די גרושה?...

## דאָס דרייצעהנטע קאַפּיטעל.

ווי אזוי דער עהרליכער אייזענשטאַדט ווערד אַ דיפּלאָמאַט און ווי קונציג ער שפּיעלט זיין ראָלע.

אַ קוק טהון אויף אייזענשטאַדטען — האָט ער באמת אויסגעוויזען ווי אַ מענש „מיט אַ גלאַטען לונג־און־לעבער". צוויי ווייסע גלעזערנע אויגען, ווי די באַנקעס, אַ לאַנגע נאָז מיט אַ שאַרפען שפּיץ, דינע ליפּען, ווייסע שיטערע האָר, און אליין אַ דאַרער און אַ לאַנגער, אַ ביסעל אַ געהויקערטער, אַ קורצזיכטיגער, אַ פערטראַכטער, אַ צעטראָגענער, — אָט דאָס איז דער פּאָרטרעט פון פּינהס אייזענשטאַדט, וועמען עס איז בעשערט צו שפּיעלען אין אונזער ערצעהלונג אַ ראָלע פון אַ העלד, גאָר נישט ווילענדיג און אומגערעכט, אַקוראַט ווי ניט ווילענדיג און אומגערעכט ער האָט געלערענט אין דער גימנאַזיע... צו וואָס האָט ער גאָר בעדאַרפט שטודירען, אַז זיין פאָטער, איין אָרעמער, אַ קראַנקער שניידער, איז ניט אים שטאַנד געווען אויסצוהאַלטען איהם? נאָר זיין פאָטער, דוד דעם שניידער, האָט זיך געגלוסט דוקא, אַז זיין זוהן זאָל זיין אַ דאָקטאָר. אמת, פּינחס האָט בעוויזען אין גימנאַזיע אַ זעלטענע פעהיגקייט און האָט אָנגעהויבען געהן פון איין קלאַס אין דעם אַנדערען אַלץ בעסער און בעסער. דוד דער שניידער פלעגט אָנווייזען אויף איהם מיט'ן פערבויגענעם פינגער:

— זעהט איהר? אָט דאָס איז מיין פּאָדפּאָרע אויף דער עלטער. פּינחס וועט זיין אַ לייט!

ווער האָט זיך געקאָנט גלייכען צו איהם, ווען זיין פּינחס איז שוין אריין אין זיעבעטען קלאַס? דוד האָט טאַקי פערזעצט די מאַשינע; נאָר וואָס מאַכט עס אויס? זיין פּינחס איז דאָך שוין אָבער אין זיעבעטען קלאַס, און אָט-אָט, נאָך אַ יאָהר, נאָך אַ יאָהר — איז ער אַ דאָקטאָר! און אַז מע וויל שמועסען צוריק, האָט ער די מאַשינע פערזעצט ניט צוליעב פּינחס'ען: פּינחס האָט שוין פון לאַנג געגעבען שטונדען און זיך פערדיענט זיין שטיקעל ברויט. פערקעהרט, ער האָט נאָך אויסגעהאַלטען אַ ברודערעל אין גימנאַזיע און אויסגעהאַלטען אַ שוועסטער מיט אַ גאַנצער פאַמיליע.

נאָר צי איז דער זוהן אויך געווען אַזוי צופריעדען, ווי דער פאָטער, — דאָס קאָנען מיר ניט וויסען. מיר ווייסען נאָר, אַז אין די קלענערע קלאַסען איז ער געווען דאָס כפרה-היהנדעל פאַר זיין אָפּגעלאַזטקייט, קורצזיכטיגקייט און תמימות, און אין די העכערע קלאַסען, בשעת ער האָט שוין געגעבען שטונדען, האָט מען איהם עקספּלאָאַטירט דערפאַר, וואָס ער האָט יעדען געגלויבט אויף נאמנות, און ניט איין מאָל האָט ער אָפּגעהאָרעוועט אַ קיילעכיג יאָהר אומזיסט אָהן אַ גראָשען. נאָר מעהר פון אַלע האָט איהם עקספּלאָאַטירט זיין עלטערע שוועסטער, וואָס האָט געהאַט אַ טוץ קינדער מיט פערשלאָגענע קעפּ, ווי די העלצער, און פון דעסטוועגען האָט זיך איהר געגלוסט, זיי זאָלען זיין דוקא געשטודירטע.

— וואָס פאַר אַ פּנים וועל איך האָבען מיט מיינע קינדער, — האָט זי גע'טענה'ט — אַז זיי וועלען זיין, גאָט זאָל מיר ניט שטראָפען פאַר די רעד, שניידערס אָדער שוסטערס, און מיין ברודער פּינחס וועט זיין אַ דאָקטאָר?...

קיין פרייע מינוט האָט אייזענשטאַדט נעבאָך ניט געהאַט פון דער דאָזיגער שוועסטער!

און ניט נאָר אייגענע אַליין מוטשען איהם; אייזענשטאַדט איז איין עבד כנעני ביי יעדען אומגליקליכען שילער, ווענען די

נאַטור האָט ניט געבענטשט מיט אַ מוח און מיט פעהיגקייטען. אַז עס איז אונטערגעקומען איין עקזאַמען, איז אייזענשטאַדט געווען פערוואָרפען מיט ארבייט, פּונקט ווי זיין פאָטער דוד דער שניידער פאַר אַ יום־טוב; דעם אָנשרייבען אַ פערפאַסונג, מיט דעם צולערנען אַ פּאָר טעג, דעם אונטערוואַרפען פּאַפּיערלעך מיט „געמעשעטע זאַדאַטשעס", דעם אונטערזאָגען פון אונטער דער באַנק... פערשטעהט זיך, אַז פּאַר אַזעלכע און אַנדערע עבירות איז אָפּגעקומען אייזענשטאַדט אַליין און ניט קיין אַנדערער, און אַז ער איז אָפּגעזעסען אַ מעת־לעת אין קאַרצער, האָט זיך קיינער נישט דערמאַנט צו ברענגען איהם אַהין חאָטש אַ שטיקעל ברויט. נאָך מעהר: מע האָט געלאַכט און געשפּעט פון איהם איבער זיין הילוך, איבער זיינע קליידער, וואָס זענען אויף איהם תמיד געלעגען אַזוי קאָמיש, אַז מע האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען, מע זאָל ניט לאַכען; עס האָט זיך נאָך ניט געטראָפען, אַז ביי אייזענשטאַדטען זאָל ליגען דער קאָלנער אָדער דאָס היטעל אויף איין אָרט, אָדער דער מונדיר זאָל זיין מיט אַלע קנעפּלעך, אָדער אַ הויז זאָל ניט זיין צעשפּאָלטען ביז אַרויף. שענער פון אַלץ זענען געווען זיינע שיטערע האָר אויפ'ן קאָפּ, וואָס זענען תמיד געשטאַנען קאַפּויר, ווי ביי אַ האָהן, ווען ער צעבייזערט זיך; די פּלייצעס האָט ער געהאַלטען שטענדיג אויפגעהויבען, און דעם קאָפּ איינגעבויגען אַראָפּ, און וויפיעל קלעפּ, וויפיעל קולאַקעס האָט דער דאָזיגער יונגער מענש געחאַפּט אויף זיין לעבען פון זיינע חברים!...

מע קאָן ניט זאָגען, אַז אייזענשטאַדט איז שטאַרק געפעלען געוואָרען בערטע דער גרושה. זי האָט איהם אויפגענומען אַזוי קאַלט, גלייך ווי ער וואָלט געווען אַ שפּיאָן, וואָס איז געקומען נאָכשפּירען און אויסטאַפּען און אָנמאַכען איין אומגליק. אייזענשטאַדט האָט זיך ניט געפונען בעלעדיגט פון אַזאַ אויפנעמען. ער האָט איהר איבערגעגעבען שטעהענדיג ביי דער טיר, אַז איהם

האָבען געשיקט זיינע חברים: גאָלדענשטאַדט, זילבערשטאַדט און פרידמאַן.

— ווער זענען עס גאָלדענשטאַדט און זילבערשטאַדט? — האָט איהם בערטע געפרעגט. — איך קען זיי ניט!

— איהר קענט זיי ניט? נישקשה, איהר מעגט זיך אויף זיי פאַרלאָזען; עס איז א גוטע חברה!

— א „גוטע חברה"? וואָס דאַרפען זיי צו מיר? וואָס קעהר איך זיך אָן מיט זיי?

— איהר קעהרט זיך טאַקי מיט זיי גאָר ניט אָן — אמת; נאָר וויל באָרים און מיר אַלע האָבען באַשטימט, אז היינטיגע וואָך מוז מען אָפּזוכען א מיטעל, ווי אזוי באָרים מיט ראָזען זאָלען...

— ששששא! — האָט איהם בערטע איבערגעשלאָגען, אַרומ־קוקענדיג זיך אויף אַלע זייטען. — קומט אריין אין זאַל אריין!

בערטע האָט זיך בעטראַכט, אז זי האָט זיך שוין צו גראָב בעגאַנגען מיט דעם דאָזיגען יונגען מענשען, האָט זי איהם גע־בעטען זיך זעצען אויף א קרעסלע, און אַליין איז זי אַוועקגעלאָפען צו זיך אין צימער און איז באַלד ארויסגעגאַנגען פון דאָרטען אין איין אַנדער קלייד, מיט א שען שאַלעבעל אויף די פּלייצעס, וועלכעס האָט בעדאַרפט צוגעבען חן איהר פּנים. מיר האָבען פריהער פערגעסען בעמערקען, אז בערטע שימשעלביין האָט ליעב געהאַט שען אָנטהון זיך און גאַנץ אָפט פערברענגען די צייט מיט'ן שפּיגעל. אויף יעדען יונגען מענשען האָט זי געקוקט ניט אַנדערש ווי אויף א העלד, וואָס שפּיעלט א ראָלע אין א ראָמאַן. דאָס גאַנצע לעבען, די גאַנצע וועלט איז ביי איהר געווען א ראָ־מאַן, א טרויעריגער ראָמאַן.

איינינע מינוט איז בערטע די גרושה געזעסען שטיל, אָהן ווערטער, און האָט בעטראַכט דעם דאָזיגען „העלד" פון קאָפּ ביז פּיס. אייזענשטאַדט האָט אויך בעטראַכט די מאַדאַם בערטע. צייט ער לעבט האָט ער נאָך אזא מיאוסע פרוי ניט בעגעגענט!

ענדליך האָט זי זיך צו איהם געווענדט, ארויסלאָזענדיג א גרינגען זיפץ און אויפהויבענדיג די אויגען ארויף:

— אפנים, אז איהר ווייסט שוין די טרויעריגע געשיכטע פון די דאָזיגע אומגליקליכע ליעבענדע?...

— „אומגליקליכע״? פאר וואָס אומגליקליכע?

— איהר ווייסט דען ניט, ווער זייערע עלטערען זענען? דאָס זענען דאָך דעספאָטען, טיראַנען, פאַנאַטיקער...

— נו, איז וואָס? — האָט זי אייזנעשטאַדט פערוואונדערט געפרעגט.

— וואָס הייסט, נו איז וואָס? איהר פרעגט נאָך? סטייטש! אַנדערע עלטערען וואָלטען זיך אליין געסטאַרעט זייערע קינדער גליקליך צו מאַכען. אַנדערע עלטערען וואָלטען פערשטאַנען, אז טאָמער גרייכען זייערע קינדער ניט צו זייער צוועק, וועלען זיי דאָס ניט אויסהאַלטען; זיי וועלען יונגערהייד געהן פון דער וועלט...

בערטע האָט ציגעטראָגען דאָס טיכעלע צו די אויגען, פון וועלכע עס האָבען שוין געראָנען טרערען. נאָר ווי פערוואונדערט איז זי געוואָרען, אז זי האָט דערהערט פונ׳ם דאָזיגען יונגען דיפּ־לאָמאַט אזא מין ענטפער:

— מיר דאַכט, אז איהר האָט א טעות: איך ווייס ניט, ווי אזוי זי, ראָזע, — נאָר באָריס וועט זיך שטאַרק ניט נעמען צום הארצען, אויב ער וועט ניט דערגרייכען זיין צוועק... פאַר־שטעהט זיך, אז דאָס זאָג איך נאָר אייך, ווייל איהר זענט א פרעמדע; ראָזע דאַרף דאָס ניט וויסען. איהר פאַרשטעהט?...

— איך זעה שוין, וואָס פאר א גוטער פריינט איהר זענט באָריסען! איך פאַרשטעה, איך פאַרשטעה! איהר זענט איהם מקנא — איהר זענט ווי אלע מאַנסבילען...

בערטע איז פערפלאַמט געוואָרען פאר כעס. אייזענשטאַדט האָט זיך צעלאַכט:

— מקנא? יאָ, אודאי בין איך איהם מקנא, נאָך איידער איך האָב אָנגעקוקט די טייערע ראָזע...

בערטע איז געוואָרען אויסער זיך פאַר כעס. זי איז אויפ־געשטאַנען פונ׳ם בענקעל און האָט זיך צו איהם געווענדט שוין מיט אַזעלכע רעד:

— זאָגט, וואָס דאַרפט איהר!...

— איך דאַרף מיט אייך איבעררעדען וועגען מיין חבר באַ־רים פרידמאַן, וואָס וויל חתונה האָבען פאַר ראָזע פוהרמאַן ניט שפּעטער ווי היינטיגע וואָך.

בערטע האָט זיך צוריק אַנידערגעזעצט איבערראַשט.

— היינטיגע וואָך?! חתונה האָבען? היינטיגע וואָך?...

בערטען האָט אַ גאַס געטהאָן דאָס בלוט אין פּנים אריין פאַר פרייד און פאַר פּחד. שוין דריי יאָהר, אז די דאָזיגע ליעבע ציהט זיך און ציהט זיך, אָהן אַ עק, אָהן אַ סוף. אָבער אַ מאָל הייסע בריוולעך און וויעדער אַ מאָל הויכע ווערטער — פון חתונה האָבען האָט נאָך קיינער פון זיי ניט געפּרובט שמועסען. בערטע האָט תמיד געטראָגען די דאָזיגע אידעע ביי זיך אין האַר־צען, נאָר זי האָט ניט געהאַט די שטאַרקייט פאָרצולעגען אַזאַ געדאַנק פאַר די גליקליכע ליעבענדע, וועלכע האָבען איבערגע־לעבט אַ לאַנגען און אַ זיסען חלום. און איצט הערט זי פונ׳ם ראָזיגען יונגען מענשען אַזעלכע עפענטליכע פּראָסטע ווערטער. איז דאָס מעגליך?...

— וואָס האָט איהר געזאָגט? — פרעגט בערטע נאָך אַ מאָל. — חתונה האָבען? היינטיגע וואָך? קאָן דאָס דען זיין?

— פאַר וואָס דען ניט? — האָט זי אונזער דיפּלאָמאַט איבערגעפרעגט, קוקענדיג איהר גלייך אין די אויגען אריין.

— ווי אַזוי? ווי אַרום? אויף וואָסער אופן?...

— זעהר פּשוט; זיי וועלען זיך אַרויסכאַפּען ביינאַכט, בעת אַלע שלאָפען, און וועלען אַוועקפאָהרען ערגיץ אין אַ שטעדטעל און דאָרט שטעלען אַ חופּה...

— אין א שטעדטעל ?... א חופה ?... אך, וואָס פאַר א טייערע, וואָס פאַר א גליקליכע אידעע !...

עס האָט זיך איהר באַלד פאָרגעשטעלט א בילד, פּונקט ווי ער ווערד בעשריבען אין די ראָמאַנען: א צויבערליכע זומער־נאַכט... די לבנה לייכט... דער סאָלאָוויי זינגט... די ליעבענדע געהען געאָרעמט, שטאַרק צוגעדריקט איינער צום אַנדערען... וואָס קאָן נאָך זיין שענער פון דעם ?

— זיי ווייסען דען, ווי אַזוי, וואוהין צו אַנטלויפען ? — האָט איהם בערטע א פרעג געטהאָן. — און טאָמער נעמט מען זיי איבער ?...

— דאָס איז א קלייניגקייט. — האָט איהר דער דיפּלאָמאַט געענטפערט. — זיי וועלען ניט זיין אַליין.

— זיי וועלען ניט זיין אַליין ? ווער זשע וועט זיין מיט זיי ?

— איך וועל זיין; מיר וועלען אַלע זיין, אויב מע וועט נאָר דאַרפען. — האָט איהר אייזענשטאַדט געענטפערט.

בערטאַ האָט זיך אויפגעהאַפּט פון׳ם בענקעל און האָט אָנגע־נומען אייזענשטאַדטען ביי דער האַנד און האָט זי שטאַרק־שטאַרק געדריקט.

— איהר זענט איין אָרענטליכער מאַן ! איהר זענט א העלד ! א העלד !...

אייזענשטאַדט האָט איהר דערויף גאָרניט געענטפערט; ער האָט נאָר בעטראַכט די דאָזיגע גרושה, וואָס האָט לאַנג־לאַנג געהאַלטען זיין האַנד אין איהר האַנד...

* * *

פאַרנאַכט, אַז אונזער דיפּלאָמאַט איז געקומען צו בערטע דער גרושה, האָט ער זיי געטראָפעןביידע — בערטע מיט ראָזען; זיי זענען געזעסען ביידע אויף איין קאַנאַפּע, ביידע פערפלאַמט, ביידע פערוויינט, און דאָך ווי גרויס איז געוועזען דער קאָנטראַסט צווישען די דאָזיגע צוויי פרויען: איינע איז געוועזען מיאוס ווי

דער טוידט. און די אנדערע — שען ווי די וועלט, ליכטיג ווי די זון און פריש ווי דער חודש מאי! ראָזע, וועלכע די מאדאם פרידמאַן האָט אָנגערופען „די קארליטשקע”, איז טאקי באמת נישט געוועזן קיין הויכע, נאָר איהר ליכטיג געזיכט, איהרע געדיכטע שווארצע האָר, איהרע קליינע ווייסע הענטלעך, איהר שען מיילכען און איהרע שווארצע טיעפע אויגען האָבען אזוי גוט געהארמאָנירט צווישען זיך, אז אונזער דיפּלאָמאט, וואָס האָט נאָך ביז אהער קיין צייט ניט געהאט זיך צוצוקוקען צו שענע מיידלעך, איז א ביסעל ווי צעמישט געוואָרען און האָט זיך ניט געקאָנט געפינען קיין אָרט נאָכדעם, ווי די מאדאם שימשעלביין האָט איהם פאָרגעשטעלט פאר איהר.

בערטע איז אוועקגעגאנגען שטעהן ביי דער טיר, ווי איהר שטייגער איז, אכטונג געבען, טאָמער געהט עמיצער אריין, און אייזענשטאדט איז איבערגעבליבען אויג אויף אויג מיט ראָזע פוהרמאַן. אך! וואו איז אהינגעקומען זיין שטארקייט, זיין פּראַקטיקייט? ער האָט נישט געקאָנט עפענען דאָס מויל צו רעדען א האלב וואָרט, און פאר גרויס חרפּה און צעמישטקייט האָט ער אומגעהרען מיט'ן עלענבויגען צעבראָכען דאָס גלאָז פונ'ם שפּיעגעל, וואָס איז געשטאנען הינטער זיינע פּלייצעס... בערטע איז אריינגעלאָפען ניט טוידט ניט לעבעדיג, און צונויפ־קלייבענדיג דאָס צעבראָכענע גלאָז, האָט זי געוואָלט טרייסטען דעם אומגליקליכען דיפּלאָמאט. נאָר מעהר זי האָט גערעדט, איז ער אלץ מעהר צעמישט געוואָרען — ביז ער איז ענדליך אויפ־געשטאנען, געחאפּט דאָס היטעל, א נייג געטהאָן זיך צוביידע דאמען, עפּיס א מורקע געטהאָן אונטער דער נאָז, עפּיס זעהר נאריש, און ארויס פון בערטע דער גרושה'ס הויז.

אָט ווי אזוי עס האָט זיך געענדיגט דער ערשטער דיפּלאָ־מאטישער ארויספאָהר פון אונזער יונגען, נאָר זעהר בעגאבטען אייזענשטאדט!

## דאָס פיערצעהנטע קאפיטעל.

אלע הארעוועז צוליעב דעם פרינץ.

אין דער דאָזיגער צייט ווען אייזענשטאדט מיט בערטע שימשעלביין האָבען געפּלאָנעוועט, ווי אזוי מיטצוהעלפען באָרים פרידמאנען מיט ראָזע פוהרמאַן, איז אונזער פּרינץ באָרים געזעסען צעלעגט ביי דער מאדאם רעגענבויגען אין גאסט־צימער אויף א פאָטעל מיט א ציגאר אין די צייהן, א פוס פערלעגט איבער א פוס, די הענד אין די קעשענעס, און האָט דערצעהלט, ווי גלענצענד ער האָט אָפּגעגעבען דעם לעצטען עקזאמען, ווי אזוי עס שטעהט איהם פאָר א שווערע צייט דעם אוניווערזיטעט דורכצומאכען, ווי אזוי ער רעכענט נאָכדעם פאָהרען קיין אויסלאַנד שטודירען.

אקעגען איהם זיצט די מאדאם רעגענבויגען, נישט קיין יונגע דאמע מיט געלע האָר און מיט עטליכע בראָדעווקעס אויפ׳ן פּנים, און ביי דער זייט, מיט ביכלעך אין די הענד, זיצען איהרע צוויי טעכטער, אויך געלע, געראָטענע איינע אין דער אנדערער, פונקט ווי צוויי טראָפּען וואסער.

מאשא און פאשא (אזוי רופט מען זיי) קענען שוין פון לאנג באָריסען. זיי געדענקען איהם נאָך, אז ער איז ארומגעלאָפען איבער׳ן מארק מיט זיינע אָפּגעריסענע חברים און בעפאלען מענשען אין די גאסען. נאָר פון יענער צייט איז שוין אוועק א סך

יאָהרען, און באָרים איז שוין ניט יענער באָרים, וואָס אַמאָל — ניין! דאָס איז שוין אַ יונגער מאַן מיט שענע מאַניערען, אַ גע־בילדעטער, אַ קלוגער, אַ פּריילַיכער און — אַ „סטודענט"!... מאַשאַ און פּאַשאַ —ביידע ווינשען זיך מיט'ן גאַנצען הארצען נישט קיין ערגערע חתנים, ווי באָרים פרידמאַן. זיי ווייסען אָבער גאַנץ גוט, אַז באָרים פרידמאַן וועט ניט נעמען ניט מאַשען און ניט פּאַשען: באָרים פרידמאַן פאָהרט קיין פּעטערבורג, און נאָכדעם קיין אויסלאַנד... נאָר איין מאַדאַם רעגענבויגען האָט נאָך אַ האָפענונג, אַז באָרים פרידמאַן וועט — ניט היינט איז שפּעטער — געוויס זיין איהר איידעם. און פאַר וואָס דען ניט? דער הערר רעגענבויגען איז רייכער פון פרידמאַנען און קאָן געבען אַ הונדערט טויזענד רובעל נדן, און די מאַדאַם פרידמאַן, מיט וועלכער זי לעבט אַזוי צונויפגעלעגט, האָט איהר ניט איין מאָל געגעבען אָנצוהערען, אַז, אדרבה, זי וואָלט נאָך זעהר געווען צו־פריעדען...

— איהר געהט היינט אין טהעאַטער אריין? — פרעגט איהם די מאַדאַם רעגענבויגען און וואַרפט איין אויג אויף די טעכטער, וואָס ווערען ביידע רויט ווי פייער.

— דאָ אין טהעאַטער? — ענטפערט באָרים. — פע! אין פּעטערבורג איז האָטש כדאי צו געהן אין טהעאַטער, אָדער, אַשטייגער, אין אויסלאַנד... נו, און איהר געהט אין טהעאַטער? — האָט זיך באָרים פערחאַפּט.

— מיר האָבען שוין אפילו בילעטען! — ענטפערען איהם ביידע רויטע מיידלעך און ווערען נאָך רויטער.

— אַך, פאַרדאָן! — זאָגט צו זיי באָרים. — אויב אַזוי, געה איך אויך מיט אייך.

די מאַדאַם רעגענבויגען ווערד צעגאַנגען פאַר נחת. אין איהר פאַנטאַזיע שטעלט זיך איהר שוין פאָר, ווי אַזוי באָרים געהט־צו צו איהר און בעט זי גראַטולירען. זי ווייסט נאָר ניט, ווער פון די ביידע איז די כלה: מאַשאַ, צי פּאַשאַ?... נאָר עס

איז קיין חילוק ניט. אבי באָרים איז איהר איידעם. זי זאָגט צו זיין מוטער: „איאָ? וואָס האָב איך אייך געזאָגט?“ און די מאַדאַם שפּיעגעלגלאָז ווערד אלערליי קאָליערען פאַר קנאה. און די מאַדאַם שטעכענהאָלץ קוויטשעט מיט איהר קול: „עס קאָן ניט זיין! עס קאָן ניט זיין!“...

נאָר ניט אַזוי קלערט די מאַדאַם פרידמאַן. די מאַדאַם פרידמאַן קוקט אַ סך ווייטער און אַ סך העכער! זי חלומ׳ט איצט, אַז איהר באָרים וועט ווערען אַ מיליאָנער!

ווי אַרום? — זעהר פּשוט! צו וואָס טויג איהם שטודיערען? צו וואָס נוצט דאָס איהר, אַז איהר זוהן זאָל זיין אַ דאָקטאָר אָדער איין אָרעמער אדוואָקאַט! וואָס איז? ער קאָן זיך נישט דערשלאָגען צו אַ גרויסער, אַ גלענצענדער פּאַרטיע?... עס קאָן אַלץ געמאָהלט זיין! ובפרט נאָך אין אויסלאַנד, אַז מע וועט זיך נאָר בעקענען מיט איהר באָריסען!

דאָס זעלבע האָט געטראַכט דער פאָטער אויך, נאָר אויף איין אַנדער אופן:

„מיין ברוך איז נישקשה פון אַ שאַרלאַטאַן, כלעבען... אין איין זומער פערלעבט דריי טויזענד רובעל און אַ חוץ אָנגע׳חתמ׳עט וועכסלען אויף אַ פּאָר טויזענד רובעל! דו פערשטעהסט צי ניין? אַז מלכה וועט איהם אַזוי נאָכגעבען, קאָן ער ווערען ליטענגלייך... געלערענט, געלערענט — ביז מע האָט איהם ארויסגעטריבען פון דער גימנאַזיע. איין עק, אַ סוף — אוים לערנען! גענוג! מע דאַרף איהם נעמען אַ ביסעל צום געשעפט און ברעכען די ביינער, טאָמער וועט פון איהם ווערען חאָטש אַ שטיקעל מענש, דו פערשטעהסט צי ניין?“...

מיט איינעם וואָרט — אַלע האָבען גערעדט פון באָריסען, אַלע האָבען געבויעט אַנדערע פּלענער פון זיינטוועגען, אַלע האָבען איהם געוואָלט פערזאָרגען: דער פאָטער, די מוטער, די מאַדאַם רעגענבויגען, די מאַדאַם שטעכענהאָלץ, די מאַדאַם שפּיעגעלגלאָז, גאָלדענשטאַדט, זילבערשטאַדט, אייזענשטאַדט, בערטע שימ־

שעלביין און ראזע פוהרמאן — יעדער נאך זיין השגה און נאך זיין פערשטאנד; נאר איין מענש האט ווינציגער פון אלע געטראכט וועגען איהם; דער דאזיגער מענש איז געווען טאקי ער אליין.

גאנץ אויפגעלעגט איז ער זיך געזעסען אין טהעאטער צווי־שען מאשא מיט פאשא רעגענבויגען, וואס זענען געווען אויף דעם זיעבעטען הימעל פאר פרייד, פאר גדלות און פאר פערגע־ניגען. א! ווען די מאדאם שטעכענהאלץ זאל זיין אצינד אין טהעאטער! מיט וואסערע אויגען וואלט זי געקוקט אויף זיי!... נאר די מאדאם שטעכענהאלץ איז אצינד גראדע ניט געווען אין טהעאטער; אויף איהר ארט איז געזעסען איין אנדער דאמע, וואס האט ניט אראפגעלאזט קיין אויג פון מאשא מיט פאשא רעגענבויגען און פונ'ם קאוואליער, וואס איז געזעסען צווישען זיי, ווי א פערשולדיגטער צווישען צוויי זשאנדארמען. די דאזיגע דאמע איז געווען נישט מעהר און נישט ווענינער ווי בערטע שימשעלביין.

איך ווייס ניט, אויב עס האט עמיצער אמאל, צייט די וועלט שטעהט, געווארפען אזעלכע פייערינע אויגען אויף זיין ערגסטען שונא, ווי בערטע שימשעלביין האט אין דעם אבענד געווארפען אויף בארים פרידמאנען... סטייטש! נאך א מאל! אין אזא צייט? אין טהעאטער? און מיט וועמען?

אויב איהר מיינט אבער, אז בערטע שימשעלביין האט גע־מאכט דערפון א גאנצען עסק — האט איהר א טעות. בערטע האט טאקי ניט צוגעמאכט מיט קיין אויג א גאנצע נאכט און האט זיך געקאטשעט פון איין זייט אויף דער אנדערער, זיפצענדיג און קרעכצענדיג, נאר אויף מארגען, אז ראזע איז צו איהר גע־קומען, האט איהר בערטע אפילו נישט מזכיר געווען וועגען דעם, וואס איהרע אויגען האבען געזעהען אין טהעאטער. זי האט נאר אוועקגעשיקט איהר מענשען צו אליק דעם משרת, וואס האט שוין מיט'ן קוק פערשטאנען, וואס מע מיינט, און האט פון זיין זייט אויך א וואונק געטהאן צו זיין יונגען פרינציפאל. בארים האט

אבער איצט קיין צייט ניט געהאט צו געהן: ער איז געזעסען מיט דער מוטער און מע האט געפיהרט א נויטיגען שמועס. אליק האט דאס איבערגעגעבען בערטען, און בערטע האט בע־פוילען, אז אייזענשטאדט זאל, למען השם, קומען צו געהן וואס גיבער. אייזענשטאדט האט זיך באלד געגומען צו באריסען, אוועקגעפיהרט איהם ווייט אין גארטען אריין און האט מיט איהם געהאט זעהר א וויכטיגען שמועס.

אט וואס פאר א שמועס זיי האבען געהאט:

באריס פאהרט אוועק אין א חודש ארום מיט דער מוטער קיין אויסלאנד... ער דארף פאהרען; ער מוז פאהרען קיין אויס־לאנד: ערשטענס, א ביסעל צעשלאגען זיך די געדאנקען נאך דעם שענעם עקזאמען. צווייטענס, וועט ער זיך א ביסעל אויס־רייבען, אנטוויקלען. דריטענס, קאן ער ניט אפזאגען דער מוטער, וועלכע האט איהם אזוי ליעב. פיערטענס, איז דאס טאקי זעהר א נויטיגע זאך: זעהען א נייע וועלט. פינפטענס, איז דאס איהם זעהר נוצליך פשוט פאר'ן געזונד... און וואס קעהר זיך דאס אן מיט דער „אידעע", מיט זיין ראזע, וועלכע וועט איהם לייכטען אומעטום ווי א גלענצענדער שטערן?... וויבאלד ער וועט נאר קומען צוריק, אזוי וועט ער זי מיט געוואלד אויסרייסען פון די הענד פון די דעספאטען און וועט אוועקפאהרען מיט איהר ווייט־ווייט. דערוויילע וועט ער זיך מיט איהר איבערשרייבען אפט, אלע טאג, אלע טאג...

די גאנצע צייט האט אייזענשטאדט געהאלטען דעם קאפ אראפגעלאזט און האט ניט געענטפערט דאס צווייטע ווארט. נאר אז באריס האט געענדיגט, האט ער אויפגעהויבען דעם קאפ, אנידערגעשטעלט זיינע גלעזערנע באנקעס אויף באריסען און האט איהם א פרעג געטהאן:

— באריס! זאג מיר דעם רעכטען אמת: דו האסט ליעב ראזען? דו האסט זי שטארק ליעב?...

— אייזענשטאדט! דו ביזט משוגע, צי וואס?... צי האָב איך זי ליעב? וואס פרעגסט דו?...

אליק האָט געזוכט באָריסען אין גאָרטען און האָט איהם גע־זאָגט אז דער פאָטער רופט איהם. באָריס האָט זיך מחיה געווען: די גלעזערנע באנקעס פון זיין חבר אייזענשטאדט זענען פאר איהם געווען זעהר שווער איבערצוטראָגען... דעם גאנצען טאָג האָט זיך באָריס אויסבעהאלטען פון איהם.

פארנאכט, אז אייזענשטאדט איז אוועקגעגאנגען צו בערטע דער גרושה, איז איהם געוואָרען גרינגער אויפ'ן הארצען...

## דאָס פופצעהנטע קאַפּיטעל.

יעדער האט זיך זיין פעקעל.

אָט וואָס פאַר אַ בריוועל ראָזע פוהרמאַן האָט יענע טעג בעקומען פון איהר באַריסען:

„טייערע, טייערע ראָזע מיינע! איך קוש דיך פון דער־וויטענס. צו מיין אומגליק קאָן איך דיך נישט זעהען... אָ! דו פערשטעהסט וואָס הייסט ביי מיר דיך ניט זעהען?... מע היט מיך... מע קוקט אויף מיר מיט טויזענד אויגען... מיין מוטער האָט מיך אַזוי ליעב, אַז זי לאָזט מיך ניט אָפּ אויף קיין מינוט. אָ! איך בין איין אומגליקליכער!... איך בעט דיך, ראָזע, נעם־צו מיין חבר אייזענשטאַדט גלייך ווי מיך אַליין. דאָס איז אַ זעל־טענער אָרענטליכער, גוטער מענש! פאַר איהם איז ניטאָ קיין סודות — ער מעג אַלץ וויסען, ער ווייסט אַלץ און איז אַזוי קלוג, אַזוי געטריי און איבערגעבען מיט'ן גאַנצען לעבען!"...

יאָ, אמת. אייזענשטאַדט איז טאַקי אַ גאַנץ אָרענטליכער מאַן, אַ גוטער, אַ קלוגער. ראָזע האָט אָבער אַ סך בעסער גע־וואָלט זעהען זיך מיט איהר באַריסען. ווי מיט אייזענשטאַדטען. זעהען באַריסען איין מינוט. הערען פון איהם איין איינציג וואָרט איז ביי איהר געווען אַ סך טייערער און ליעבער, ווי צו זעהען אייזענשטאַדטען דריי שעה כסדר און רעדען מיט איהם אַ גאַנצען טאָג!... אונזער יונגער דיפּלאָמאַט האָט דאָס זעהר גוט פער־

שטאַנען, נאָר וואָס האָט ער געזאָלט טהון, אז באָרים האָט פאָרט ניט געקאָנט קומען אהער? אייזענשטאַדט האָט איהר אויסגע־וויזען מיט אזעלכע ראיות, אז ראָזע האָט ניט געקאָנט קלערען אַנדערש. אין א צייט פון צוויי וואָכען האָט אייזענשטאַדט אַרויסגעזעהן, אויף וויפיעל ראָזע'ס ליעבע צו זיין חבר איז שטאַרק, אַז אויסער באָריסען האָט פאַר איהר נישט עקזיסטירט קיין מענש, קיין וועלט, קיין ליעבע, קיין גליק; „באָרים" — אָט דאָס איז געוועזען איהר גאָט, אויף וועלכען עס איז נעהאַנגען איהר גאַנצע האָפענונג אין לעבען. איינס פון די צוויי: אָדער באָרים, אָדער דער טוידט!...

וועגען דעם האָט אייזענשטאַדט גענוג נעכט פערבראַכט אין שמועסען מיט בערטע שימשעלביין.

— שלעכט, בערטע! — האָט ער איהר איינמאָל געזאָגט, בעת זיי זענען געבליבען אַליין ביינאַכט אין זאַל אויף דער קאַנאַפע. — שלעכט! מע דאַרף זעהען נעמען אַנדערע מיטלען ער זאָל ניט פאַרשוואונדען ווערען פון אונזערע הענט...

— ווער? ווער זאָל ניט פאַרשוואונדען ווערען? — האָט איהם בערטע מיט שרעק איבערגעפרעגט.

— אונזער פרינץ, באָרים...

בערטע האָט א פאַטש געטהאָן מיט די הענד און כמעט וויינענדיג אַרויסגערעדט:

— אייזענשטאַדט! איהר זענט א שלעכטער! איהר האָט תמיד ליעב צו זאָגען אזעלכע שרעקליכע זאַכען, אַז עס איז גאָר א מורא מיט אייך צו רעדען!...

אייזענשטאַדט האָט אויף איהר אַנידערגעשטעלט זיינע גרויסע אויגען, וועלכע זענען ניט געוועזען אזוי בייז און מורא'דיג, ווי די מאַדאַם שימשעלביין האָט געמיינט. זי האָט איהם נאָך א מאָל איבערגעפרעגט:

— איך פאַרשטעה ניט, וואָס איהר מיינט... וואָס ווילט איהר זאָגען?... באָרים האָט ניט ליעב ראָזען?...

— ניין, פּאַרקעהרט, ער האָט זי דוקא ליעב. נאָר עס קאָן זיך טרעפען, אַז ער זאָל אַנטלויפען... אויסרייסען זיך — און אַנט־לויפען פון ראָזען אויף תמיד...

אַזעלכע מרה־שחורה'דיגע געדאַנקען האָבען שטאַרק געווירקט אויף דער מאַדאַם שימשעלביין; איהרע טרערען, וואָס האָבען זיך קיינמאָל לאַנג ניט געלאָזט בעטען, האָבען זיך איצט ווי פון אַ קוואַל געגאָסען. אייזענשטאַדט האָט אין דער דאָזיגער צייט אַריינ־געקוקט אין בוך אַריין, און אַז ער האָט דערזעהען, אַז די טרערען הויבען אָן ווערען שיטערער און די אויגען טריקענער, האָט ער זיך ווידער צוגערוקט צו בערטע דער גרושה און האָט איהר איבער־געגעבען זיינע געדאַנקען, פאַר וואָס ער קלערט אַזוי, און די מאַדאַם שימשעלביין האָט ענדליך געמוזט איינשטימען מיט איהם, אַז ער האָט רעכט, — ניט אינגאַנצען, נאָר אַ ביסעל.

— וואָס זשע טהוט מען דערצו? — האָט זי איהם געפרעגט.

— מע דאַרף ניט שלאָפען. מע דאַרף זיך באַקלערען. איך וועל פּרובען, טאָמער וועט מיר געראָטען...

— אייזענשטאַדט! איהר זענט דער עהרליכסטער, דער בעס־טער מענטש אויף דער וועלט! איהר זענט אַווירקליכער העלד!...

* * *

וואָס געהט דאָס אָן באָריסען, וואָס זיינע פריינד האָרעווען אַזוי פון זיינעטוועגען? דער דאָזיגער וואוילגעבוירענער פּרינץ, דער קינפטיגער יורש פון דער גלענצענדער פירמע „פרידמאַן", איז פון קינדווייז אָן אויפגעצויגען געוואָרען דערויף, אַז אַלע דאַרפען האָרעווען אויף איהם, און עס וואָלט איהם גאָר געווען אַ וואונדער, ווען עמיצער זאָל פרעגען, פאַר וואָס איז דאָס אַזוי? בטבע ניט קיין שלעכטער, מיט אַ ווייך הארץ, האָט איהם די ברייטע ערציהונג געמאַכט פאַר אַ מענשען מיט אַ שוואַכען, נאָר אַ גוטען כאַראַקטער. דערפאַר האָט איהם יעדער ליעב געהאַט און געשעצט נאָך זיין ווערטה. אויף זיין לעבען האָט ער נאָך קיינעם ניט אָפּגעזאָגט,

וואָס מע האָט ביי איהם געבעטען, און געגעבען און געטהאָן מיט דער ברייטער׳ האַנד, וויפיעל ער האָט נאָר בכח געהאַט צו געבען און צו טהון; און הגם אייזענשטאַדט האָט נאָך פון איהם קיין שום טובה נישט געהאַט און ניט געפאָדערט, דאָך האָט זיך באָרים ניט געפרעגט, פאַר וואָס לויפט דער דאָזיגער דיפּלאָמאַט אַלע טאָג, ווי א פער׳סמ׳טע מויז, צו בערטע דער גרושה מיט זיינע קוויטלעך צו ראָזען און מיט ראָזע׳ס בריוועלעך צוריק? עס איז א סברה, אַז אייזענשטאַדט אַליין האָט זיך אויך ווייניג בעשעפטיגט מיט דער דאָזיגער פראַגע, פאַר וואָס עס ציהט איהם עפּיס אַהין? ערשט נאָכדעם, אין א צייט אַרום, דעמאָלט ווען ראָזע... נאָר מיר פער־לויפען צו פריה; עס איז ניטאָ קיין ערגערע זאַך ווי דאָס, וואָס דער שרייבער האָט קיין צייט ניט און חאַפּט איינס פאַר דאָס אַנ־דערע, גלייך ווי עמיצער שלאָגט איהם האַלז און נאַקען... האָב צייט — ס׳וועט ניט אַנטלויפען!

גאָלדענשטאַדט און זילבערשטאַדט האָבען זיך תחילת אפילו יאָ א ביסעל געוואונדערט דערויף, וואָס דער דיפּלאָמאַט פערברענגט טעג מיט נעכט ביי דער „גרושה“, נאָר ווייטער־ווייטער האָבען זיי אויפגעהערט זיך צוקוקען דערצו, ווייל יעדער מענש האָט זיך זיין פּעקעל.

גאָלדענשטאַדט און זילבערשטאַדט זענען געווען אַזוי שטאַרק פערנומען מיט זייערע אייגענע פּעקלעך, אַז עס איז זיי שוין גאָר אין קאָפּ נישט געקראָכען באָרים פרידמאַנ׳ס ליעבע מיט אייזענ־שטאַדט׳ס דיפּלאָמאַטיע. גאָלדענשטאַדט און זילבערשטאַדט זע־נען געקומען אַהער צו זייער חבר, א ביסעל אָפּרוהען זיך פונ׳ם יאָהר, א ביסעל לעבען, אָנטרינקען זיך מיט דער פרייהייט איין מאָל פאַר אַלע מאָל, ובפרט אַז עס שטעהט נאָך פאַר זיי פאַר אַזא שווערער וועג, איין אוניווערזיטעט אויף פיער אָדער פינף יאָהר. מיט וואָס פאַר א זיסקייט ליגען זיי צוינד אויסגעצויגען אויפ׳ן גראָז ערגיץ אונטער א בוים און קוקען אַרויף אויפ׳ן בלויען זומער־דיגען הימעל! ווי טייער איז די פרייהייט! נאָר ניין, ניט דאָס,

וואָס זיי האָבען געזוכט, האָבען זיי דאָ געפונען. דאָס גרינגע שמעקענדיגע גראָז מיט די בלעטערדיגע בוימער האָבען זיי גיך פערביטען אויף דעם געלען מויער פון דעם הערר רעגענבויגען, און דעם בלויען זומערדיגען הימעל האָבען זיי פערביטען אויף די געלע, נאָר געזונטע און פרישע טעכטער פונ'ם הערר רעגענבויגען.

מאשא און פּאַשאַ רעגענבויגען זענען נישט קיין יונגע, נישט קיין שענע, נישט קיין איבעריג קלוגע, נישט קיין זעהר געבילדעטע — נאָר וואוילע מיידלעך, אויסגעצייכענטע מיידלעך. עס איז אַ פערגעניגען צו קוקען, ווי אַזוי די דאָזיגע צוויי שוועסטער געהען־ארויס אויפ'ן שפּאַציער תמיד געאָרעמט, שטענדיג צוזאַמען, גלייך געקליידט — נאַטירליך, זעהר עלעגאַנט, און נאָך דער לעצטער מאָדע — שטענדיג אין איין צייט, שטיל, פיין, בנעימות, ליעבליך, פריינדליך — פּונקט ווי שוועסטער דאַרפען געהן. קיינער וועט גאָר ניט וועלען גלויבען, אַז ביי זיך אין דער היים זענען זיי צווישען זיך די ערגסטע שונאים און רייסען זיך הונדערט מאָל אין טאָג, ווי די קעץ. וואָס איז דאָ צו וואונדערען זיך? גאָט האָט זיי אַזוי שוין בעשאַפען, אַז זיי מוזען זיך קריעגען צווישען זיך, וואָרום אַז מאשא זאָגט „ווייס", מוז שוין פּאַשאַ זאָגען „שוואַרץ". עס קאָן זעהר געמאָהלט זיין, אַז עס איז דערפאַר, ווייל זיי זענען ביידע גלייך צערייצט, צעבייזערט דערמיט, וואָס זיי האָבען ביידע רויטע האָר מיט לאַנגע שפּיצעביגע נעזער און גרויסע אויהערען; עס קאָן זיין, אַז דערפאַר, ווייל זיי זענען ביידע אַ ביסעל אריבערגעוואַכסען, ביידע פערזעסענע, אָהן חתנים; און עס קאָן זיין, אַז דערפאַר, ווייל מאשא האָט גערעכענט, אַז איבער פּאַשאַ'ן איז זי אַזוי אומגליקליך, און פּאַשאַ האָט געדרונגען פערקעהרט, אַז די גאַנצע צרה איז ווייל זי האָט איין עלטערע שוועסטער, וועלכע הייסט מאשא... נאָר ווי אַזוי די מעשה איז דאָרט געווען, — די דאָזיגע צוויי שוועסטער האָבען געפיהרט צווישען זיך מלחמה אַ צייט מיט יאָהרען. נישט דער פאָטער, וואָס איז זעלטען אין דער היים געווען, נישט די מוטער, וואָס האָט מורא געהאַט אריינ־

מישען זיך צווישען זיי, האָבען זיי נישט געשטעהרט צו קריעגען זיך, זידלען זיך, שעלטען זיך — און אָפטמאָל — צווישען אונז זאָל עס בלייבען — טאַקי פּאַטשען זיך...

כעס איז, געוועהנליך, ניט אזא טייערע מעלה; דאָך פערשטעהען מיר, אז יעדער האָט אַ גאָל און אַ מענש איז ניט קיין אייזען. ווי אזוי זאָל מאַשאַ ניט זיין אין כעס אויף פּאַשאַ'ן, אַז זי פערגינט זיך נאָך שפּארען און זאָגען אויף צו־להכעיס, אַז זיל־בערשטאַדט איז אַ שוטה?

— ער איז קליגער פון דיר, מאַשאַ!

— פּאַרשטעהט זיך: פּאַשאַ אליין זאָגט אזוי — דאַרף מען איהר גלויבען! איהר ווייסט, ווער עס זאָגט? דאָס זאָגט פּאַשאַ, מיין שוועסטער פּאַשאַ! איהר קענט זי, צי ניין?...

— צי מיך קען מען, צי ניט, — דיך, מאַשאַ, קען מען אודאי! מע קען דיך, דאַנקען גאָט, אומעטום, מע קען דיך. מע האָט געהערט פון דיר...

— געלויבט איז גאָט, וואָס מע קען מיך! מע וואָלט מיך נאָך מעהר געקענט, ווען איך זאָל ניט האָבען דיך פאַר אַ שוועס־טער!...

— ע? איך מאַך דיר קאַליע? איך פאַרשטעה!...

— דו מאַכסט מיר קאַליע? דו? דו?... וואָס איז? ווער ביזט דו אַזעלכע? ווער ביזט דו? אדרבה, ווער ביזט דו?...

— ווער איך בין? עס איז שוין גענוג פאַר מיר, אַז איך בין מיין שוועסטער'ס אַ שוועסטער!...

— צו פיעל כבוד פאַר דיר! וואָלסט זיך שוין טאַקי, בלע־בען, געמאַגט אריבערטראָגען מיט'ן פּעקעל אהין, וואו מע האָט שוין לאַנג צוגעגרייט פאַר דיר איין אָרט!...

— דו ביזט עלטער, שוועסטער־לעב!...

— ע? דו הויבסט שוין אָן צו שעלטען? נאַ זשע דיר! נאַ! נאַ!...

— גאָ דיר צוריק!...

. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .
. . . . . . . . . . . . . . . .

און עס קומט צווישען זיי פאָר אַזעלכס, וואָס עס פּאַסט ניט פאַר קיין פריילינס, וועלכע שפּיעלען פּיאַנע און האַלטען אַ ביכעל אין דער האַנד. און דעריבער האָבען מיר אויסגעשטעלט דריי שורות מיט פּינטעלעך.

און מערקווירדיג! טאָמער האָט עמיצער געזאָגט אַ שלעכט וואָרט אויף מאַשאַ'ן, האָט פּאַשאַ יענעם געקאָנט אויסרייסען די אויגען, און ווידער צוריק, ווען פּאַשאַ איז ניט געזונד געווען, האָט מאַשאַ ניט צוגעמאַכט מיט קיין אויג גאַנצע נעכט און איז אויס־געזעסען נעבען איהר טאַקי נאָר ווי אַ שוועסטער קאָן זיצען. עס איז זיי שווער געווען צו נעמען אויף די געדאַנקען, וואָס וועלען זיי טהון, אַז זיי וועלען זיך דאַרפען צעשיידען, צעשיידען אויף תמיד, אויף אייביג? דער דאָזיגער געדאַנק האָט נישט איין מאָל ארויסגערופען טרערען אויף זייערע אויגען, געוועהנליך, בעהאַל־טענדיג איינע פאַר דער אַנדערער. נאָר גאָט דער האַר האָט זיי אָפּגעהיט פון צעשיידען זיך, און עס איז זיי בעשערט געווען צו פערברענגען אַלע זייערע בעסטע יונגע יאָהרען נאָר צוזאַמען, און דאָס דאָזיגע האָט זיי געמאַכט נאָך מעהר בייז, נאָך מעהר צע־רייצט, ביז זיי זענען גאָר געוואָרען אָפּגעזונדערט פון זייערע אַמאָ־ליגע חבר'טעס און בעקאַנטע און פון דער גאַנצער שטאָדט, און דערפאַר האָבען זיי בעקומען אין שטאָדט אַ נאָמען: „די אַלטע מוידען"...

— אָן געהען זיי שוין, די אַלטע מוידען!... וואָס וועלען זיי אויסזיצען, איך בעט אייך? רעגענבויגען איז ניט קראַנק צולעגען נאָך עטליכע צעהנדליג טויזענד רובעל און קריגען זיי חתנים, חאָטש וואָסערע חתנים ס'איז, אבי זיי זאָלען זיך ניט ארומבלאָנקען אַזוי ביז צום גרויען צאָפּ!

און די צייט שטעהט נישט אויף איין אָרט. איין יאָהר יאָגט דאָס אנדערע. דער הערר רעגענבויגען קומט פון פעטערבורג און פאָהרט ווידער אוועק אויף א גאַנץ יאָהר צו זיינע געשעפטען. די מאדאם רעגענבויגען קוקט אויף די טעכטער מיט רחמנות און זיפצט און קרעכצט, אָדער זי געהט אוועק צו דער מאדאם פריד־מאַן און ברענגט פון דאָרטען פעק מיט רכילות. און ווידער די אייגענע בלאָטע פאר פסח. ווידער די שרעקליכע היצען מיט דעם שלעכטען ריח אום תמוז. ווידער די ברענענדיגע פרעסט אום ווינטער. אלץ די אייגענע האלב־איינגעפאלענע קלייטען מיט די פערריאָמערטע קרעמערקעס אין מארק, וואָס שלעפען פאר די פאָלעס. ווידער די אייגענע פיזיאָנאָמיעס מיט די קאָסטיומען אויף יעדען טריט. ווידער די אייגענע „אינטעליגענציע", וואָס פערפלייצט אלע שבת די באַרדיטשעווער גאַס, איינגעטונ־קען אין זייד און אין סאמעט מיט א סך רויטע, גרינע, בלויע, געלע סטענגעלעך אויף'ן האלז, מיט זיסע, זויערע, ביטערע, וויניגע, גע־זאלצענע שמייכעלעך אויף די ליפען... ווען וועט דאָס שוין האָבען איין עק? ווען וועט קומען א שרפה אויף דער דאָזיגער שטאָדט? ווען וועט קומען א מפלה אויף אלע מאנספערזאָנען?...

פונקט אין דער דאָזיגער צייט האָט זיי באָרים פרידמאַן פאָרגעשטעלט זיינע צוויי געטרייע חברים — גאָלדענשטאַדט און זילבערשטאַדט, אויף וועלכע די אויסגעטריקענטע שוועסטער זענען אָנגעפאלען, ווי די הונגעריגע ביינען. מיט כעס און מיט פרייד צוזאמען האָבען זיי זיך צוגעחאפט צו די דאָזיגע צוויי אומשולדיגע נפשות, וועלכע האָבען מעהר ניט געהאַט אין זינען נור דערטאַפּען זייער נדן... מיט וואָס פאר א נקמה האָבען זיי געקוקט אויף דער מאדאם פרידמאַן מיט איהר פרינץ, שפאציערענדיג אין גאָרטען געאָרעמט מיט גאָלדענשטאַדט און מיט זילבערשטאַדט!

— פארלע וואו פראנסע, מסיע גאָלדענשטאַדט? אך, פאר וואָס זאָלט איהר ניט קאָנען קיין פראנצויזיש, גאָלדענשטאַדט? א שאָד, א שאָד, וואָס איהר רעדט נישט קיין פראנצויזיש!...

וואָס לויפט איהר אזוי, גאָלדענשטאַדט ?... איהר זעהט, גאָלדענ־שטאדט, איהר זעהט אָט די דאָזיגע מאַמזעל ?... איהר זעהט זי נישט ? איהר זענט א קורצזיכטיגער ? פאַר וואָס זאָלט איהר ניט טראָגען קיין ברילען, קיין פּענסנע ?... ווי געפעלט אייך עפּיס מיין שוועסטער פּאַשאַ ?... איך זעה, איהר קוקט אויף איהר די גאַנצע צייט !... זי איז יונגער פון מיר... זי איז שענער פון מיר... אייער חבר איז עהרליכער פון אייך : ער טרעט נישט אָפּ פון פּאַשאַ'ן אויף קיין מינוט, קיין רגע... איהר קאָנט נאָר קאָמפּלי־מענטען מאַכען ! איך וויים ! איך ווייס !... וואו איז דאָס אייער דריטער חבר, אייזענשטאַדט ? פאַר וואָס ווילט איהר איהם קיינ־מאָל ניט ברענגען מיט זיך ? איהר האָט מורא, טאָמער וועט ער בעסער געפעלען פון אייך ?... מע זאָגט, אז ער איז זעהר איין אָרענטליכער מאַן, א זעלטענער מענטש... וואָס שווייגט איהר ? וואָס ווערד איהר רויט, בעת איהר ווילט עפּיס זאָגען ?...

אזוי, אָדער כמעט אזוי, בענעהט זיך אויך פּאַשאַ מיט איהר קאַוואַליער, מיט זילבערשטאַדטען. די דאָזיגע צוויי צערייצטע שוועסטער, מיט וועלכע די וועלט בעגעהט זיך אזוי אונמענשליך, ציהען ביי אונזערע בידנע סטודענטען די קליי, רייסען פון זיי פּאַ־סען, שלעפּען די אָדערען, העננען זיך צו זיי אויפ'ן האלז און מאַ־כען פון זיי חוזק מיט לייטישע געלעכטער... אָט גיט מען זיי א האָפענונג, אז אַלץ וועט זיין רעכט, אז זייערע הערצער מיט זייער פערמעגען וועלען גיך־גיך איבערגעגעבען ווערען צו זיי ; און אָט טהוט מען זיי א שמיץ פון זיך, און זיי פאַלען פונ'ם זיעבעטען הי־מעל אַראָפּ־אַראָפּ אויף דער ערד... אַלע טאָג, אַלע טאָג די זעלבע געשיכטע, אָהן איין עק און אָהן א סוף !

איז שוין א וואונדער, וואָס די דאָזיגע צוויי חברים וויסען ניט און ווילען נישט וויסען, וואָס עס טהוט זיך דאָרט ביי זייער חבר באָרים מיט זיין ראָזען, און וואָס הערט זיך עפּיס מיט אייזענ־שטאַדטען ?

יעדער האָט זיך זיין פּעקעל.

## דאָס זעכצעהנטע קאַפּיטעל.

אַלע צעפּאַהרען זיך.

די מאַדאַם פרידמאַן האָט שוין אָפּגעשמועסט מיט'ן זוהן מכח זייער ווייטער נסיעה קיין אויסלאַנד אויף קוראַציע, כדי צו בעקענען זיך אַ ביסעל מיט דער וועלט.

— דו פאַרשטעהסט צי ניין? — זאָגט צו איהר דער מאַן. — איך זאָג דיר, מלכה, אַז דו וועסט נאָכדעם אַליין חרטה האָבען. אונזער ברוך איז אַ צעבאַלעוועטער בן־יחיד, און דאָרטען קאָן פון איהם ווערען אַ שענער שאַרלאַטאַן. ער האָט פיינט האַלטען געלט ביי זיך און האָט ליעב קויפען אַלץ, וואָס דאָס אויג זעהט, און אַז עס געהט איהם אויס געלט, חתמ'עט ער וועכסלען. מיר וועלען איהם דאַרפען אין צוויי חדשים אַרום אויסקויפען פון אַ טורמע, אָדער זוכען ערגיץ גאַנץ ווייט... אונזער בן־יחיד איז טאַקי אַ וואוי־לער יונגאַטש, נאָר ער איז נאָך צו יונג און מוז האָבען אַ גיאַניע... ער האָט אַ צו ווייך האַרץ און מיינט, אַז ער איז רויטשילד'ס אַ יורש. דו פאַרשטעהסט צי ניין?...

— וואָס זשע ווילסט דו, מאָטעל? פאַר וואָס זאָלסט דו מיך אומזיסט מוטשען, ווען דו ווייסט, אַז עס וועט דיר ניט העל־פען? וואָס זשע דען זאָל ער טהון, אַ יונג קינד פון פאַרמעגליכע עלטערען?

— לאָז ער זיך פריהער באַקענען מיט'ן געשעפט דאָ, אויפ'ן אָרט, מלכה! לאָז ער זעהען, פון וואַנען דאָס עשירות צאַפּט זיך, און נאָכדעם, ווען ער וועט קאָנען איינבערענגען אַ קערבעל, וועט ער שוין ממילא קאָנען אויסברענגען אויך. דו פאַרשטעהסט צי ניין?...

— אַ? דו ווילסט איהם מאַכען פאַר אַ משרת? איך פאַר־שטעה שוין דיין ציעל! מאַטעל, עס וועט זיך דיר ניט העלפען, מאַטעל! באַרים פאָהרט מאָרגען אַוועק!...

* * *

מע פּאַקט און מע גרייט זיך אין וועג אַריין. אַ גרויסע בע־וועגונג אויפ'ן אייזערנעם באַלקאָן. די מאַדאַם פרידמאַן איז שטאַרק צעטראָגען. אַליין, מיט איהרע אייגענע הענד, לעגט זי צונויף דאָס גרעט, די מלבושים, דאָס עסענוואַרג. זי בייזערט זיך, קאָמאַנדעוועט און איז שטאַרק צעטראָגען. דערפאַר אָבער זיצט זיך דער הערר פרידמאַן אין קאַנטאָר און איז שטאַרק פערטיעפט אין די חשבונות. ער רופט צו דעם קאַסיר און שמועסט מיט איהם גאַנץ קאַלטבלוטיג וועגען די געשעפטען און מישט זיך ניט און פרעגט אפילו ניט, וואָס טהוט זיך דאָרט, אויפ'ן באַלקאָן.

ביי'ם טיש זיצען שוין אַלע אונזערע בעקאַנטע און מע וואַרט אויפ'ן בעל־הבית. די מוטער איז פערטראָגען מיט'ן טואַלעט. דער זוהן איז אויך שטאַרק צעפלאָכטען. ער היט זיך עפּיס פאַר אייזענשטאַדט'ס גרויסע אויגען, וואָס קוקען איהם גלייך אין האַרצען אַריין. ער שמועסט מיט גאָלדענשטאַדטען און מיט זילבערשטאַד־טען און מאַכט זיך, אַז ער לאַכט, און וויל, אַז זיי זאָלען אויך לאַ־כען. נאָר זיי לאַכען ניט. גאָלדענשטאַדט און זילבערשטאַדט זענען פערטראָגען אין זייערע אייגענע געשעפטען, און זייערע אויגען קוקען ערגיץ ווייט, אַהין, אין פענסטער אַריין, אויף דעם גע־לען מויער, דאָרט וואו זיי האָבען נעכטען געהאַט אַ לאַנגען שמועס מיט מאַשאַ'ן און מיט פּאַשאַ'ן, אַזאַ שמועס, וואָס זיי קאָנען פון

איהם בשום אופן ניט פערשטעהן, צי זאָלען זיי לערנען דעם פשט אזוי, צי אנדערש... דער טיש געהט־צו גאנץ שטיל; עס איז יע־דען עפּיס אָנגעזאָלצען אויפ'ן הארצען. נאָר איין הערר פרידמאַן איז ניט צעטראָגען.

— דו פארשטעהסט צי ניין? — זאָג דער בעל־הבית גאנץ רוהיג, פערנעמענדיג זיין אָרט און ניט קוקענדיג אויף קיינעם. — דו פארשטעהסט צי ניין? ער פלעגט מיר תמיד אראָפּוואַרפען פון טיי צוואַנציג פּראָצענט סקידקע, און איצט שרייבט ער, אז עס לוינט איהם ניט. איך האנדעל שוין מעהר ניט מיט איהם פון היינט אָן! איך געב איהם צו לייזען א יאָהר כמעט הונדערט און צוואנציג טויזענד רובעל, און אפשר נאָך מעהר. דו פארשטעהסט צי ניין?...

— די פערד זענען שוין גרייט! — זאָגט אליק נאָך דעם אָנ־בייסען און הויבט־אָן ארויסטראָגען די פולע טשעמאָדאַנעס. אלע קוקען זיך איבער. נאָר דער הערר פרידמאַן געהט־אוועק אין קאַנ־טאָר אריין און זעצט זיך צו די חשבונות. די מאדאם פרידמאַן וויל זיך שוין אָנהויבען געזעגענען, איז דער זוהן ניטאָ. וואו איז ער? אין גאָרטען, מיט אייזענשטאַדטען...

— איך בעט דיך, אייזענשטאַדט, טייערסטער פריינד, איך פארלאָז זיך אויף דיר, ווי אויף איין אייגענעם ברודער. דו פאר־שטעהסט?... זאָג איהר, אז נישט מעהר ווי אין דריי־פיער וואָ־כען ארום קום איך צוריק, און דעמאָלט... איך וועל איהר שיקען פון וועג אָפטע בריעף, אלע טאָג, צוויי מאָל, דריי מאָל א טאָג! אייזענשטאַדט, איך בעט דיך... אפשר דארף איך איהר אצינד אויך איבערלאָזען א בריעף? הא? ווי מיינסט דו, אייזענ־שטאַדט?...

— צו וואָס? מע דארף ניט. איך וועל איהר שוין אלץ איבערגעבען.

— אייזענשטאַדט! מיט וואָס קאָן איך דיר אָפּדאַנקען פאַר דיין גוט האַרץ, טייערער אייזענשטאַדט?... אין קיעוו וועל איך שטעהן אַ טאָג דריי — שרייב מיר אַהין אַ בריעף. זיי געזונט! גרעס ראָזען. זיי געזונט! זיי געזונט!

— פאָהר געזונט! פאָהר געזונט!

. . . . . . . . . . . . . . . .

— זיי געזונט, פּאַפּאַשאַ! — האָט זיך אונזער יונגער העלד געווענדעט צום פאָטער. — זיי געזונט!

— האַ? הונדערט אַכציג, צוויי טויזענד דרייהונדערט פופ־ציג, אַכט מיט פערציג, פיער מיט אַ האַלבע... אַ, דו פאָהרסט שוין?... און זיעבעציג, דריי טויזענד פיערהונדערט צוואַנציג, איינס מיט זעכציג, זעכס מיט דריי פערטעל... נו, פאָהר געזונט! און דרייסיג, נייען טויזענד מיט הונדערט, אַכציג אַכט מיט צוועלף דריי פערטעל... און זיי אַ מענטש, דו פאַרשטעהסט צי ניין?... גיט מיר אַהער דעם חשבון פון אַפּריל מיט'ן באַלאַנס!...

* * *

— זייט געזונט! — זאָגט גאָלדענשטאַדט, געזעגענענדיג זיך מיט מאַשאַ רעגענבויגען, און קוקט אַראָפּ צו זיך אויף די שפּיץ שטיוועל.

— פאָהרט געזונט! — ענטפערט איהם מאַשאַ רעגענבויגען, קוקענדיג אויף איהם מיט אַ געלעכטער. — פאָהרט געזונט! איהר זאָלט דאָס אנדערע מאָל זיין געהיט מיט אַ וואָרט און פריהער גוט באַקלערען, וואָס איהר ווילט זאָגען!... איהר זאָלט ניט מיינען, אַז מיר, פרויען, זענען אַזא וואַלוועלע סחורה, וואָס יעדער קאָן זי קויפען, אַבי עס לוינט זיך איהם... איך וויים, איהר וועט מיר זאָ־גען, אַז איהר האָט מיך ליעב, איהר געהט אוים נאָך מיינע טריט... זאָגט דאָס ניט: איך וועל אייך ניט גלויבען; ניט מיך מיינט איהר — איהר מיינט עפּיס אנדערש... איהר זאָלט מיך פאָלגען,

וואָלט איהר באַלד געגאַנגען זאָגען די דאָזיגע ווערטער אויך אייער חבר זילבערשטאַדט, בכדי ער זאָל זיך היטען און זאָל מיין שוועס־טער אַזעלכעס נישט פאַרלעגען, מחמת פון איהר קאָן ער אַ סך ערגער אָפּשניידען, ווי איהר פון מיר! מיין שוועסטער איז ניט פון די פריילינס, וואָס האָבען מורא פאַר אַ מאַנספּערזאָן און וואָס גלויבען איהם אויף נאמנות, ווען ער זאָגט, אַז ער האָט ליעב, ער געהט אויס, ער שטאַרבט!

. . . . . . . . . . . . . . . .

עס קאָן זיין, אַז אונזערע צוויי פיינע יונגעלייט, גאָלדענשטאַדט און זילבערשטאַדט, וואָלטען אפשר ניט אַזוי מיאוס בעהאַנדעלט געוואָרען פון די מאַמזעלען רעגענבויגען. ווען די דאָזיגע צוויי שוועסטער זאָלען ניט געווען זיין היינטיגען טאָג אַזוי צעבייזערט און צערייצט דערמיט, וואָס באָרים פרידמאַן, אויף וועלכען זיי האָבען ביידע אַרויסגעקוקט אַזוי לאַנג, איז אַוועקגעפאָהרען קיין אויסלאַנד און איז אפילו נישט געקומען מיט זיי זיך געזעגענען! דעם גאַנצען כעס מיט'ן פערדראָס האָבען זיי אויסגעלאָזט צו די צוויי אומשולדיגע העלדען, וואָס זענען אַוועקגעפאָהרען דעם זעל־בען טאָג פון דאַנען מיט צעבראָכענע הערצער, מיט צעוואַלגערטע לופט־שלעסער און מיט פּוסטע לעדיגע קעשענעס...

— פאַר'שרפ'עט זאָל ווערען די דאָזיגע שטאָדט מיט'ן גע־לען מויער און מיט די געלע אַלטע מוידען!... — האָט געבענשט גאָלדענשטאַדט, זיצענדיג אין אַ טרייסלענדיגביידעל און אַרומ־קוקענדיג זיך דאָס לעצטע מאָל אויף דער שטאָדט. וואָס האָט אַ פּנים געהאַט פון ווייטען, ווי אַ בערגעל, אויף וועלכען מע האָט אָנגעוואָרפען רויטע, געלע און שוואַרצע שטיינדלעך מיט מיסט און מיט שטרוי.

— אַ פּאָהיבעל זאָל קומען אויף אַלע אַלטע מוידען פון דער גאַנצער וועלט!... — האָט אונטערגעהאָלפען זילבערשטאַדט, אונ־

טערשפּרינגענדיג אין ביידעל און שלינגענדיג דעם גערדיכטען שטויב, וואָס קריכט אין די אויגען, אין נאָז און אין האַרצען.

* * *

נאָר איין אייזענשטאַדט איז געבליבען נעכטיגען אין דער דאָזיגער שטאָדט און האָט אין דעם אָבענד לאַנג פערבראַכט מיט „בערטע דער גרושה", וואָס האָט ניט אויפגעהערט צו וויינען, אָכקען און זיפצען.

ניט אומזיסט האָבען מיר אונזער העלד אייזענשטאַדטען גע־קרוינט מיט'ן טיטעל „דיפּלאָמאַט". אייזענשטאַדט האָט ווירקליך פערטראַכט גרויסע וויכטיגע פּלענער, ווי מיר וועלען דאָס ארויס־זעהן בעשיינפּערליך פון די וויי̇טעריגע קאַפּיטלעך פון אונזער אמת'ען ניט־אויסגעטראַכטען ראָמאַן.

## דאָס זיבעצעהנטע קאַפּיטעל.

אומגעריכטע בעגעגענישען.

„וואו זענען זיי אצינד? וואָס טהוען זיי? וואָס רעדען זיי? אך, ווי גליקליך זענען זיי אין דער פרעמד, אין דער גרויסער שטאָדט, ווייט פון זייערע עלטערען, די דעספּאָטען, ווייט פון דער דאָזיגער וויסטער שטאָדט מיט איהרע אייביגע רכילות!... נאָר פאַר וואָס האָב איך קיין בריעף ניט פון זיי? זיי זענען מסתמא פערנומען מיט זייער אייגען גליק אזוי שטאַרק, אז זיי האָבען שוין פערגעסען אין זייער בערטען... פאַר וואָס זשע שרייבט ניט אייזענשטאַדט? ער האָט דאָך מיר צוגעזאָגט שיקען בריעף, וויבאַלד זיי וועלען נאָר קומען אויפ'ן אָרט און וועלען אָפּזוכען באַריסען. אפּנים, אייזענשטאַדט איז דער אייגענער, וואָס אַלע מאַנסבילען. ניט ערגער און ניט בעסער"...

אזוי טראַכט זיך די מאַדאַם שימשעלביין און ברעכט זיך דעם קאָפּ וועגען אייזענשטאַדטען מיט ראָזען, וואָס זענען אוועק־געפאָהרען שוין אכט טאָג, און זי האָט נאָך פון זיי קיין שום ידיעה ניט, גלייך ווי זיי זענען אין וואַסער אריין. קאַרג די שמערצען מיט די בזיונות, וואָס זי האָט דאָ פון די פּוהרמאַנס, דאַרף זי נאָך האָבען יסורים פון די העלדען אליין, וואָס צאָהלען איהר פאַר איהר פריינדשאַפט און ליעבע מיט אונדאַנקבאַרקייט? וויפיעל איז זי אויסגעשטאַנען פון דער מאַדאַם פּוהרמאַן, וואָס

איז אריינגעלאָפּען צו איהר מיט א גוואלד אויף דעם אנדערען טאָג נאָך איהר טאָכטער'ס אנטלויפען און איז אָנגעפאלען אויף איהר מיט א געוויין:

— הולטייקע! גיב מיר אָפּ מיין קינד! חצופה, וואו איז מיין ראָזע? גיב מיר אָפּ מיין טאָכטער, מיין אויג אין קאָפּ!...

שרעקליך איז געווען די דאָזיגע אומגליקליכע מוטער אין יענער מינוט! בערטע האָט אליין אויך אָנגעהויבען צו וויינען, אויף איהר קוקענדיג. נאָך מעהר שרעקליך איז געווען מאיר פוהרמאַן... נאָר לאָמיר אוועקווארפען די דאָזיגע פארשווינען מיט די טרויעריגע סצענעס און לאָמיר בעסער נאָכקוקען נאָך אונזערע הויפּט־העלדען, זעהען, וואו זענען זיי און וואָס טהוען זיי?

אז די אנטלאָפענע, אייזענשטאַדט און ראָזע פוהרמאַן, זענען אויף דעם צווייטען טאָג געקומען בשלום אין דער גרויסער שטאָדט, איז די ערשטע זאך געווען ביי אייזענשטאדטען אָפּצוזוכען פאר דער מיעדער און הונגעריגער ראָזע איין אָפּרוה. ער האָט אזוי לאנג גע־זוכט, ביז ער האָט געדונגען א קליינע, נאָר זעהר א ליכטיגע און א ריינע קווארטיר, וואוהין ער האָט אריינגעפיהרט ראָזען און האָט בעפוילען, עס זאָל זיין דער סאַמאָוואַר, געבראַכט אין איין אויגענ־בליק בייגעל, בולקעס, פּוטער. און אליין האָט ער זיך גענומען קלייבען אין וועג אריין, קייענדיג און האפּענדיג עפּיס אין מויל אריין.

— אייזענשטאדט! — האָט זיך צו איהם ראָזע געווענדעט, קוקענדיג איהם אין די אויגען אריין. — אייזענשטאדט! איך וויל אויך געהן מיט אייך.

— וואָס רעדט איהר, ראָזע? ניין! מיר האָבען איינמאָל אָפּגערעדט, דאכט זיך, אז איהר דארפט מיך פאָלגען?... איך דארף געהן אצינד אליין, און איהר רוהט זיך אויס א ביסעל פון'ם וועג: דער רעגען האָט געמאכט פון אייך א תל... ביז איך וועל קומען מיט איהם צוריק, וועט איהר שוין האָבען זיך א ביסעל

דורכגעשלאָפען, אַזוי אַז באַרים וועט אייך טרעפען נאָך שענער, ווי ער האָט אייך אָוועקגעוואָרפען...

ראָזע האָט זיך צעלאַכט און איז רויט געוואָרען. אונזער חיטרער דיפּלאָמאַט האָט, אַפּנים, געוואוסט, ווי אַזוי צו האַנדלען מיט דער פריילין ראָזע און מיט וואָס צו ווירקען אויף איהר. זי איז מרוצה געוואָרען צו בלייבען דאָ אויף דער קוואַרטיר און וואַרטען, ביז זיי וועלען קומען צוזאַמען, און אין דער צייט וועט זי זיך דערוויילע אויסשלאָפען.

זיך אויסשלאָפען?... אַצינד, ווען זי האָט שוין אָפּגעטהאָן אַזאַ פערברעך: אַנטלאָפען פון דער היים ביינאַכט מיט אַ פרעמ־דען יונגענמאַן, אָוועקגעוואָרפען די אומגליקליכע מוטער, איהר איינציגען פריינד פון איהרע יונגע יאָהר, — און אויף וועמען? אויף איהר פאָטער דעם דעספּאָט, וואָס איז אַזוי פיעל יאָהרען אָפּגעזעסען אויף איין אָרט — ביי'ם אייזערנעם קאַסטען, ווי אַ געטרייער הונד, און האָט געקליבען אַ גראָשען צו אַ גראָשען — פון וועמענ'ס וועגען, אַז ניט פון איהרטוועגען, ווי ער אַליין זאָגט אַלע מאָל? אַצינד, ווען זי איז שוין געקומען צו איהר ציעל, וואוהין זי האָט זיך דריי יאָהר געצויגען און געריסען, — וועט זי זיך אָוועקלעגען שלאָפען? ניין! זי וועט זיך אַזוי צולעגען אַ ביסעל אויפ'ן בעטעל, און לייענענדיג צום הונדערטען מאָל איינע פון זיינע לעצטע בריעף, וועט זי וואַרטען אויף איהם...

אין דער זעלבער צייט, וואָס ראָזע ליגט אויפ'ן בעטעל מיט אַזעלכע געדאַנקען, לויפט באַרים אַרום מיט דער מוטער דאָ, אין דער גרויסער שטאָדט, פון איין מאַגאַזין אין דעם אַנדערען. ער קלייבט זיך מאָרגען גאַנץ פריה אָוועקפאָהרען פון דאַנען קיין אויסלאַנד און האָט זיך דאָ קוים צוגעקליבען עטליכע פיינע גאַר־ניטורען אין וועג אַריין. אַפּנים, ער הויבט ניט אָן צו וויסען, אַז שוין גוטע דריי שעה וואַרט אויף איהם אונזער דיפּלאָמאַט אייזענשטאַדט אין דעם האָטעל און קאָן זיך אויף איהם ניט דער־וואַרטען. אייזענשטאַדט שפּאַנט־אום אויפ'ן טראָטואַר, קוקט

אויף אַלע זייטען, חאַפּט־אַרויס אַלע מינוט דאָס זייגערעל, דאָס
ווײַסטע אָפּגעריבענע זייגערעל, און הויבט שוין אָן צו זיין ברוגז.
גאָר שאַ !... אָן פּאַהרט, דאַכט זיך, אונזער יונגער העלד מיט
דער מוטער אויף אַ פּאָר ריסאַקעס גלייך צו דעם דאָזיגען האָטעל ?
ער שפּרינגט־אַראָפּ מיט עטליכע פּעקלעך סחורה און לויפט צו
דער טיר — פּלוצים...

— אייזענשטאַדט ?!...

. . . . . . . . . . . . . . . .

צוויי שענע מעבלירטע נומערען. פּעק מיט סחורה אויף
די טישען, אויף די בענקלעך, אויף דער ערד. צוויי לאָקייען
שטעהען גרייט און װאַרטען, מע זאָל מיט זיי עפּיס שאַפען.
באָרים פרידמאַן הייסט זיי אַרויסגעהן און צומאַכען די טיר. ער
איז עפּיס ווי צעמישט פון דעם, וואָס ער האָט פּלוצים, אומגע־
ריכט, דערזעהען דאָ אייזענשטאַדטען.

— מאַמאַ ! איך וועל באַלד אַריינגעהן, איך וועל אַ ביסעל
שפּאַציערען מיט אייזענשטאַדטען דאָ אין קאָרידאָר !

ביידע געהען־אַרויס אין קאָרידאָר.

— ווי קומסט דו אַהער, ברודער ? וואָס מאַכסט דו עפּיס ?
וואָס מאַכען דאָרט אונזערע ?... וואָס טהוט זיך דאָרטען ?...

— אַלץ אין אָרדענונג. — ענטפערט איהם אייזענשטאַדט,
נישט אַראָפּלאָזענדיג די אויגען פון איהם. באָרים זעצט זיך
אַנידער אויף אַ בענקעל. ער חאַפּט זיך אָבער באַלד אויף און
לויפט אַרום הין און צוריק, ווי אַ פערטשאַדעטער, און קאָן זיך
קיין אָרט נישט געפינען. ער שיט מיט ווערטער:

— אַך, ברודער ! וואָס זאָל איך דיר זאָגען ?... איך האָב
געהאַט אַזאַ שווערען וועג, אַז איך קאָן דיר גאָר אַזוי פיעל ניט
איבערגעבען ! אַ שלאַקס־רעגען... אַ בלאָטע... אַ ווינט... קוים אַ
לעבעדיגער געקומען אַהער... אַ ביסעל זיך אָפּגערוהט... געווען
אין עטליכע ערטער... געזעהען דאָס טהעאַטער... די אָפּערע... אַך,

ברודער!... נאָר וואָס קאָן איך דיר זאָגען? וועסט זיין — וועסט דו זעהען... היינט געהט „אפריקאַנקאַ"... ווילסט? וועלען מיר געהן צוזאַמען... יאָ, מיר וועלען ביידע זיין היינט... איך וועל דיר ווייזען... ביזט אויף לאַנג געקומען אהער? וואָס טהוסט דו דאָ?...

— איך בין געקומען געוואָהר ווערען וועגען דעם היגען אוניווערזיטעט... איך רעכען האַלטען דאָ עקזאַמען... מע דאַרף זיך זוכען שטונדען...

— אַ? זעהר רעכט! שטונדען? גאַנץ רעכט! אַ פיינע שטאָדט... זאָלסט בלייבען אַ היגער...

— באָרים! אייזענשטאַדט! קומט־אריין טיי טרינקען! — שרייט די מאַדאַם פרידמאַן פון איהר צימער.

— באַלד! באַלד! — ענטפערט איהר באָרים און חאַפּט אייזענשטאַדטען אונטער אַ האַנד און שפּאַנט מיט איהם אַרום איבער דעם קאָרידאָר, און דערצעהלט איהם מיט גרויס ענטוזיאַזם וועגען זיין נסיעה, וועגען דער היגער שטאָדט, וועגען די יונגע לייט, מיט וועלכע ער האָט זיך שוין בעקאַנט, פיינע, זעהר פיינע יונגע לייט, רייכע, געבילדעטע... באָרים פערגעסט ניט אויספרעגען זיך ביי איהם וועגען ראָזען, וועגען בערטע שימשעל־ביין, וועגען זיין פאָטער, זיינע חברים גאָלדענשטאַדט און זיל־בערשטאַדט. אייזענשטאַדט ענטפערט איהם פערטראַכט, צע־טראָגען: דער דאָזיגער דיפּלאָמאַט האָט זיך זיינס אין זינען, זיין קאָפּ איז פערנומען מיט פערשיעדענע געדאַנקען און פּראָ־יעקטען. פלוצים שטעלט ער זיך אָפּ און טהוט איהם אַ פרעג:

— וואָס וואָלסט דו געטהאָן, באָרים, ווען דו זאָלסט, למשל, געהן און באַגעגענען דאָ, אין דער דאָזיגער שטאָדט, די מאַמזעל פוהרמאַן?...

באָרים בלייבט שטעהן אַ בלאַסער. דאָס האַרץ הויבט איהם אָן צו קלאַפּען, און ער ווייסט ניט וואָס צו ענטפערען. ענדליך זאָגט ער מיט היץ:

— אייזענשטאדט. דיינע תנועות קאָן איך שוין ניט איבער־טראָגען!... דו ווייסט גאנץ גוט ווי אזוי איך געה אויס נאָך ראָזען... צו וואָס פרעגסט דו מיך אזעלכס? וואָס איז דיר פּלוצים אריינגעפאלען אין קאָפּ אזא געדאנק, משוגענער אייזענשטאדט?...

— איך זאָג דאָס גלאט אזוי, צום ביישפּיעל...

— משוגענער אייזענשטאדט! קום, מיר וועלען טרינקען טיי, און נאָכדעם וועלען מיר זיך א ביסעל דורכגעהן איבער דער שטאָדט. א פיינע שטאָדט, מעגסט זי אָנקוקען... מאמע! נאָכ'ן טיי וועלען מיר זיך א ביסעל דורכגעהן, איך מיט מיין חבר!

און אונזערע צוויי יונגע העלדען נעמען זיך גאנץ פיין פאר די הענד און געהען־ארויס און גאס נאָכ'ן טיי טרינקען.

— וואוהין פאָהרען מיר? — פרעגט באָרים און רופט צו א איזוואָזטשיק.

— צו מיר אויף דער סטאנציע! — ענטפערט אייזענשטאדט גאנץ פעסט.

* * *

אונזער העלדין, ראָזע פוהרמאן, וואָס האָט זיך געגעבען דאָס וואָרט ניט שלאָפען, האָט איבערגעלעבט פיער שווערע אונענדליכע שעה! וואָס פאר א שלעכטע געדאנקען זענען איהר ניט ארויף אויף דער מחשבה? וואָס פאר א פּאָזע האָט זי ניט אָנגענומען, ארויסקוקענדיג פון איין מינוט אויף דער אנדערער? עס האָט זיך איהר געדאכט, אָט־אָט עפענט זיך די טיר — און ער קומט אריין... זי איז געלעגען, געזעסען, געשטאנען, געקוקט אין פענסטער אריין...

דאָס הארץ קלאָפּט איהר. זי לעגט זיך ווידער אויפ'ן בעטעל און מאכט־צו די אויגען. אלערליי געדאנקען, גוטע און שלעכטע, ווערען צונויפגעמישט ביי איהר אין קאָפּ. עס שטעלט זיך איהר פאָר א גילדענער רעגען מיט שווארצע, געלע, בלויע און גרינע פלעקען. דער גילדענער רעגען גיסט און גיסט, און די שווארצע, געלע, בלויע, גרינע פינטעלעך ווערען אלע מאָל גרעסער און גרע־

סער און דרעהען זיך און טאַנצען און שפּרינגען פאַר איהרע אויגען...
עס זשומעט איהר אין די אויהערען... זי הערט, ווי עמיצער רעדט
הינטער דער טיר... זי הערט אַ בעקאַנטע שטימע, אַ זיסע שטימע...
זי הערט, ווי די טיר עפענט זיך. זי עפענט אויף די אויגען און
זעהט... זי חאַפּט זיך אויף פון׳ם בעטעל און לויפט אקעגען.

— באָרים !...

— ראָזע !...

זיי ליגען איינער ביי דעם אַנדערען אין די אָרעמס. זייערע
ליפּען האָבען זיך צונויפגעגאָסען אין איין לאַנגען קוש.

און אייזענשטאַדט? אייזענשטאַדט איז ארויסגעלאָפען אין
קאָרידאָר מיט טרערען אויף די אויגען...

## דאָס אכצעהנטע קאַפּיטעל.

### פּאָעזיע און פּראָזע.

אונזער בעגאַבטער דיפּלאָמאַט האָט. אייגענטליך, שוין אָפּגעטהאָן וואָס ער האָט בעדאַרפט: צונויפגעפיהרט דאָס גליקליכע פּאָרעל. אַרומגעפלויגען נאָכדעם אַ גאַנצען טאָג פון׳ם רב צום ראַבינער און פון׳ם ראַבינער צום שמש מיט די עדות, בעדונגען זיך מיט זיי אַלע, צוגעגרייט די נויטיגע פּאַפּיערען (וועגען דעם האָט ער זיך נאָך פריהער בעוואָהרענט...), געשטעלט ביי׳ם רב אויפ׳ן הויף אַ געמיינע, זעהר אַ געמיינע חופּה, וואָס האָט פון דעסטוועגען אויסגעוויזען ביי די ליעבענדע אין די אויגען ווי די רייכסטע, די שענסטע און די פרייליכסטע חתונה, אַזוי, אַז דעם רב׳ס הויף, אין וועלכען קיין מענש האָט נישט געקאָנט אַריינטרעטען מיט ניט קיין פערשטעלטער נאָז, האָט ביי זיי אַ פּנים געהאַט ווי אַ פּראַכטפולער שמעקענדיגער גאָרטען, און די פיער פּשוטע שטעקענס מיט׳ן פּרוכת, וואָס די שמשים האָבען אונטערגעהאַלטען, האָבען ביי זיי אויסגעוויזען ווי דער גן־עדן. מיט איינעם וואָרט, אייזענשטאַדט האָט פון זיין זייט אָפּגעטהאָן אַלץ, וואָס ער האָט בעדאַרפט און געקאָנט, און ער וואָלט שוין, דאַכט זיך, געמאָגט עפּיס אָנהויבען טראַכטען אויך וועגען זיך — נאָר ניין! זיין מיסיע איז נאָך נישט געענדיגט. אויף מאָרגען, נאָך דער מערקווירדיגער חופּה, האָט איהם עמיצער אַ קלאָפּ געטהאָן אין דער טיר; דאָס

איז געווען דער שווייצאַר פון׳ם גאַסטהויז, וואו דאָס פּאַרפּאַלק איז געשטאַנען: „אייזענשטאַדט! קומט באַלד — מיר דאַרפֿען אייך. ראָזע פרידמאַן״...

עס ווייזט אויס, אַז אונזער העלדין איז געווען אַזוי גליקליך מיט איהר נייער פֿאַמיליע „פרידמאַן״, אַז זי האָט ווענינ־וואָס אין זינען געהאַט דעם דאָזיגען יונגען מענשען, וואָס האָט ביי איהר געהייסען פּשוט: „אייזענשטאַדט״ — און נישט מעהר; קיין שטיקעל טיטעל ניט, קיין וואָרט ניט!

ראָזע האָט בעגעגענט אייזענשטאַדטען אין קאָרידאָר מיט א גליקליך שמייכעל אויף די ליפּען.

— גוט מאָרגען, אייזענשטאַדט! באָרים שלאָפט נאָך. איך וויל איהם ניט וועקען... עס איז ערשט עלף א זייגער. באָרים איז ניט געוועהנט געוואָרען צו אַזאַ ליאַרעם, ווי אין דעם דאָזיגען גאַסטהויז... ער קאָן ניט שלאָפען רוהיג... מען דאַרף דינגען א נייע קוואַרטיר אין א פּריוואַט הויז. איך בעט אייך, אייזענ־שטאַדט, אויב עס איז מעגליך נאָך היינטיגען טאָג, וואָלט געווען אויסגעצייכענט... שפּעטער מיט א שעה צוויי אָדער דריי קומט צו אונז אויף אָנבייסען. זוכט־אָפּ א ליכטיגע און א פריילעכע קוואַרטיר... אויף א גרויסער לעבעדיגער גאַס... דריי אָדער פיער צימערען מיט א קיך... אויב עס איז מעגליך — א גאָרטען... באָרים האָט ליעב א גאָרטען, בוימער, גראָז... אַדיע, אייזענשטאַדט, אויף ווידערזעהען!

אונזער אייזענשטאַדט איז געווען גליקליך, קוקענדיג אויף ראָזע׳ס צופריעדען און לעבעדיג געזיכט, אויף וועלכען עס איז שוין לאַנג־לאַנג קיין שמייכעל נישט געווען, אויף איהרע טיעפע, שוואַר־צע גרויסע אויגען, פון וועלכע עס האָבען זיך אַצינד געגאָסען ליכטיגע שטראַהלען פון ליעבע און גליק. אין דער דאָזיגער מינוט האָט ער פערגעסען זיינע ביכער, דעם עקזאַמען, די שטונדען, אפילו דעם אַלטען קראַנקען, בלינדען פֿאָטער, דוד דעם שניידער. אין

דער דאָזיגער מינוט איז ער גרייט געווען צו לויפן אין עק וועלט, ווען זי זאָגט איהם נאָר „לויף!״...

און מיט וואָס פאַר אַ פערגעניגען האָט ער געקוקט אויף דאָזען, ווי זי האָט געטאַנצט און געשפּרונגען פאַר פרייד פון דעם נייעם שטיבעל, וואָס ער האָט זיי געדונגען, און אויפ׳ן פּאַרטעפּיאַן, וואָס באָרים האָט געהאַנדעלט אַ מציאה און בעצאָהלט צוויי מאָל אַזוי פיעל, ווי ער איז ווערטה! די פריהער־פערזאָרגטע ראָזע איז גע־וואָרען צוריק אַ פריילינכע, אַ לעבעדיגע, ווי אין איהרע ערשטע קינדער־יאָהרען. קוקענדיג אויף איהר, איז אייזענשטאַדט אויך געוואָרען מונטערער און לעבעדיגער. ער האָט אָבער קיין צייט נישט געהאַט לאַנג אָנקוועלען פון דעם יונגען פּאַרפאָלק: אייזענ־שטאַדט האָט נאָך געהאַט אַ סך אַרבייט מיט זייער נייער קוואַרטיר; ער האָט בעדאַרפט דינגען אַ מיידעל אין שטוב אַריין מיט אַ לאָקיי, איינקויפען מעבעל, געפעס, כלים און נאָך אַנדערע קלייניגקייטען, וואָס זענען נויטיג אין יעדער ווירטשאַפט — און מערקווירדיג! וואָס פאַר אַ פעהיגקייטען און וויפיעל געניטשאַפט האָט דער דאָ־זיגער יונגער מענש בעוויזען אין דעם פאַך.

אין דער דאָזיגער צייט, ווען אייזענשטאַדט פליהט־אַרום ער־גיץ אין מאַרק און דינגט זיך פאַר שטובזאַכען, וואָס ער קויפט איין, אָדער ווען ער שטעהט אין הויף און טענה׳ט מיט דער דיענסט און לעהרענט זי וואָס צו טהון און ווי אַזוי צו טהון, — פאָהרט זיך דאָס פּאַרפאָלק דורך איבער דער שטאָדט אין אַ גלענצענדען פאַעטאָן מיט ברענענדיגע ריסאַקעס, אָדער זיי שיפען זיך אויפ׳ן ברייטען לאַנגען טייך אויף אַ שיפעל. ראָזע׳ס קאָפּ ליגט ביי באָריסען אויף די פּלייצעס, זייערע אויגען בענגענען זיך, זייערע ליפען גיסען זיך צונויף, און דער פּליעסק פון די וועסלעס קלאַפּט־צו צום טאַקט צו זייערע הייסע קושען. שפּעט אויף דער נאַכט קומען זיי אַהיים, אויף אַ מינוט, עפּיס איבערכאַפּען און זיך איבערטהון — און געהען־אַוועק אין טהעאַטער אָדער אין גאָרטען. אַז זיי קומען אַהיים, טרעפען זיי שוין אַלץ וואָס זיי דאַרפען: טיי, קאַפע, אַ

וואַרעמע אַ שמעקענדיגע וועטשערע, ווייכע אויסגעבעטע בעט־לעך — אַלץ, וואָס מע דאַרף... זיי זענען ווי אין אַ טשאַד. קיין זאַך קעהר זיך מיט זיי ניט אָן. די מענשען דערלאַנגען און נעמען־צו. אין אַלע חדרים איז פריש און ליכטיג, און עס קומט זיי גאָר ניט אויף זייערע געדאַנקען אַ פרעג צו טהון, וואָס כאַר אַ צויבערליכע האַנד גרייט זיי צו אָט די אַלע פערגעניגענס, וואָס פאַר איין אָפּען אויג גיט אַכטונג אויף דער גאַנצער שטוב?... אַמאָל מאַכט זיך, אַז זיי געפינען אויפ'ן טיש אַ צעטעל מיט אַ בעקאַנטער האַנדשריפט, קליינע אותיות:

| | | |
|---|---|---|
| „דער קעכין בעצאָהלט | 18 | רובעל. |
| דעם קצב פאַר פלייש | 2 | " |
| דער וועשערין | 17.50 | " |
| פאַר געבעקס | 1.30 | " |
| איזוואָזטשיקעס | 1.75 | " |
| דעם שפּיגעל פעררעכט | 2.20 | " |
| סך־הכל | 42.75 | רובעל. |

„אויסגאָב 7.25 רובעל האָב איך איבערגעלאָזט ביי דעם לאָקיי. מיר דאַכט, אַז איהר נעמט ביי איהם קיינמאָל קיין אויסגאָב ניט?... די נייע וואַזאָנעס וועט מען אייך איבער־מאָרגען ברענגען. ביי סטעפּאַנאָווסקי'ן בין איך געוועזן; ער וויל 700 רובעל פאַר די זשרעבצעס. איהר זאָלט מיך פאָלגען, וואָלט איהר זיי ניט געקויפט: ערשטענס, זענען זיי ניט ווערטה, און, צווייטענס, דאַרפט איהר זיי אויף כפּרות... מאָרגען פריה וועל איך זיין. נעמט־אָפּ ביי דעם לאָקיי די 7.25 רובעל.

פּ. אייזענשטאַדט."

— האַ־האַ־האַ! ראָזעטשקע! וואָס זאָגסט דו אויף איהם? האַ־האַ־האַ!...

און דאָס גליקליכע פּאָרעל, זיצענדיג איינער ביי דעם אַנ־דערען אויף די הענד, קאַטשען זיך פּאַר געלעכטער.

— זעה־נאָר זעה, באָרים, די פּינקטליכקייט פונ׳ם חשבון, אַקוראַט ווי אייער אַלטער קאַסיר, חאַ־חאַ־חאַ!

— חאַ־חאַ־חאַ! ער זאָגט, אַז מיר דאַרפען סטעפּאַנאָווסקי׳ס פערדלעך אויף כּפּרות! וואָס זאָגסט דו דערויף, ראָזע? אַ מבין אויף פערדלעך, חאַ־חאַ־חאַ! האָסט זיך צוגעקוקט נעכטען, ווי סטעפּאַנאָווסקי׳ס זוהן איז דורכגעפלויגען פאַרביי אונז מיט די דאָזיגע פערדלעך? פּייל אויס׳ן בויגען! אַ פאַרגעניגען צו קוקען! — זאָגט ער, אַז זיי זענען ניט ווערטה, חאַ־חאַ־חאַ!...

דער דאָזיגער געלעכטער, וואָס קאָן אויפוועקען אַ טוידטען, ענדיגט זיך מיט עטליכע קלינגענדיגע, הייסע, פייעריגע קושען.

* * *

מיר ברענגען דאָ אַ בריעף, וואָס אייזענשטאַדט האָט גע־שריבען אין יענער צייט צו בערטע שימשעלביין.

אָט וואָס אייזענשטאַדט שרייבט צווישען אַנדערע זאַכען:

„... איך קאָן אייך שווערען, אַז ווען איהר זאָלט איצט אַ קוק טהון אויף ראָזען, וואָלט איהר זי ניט דערקענט — אַזוי גליקליך, אַזוי צופריעדען איז זי! דאָס איז גאָר ניט די ראָזע, וואָס פריהער; זי זינגט און טאַנצט, ווי אַ קליין קינד, און זעל־טען־זעלטען פרעגט זי מיך, וואָס שרייבט איהר מיר פון דער היים, וואָס טהוען איהרע עלטערען, וואָס מאַכט איהר מוטער? דאָס טרעפט זיך נאָר דעמאָלט, ווען באָרים איז ניטאָ; קוים אָבער דערזעהט זי איהם — אַזוי פערגעסט זי שוין אַלץ אויף דער וועלט! זי איז אינגאַנצען — „ליעבע". אַז זי זעהט איהם ניט פּאַר אַ מינוט — איז זי שוין פערזאָרגט, בלאַס, פערטראַכט, און הערט ניט, וואָס מע רעדט צו איהר... קוקענדיג אויף איהר, קאָן מען אייסדריקליך זאָגען, אַז זי איז בעשאַפען געוואָרען נאָר פון זיינט־וועגען... אַ וואונדערליכע זאַך! גלעבען, אַ וואונדערליכע זאַך!...

און באַרים... וואָס קאָן איך אייך זאָגען וועגען איהם? ער איז זעהר איין איידעלער, זעהר אַ גוטער מענש. נאָר איך פערשטעה ניט, ווי אַזוי קאָן ער ביי אַזאַ ברענענדיגער ליעבע, ווי ראָזע שענקט איהם, אוועקגעהן אַמאָל אויף דריי שעה אַליין שפּאַציערען אין גאָרטען, אָדער אָפּזיצען צוויי שעה אויף דער קאַנאַפּע אַ פערזאָרגטער, אַזוי, אַז איהר וואָלט געקאָנט מיינען, אַז דער דאָזיגער מענש בענגט נאָך עמיצען, אָדער ער איז ניט גליקליך מיט זיין שיקזאַל, וואָס איין אַנדערען וואָלט זיך אַזאַ גליק קיינמאָל אפילו ניט געחלומ'ט... איך רעכען, אפשר בענגט ער נאָך זיינע עלטערען?... איך קאָן דאָס ניט פערשטעהן! מיר געפעלט ניט דאָס, וואָס ער טהוט קיין האַנד אין קאַלט וואַסער ניט אריין און רעדט אַזוי אָפּט וועגען זיין צעשלאָגענער נסיעה קיין אויסלאַנד... איך זאָג אייך, אַז דערמיט ברענגט ער איהר אַזוי פיעל שמערצען, אַז זי ווערד דערפון אוים מענש. איינמאָל, בשעת באַרים איז ניט געוועזען אין דער היים, האָט מיט מיר ראָזע געמאַכט אַ שמועס וועגען אויסלאַנד.

„— איהר ווילט זיך דורכפאָהרען קיין אויסלאַנד? — האָב איך זי אַ פרעג געטהאָן.

„— ניין... — האָט זי מיר געענטפערט פערטראַכט. — ניין, ניט איך — באַרים וויל פאָהרען... ער דאַרף זיך אַ ביסעל דורכפאָהרען...

„— נו, און איהר?

„— וואָס איז דאָס פאַר אַ פראַגע? — האָט זי מיך איבערגעפרעגט מיט פערדראַס. — עס פערשטעהט זיך, אַז איך וועל דאָ ניט איבערבלייבען אַליין, אָהן איהם!... וואָס וועל איך דאָ טהון? וואָס האָב איך דאָ ניט געזעהן אַזעלכס?... — אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט — ביז זי האָט זיך צעוויינט... אַך, בערטע, בערטע! ניטאָ וואָס צו רעדען!... מיט באַריסען האָב איך נאָך ניט גערעדט וועגען דעם; מיר זעהען זיך ניט אַזוי אָפּט, ווי איהר מיינט, און ווען מיר קאָנען אַ מאָל עפּיס רעדען צווישען זיך, רעדט מען

פון טויזענדער נארישקייטען, פון טהעאטער, פון פערדלעך... אונזער באראָן איז געוואָהנט געוואָרען לעבען פון דער ברייטער האנד, און ער ווארפט מיט געלד אָהן א חשבון. איך וויים ניט, ווי גרויס זענען ביי איהם די פּאָנדען אצינד, נאָר איך האָב מורא, אז דער קוואל וועט זיך סוף כל סוף מוזען אויסשעפּען ביז צום גרונד! דעם דאָזיגען געדאנק, ווען איך נעם אויפ׳ן קאָפּ, בין איך אויסער זיך! וואָס וועלען זיי טהון נאָכדעם אָהן מיטלען, דאָ, אין א פרעמדער שטאָדט! מיט לעדיגע הענד און מיט אזעלכע געוואָהנהייטען, ווי ביי אונזער פּרינץ? דער דאָזיגער געדאנק ווארפט אויף מיר אָן אזא מרה־שחורה, אז איך וויל שוין גאָר ניט קלערען, וואָס עס וועט זיין ווייטער, פונקט אזוי ווי אונזער גליקליכע ראָזע, וואָס איז אזוי פערנומען מיט איהר „היינטיגען” גליק, אז עס עקזיסטירט גאָר ניט ביי איהר קיין „מאָרגען”... איך זאָג אייך נאָך א מאָל, בערטע, איהר זאָלט זיך ניט חאפּען קומען אהער: אייער אָפּפאָהרען פון דער היים וועט ארויסגעבען אונזער געהיימניס, און איהר וועט דערפון קיין פערגעניגען ניט האָבען. האלט זיך אויף נאָך א ביסעלע, מיין גוטע בערטע, איך גלויב אייך, ווי איהר בענגט נאָך איהר, איהר דארפט מיר קיין סך ניט זאָגען. שרייבט מיר אָפטע בריעף, וואָס מאכט אצינד אונזער ראָזע׳ס מוטער? צי האָט זי זיך שוין פעררעכט פון דער שלאָפלאָזיגקייט? און וואָס הערט זיך ביי די פרידמאנס? זיי וויסען נאָך אלץ ניט, וואו זיי זענען? זיי מיינען נאָך אלץ, אז זיי זענען אין אויסלאנד? א וואונדערליכע זאך, כלעבען!... איהר פרעגט, וואָס הערט זיך עפּיס מיט מיר? וואָס זאָל זיך הערען, מיין גוטע בערטע? ניטאָ קיין אָסאָבענע נייעס. איך בין אין בעסטען געזונד. איך האָב דאָ דריי שטונדען, וועלכע ברענגען מיר אכצעהן רובעל א חודש. דעם עקזאמען האָב איך קוים מיט צרות אויסגעהאלטען. נאָך אין א פּאָר וואָכען ארום טרעט איך אריין אין אוניווערזיטעט. איך האָב אויסגעשריבען אהער מיין קליין ברודערל — אין גימנאזיע אריין; דאָס איז זעהר א וואויל קינד,

און דאַרטען וועט ווערען פון איהם א תל אָהן מיר. פאַר דער קוואַרטיר צאָהל איך זעכס רובעל; פאַר עסען אכט רובעל. בלייבט אונז פיער רובעל אויף קלייניגקייטען. נאַר מיין שוועסטער שרייבט מיר, אַז אין גיכען וועט זי מיר צושיקען אַ צוויי קינדער פון איהר „חברה“. וואָס זאָל איך טהון מיט זיי?... איהר ווייסט, ווי טייער מיין שוועסטער איז ביי מיר. נאָר וואָס בין איך שולדיג, אַז גאָט האָט זי געבענשט מיט אַ טוץ קינדער? טאָמער וועט גאָט צושיקען נאָך אַ צוויי שטונדען. מיינע חברים, אייערע גוטע בעקאַנטע, גאָלדענשטאַדט און זילבערשטאַדט, שרייבען מיר אויך, אַז זיי זוכען שטונדען. זיי זענען אין פּעטערבורג אין אוניווער־זיטעט; איינער שטודיערט אויף דאָקטאָר, דער אַנדערער — אויף אַדוואָקאַט. איהר ווייסט ניט, בערטע, וואָס זענען זיי אַזוי אין כעס אויף אייער שטאָדט, און נאָך מעהר — אויף דער געלער מאַדאַם רעגענבויגען מיט איהרע געלע טעכטער?... איך האָב אייך פערגעסען זאָגען, אַז באַרים האָט געקויפט פון ראָזע'ס וועגען אַ טייערען ראָיאַל, און איך בין ערשט ניט לאַנג געוואָהר געוואָרען, אַז ראָזע שפּיעלט פּיאַנאָ אויסגעצייכענט; און ווער שמועסט, אַז באַרים איז ניטאָ און זי שפּיעלט אַ ביסעל פּערטראַכט־מעלאַנכאָ־ליש, דאַן גיסען זיך אוים פון איהרע פינגער וואונדערליכע זיסע אַקאָרדען מיט טרויעריגע געזאַנגען, אַזוי, אַז עס קלעהמט אַמאָל שטאַרק דאָס הארץ, און איך פערשטעה ניט, ווי אַזוי קאָן באַרים אוועקוואַרפען אַזאַ זעלטענעם פערגעניגען און אוועקגעהן אויף דריי שעה שפּיעלען אין ביליאַרד מיט עטליכע לעדיגגעהערם און טונעיאַדצעם?... ווען איך קום אַמאָל צו זיי און טרעף זי ביי דעם פאָרטעפּיאַן און טהו זי אַ פרעג, וואו איז ערגיץ באַרים? — שטעלט זי אַנידער אויף מיר איהרע שוואַרצע טיעפע אויגען און ענטפערט מיר צערייצט, מיט פערדראָס:

„— וואו זאָל ער זיין? ער איז זיך דורכגעגאַנגען אַ ביסעל צו זיינע בעקאַנטע... צי איהר ווילט, אַז ער זאָל זיצען שטענדיג אין דער היים, נאָר ניט אַרויסטרעטען פון שטוב?...

„און נאָכדעם הויבט זי אָן צו שפּיעלען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, אַזוי, אַז דער פּאַרטעפּיאַן ציטערט און קרעכצט אונ־טער איהרע הענד, און נאָכדעם אַלץ שטילער און נידעריגער, און וויינענדיגע, ריהרענדיגע מעלאָדיעס גיסען זיך אויס פון זיך אַליין און קריכען גלייך אין הארצען אריין, און מיר ווייזט זיך דעמאָלט אויס, אַז זי קלאָגט זיך און בעדויערט איהר מזל און בעוויינט איהר ליעבע, איהר מערקווירדיגע ליעבע... נאָר אָט קומט אריין באָרים — און עס ווערד אַלץ ווי פריהער: זי פאַלט איהם אויפ'ן האַלז. זי לאַכט. זי זינגט, זי מאַכט זיך נאַריש, ווי אַ קליין קינד.

„אַ וואונדערליכע זאַך, בערטע, כלעבען, אַ וואונדערליכע זאַך!...

„פּ. אייזענשטאַדט."

אויף מאָרגען גאַנץ פריה נאָך דעם אויבענדערמאַנטען בריעף, בעת אונזער טאַלאַנטפולער דיפּלאָמאַט האָט נאָר־וואָס געקלערט איבערקעהרען זיך אויף דער אַנדערער זייט ביי זיך אויפ'ן בעטעל, וואָס איז פול מיט וואַנצען, בכדי ער זאָל קאָנען געשמאַקער שלאָ־פען, האָט מען איהם אָנגעקלאָפּט אין פענסטער אריין מיט אַזאַ כח, אַז ער האָט זיך באַלד אויפגעחאַפּט און געעפענט די טיר. אַ גאָראָדאָוואָי האָט איהם איבערגעגעבען אַ קוויטעלע:

„אייזענשטאַדט! למען השם, די רגע! מע האָט אונז בע־נומען ביז דעם לעצטען העמד! בע'גנב'עט ביז דעם לעצטען פאָדים! ניטאָ ניט די קעכין, ניט די פּאָקאָיאָווע, ניט דער לאָקיי! אַ גליק, וואָס מע האָט אונז געלאָזט לעבעדיגע! באָרים איז אויסער זיך! קומט באַלד! די רגע!

„ראָזע פרידמאַן."

עס פערשטעהט זיך, אַז אייזענשטאַדט האָט זיך לאַנג נישט געלאָזט בעטען. ער האָט געטראָפען זיינע פריינד זעהר אין אַ טרויעריגער לאַגע: באָרים איז געלעגען אַ באָרוועסער אין זאַל אויפ'ן דיוואַן, איינגעוויקעלט אין אַ רויטער קאָלדרע, און ראָזע

האָט זיך אַרומגעדרעהט אין קאַלאָשען אויף די קליינע ווייסע פיסלעך, איינגעהילט אין אַ גרינער שאַל, וואָס די גנבים האָבען, אַפנים, פאַר רחמנות, איבערגעלאָזט. די שאַפעס מיט די קאָמאָדען זענען געשטאַנען אָפען און אויסגעראָמט מיט אַ זעלטענער פּינקט־ליכקייט; די טישען מיט די בענקלעך צעשטעלט און צעדרעהט; די דיוואַנעס מיט אַלע אַנטיקלעך צוגענומען; די שופלאָדען מיט די קעסטלעך אויסגעריינט; אפילו די צוויי טייערע בראָנזענע שפיעגלען אַראָפּגענומען, אפילו די לאָמפען מיט די זילבערנע לייכטערלעך האָט מען בעוואָהרענט. זעלטען־זעלטען האָט זיך דורכגעוואָרפען איין אַלט קוויטעלע, אַ ווייסע הענטשקע, אַ טאָוועל פון אַ ביכעל...

— עס ווייזט אויס — האָט זיך אָנגערופען אונזער דיפּלאָ־מאַט מיט אַ שמייכעלע, בעטראַכטענדיג דעם דאָזיגען חורבן — עס ווייזט אויס, אַז די גנבים האָבען צייט געהאַט זיך איינפּאַ־קעווען, ווי עס געהער צו זיין. אַ וואונדערליכע זאַך, כלעבען, אַ וואונדערליכע זאַך!...

מיר ווייסען ניט פאַר וואָס, — נאָר ביי די דאָזיגע לעצטע ווערטער פון אייזענשטאַדטען האָט זיך אונזער האַלב־נאַקעטע העלדין אָנגעחאַפּט ביי ביידע זייטען און האָט זיך אַזוי שטאַרק, אַזוי הילכיג צעלאַכט, אַז באָרים איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער קאַנאַפּע און איז מיט דער רויטער קאָלדרע צוגעלאָפען צו זיין יונג ווייבעל, וועלכע האָט ניט אויפגעהערט צו לאַכען אַלע מאָל העבער און שטאַרקער; קוקענדיג אויף איהר, האָט זיך אייזענ־שטאַדט ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָט זיך אויך צעלאַכט, ניט ווִיסענדיג אויף וואָס און אויף ווען... פאַר דעם דאָזיגען יונגען מענשען, וואָס האָט ליעב געקריגען ראָזען פון׳ם ערשטען מאָל, וואָס ער האָט זי דערזעהען ביי בערטען אין זאַל, איז גענוג געווען צו זעהען, ווי זי לאַכט, ער זאָל זיך אויך צעלאַכען, אָדער דאָס הארץ זאָל איהם קלעמען, ווען ער דערזעהט טרערען אויף ראָזע׳ם אויגען...

## דאָס בייזנצעהנטע קאַפּיטעל.

**די מאַדאַם פרידמאַן ווייזט זיך אַרויס אַלס די בעסטע דיפּלאָמאַטין, און אונזער יונגער פּרינץ האָט חרטה אויף דער גאַנצער מעשה.**

די מאַדאַם פרידמאַן, אַז זי איז איבערגעבליבען אין דער גרויסער שטאָדט אַליין, אָהן דעם זוהן, האָט זי נישט גע'חלש'ט און נישט געוויינט און נישט געליאַרעמט; זי האָט נאָר געגעבען אַ דעפּעשע אַהיים צום מאַן און האָט בעקומען איין ענטפער פון איהם, אַז מאיר פוהרמאַנ'ס טאָכטער איז אויך אַנטלאָפען, — האָט זי שוין פערשטאַנען די גאַנצע געשיכטע און איז צוריקגעקומען אַהיים. זי האָט געוואוסט, ווי ווייט געבאַלעוועט און געפּיעסטעט איהר בן־יחיד איז. מלכה פרידמאַן האָט באַלד פערשטאַנען, אַז זיין פייערינע ליעבע צו דער „שוואַרצער" ראָזע וועט געוויס לאַנג נישט דויערען; זי וועט איהם גיך נמאס ווערען, אַזוי ווי עס פלעגט איהם נמאס ווערען יעדע זאַך אין די קינדערשע יאָהרען.

און ווירקליך! לאַנג האָט אונזער יונגער געבאַלעוועטער העלד נישט געקאָנט אויסהאַלטען מיט זיין ליעבע צו דער „שוואַרצער" ראָזע. נאָכ'ן ערשטען טשאַד איז זיין צעהיצטע פאַנטאַזיע באַלד אָפּגעקיהלט געוואָרען, און ער האָט פּלוצים דערפיהלט אויף זיך אַ שווערע משא: ער האָט אַ ווייב... די פרייהייט האָט ער שוין אָנגעוואוירען אויף שטענדיג... פון דעם דאָזיגען געדאַנק

איז איהם קאַלט געוואָרען אין אַלע אֵברים: וואָס הייסט דאָס?
ווי אַזוי איז דאָס געשעהען? און וואָס וועט זיין ווייטער?...

אמת, עס זענען געווען מינוטען, בעת ראָזע פלעגט זיצען מיט איהם צוזאַמען, און איהרע שענע געקרייזעלטע האָר זענען געלעגען צעוואָרפען אויף זיינע הענד, און איהרע פייעריגע אויגען האָבען אויף איהם געקוקט פול מיט ליעבע, — דעמאָלט איז איהם געווען ניט אַזוי שלעכט; נאָר אַז ער איז געבליבען אַליין אויף אַ שעה און זיינע שוואַרצע געדאַנקען האָבען זיך איהם צוריק־געקעהרט, איז אונזער יונגער העלד געווען באמת איין אומגליק־ליכער מענש. ליגענדיג מיט'ן פנים אַרויף אויף דער סאַמעטענער סאָפע, אויסציהענדיג די פיס אויפ'ן טיש און פייפענדיג פון ניט האָבען וואָס צו טהון, זענען איהם ווידער אַרויפגעקומען שלעכטע געדאַנקען און עס האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט, אַז ער האָט פער־שפּיעלט, לחלוטין פערשפּיעלט זיין לעבען אויף דער וועלט, — און דורך וועמען? דורך „איהר"! דורך אָט דער דאָזיגער שוואַר־צער ראָזע, וואָס וואַרפט זיך איהם אַלע מינוט אויפ'ן האַלז און קושט איהם און האַלובעט איהם, — וואָס וויל זי פון איהם? וואָס האָט זי צו איהם? פאַר וואָס און פאַר ווען האָט זי איהם בעגראָ־בען יונגערהייד דאָ, אין דעם דאָזיגען קליינעם שטיבעל?...

און ביסלעכווייז־ביסלעכווייז האָט אונזער העלד אָנגעהויבען פיהלען צו זיין געליעבטער ראָזען עטוואָס פערדראָס, אַ מין שנאה. עס זענען געווען צווישען די „ליעבענדע" אַזעלכע מינוטען, וואָס זי איז געהאָנגען ביי איהם אויפ'ן האַלז און איז אויסגעגאַנגען ווי אַ ליכט פאַר גרויס גליק, און ער האָט זי אין דער זעלבער מינוט נישט געקאָנט סובל זיין און איז געווען אויסער זיך פאַר כעס: „וואָס וויל זי פון מיין לעבען האָבען? פון וואַנען האָט זי זיך גענומען?"... נאָך מעהר האָט איהם געברענט אויף זיין חבר אייזענשטאַדט: „וואָס האָט געוואָלט האָבען פון מיר אָט דער דאָזיגער שוטה מיט די גלעזערנע באַנקעס?"... — און אונ־זער געפעסטעטער פּרינץ האָט אויסגעלאָזט זיין גאַנץ ביטער האַרץ

אויף זיין חבר'ס קאָפּ; ער האָט איבערגעגעבען ראָזען, אז ער האָט פיינט אייזענשטאַדטען, אז אָט דער דאָזיגער בחור מיט די גלעזערנע באַנקעס פערגינט איהם נישט דאָס גליק און איז איהם א דם־שונא, אז אייזענשטאַדט האָט ליעב זיך אומעטום אריינ־מישען, וואו מע בעט איהם נישט...

ראָזע זעהט, אז איהר באָרים איז עפּיס צעפּלאָכטען, אז עפּיס פעהלט איהם, — נאָר זי ווייסט ניט וואָס. פרעגט זי איהם מיט דער גרעסטער צערטליכקייט:

— וואָס איז דיר, באָרים? וואָס פעהלט דיר? וואָס זאָל איך דיר טהון אַזעלכס? דו ווייסט דאָך, אז איך בין גרייט אין פייער, אין וואַסער, אין עק וועלט, שטאַרבען צוליעב דיר, באָרים!

דערויף האָט איהר באָרים געענטפערט, אז מע מוז זיך אמאָל איבערבעטען מיט די עלטערען, אז אַנדערש קאָן ניט זיין: מע מוז זיך אונטערגעבען. זיין מוטער האָט איהם אזוי ליעב, אז זי וועט איהם באַלד מוחל זיין; זי וועט איבערגעבען דעם פאָטער און וועט פועל'ען, אז ער זאָל אויך געבען זיין הסכמה...

— נו, באָרים, פאַר וואָס זשע דען ניט? נו, לאָמיר פאָהרען! פאָהרען מיר?...

— ניין, נאַרעלע. ביידע טאָרען מיר אצינד נאָך נישט פאָה־רען. עס איז נאָך צו פריה. איך מוז פריהער אליין זיך דורכ־פאָהרען, און נאָכדעם... דו פאַרשטעהסט צי ניין?...

אויף א מינוט בלייבט זי זיצען טוידט; עס האָט זיך איהר אָפּגעריסען אין הארצען. דער געדאַנק, אז ער וועט אוועקפאָהרען און זי וועט דאָ בלייבען אליין, פערגליווערט איהר דאָס בלוט. נאָר זי זעהט, אז ער וויל אזוי, אז באָרים וויל אזוי, פאַלט זי איהם אויפ'ן האלז און זאָגט איהם מיט טרערען:

— ביזט גערעכט, באָרים, ביזט גערעכט: דו דאַרפסט פרי־הער אליין זיך דורכפאָהרען... אויף א קליינער צייט, איאָ, באָרים?

— אויף א וואָך אָדער אויף צוויי, נישט מעהר!

— נישט מעהר, באָרים, נישט מעהר, מיין טייערער!

און ווידער א לאנגער, א הייסער קוש דורך טרערן.

דאָס האָט איהם אזוי בענומען, אז ער האָט זי אין דער דאָזיגער מינוט ערנסט ליעב געהאַט און איז איהר געווען דאנקבאר פאר די פרייהייט, וואָס זי שענקט איהם... זייער געזעגענען זיך איז געווען אזוי ריהרענד, אז אפילו אייזענשטאדט האָט שטילערהייד, אָן דער זייט, געלאָזט א טרער...

צוויי טעג האָט ראָזע'ס פאָרטרעט בעגלייט באָריסען, און איהם האָט זיך געדאכט, אז אין וואגאָן, וואו ער איז געזעסען, זענען געשטאנען קעגען איהם איהרע שוואַרצע פייעריגע אויגען. נאָר קוים איז ער געקומען אהיים און איז אריינגעפאַלען צו מלכה'ן אין די הענד אריין, אזוי האָט ער אלץ פערגעסען.

אז די מאדאם פרידמאַן האָט פלוצים בעקומען די פריילינע דעפעשע פון איהר זוהן, איז זי געווען אזוי גליקליך, פונקט ווי זי האָט נאָך פריהער געוואוסט די שעה, ווען איהר באָרים וועט קומען. דאָך האָבען איהר די הענד געציטערט אזוי שטארק, אז זי האָט זיך אליין נישט געקאָנט אנטהון און האָט געמוזט אריינרופען דאָס דיענסטמיידעל, וועלכע האָט בעמערקט, אז די מאדאם איז עפּיס שטארק צעטראָגען, און האָט דאָס באלד איבערגעגעבען אליק'ן, און אליק האָט דאָס די רגע אָפּגעטראָגען צו בערטע דער גרושה און אין נאָך עטליכע ערטער, אזוי אז דעם זעלבען טאָג איז שוין ארויס א קלאנג אויף דער גאנצער שטאָדט, אז די מאדאם פרידמאַן האָט דערהאַלטען א דעפעש און איז ארויסגעפאָהרען צום וואָקזאל אקעגען דעם זוהן מיט דער שנור... דאָס האָט אָנגעמאכט אזא רעש, אז עס זענען באלד נאָך איהר נאָכגעפאָהרען די מאדאם שפּיעגעלגלאַז, די מאדאם רעגענבויגען און די מאדאם שטעכענהאָלץ... מיט'ן מאַן האָט זי וועגען דעם נים גערעדט: מאָטעל האָט שוין פערשטאנען, וואָס דאָס בעטייט. ער האָט זי נאָר א פרעג געטהאָן:

— מלכה! ער פאָהרט?

— ער פאָהרט.

— אַליין?

— אַליין.

דער צוג איז אָנגעקומען, און באָרים איז אַרויסגעשפּרונגען פונ'ם וואַגאָן אַ בלאַסער: ער האָט צוויי נעכט ניט געשלאָפען. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און איז געבליבען שטעהן אויף איין אָרט, ווי אַ בעגראָבענער. מלכה איז צוגעגאַנגען צו איהם און האָט איהם אַרומגעחאַפּט קושען.

— באָרים!...

— מאַמע!...

. . . . . . . . . . . . . . . .

מלכה האָט צוגערופען דעם עקיפּאַזש און האָט זיך אַריינגעזעצט מיט'ן זוהן. זי האָט איהם גישט געשטראָפט, ניט געפרעגט גאָרניט, כמעט גאָר ניט גערעדט: זי האָט שוין געוואוסט אַלסדינג — וואָס וועט זי ביי איהם פרעגען? וואָס וועט ער איהר דערצעהלען? ער האָט אַנידערגעלעגט זיין קאָפּ ביי איהר אויף די הענד און האָט גענומען וויינען. זי האָט איהם געלאָזט זיך אויסוויינען. זי האָט איהם געקרייזעלט זיינע לאַנגע בלאָנדע האָר, און האָט נאָר געזאָגט: „מיין קינד! מיין קינד!" קומענדיג אהיים, האָט זיך אונזער יונגער העלד אַרומגעוואַשען, אַרומגעראַזירט, אָנגעטהאָן, בעשפּריצט זיך מיט אָדעקאָלאָן און איז געוואָרען ווידער דער זעלבער לעבעדיגער און פרישער באָרים, וואָס פריהער. דעם פאָטער האָט ער געטראָפען אין קאַבינעט איבער די חשבונות מיט אַ פעדער אין די צייהן.

— וואָס מאַכסט דו, פּאַפּאַ?

— אַ־אַ־אַ?! — האָט איהם דער פאָטער געענטפערט, סוקענדיג אין די חשבונות, און האָט איהם אונטערגעשטעלט די לינקע באַק אויף אַ קוש טהון. נאָכדעם איז ער אַריינגעגאַנגען ווידער צו דער מוטער און איז איהר געפאַלען אויפ'ן האַלז. ער האָט

איהר געוואָלט אָנהויבען דערצעהלען אַלץ, אַלץ; נאָר זי האָט איהם איבערגעשלאָגען, זאָגענדיג צו איהם מיט א געלעכטער:

— קינד! מיר וועלען נאָך צייט האָבען צו רעדען וועגען דעם אויך; איצט דאַרפסט דו געהן צום טיש עפּיס איבערבייסען.

ביי'ם טיש האָט באָרים געגעסען מיט גרויס אַפּעטיט, זעהר פיעל גערעדט, דערצעהלט חידושים פון דער גרויסער שטאָדט, און די מוטער האָט איהם אויסגעהערט מיט א צופריעדען שמייכעלע אויף די ליפּען, גלייך ווי עס וואָלט צווישען זיי גאָר נישט פאָרגעפאַלען, גלייך ווי ער האָט זיך זעהר פיין אויסגעשטעלט קעגען זיך, קעגען זיינע עלטערען, קעגען גאָט און לייט...

דער ווייַן, דאָס בעגעגעניש מיט דער מוטער, די שענע צימערען מיט'ן ווייכען גרויסאַרטיגען מעבעל האָבען אויפגעבונדען די צונג פון אונזער יונגען העלד, און ער האָט איבערגעגעבען זיין מוטער א לאַנגע געשיכטע, די גאַנצע געשיכטע, וואָס מיט איהם האָט פּאַסירט, מיט אַלע קלייניגקייטען און מיט דער גאַנצער עפענטליכקייט און תמימות.

אין דער צייט, וואָס באָרים האָט דערצעהלט, איז די מאַדאַם פרידמאַן געזעסען אין א ווייכען סאַמעטענעם פאָטעל און איהם אויסגעהערט מיט א זיס שמייכעלע אויף איהר געזונד און פריש געזיכט, גלייך ווי באָרים וואָלט איהר דערצעהלט א שענע מעשה פון א בוך. מלכה'ס צופריעדען געזיכט האָט נישט אויסגעזאָגט וואָס עס האָט זיך געטהאָן ביי איהר אין הארצען, ווען זי האָט דערהערט, אז אָט דאָס דאָזיגע קליינע שוואַרצע מיידעלע, אָט די דאָזיגע „קאַרלעטשקע" מיט איהר טייערען בן־יחיד האָבען דריי יאָהר כסדר געפיהרט צווישען זיך א שטילען ראָמאַן, און זי, מלכה, האָט נישט אָנגעהויבען צו וויסען פון קיין „פּותר" און פון קיין „חלום"!

„אָ! — האָט זיך מלכה געקלערט. — זי דאַרף זיין א גוטע סחורה! נאָך א בעסערע, ווי די מאַמע איהרע, די יאַשטשערקע!...

און די דאָזיגע „קאַרלעטשקע" איז היינט מיין שנור, מיין זוהנ'ס

ווייב ?... און מיין באָרים האָט שוין אַ ווייב ? און זעמען ? און אויף וואָסער איין אופן ? און איך זאָל דאָס אזוי איבערלאָזען ? — אָ, ניין !"...

נאָר דאָס איז געווען איהרע אינווענינסטע געפיהלען ; אויס־ווענינ, אויפ'ן פּנים, איז זי געווען גאַנץ רוהיג, אַ ביסעל ווי פריילינ, און אַז באָרים האָט געענדיגט זיין ערצעהלונג מיט טרערען אויף די אויגען, האָט זי פערשטאַנען, אַז איהר זוהן הויבט שוין אָן חרטה האָבען אויף דער גאַנצער מעשה, און אַצינד איז דאָ צייט צו פערהאַפּען, פעררינכטען. זי האָט איהם געגלעט זיינע לאַנגע בלאָנדע האָר און האָט צו איהם געזאָגט :

— נו, מיין קינד, גענוג, גענוג. שוין צייט רוהען, שוין צייט שלאָפען...

— ניין, מאַמע, ניין ! איך וויל, אַז דו זאָלסט מיר זאָגען, אַז דו ביזט מיר מוחל... איך וויל, דו זאָלסט מיר צוזאָגען, אַז דו וועסט מיך ניט פאַרלאָזען, אַז דו וועסט מיר העלפען ! דו ביזט אַזאַ קלוגע, אַזאַ גוטע !...

— קינד ! — האָט זי איהם געענטפערט, אָפּווישענדיג מיט איהרע ווייכע ווייסע הענד זיינע טרערען. — קינד ! פאַר וואָס זאָל איך דיר מוחל זיין ? וואָס האָסט דו אַזעלכס פאַרזינדיגט ? וואָס היטרע מענשען האָבען דיך געוואָלט אַריינגנאַרען אין זאַק אַריין ? וואָס אַפּעריסטען האָבען געוואָלט זיך באַנוצען מיט דיין רייכטום ?... דאַנק און לויב גאָט, וואָס דו האָסט אַ מוטער, וועל־כע וועט איהר לעבען אַוועקגעבען צוליעב איהר קינד... דו האָסט גוט געטהאָן, וואָס דו האָסט מיר אַלץ אַנטדעקט און נישט פאַר־לייקענט קיין זאַך. פון היינט אָן בין איך דיין איינציגער העל־פער, און אויף מיר מעגסט דו זיך פאַרלאָזען מעהר ווי אויף אַלע דיינע גוטע פריינד, וואָס מיינען זייער אייגענע טובה און דיין קעשענע...

די גאַנצע נאַכט איז אונזער יונגער העלד אָפּגעשלאָפען אויס־געצייכענט, און ווי נאָר ער האָט געעפענט די אויגען, האָט ער זיך

אָנגעהויבען ארומקוקען אויף אַלע זייטען. ער האָט פערגעסען, וואו איז ער און ווי קומט ער אהער? דער גילדענער שפּאַליר פון די הויכע וועגד, דער גרויסער סאמעטענער קאָוויאָר ביי דעם בעט, די הויכע גלענצענדע קאָלאָנעס מיט די ליכטיגע פענסטער, דאָס טייערע מעבעל מיט די גרויסע בראָנזענע שפּיעגלען — דאָס אַלץ, פון וועלכען ער איז שוין אַ ביסעל אָפּגעוואָהנט געוואָרען, האָט איהם אויסגעוויזען ווי אַ חלום. אין דער דאָזיגער מינוט איז אריינגעקומען זיין מוטער מיט איהר זיס שמייכעלע אויף די ליפּען. באָרים האָט זיך אין איין אויגענבליק דערמאַנט אין אַלץ.

— שטעה שוין אויף, קינד, שוין צייט פאָהרען.

— די רגע, מאַמע, די רגע, אָט טהו איך זיך אָן! — און באָרים האָט זיך גענומען אָנטהון; נאָר ווי איבערראַשט איז ער געוועזן, אַז פאַר זיינע אויגען איז געלעגען אַ שפּאָגעל־נייער קאָס־טיום, נאָר־וואָס פון דער נאָדעל ארוים! דאָס איז געוועזן אַ סור־פּריז פון זיין מוטער.

אין פערלויף פון דריי וואָכען האָבען זיי צווישען זיך קיין איינציג וואָרט ניט גערעדט וועגען דעם, וואָס באָרים האָט געוואָלט רעדען, און אַזוי האָבען זיי זיך צוגעגרייט אין וועג אריין — קיין אויסלאַנד פאָהרען אויף אַ גאַנצען ווינטער. אַז זיי זענען גע־קומען קיין וואַרשאַ, האָבען זיי זיך אָפּגעשטעלט אין דער דאָזיגער שטאָדט אויף עטליכע טעג, וואו די מאַדאַם פרידמאַן האָט בע־דאַרפט איינקויפען אַ טראַנספּאָרט פערשידענע סחורות. זי האָט בעקאַנט געמאַכט איהר זוהן אין עטליכע גאַנץ רייכע הייזער, וואוהין מע האָט איהם געבעטען אויף אָבענד־ברויט אָדער אויף מיטאָג. זי האָט איהם אויך בעקאַנט געמאַכט מיט דער רייכער פירמע „עסיגמאַכער“. און אַזוי האָבען זיי פערבראַכט אין דער גרויסער שטאָדט וואַרשאַ. אויף דער נאַכט זענען זיי געוועזן אין טהעאַטער, און באָרים איז געקומען צוריק מיט אַ קאָפּוועהטיג. ליגענדיג אין בעט, האָט ער זיך דערמאַנט אָן דעם, וואָס ער האָט

צו רעדען מיט דער מוטער; ער האָט דאָס געלאָזט אויף מאָרגען, אויף שפּעטער...

די גאַנצע נאַכט האָט ער געזעהען שלעכטע חלומות, און ראָזע'ס גרויסע, שוואַרצע, טיעפע אויגען, וועלכע ער האָט שוין כמעט פערגעסען, האָבען זיך איהם געפּלאָנטעט אַ גאַנצע נאַכט פאַר זיינע אויגען. נאָר אויף מאָרגען, ווען ער איז געקומען צו דעם באַנקיר עסיגמאַכער מיט אַ וויזיט, און מע האָט איהם איינגעלאַדען אויף אָנבייסען און נאָכדעם אין טהעאַטער, איז ער געוואָרען ווייעדער מונטער און פריילין, און דעם באַנקיר'ס עלטערע טאָכטער, די מאַמזעל עסיגמאַכער, מיט איהרע גרויע אויגען, מיט איהר הויך געשטאַלט און מיט איהרע איידעלע מאַניערען, האָט אויף איהם געמאַכט אַ היבשען איינדרוק. די מוטער האָט איהם געזאָגט, אַז דער דאָזיגער מאַמזעל גיט דער באַנקיר עסיגמאַכער נדן ניט מעהר און ניט ווינציגער פון אַ האַלבען מיליאָן רובעל.

„אָהאָ! — האָט זיך אונזער נאַאיוועד העלד געטראַכט. — אָהאָ! אַ האַלבען מיליאָן רובעל נדן? נישקשה פון אַ נדן, כלעבען!”...

. . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . .

נאָר גענוג גענוג! גענוג שוין אונז נאָכצוגעהן טריט ביי טריט אונזער יונגען העלד, וועלכער האָט עס געווים ביי אונז נישט פערדיענט. מיר וועלען זיך בעסער אומקעהרען צו אונזערע צוויי עהרליכע פריינד, פּינחס אייזענשטאַדט און בערטע שימשעלביין, און וועלען איבערגעבען אַ גאַנצע רייהע פון זייערע בריעף, וואָס זיי האָבען אין יענער צייט געשריבען איינער צום אנדערען.

## דאָס צוואַנציגסטע קאַפּיטעל.

### קאָרעספּאָנדענץ.

### א.

### פון פּ. אייזענשטאַדט צו ב. שימשעלביין.

„מיין גוטע בערטע!

„א וואונדערליכע זאך, כלעבען, א וואונדערליכע זאך! ווי אזוי האָבען מיר דאָס ניט ארויסגעזעהן פריהער, אז סוף־כל־סוף וועט אזוי זיין? און פאר וואָס האָב איך איהם געלאָזט אוועק־פאָהרען אליין, אָהן איהר? אמת, זי האָט אליין געוואָלט בלייבען דאָ, ווארטען ביז ער וועט זיך אביסעל דורכפאָהרען אהיים און וועט זיך אומקעהרען; נאָר איך האָב דאָס ניט געטאָרט דער־לאָזען. איך בין מעהר שולדיג פון באָריסען; איך האָב געהאַט ביך ניט ארויסלאָזען איהם פון דאנען... נאָר וואָס זאָג איך? עס איז גאָר אוממעגליך געווען איהם צו האַלטען; ער איז געווען אזוי אומגליקליך, אזוי פערזאָרגט, אז איך אליין האָב אויף איהם רחמנות געהאַט. איך האָב געזעהען, אז ער עקט זיך, אז ער וועט דאָס נישט אויסהאלטען, ער וועט ביינאכט אנטלויפען, ווי א גנב, און דאָס וואָלט פאר איהר נאָך ערגער געווען... די לעצטע עטליכע טעג האָט ער ניט געגעסען, ניט געטרונקען, ניט געשלאָפען; ארומ־

געגאַנגען איבער דער שטוב, ווי אַ שאָטען, פינסטער ווי די ערד, ניט גערעדט קיין וואָרט, נאָר געזיפצט און געגלעט זיך די האָר... אַך, בערטע, בערטע! וואָס האָבען מיר געטהאָן? צו וואָס האָבען מיר זיך אַזוי געהאַפּט זיי צונויפבינדען, נישט בעקלערט און נישט בעטראַכט? מיר, נאָר מיר, זענען שולדיג אין דעם אַלעם! די צייט וואָלט אַליין געטהאָן איהרס; ווען מיר זאָלען זיי נישט געוועזען מיטהעלפען, וואָלטען זיי אפשר געוועזען ביידע גליקליכער. אַצינד איז זי אומגליקליך, אַזוי אומגליקליך, אַז נאָר איך און איהר קאָנען זי פערשטעהן... זי איז נאָך מעהר אומגליקליך דער־מיט, וואָס זי האָט ניט, פאַר וועמען אויסצורעדען איהר הארץ, פאַר וועמען אויסצוגיסען איהרע טרערען! ערשט היינט בין איך געוועזען ביי איהר; זעהענדיג איהר טוידט פנים, איהרע געשוואָ־לענע אויגען, בין איך געשטאָרבען פאַר שרעק; זי האָט מיך אָפּ־געזידעלט, ווי תמיד:

„— איהר זענט, אפנים, געקומען מיך בעוויינען? צי איהר זענט געקומען מיך טרייסטען, אויסרעדען דאָס הארץ?... איהר זאָלט ניט מיינען, אייזענשטאַדט, אַז באָרים איז ביי מיר אַזוי נידעריג געפאַלען, ווי ביי אייך אין אייערע אויגען!... איך קען איהם בעסער, ווי איהר קענט איהם! ווען ער זאָל קאָנען, וואָלט ער שוין לאַנג געקומען. מסתמא קאָן ער ניט; מסתמא לאָזט מען איהם ניט... אָדער אפשר איז ער ניט געזונד... אפשר איז ער אַזוי שלאַף, אַז ער קאָן מיר אפילו ניט שרייבען... ער קעהר געווים זיין שלאַף! ער איז נעבאַך שלאַף! איהר ווייסט דערפון גאַנץ גוט, און ווילט מיר ניט אויסזאָגען! איהר בעהאַלט פון מיר! איך ווייס, איך ווייס!... איך קען אייך, אייזענשטאַדט, איך קען אייך! איהר האָט תמיד ליעב בעהאַלטען! איהר ווילט מיך מוטשען! איהר מוטשעט מיך! וואָס האָט איהר צו מיר?!...

„איך האָב געבראַכט דעם דאָקטאָר, וועלכער האָט געפונען, אַז זי האָט היץ. דער דאָקטאָר זאָגט, אַז זי איז ניט מיט אַלעמען,

אז מע דאַרף זי אָפּהיטען, ווייל זי איז... איהר פערשטעהט? איך בעט אייך, בערטע, גיט מיר איין עצה, וואָס טהוט מען? איהר ווייסט בעסער; איך קאָן אליין גאַר ניט טהון!... איך האָב שוין געשריבען באַריסען עטליכע בריעף; ער ענטפערט מיר ניט. אפשר איז ער שוין ניט דאָרטען, אין אייער שטאָדט? וואָס טהוט מען? וואָס טהוט מען? דאָס ביסעל געלד, וואָס ער האָט איבער־געלאָזט, הויבט שוין אָן אויסגעהן. דער דאָקטאָר געהט צוויי מאָל אין טאָג. די אַפּטייק שלינגט איין אַ סך געלד. די הוצאות אין שטוב זענען גרויס, ווי פריהער, און איבערמאַכען אנדערש לאָזט זי ניט; זי זאָגט, אַז באַרים וועט קומען און וועט זי טרעפען אין איין אנדער לאַגע, וועט ער זיין אומצופריעדען... איהר פער־שטעהט, וואָס דאָס הייסט? באַרים, וואָס האָט זיך ניט געשעמט צוגעמען די הונדערט רובעל, וועלכע איך האָב אָפּגעלייזט פאַר'ן עקיפּאַזש מיט די פערד, וועט זיין אומצופריעדען דערמיט, וואָס זיין אומגליקליכע ראָזע וועט ניט זיצען אין פיער צימערען מיט ווייך מעבעל, ווי אַ גרעפין!... נעכטען האָב איך זי פון דער זייט אַ פרעג געטהאָן, צי האָט זי נאָך עפּיס געלד, צי דאַרף זי געלד? וואָלט איהר בעדאַרפט הערען, וואָס פאַר אַ תשובה זי האָט מיר געגעבען, ווי אזוי זי האָט זיך געפיהלט בעלעדיגט פון דער פראַגע!

„אַך, גוטע בערטע! גיט מיר איין עצה, וואָס טהוט מען? ווי אזוי ראַטעוועט מען אָפּ דאָס אָרעמע קינד, וועלכעס מיר אליין האָבען אין אזאַ אומגליק אריינגעפיהרט. שרייבט מיר, טאָמער ווייסט איהר עפּיס פון באַריסען? וואו איז ער? וואָס טהוט ער? וואָס פלאַנט ער? טאָמער קאָנט איהר איהם זעהען און מיט איהם איבערשמועסען? יאָ, יאָ, אַ וואונדערליכע זאַך, בלעבען, אַ וואונדערליכע זאַך! ווי בלינד מיר זענען ביידע געוועזען!

„מיט דער גרעסטער אונגעדולד ערוואַרט איך פון אייך אַ תשובה.

„אייער בעסטער פריינד פּ. אייזענשטאַדט.“

## ב.

### פון ב. שימשעלביין צו פּ. אייזענשטאַדט.

„טייערער פריינד אייזענשטאַדט!

„זעהט, וואָס איהר האָט אָנגעמאַכט! זעהט, ווי גאָט צאָהלט איך דערפאַר, וואָס איהר האַלט אונז, פּרויענצימער, פאַר גאָר־נישט! איהר מיינט, אַז נאָר איהר זענט קלוג, אַז נאָר איהר האָט שׂכל!... איך פרעג אייך, פאַר וואָס האָט איהר מיך פריהער ניט געלאָזט קומען צו אייך? איך וואָלט נישט דערלאָזט, אַז באָרים זאָל אוועקפאָהרען און ראָזע זאָל איבערבלייבען אַליין, ביי אַזאַ טרויעריגער לאַגע! איך, וואָס האָב אַליין איבערגעלעבט כּמעט דאָס זעלבע, וואָס ראָזע לעבט איבער אַצינד, וואָלט שוין גע־וואוסט וואָס צו טהון!... נאָר, אייזענשטאַדט, איהר זענט פון תּמיד אָן אַ סקעפּטיק. סטייטש, ווי אַזוי קאָנט איהר נאָר רעכענען אַזעלכס אויף אונזער אָרענטליכען באָריסען, וועלכער — דאָס איז ביי מיר זיכער ווי דער טאָג — וועט היינט־מאָרגען קומען צוריק צו ראָזען! גלויבט מיר, אַז ער איז גלייך אומגליקליך ווי ראָזע, און זי איז גערעכט, וואָס זי פערענטפערט איהם. דאָס, וואָס עס האָט זיך געטראָפען אַצינד, האָט מען בעדאַרפט ערוואַר־טען פריהער; איך האָב אייך ניט איין מאָל געזאָגט, אַז קיין גליקליכע ליעבע איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ, אַז יעדע ליעבע מוז זיך ענדיגען טרויעריג, אַז דאָס גאַנצע לעבען איז אַ שרעק־ליכע טראַגעדיע...

„דאָס, וואָס איך וויל אייך אַצינד שרייבען, איז זעהר־זעהר ניט פריילי: די מאַדאַם פּוהרמאַן, ראָזע'ס מוטער, איז נעכטען געשטאָרבען... גאָט זאָל אייך אָפּהיטען פון צו זאָגען דאָס ראָזען! די דאָזיגע אומגליקליכע פרוי, וואָס האָט אַזוי ליעב געהאַט איהר איינציג קינד, איז אויסגעגאַנגען מיט אַ קללה אויף די ליפּען... איהר דאַרפט זיך שטויסען, ווען זי האָט געשאָלטען: זי האָט אייך גערעכענט פאַר איהר מלאך־המות, און איהר דאַרפט איהר

מוחל זיין — זי איז געגוג אָפּגעקומען אויף דער וועלט!... איך קאָן זיך אָהן טרערען ניט דערמאָנען, וואָס זי האָט איבערגע־טראָגען פון איהר מאַן דעם דעספּאָט די לעצטע צייט. זי האָט שוין ביי איהם לאַנג פון קיין וועלט ניט געוואוסט; נאָר זינט די טאָכטער איז אַנטלאָפען, איז מאיר פוהרמאַן געוואָרען ערגער, ווי אַ ווילדע חיה. ער האָט איהר אַלע מינוט געשטאָכען די אויגען מיט דער אויסגעלאַסענער טאָכטער, וואָס איז אַנטלאָפען מיט איין אָרעמען סטודענט (איהר פערשטעהט האָטש, אייזענשטאַדט, ווע־מען מע מיינט דאָ?...). און צייטענווייז, אַז זי האָט שוין נישט געקאָנט איבערטראָגען און האָט איהם געענטפערט מיט אַ וואָרט אָדער צוויי, האָט ער זי געטריבען פון שטוב און האָט איהר געשריען:

„— געה דיר צו דיין טאָכטער, צו דער מופקרת!... איהר מיינט, איהר וועט מיך ירש'ענען לעבעדיגערהייד?...

„אַז זי איז שלאַף געוואָרען, האָט ער נישט געוואָלט רופען דעם דאָקטאָר... די דאָזיגע אומגליקליכע פרוי האָט געצאַנקט, ווי אַ ליכט. ער האָט נישט צוגעלאָזט צו איהר קיינעם; ער האָט פערטריבען אַלע קרובים. איך האָב זיך ניט געטאָרט ווייזען פאַר זיינע אויגען; ער האָט כסדר געזאָגט, אַז ער וועט מיך פערשיקען אין סיביר... נאָר צום סוף, אַז ער האָט דערזעהען, אַז זיין ווייב געהט שוין אויס, האָט ער אַראָפּגעבראַכט אַלע דאָק־טוירים פון דער שטאָדט. ער איז אַרומגעלאָפען, ווי אַ משוגענער. ער האָט געוואָרפען די שליסעלעך. ער האָט געעפענט דעם קאַס־טען און האָט געשריען:

„— ראַטעוועט! ראַטעוועט! נעמט וויפיעל איהר ווילט — און ראַטעוועט!

„ער האָט מיך געשיקט רופען. איך האָב נישט געגלויבט מיינע אויגען: ער איז געווען פערוויינט, צעפלאָכטען, און האָט ניט געקאָנט איינזיצען אויף איין אָרט. ער האָט מיך געחאַפּט

פּאַר א האַנד און האָט מיך צוגעפיהרט צום בעטעל, וואו זיין אומגליקליך ווייב איז געלעגען ביי די לעצטע גראַדען.

„— דו זעהסט, טייבעלע? — האָט ער איהר געזאָגט, איינ־בויגענדיג זיך צום בעטעל. — דו זעהסט, טייבעלע? דאָס האָב איך דיר געבראַכט בערטען. דו זעהסט, טייבעלע? אָט דאָס איז בערטע...

„טייבעלע האָט שוין ניט געזעהען און ניט געהערט. אין צוויי שעה אַרום איז זי שוין געווען אויף דער אמת'ער וועלט.

„נאָר דער דאָזיגער אומגליקליכער פרוי איז אָנגעצייכענט געווען נישט אַזוי גרינג צו קומען אַהין, וואו זי האָט בעדאַרפט געפינען איהר רוה... מאיר פוהרמאַן, וואָס האָט א שעה פאַר זיין ווייב'ס טויט געוואָרפען מיט א סך טויזענדער — אַבי מע זאָל איהם לעבעדיג מאַכען זיין טייבעלען, האָט זיך נאָך איהר טוידט איינגעשפּאַרט און האָט מעהר ניט געוואָלט געבען דער חברה־קדישא, ווי דרייסיג רובל. א גאַנץ מעת־לעת האָט ער זיך געדונגען, ווי מע דינגט זיך פאַר איין אָכס, — ביז מע האָט קוים אויסגעריסען ביי איהם הונדערט רובעל. איך בין גאָר ניט אים שטאַנד צו בעשרייבען אייך די בזיונות, מיט די קללות, מיט'ן גאַנצען רעש, וואָס עס האָט זיך דאָ געטהאָן אין דעם מעת־לעת, וואָס זיין ווייב איז געלעגען אויף דער ערד און ער האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט די שליסעלעך און געטאַפּט דעם אייזערנעם קאַסטען!

„נאָר איין זאַך קאָן איך ניט פערשטעהן: היינט פאַרנאַכט האָב איך געזעהען אריינגעהן צו פוהרמאַנען אין הויף אריין דעם הערר מאָטעל פרידמאַן! וואָס קאָן דאָס בעטייטען? אפשר איז ער אַזוי אריינגעגאַנגען. מנחם־אָבל זיין זיין אַלטען חבר?... איך קאָן דאָס ניט פערשטעהן! איך האָב גאָר־וואָס געשיקט אַהין מיין מיידעל, זי זאָל א קוק טהון, וואָס איז דאָרטען און וואָס טהוט זיך ביי פוהרמאַנען?... דאָס מיידעל איז געקומען און זאָגט, אַז

דאָרט איז שוין קיינער ניטאָ אצינד; נאָר דער הערר פוהרמאַן איז אזוי בייז, אזוי צעררייצט! ער שרייט אויף דער דיענסט (ער האלט איצט ניט מעהר ווי איין דיענסט — איין אלטע אידינע, אַ קארגע, ווי ער אליין), אז טאָמער וועט זי דאָס צווייטע מאָל אריינלאָזען אָט דעם קעשעניק, אָט דעם גנב, — וועט זי האָבען ביי איהם דעם טוידט! איך קאָן דאָס גאָר ניט פערשטעהן, וואָס דאָס בעטייט!...

„אך, אייזענשטאדט, אייזענשטאדט! איך בין אייך מקנא אויף אייער פלעגמאַטישען כאראקטער. איהר קאָנט אַלץ איבער־טראָגען קאַלטבלוטיג. איהר זענט קיינמאָל ניט געווען קיין אומ־גליקליכע פרויענצימער, און אייער הארץ, ווי איך זעה־ארויס, איז נאָך גאַנץ פריי פון דעם הייליגען געפיהל, וואָס ווערד אָנגערופען „ליעבע“... איהר ווילט נישט גלויבען, אז באָריס איז מיט זיין גאַנץ לעבען איבערגעגעבען ראָזען. איהר קאָנט דאָס ניט פער־שטעהן, איאָ? — זאָג איך אייך, אז עס איז געווים אזוי!... אמת, איך האָב דאָס פון באָריסען נישט געהערט, מחמת זעהען זיך מיט איהם ביז אהער איז מיר נישט געווען מעגליך בשום אופן ואופן. און איצט... איצט איז ער ניטאָ; ער איז מיט זיין מוטער ערגיץ אוועקגעפאָהרען. מע זאָגט, אז קיין אויסלאַנד; נאָר עס איז ניט אמת: מיין דיענסטמיידעל האָט געהערט פון אליק דעם משרת, אז די בריעף שיקט מען זיי קיין ווארשאָ, ניט קיין אויסלאַנד. איך רעכען, אז צוליעב דעם זענען זיי זיך דורכ־געפאָהרען קיין ווארשאָ צו זייערע אַ פריינד אָדער אַ בעקאנטען, בכדי די מיילער פון אונזערע רכילות'ניקעס (איהר געדענקט די מאַדאַם רעגענבויגען, שטעבענהאָלץ, שפיעגעלגלאָז אַ. ד. ג.?) זאָלען פערשטאָפּט ווערען אויף אַ קליינער צייט... און איך זאָג אויך, אז עס איז גאָר קיין עולה ניט פון זייער זייט, מחמת פון דעם ערשטען טאָג נאָך אייער אוועקפאָהרען פון דאנען האָבען זיך דאָ די מיילער נאָך ניט צוגעמאכט ביז היינטיגען טאָג. עס איז געווען אזא גערודער אין שטאָדט, אז עס האָט זיך געטהאָן

חושך, חושך! אין יעדען הויז, אויף יעדער גאַס, אין אַלע ווינ־קעלעך האָט מען נאָר געדעדט פון מאיר פוהרמאַנ׳ס טאָכטער, וואָס איז אַנטלאָפען מיט איין אָרעמען סטודענט, פרידמאַנ׳ס אַ חבר. און מערקווירדיג! איהר זענט דאָך מיט קיינעם ניט גע־ווען בעקאַנט אין דער דאָזיגער שטאָדט, — און פון דעסטוועגען זאָלט איהר הערען, וואָס פאַר מיינונגען יעדער זאָגט זיך וועגען אייך; דער זאָגט, אַז מע האָט געזעהען ביי אייך אויפ׳ן פּנים אָנגעצייכענט, אַז איהר זענט אַ גנב, אַ רוצח, אַ מענשענפרעסער; דער זאָגט, אַז איהר זענט גאָר ניט קיין סטודענט, נאָר אַ „ליט־וואָק", וועלכער האָט ערגיץ אין דער ליטאַ נאָך דריי ווייבער; און דער דריטער זאָגט, אַז איהר זענט גאָר איין אַנטלאָפענער סאָלדאַט!... הכלל, עס איז גאָר ניט איבערצוגעבען די אַלע היס־טאָריעס, וואָס יעדער דערצעהלט זיך דאָ אָן וועגען אייך. און שטעלט אייך פאָר זייער איבעררעשונג, ווען זיי האָבען דערהערט, אַז ניט איהר, נאָר דער יונגער פרידמאַן האָט חתונה געהאַט פאַר דער אַנטלאָפענער! דאָ איז געוואָרען אַזאַ גוואַלד אין שטאָדט, אַז ווען איך זאָל ניט געווען מורא האָבען אַרויסצוגעבען דעם סוד, וואָלט איך שוין לאַנג אַנטלאָפען פון דאַנען. איך ווייס נאָך עד היום ניט, פון וואַנען און ווי אַרום איז מען דאָ געוואָהר געוואָרען וועגען דער חתונה, נאָר מע ווייסט שוין אַלץ, ניט קוקענדיג דע־רויף, וואָס די פרידמאַנס האָבען ניט בעוויזען קיין שום מינע, אַז עס קעהר זיך אָן מיט זייער זוהן. שטעלט אייך פאָר, ווי אַזוי איז געווען דער מאַדאַם פרידמאַן צו קומען צוריק אַליין, אָהן באָריסען, און נאָך מאַכען יעדען אַ פריילעכע מינע, רעדען גלייך מיט אַלע וועגען אייער ראָמאַן מיט ראָזע פוהרמאַן... און נאָך דעם, אַז מען איז אין גיכען געוואָהר געוואָרען דעם אמת, האָט יעדער איהר געקוקט אין פּנים אריין און האָט געוואָלט איבער־לייענען ביי איהר אויפ׳ן שטערן די מעשה מיט איהר זוהן און מיט דער אַנטלאָפענער — און זי, די מאַדאַם פרידמאַן, זאָל דאָס אפילו מיט איין אויג אַ פּינטעל טהון! גאָרניט, לעבעדיג, פרייליך,

ווי תמיד !... כמעט יעדען טאָג זענען געקומען צו איהר די גוטע פריינד, די מאַדאַם רעגענבויגען מיט די געלע טעכטער, די מאַדאַם שפּיעגעלגלאַז און די מאַדאַם שטעכענהאָלץ, און די גאַנצע צייט האָבען זיי מיט איהר גערעדט נאָר וועגען „דער אַנטלאָפּע־נער", און הונדערט מאָל אַ מינוט איבערגעפרעגט, וואו איז אַצינד איהר באָרים ? וואָס מאַכט ער אין געזונד ? פאַר וואָס זאָל מען איהם ניט אָפּזוכען קיין רעכטע פּאַרטיע ? אליק דער משרת האָט מיר איבערגעגעבען, אַז אויף די אַלע פראַגען האָט זי געענטפערט פריילּיך, גלייך ווי תמיד. דערפאַר אָבער האָט זי זיך מיט זיי אָפּגערעכענט אָט דאָ, אַז באָרים איז געקומען ! זי איז מיט איהם די גאַנצע צייט געזעסען אויפ'ן באַלקאָן, בכדי מע זאָל איהם זעהען, אַלע זאָלען איהם זעהען — און דערמיט פערשטאָפּען די בייזע מיילער. זי איז געגאַנגען און געפאָהרען מיט איהם עטליכע מאָל אין טאָג שפּאַציערען און האָט איהם אויסגעפיהרט אין אַלע גאַסען, אין אַלע געסלעך, — אַלע זאָלען זעהען, אַז איהר באָרים איז דאָ, אַז ער איז ניט אַנטלאָפען מיט קיינעם, ובפרט נאָך מיט דער שוואַרצער ראָזע פוהרמאַן פונ'ם קליינעם שטיבעל מיט די „רויטע לאָדען". מע האָט מיר דערצעהלט פון דער זעליגער מאַדאַם פוהרמאַן, אַז בשעת מלכה פרידמאַן מיט'ן זוהן זענען דורכ־געגאַנגען פערביי איהר פענסטער, איז זי געפאַלען אויפ'ן בעט, און מע האָט זי קוים אָפּגעראַטעוועט... נאָר די מאַדאַם פרידמאַן האָט שוין מעהר נישט געקאָנט איבערטראָגען אויף זיך דעם גיפט פון די לאַנגע צונגען און האָט געמוזט אָפּטרעטען אויף אַ קליינער צייט מיט באָריסען פון דאַנען — און זיי האָבען געטהאָן זעהר קלוג ! אך, ווען איהר זאָלט געוועזען זעהען, ווי אַזוי אונזער יונגער העלד האָט אויף מיר געקוקט מיט זיינע שענע אויגען פונ'ם אייזערנעם באַלקאָן, בעת איך בין פערבייגעגאַנגען אַ האַלבע שעה פאַר זיין אָפּרייזען פון דאַנען מיט דער מוטער ! ווען איהר זאָלט געוועזען אין דער דאָזיגער מינוט אַ קוק טהון באָריסען אין די אויגען אריין, וואָלט איהר שוין מעהר ניט געצווייפעלט, אַז זיין

ליעבע צו ראָזען איז פיעל גרעסער און שטאַרקער, ווי איהר קאָנט זיך פאָרשטעלען מיט אייער שכל...

„כדי איהר זאָלט מיך בעסער פערשטעהן, וועל איך אייך דאָ איבערגעבען אלץ, וואָס איז פאָרגעקומען צווישען מיר און באָ־ריסען זינט ער איז געקומען צוריק מיט זיין מוטער.

„אז באָרים איז געקומען, האָב איך מיך דערוואוסט באַלד פון אליק דעם משרת, וועלכען איך האָב אונטערגעקויפט שוין פון לאַנג, ער זאָל מיר אָפּטראָגען יעדע קלייניגקייט, וואָס עס קומט פאָר ביי די פרידמאַנס אין הויז. איך האָב איהם פיין בעלוינט און געהייסען, ער זאָל איבערגעבען באָריסען פון מיר א בריעף. איך דאַרף אייך ניט דערצעהלען, וואָס איך האָב איהם געשריבען; איהר קאָנט זיך אליין פאָרשטעלען, ווי איבעראַשט איך בין געווען, אז איך האָב דערהערט, אז באָרים איז געקומען אליין, אָהן איהר! אויף דעם צווייטען טאָג האָט מיר אליק איבער־געגעבען, אז מיין בריעף האָט ער איהם אָפּגעגעבען מיט גרוים מיה, נאָר קיין ענטפער קאָן אזוי גיך ניט זיין, מחמת די מאַדאַם פריד־מאַן טרעט נישט אָפּ אויף קיין רגע פון איהר זוהן. זי זיצט מיט איהם, זי געהט מיט איהם, זי לאָזט פון איהם קיין אויג נישט אראָפּ; אפילו אז ער לעגט זיך שלאָפען ביינאַכט ביי זיך אין צימער, שטעהט זי לאַנג הינטער דער טיהר, אָדער זי דרעהט זיך אזוי ארום אין דעם צווייטען צימער, בכדי זי זאָל קאָנען זעהן, װאָס ער טהוט, און הערען, וואָס ער רעדט דאָרט מיט אליק'ען אָדער מיט איין אַנדער בעדיענער. זי האָט שטרענג פערבאָטען, אז קיינער זאָל זיך ניט דערוועגען ברענגען אָדער אָפּטראָגען א בריעף פון באָריסען אָהן איהר וויסען, אזוי אז יעדער בריעף, וואָס ער שיקט־אָפּ אויף דער פּאָסט, פאַלט אריין גלייך צו איהר אין די הענד אריין... הייגט פערשטעהט איהר שוין, ליעבער איי־זענשטאַדט, ווי אומגליקליך אונזער יונגער העלד איז ביי אַט אזעלכע פאַנאַטישע עלטערען, ביי אָט אזעלכע דעספּאָטען? ערשט אויף דער אַנדערער וואָך האָט מיר אליק געבראַכט אויף אלע

מיינע בריעף (מעהר אַלס צעהן) איין ענטפער פון באָריסען. איך געב אייך דאָ איבער, ליעבער אייזענשטאַדט, בוכשטעבליך זיין קוויטעלע, פון וועלכען איהר וועט זיך געוויס קאָנען אראָפּנעמען אַ מוסר, וואָס הייסט ליעב האָבען און זיין אומגליקליך. אָט וואָס באָרים שרייבט מיר:

„טייערסטער פריינד בערמע! איין גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב אייך ביז היינטיגען טאָג ניט געקאָנט שרייבען. איך שרייב יעדען טאָג בריעף צו מיין טייערער ראָזעטשקען, און האָב ביז היינט קיין שום ענטפער. איהר פרעגט מיך, וואָס האָב איך גע׳פועל׳ט מיט מיין קומען אַהיים? אָ, איך פערהאָף, אַז איך וועל געוויס מיין ציעל דערגרייכען! גיך־גיך וועלען מיר זיין גליקליך צוזאַמען מיט מיין טייערער ראָזען, וועלכע שטעהט מיר שטענדיג פאַר מיינע אויגען (איהר הערט, אייזענשטאַדט?). איך וועל איין מאָל פאַר אַלע מאָל לעגען אַ פעסטען פונדאַמענט, אויף וועלכען אונזער ליעבע וועט זיין געבויט עפּענטליך פאַר אַלעמען, אַזוי אַז אַלע זאָלען וויסען און זעהען, אַז ראָזע איז מיינע, מיינע אויף אייביג!... איך בעט אייך, ליעבע בערטע, שרייבט צו מיין ראָזען און גיט איהר איבער מיין ביטערע לאַגע, אין וועלכער איך געפין זיך אַצינד, און טרייסט זי מיט דער האָפנונג, אַז מיר וועלען גיך וויעדער לעבען צוזאַמען, און אונזער ליעבע, אונזער גליק וועט שוין מעהר קיינער ניט שטעהרען, און עס וועט שוין אַלץ זיין גוט, אַזוי ווי עס בעגעהרט אייער איבערגעבענער

„באָרים פרידמאַן".

„עס פערשטעהט זיך, אַז אויף דעם דאָזיגען בריעף האָב איך איהם אָפּגעענטפערט פּינקטליך, אויף יעדער זאַך בעזונדער, און האָב איהם געגעבען אונטעררינכט, ווי אַזוי ער זאָל צוטרעטען צום פאָטער און צו דער מוטער וועגען דער הויפּטפראַגע, און ווי אַזוי ער זאָל ווירקען אויף זייערע הערצער — ער איז דאָך פאָרט זייער איין־און־איינציג קינד, איין אויג אין קאָפּ! איך ווייס ניט ער

היום, וואָס און ווי אַזוי ער האָט מיט זיי גערעדט און צו וואָס פאַר אַ רעזולטאַט זיי זענען געקומען, מחמת פון באָריסען האָב איך שוין מעהר קיין בריעף ניט געקאָנט בעקומען; נאָר װעדליג ווי אַליק האָט מיר איבערגעגעבען איינינגע קלייניגקייטען, פערשטעה איך, אַז אונזער מיה וועט ניט זיין אומזיסט, און אונזער אומגליקליך פאַר־פאָלק וועט ענדליך ווידער צוזאַמען זיין אויף אימער און אייביג. דערהויפּט בעט איך אייך, ליעבסטער אייזענשטאַדט, אַכטונג געבען אויף אונזער טייערסטער ראָזעטשקע און — חיות ניט זיכער! — ניט אַרויסחאַפּען זיך פאַר איהר מיט אַזעלכע ווערטער, ווי איהר שרייבט צו מיר. היט־אָפּ, אייזענשטאַדט, דאָס דאָזיגע יונגע בלימעל, עס זאָל אויף דעם קיין שטויב ניט פאַלען. דאָס איז אייער פליכט אַלס מענש און מאַנספּערזאָן.

אַדיע! אונזער ראָזעטשקען שיק איך בעזונדער אַ בריעף.

„אייער בעסטער פריינד, וואָס פערבלייבט צו אייך מיט גרויס אַכטונג, ניט קוקענדיג דערויף, וואָס איהר זענט אַזאַ קאַלטער עגאָאיסט...

„בערטע שימשעלביין".

## ג.

### פון פּ. אייזענשטאַדט צו בערטע שימשעלביין.

„בערטע! קומט צו פאָהרען. אפשר וועט איהר בעסער קאָנען אויסקומען מיט איהר... זי איז זעהר־זעהר אומגליקליך און דאַרף האָבען הילף. זי נויטיגט זיך, מע זאָל זי היטען — און איך קאָן דאָס ניט, איך טויג ניט דערצו. איך זעה, אַז איך פערשאַף איהר נאָר שמערצען — און מעהר נישט! פאַר אייער אַרויספאָהרען שרייבט מיר אַ בריעף. איך ערוואַרט אייך, איך קוק אַרויס אויף אייך. למען השם, קומט צו פאָהרען!

„פּ. אייזענשטאַדט".

## ד.

### פון בערטע שימשעלביין צו פ. אייזענשטאדט.

„ליעבסטער פריינד! איהר האָט מיך מיט אייער לעצטען בריעף אזוי פיעל איבערגעשראָקען, אז איך בין אוים מענש. איך פאָהר באַלד ארוים און וועל שוין זיין אליין ביי ראָזעטשקען, און איהר זאָלט די רגע ארויספאָהרען אהער און קומען גלייך צום הערר פרידמאַן. איהר וועט איהם טרעפען דאָ אליין, ווייל אונזער אומ־גליקליכער באָרים מיט דער מוטער זענען אַצינד אין אויסלאנד. איך גלויב, אז ביי דער מוטער האָט באָרים שוין לאנג גע'פועל'ט; מע דאַרף נאָר איבעררעדען מיט'ן פאָטער. מיין איך, אז איהר, ליעבער אייזענשטאדט, זענט דערצו מעהר פעהיג, ווי איין אנדערער. איהר זאָלט אויסנוצען אלע מיטלען און אויסמאָהלען פאַר איהם מיט אלערליי פארבען די טרויעריגע לאגע פון זיין בן־יחיד און פון זיין יונגער אומשולדיגער פרוי ראָזע, וואָס האָט שוין גענוג־גענוג גע־ליטען, גענוג איבערגעטראָגען, גענוג אָפּגעקומען פאַר די זינד פון די עלטערען, וועלכע זענען אזוי איינגעשפּארט אין זייער פאנאַ־טיזם!... איך דאַרף אייך נישט לערנען, ווי אזוי צו רעדען. רעדען קאָנט איהר; הלואי וואָלט איהר אזוי געקאָנט פיהלען, ווי איהר קאָנט רעדען... גריסט ראָזען און זאָגט איהר, אז איך פאָהר צו איהר די מינוט, די רגע!

„אייער בעסטער פריינד בערטע שימשעלביין".

## ה.

### פון פ. אייזענשטאדט צו בערטע שימשעלביין.

„בערטע! בערטע! צו וואָס האָט איהר מיך געשיקט אהער? קאַרג געוועזען פאַר מיר דאָס, וואָס איך האָב איבערגעטראָגען דאָרט? אַך, וואָס פאַר אַ הארטער מענש דער הערר פרידמאַן איז! און

מערקווירדיג — וואָס פאַר אַ קלוגער מענש, וואָס פאַר אַ פּראַק־טישער מענש דאָס איז! איך האָב איהם גאָר ביז יעצט אַזוי פיעל ניט געקענט. איך האָב קיין צייט ניט געהאַט צו אויסרעדען עט־ליכע ווערטער, האָט ער מיך שוין איבערגעשלאָגען און האָט מיר פאַרגעלעגט אַזעלכע פראַגען, אַז איך בין געבליבען אָהן לשון. איך האָב אייך געפאָלגט, בערטע, און האָב איהם אָנגעהויבען אויס־צומאָהלען מיט שרעקליכע פאַרבען די ביטערע לאַגע פון זיין אומ־גליקליכען זוהן. האָט ער מיך אַזוי אויסגעלאַכט, אַז איך האָב שוין ווייטער ניט געהאַט, וואָס צו זאָגען.

„— ע, ברודער! — האָט ער מיר געזאָגט דערויף מיט אַ קלאַפּ אין די פּלייצעס אַריין. — ע, ברודער! איהר לאַכט מיך אויס, איהר מאַכט פון מיר חוזק, אפּנים, יונגערמאַן! נישקשה, איהר וואָלט זיך געמעגט ווינשען חאָטש האַלב אַזוי אָפּלעבען ווי אייער אומגליקליכער „העלד" לעבט זיך אָפּ אַצינד אין אויסלאַנד! אַך, ווי טרויעריג זיין לאַגע איז! ווי „אומגליקליך" ער איז אַצינד! ערגיץ אין אַ טהעאַטער נעבאַך, אָדער אין אַ שענעם רעסטאָראַן נעבאַך, וואו ער זיצט נעבאַך איבער אַ שענעם מאָלצייט נעבאַך מיט אַ גוטען גלאָז וויין, און מיט איין אַראָמאַטישען ציגאַר נעבאַך! איהר פאַרשטעהט צי ניין?...

„גלויבט מיר, בערטע, אַז ער קען זיין זוהן אַ סך מעהר, ווי איך מיט אייך קענען איהם. צום לעצט האָט ער מיר ערנסט גע־זאָגט, אַז ער האָט רחמנות אויף דער אומגליקליכער ראָזע און פער־שטעהט, ווי שלעכט עס איז איהר אַצינד און ווי טרויעריג איהר לאַגע וועט נאָך זיין שפּעטער... ווי אַ גוטער פריינד, האָט ער מיר איין עצה געגעבען, אַז מיר זאָלען ביסלעכווייז אויפדעקען פאַר איהר, ווער איהר אָפּגאָט איז און וואָס ער איז... ער האָט מיך אויס־געפרעגט, ווי אַזוי זי פערברענגט די צייט, און פון וואָס לעבט זי, און צי נויטיגט זי זיך אַצינד אין געלד, וועט ער איהר שיקען, וויפיעל זי דאַרף... אַך, בערטע, בערטע, איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, און וועל אייך שטענדיג זאָגען דאָס זעלבע, אַז

מיר, נאָר מיר, זענען שולדיג אין איהר אומגליק, און גאָט ווייסט, מיט וואָס עס וועט זיך נאָך ענדיגען!...

„איך האָב דאָ שוין מעהר ניט וואָס צו טהון, און אויף זיין מוטער זאָלט איהר אויך קיין האָפענונג ניט האָבען. דער הערר פרידמאַן האָט מיר אויסדריקליך געזאָגט, אז „פריהער וועט דער הימעל קומען צו דער ערד, איידער מיין מלכה וועט דערלאָזען, אז איהר באָרים זאָל זיין פוהרמאַנ'ס איידעם, און ווען איהר זאָלט קענען מיין מלכה'ן, וואָלט איהר געזעסען בערוהט אין דער היים, וואָרום מיין מלכה — דאָס איז שטאָל און אייזען: זי וועט זיך ניכער צעברעכען, איידער איינבויגען. איהר פערשטעהט צי ניין?" — און מיט די ווערטער האָט מיך דער הערר פרידמאַן אָפּגעלאָזט. איך בלייב דאָ נאָך אויף אַ צוויי טעג און וואַרט אויף אייער ענטפער. שרייבט מיר, איך בעט אייך, וואָס מאַכט ראָזע? גאָט זאָל העלפען, זי זאָל איבערקומען, ווי עס געהער צו זיין... איך וואָלט איהר איבערגעגעבען אַ גרוס, נאָר איך ווייס, אז זי געהט ניט אַזוי שטאַרק אויס נאָך מיין גרוס... אַ וואונדערליכע זאַך, כלעבען!...

„אייער פריינד, וואָס קוקט אַרוים אויף אייער גיכען בריעף,

„פּ. אייזענשטאַדט".

ו.

פון בערטע שימשעלביין צו פּ. אייזענשטאַדט.

(טעלעגראַמע).

„הערר אייזענשטאַדט. היינט אָבענד האָט ראָזע געהאַט אַ מיידעל און איז געשטאָרבען. דאָס קינד לעבט. קומט צו פאָהרען.

„בערטע".

## עפּילאָג.

וואו דער פּערפאסער זאגט נאך עטליכע ווערטער און געפינט, אז עס איז שוין צייט צו געזעגענען זיך מיט'ן לעזער און מאכען א סוף מיט דער דאָזיגערווירקליכער געשיכטע.

געזעגענענדיג זיך מיט'ן לעזער, מוזען מיר, ווי עס פּיהרען זיך אויף דער וועלט די אַלע ראָמאַניסטען, שענקען איהם איין עפּילאָג און איבערגעבען אַלץ, וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אונזערע העלדען, וועלכע ווערען דערמאַנט אין דער דאָזיגער ריכטיגער, ניט אויסגעטראַכטער געשיכטע.

אַלע אונזערע בעקאַנטע פּאַרשוינען זענען געזונד און שטאַרק, אויסער די צוויי אומגליקליכע פרויען: טייבעלע פוהרמאַן און ראָזע פרידמאַן. אפילו דער אַלטער מאיר פוהרמאַן לעבט נאָך! נאָר זיין לעבען איז טרויעריגער, ווי דער טוידט: צו וואָס און פון וועמענסוועגען לעבט אזא אומגליקליך נפש אויף דער וועלט? פון וועמענסוועגען האַלט ער דעם אייזערנעם קאַסטען מיט געלד? צו וואָס פערשליסט ער די רוֹיטע לאָדען אַלע נאַכט, און אז ער דערהערט א שאָרך פון א מויז, ווערד ער פערציטערט און האַפּט זיך צו די שליסעלעך? צוליעב וועמען טרייבט ער איין אָרעמאַן פון שטוב? פאַר וועמען און פאַר וואָס קוילעט ער זיך אַלע טאָג מיט דער אידינע פאַר די אָפּגעלעקטע ביינער, וואָס זי וואַרפט ארויס פאַר די הינד? אז עס וועט א קלאָפּ טהון זיין לעצטע שעה, וועט ער שיקען רופען דעם רב מיט די דיינים און וועט מאַכען א „צוואה": כך וכך רובעל אויף „עולמות"; כך וכך רובעל אויף א מרחץ; כך וכך אויף דעם הקדש; כך וכך קיין ליבאַוויטש דעם רבי'ן אויף א סוכה (וואָס ווייטער ווערד ער אַלץ פרימער); כך וכך אויף „חברה־קדישא", אויף „הזכרת־נשמות", אויף „חברה תהלים", אויף „חברה משניות", אויף „עשרה בטלנים"... אויף דעם דאָזיגען געלד וועט ער מאַכען עטליכע אָפּעקונעס, גבירים, שענע אידען, וואָס ווילען זיך נאָכדעם צווישען זיך צעטיילען אחת ואחת, און די אָרעמע לייט פון דער שטאָדט ווילען ארומגעהן

פון איינעם צום אַנדערען און וועלען שרייען: „גנבים! רוצחים! הולטייעס! וואו איז ערגיץ דאָס געלד, וואָס רב מאיר פוהרמאַן האָט איבערגעלאָזט? די נגידים האָבען זיך צעטיילט — און מיר וועלען שווייגען?! גיט אונז אָפּ פוהרמאַנ׳ס געלד — עס איז אונזער געלד!"...

אָט אַזוי זענען, הייסט עס, די „רויטע לאָדען" שוין פערמאַכט פאַר אונז אויף תמיד... אָבער דער „אייזערנער באַלקאָן"?

דער „אייזערנער באַלקאָן" איז תמיד יונג, תמיד פריילין, תמיד בעלויכטען און פול מיט געסט, פונקט ווי פריהער, קיין שום פערענדערונג! דאָס געשעפט פון דער גלענצענדער פירמאַ „פרידמאַן" איז זעהר אַ גרויס געשעפט. די קלייטען וואַכסען. די קאַנטאָר ארבייט. מאָטעל פרידמאַן איז שטענדיג פערנומען מיט זיינע חשבונות. ער איז שטענדיג פערטראָגען. ער איז איינגעטונקט פון קאָפּ ביז פיס אין ציפער... אַז זיין זוהן איז דאָס ערשטע מאָל געקומען אַהיים צו־גאַסט מיט זיין גרויסאַרטיגער פרוי „יאַדוויגאַ", די טאָכטער פונ׳ם וואַרשעווער באַנקיר לודוויג עסיגמאַכער, איז מלכה געווען אַזוי גליקליך, אַז זי האָט ארומגעהאַפּט דעם מאַן קושען.

— וואָס זאָגסט דו עפּיס, מאָטעל, אויף אונזער באַריסען און אויף זיין פרוי, אויף יאַדוויגאַ׳ן?...

— יאָ, אויב אונזער פויגעל וועט אוועקוואַרפען די שאַרלאַטאַנסקע שטיק, קאָן פון איהם ווערען מיט דער צייט אַ שטיקעל מענטש, דו פאַרשטעהסט צי ניין?... איך האָב געהאַט אַ דעפּעש פון זימעלשטיין. פאַרקויפט דרייסיג טויזענד פוד צוקער אויף חודש מאַי — בין איך צופריעדען. דו פאַרשטעהסט צי ניין?...

וואָס האָט געטהאָן מאָטעל פרידמאַן ביי מאיר פוהרמאַן, בעת יענער איז געבליבען איין אַלמן? עס ווייזט אויס, אַז אין פרידמאַנען האָט פּלוצים אָנגעהויבען צו רעדען זיין געוויסען. צי אפשר האָט ער זיך דערמאַנט, אַז ער, מ אָ ט ע ל ־ מ ז י ק, איז

אַמאָל געווען אַ חבר און אַ גוטער ברודער מיט מ א י ר ־ ק ו ו אַ־ ש ע ? אָדער ער האָט געוואָלט מיט זיין וויזיט פּונ'ם „אייזערנעם באַלקאָן" צו די „רויטע לאָדען" אויסקויפן זיינע אַלטע זינד אַקעגן זיין געוועזענעם שותף?...

מזל־טוב! אונזערע הארציגע שוועסטער מאַשאַ און פּאַשאַ רעגענבויגען האָבען שוין חתונה געהאַט פּאַר גאַנץ רייכע קאָמערסאַנטען. די מאַדאַם רעגענבויגען איז גליקליך. אַלע יאָהר קומען איהר צו אַ פּאָר אייניקלעך.

אליק דער משרת איז ביי די יונגע פרידמאַנס אַ לאָקיי. ער טראָגט אַ ווייסען זשילעט מיט אַ זילבערנעם זייגער און זאָגט: „ביי אונז אין וואַרשאָ".

גאָלדענשטאַדט און זילבערשטאַדט האָבען שוין דיפּלאָמען אין די הענד. דער ערשטער איז אַ דאָקטאָר און קוקט־אַרויס אויף פּאַציענטען, וואָס ווייזען זיך עפּיס ניט. און דער אַנדערער איז איין אַדוואָקאַט, וואָס האָט נאָך ניט געהאַט די עהרע צו זעהען אַ קליענט אין די אויגען. זיי זוכען רייכע פּאַרטיעס און ארבייטען אויף אַלע כלים.

אייזענשטאַדט האָט זיך נישט שטאַרק פערענדערט פון יענער צייט. עס האָט זיך איהם נאָר אויסגעשאָטען אַ קליין שפּיצעכיג בערדעל, וועלכס גיט איהם צו דעם זיבעטען חן. ער איז זעהר בעליעבט ביי אַלע זיינע חברים־סטודענטען, און אויף יעדער אסיפה איז ער תמיד דער ערשטער, הגם ער קריכט ניט צום אויבענאָן און רייסט זיך ניט אויף די ווענד.

ראָזע'ס קינד — זי הייסט נאָך דער מוטער: ראָזעטשקע — געפינט זיך ביי בערטע שימשעלביין.

„בערטע די גרושה" איז נאָך עד היום אַ גרושה. זי איז געראָכט, וואָס זי זאָגט, אַז אונזער לעבען איז אַ לאַנגע טראַגעדיע און מיר, מאַנסבילען, זענען די העלדען — גוטע און שלעכטע

העלדען, עהרליכע און פערדאָרבענע. זי זאָגט נאָך עד היום:
„אָ, מענער, מענער!"...

* * *

אַט אַזוי נישט־פריילּיך האָט זיך אויסגעלאָזט אונזער ראָ־
מאַן — אַ ראָמאַן, אין וועלכען די הויפּט־ראָלען האָבען געשפּיעלט
נישט קיין העלדען, נאָר קינדער.

ע נ ד ע.

# אַלע ווערק פון שלום-עליכם

## אין שטורם

א ראָמאַן אין צוויי טייל

שלום-עליכם פאָלקספאַנד אויסגאַבע — ניו-יאָרק, 1925

## קאַפּיטעל א.

# פּ ס ח, פּ ס ח און פּ ס ח.

דריי פערשיעדענע פּסח'ען האָט מען צוגעגרייט אינ'ם הויז נומער 13, וואָס אויף וואַסילטשיקאָווער גאַס.

דאָס הייסט, דער פּסח איז איינער, די מצות, דער מרור, די הגדה — אַלץ, אַלץ די זעלבע, נאָר די אָרט צוגרייטען, דאָס פאַר־ברייטען, דאָס רעכטען זיך איז נישט אומעדום גלייך. ווייל די מענשען, וואָס אינ'ם הויז נומער 13 אויף וואַסילטשיקאָווער גאַס, זענען פערשיעדענע מענשען מיט פערשיעדענע כאַראַקטערען, מיט פערשיעדענע מיינונגען.

דריי זענען זיי דאָ אינ'ם הויז נומער 13, וואָס אויף וואַסיל־טשיקאָווער גאַס, און יעדער פון די דריי מיינט, אַז נאָר ז י י ן גאָט איז אמת, אַז נאָר ז י י ן מיינונג איז ריכטיג און אַז נאָר צוליעב איהם איז בעשאַפען געוואָרען אָט דאָס וועלטעל.

אפשר מיינט איהר, אַז די דריי זענען מענשען פון פערשיע־דענע גלויבענס, פון פערשיעדענע עלטערען און פון פערשיעדענע לענדער ?

חלילה ! אַלע דריי גלויבען אין איין גאָט, אַלע דריי קומען־אַרויס פון איין יחוס און אַלע דריי געהערען צו איין לאַנד.

דאָס זענען דריי רוסישע אידען, וועלכע דער פערפאַסער פון דעם ראָמאַן האָט די עהרע פאָרצושטעלען פאַר זיינע לעזער :

איציקעל שאַסטעפּאַל, סאָלאָמאָן סאַפּראָ־נאָוויטש און נחמיה דער שוסטער.

איציקעל! — דער נאָמען אַליין זאָגט אייך שוין, אַז דאַס דאַרף זיין אַ איד פון דער אַלטער וועלט, אַ איד, וואָס האַנדעלט מיט וואַלד, מיט גוראַלנים, מיט ברויט, מיט פּאַדראַדען; אָדער ער האָט אַ שאַרפע קראָם, אַ מאַנופאַקטור־געשעפט, אָדער אַ פאַבריק פון גלאָזוואַרג; אָדער ער שטעלט־צו פּראָוויאַנט אין די טורמעס מיט די קאַזאַרמעס, טיילט זיך מיט׳ן סמאָטריטעל און מיט די אינטענדאַנטען אויף דער האַלב און האָדעוועט די אַרעסטאַנטען און די סאָלדאַטען מיט קדחת און מיט קרענק; אָדער אויב ניט, איז איציקעל אַ איד אַ בעל־הלואה, חלילה נישט קיין פּראָצענטניק, קיין וואָכערניק, נאָר מעשה באַנקיר מיט אָנווייזונגען און טראַטען, יאָגט זיך ניט נאָך גרויסע פּראָצענטען, זוכט בטוחים, פערלייהט געלד אויף הייזער, סאָלידע וועכסעלעך וכדומה.

יעדענפאַלס, איז איציקעל פערערבענט אין שטאָדט פאַר איי־נעם פון די פיינסטע, פאַרנעהמסטע און אָנגעזעהענסטע מענשען. אומעדום בעגעגענסט דו איהם אויבען־אָן, אומעדום הערסט דו: איציקעל שאָסטעפּאַל! איציקעל שאָסטעפּאַל! איז ערגיץ אַ שמחה, אַ פערזאַמלונג, איין אונטערהאַנדלונג וועגען שטאָדט־זאַכען — איז איציקעל שאָסטעפּאַל. איז, חלילה, אַ צרה, אַ לויה, איין אומגליק, אַ שרפה, אַ מגפה, אַ פּאָגראָם — איז איציקעל שאָסטעפּאַל. קלויבט מען געלד — איז איציקעל שאַסטעפּאַל. דאַרף מען שרייען — איז איציקעל שאָסטעפּאַל. און פון אמת קאָן מען ניט אוועקגעהן: שרייען קאָן איציקעל שאָסטעפּאַל זעהר גוט. געבען גיט ער נישט אַזוי פיעל, ווי ער שרייט און פּילדערט און טאַרע־ראַמט...

אַז איהר וועט קומען אַמאָל צו פאָהרען אין מיין שטאָדט אריין, אָדער אַז איהר וועט פאָהרען אַמאָל אין באַהן און וועט בעגעגענען אַ צעטראָגענעם נפש מיט רויטע גלאַטע בעקלעך, מיט שטאַרק־גלאַנצענדיגע שוואַרצע (איצט שוין גרויליבע) האָר, מיט

א געגרייזעלט בערדעל, וואָס ער לאָזט דאָס נישט צו־רוה און פלעכט דאָס און דרעהט דאָס און צופּט דאָס, מיט גרויסע שענע שווארצע אידישע אויגען, וואָס ווען א פרוי פערמאָגט אַזעלכע אויגען, זענט איהר נאָך איהר די כפרה, מיט אַבּי־סעל איין אויסגעבויגענער עכט־אידישער נאָז, מיט א קאַפּעלישעל, וואָס איז תמיד פערדוקט אַרונטער אויף יענער זייט קאָפּ, מיט האַלב־פערקאַטשעטע אַרבּעל און מיט א שירם אונטער׳ן אָרעם סיי זומער סיי ווינטער, — אַז איהר וועט בעגעגענען אַזאַ נפש, מעגט איהר צוגעהן צו איהם גלייך, אויף מיינע אחריות, איהר זאָלט גאָר קיין מורא נישט האָבען, און זאָגען צו איהם: — שלום עליכם, רב איציקעל!

וועט ער אויפשטעלען אויף אייך זיינע שענע שווארצע איד־ דישע אויגען, געבען א האַלבען שמייכעל, אויסציהען א ווייסע, א שענע, א ווייכע האַנד און אייך ענטפערען: עליכם שלום אייך, וואָס מאַכט איהר?

ער וועט ביי אייך ניט פרעגען, ווער איהר זענט, און ווי אַזוי איהר הייסט; וואָרום אַז איהר זענט איהם מכבד מיט א שלום־עליכם, קענט איהר איהם מן הסתם. און ווער קען איהם נישט? פונ׳ם קלענסטען אָרעמאַן ביז׳ן גרעסטען גביר און אַריסטאָקראַט, און צוריק — פונ׳ם לעצטען קאַלבּאַסניק ביז׳ן שטרענגסטען פרוּ־מאַק קענען זיך אַלע מיט איציקעל שאַסטעפּאַל, און איציקעל שאַס־טעפּאַל קען זיך מיט אַלעמען, שטימט מיט אַלעמען, זאָגאַר בע־פריינדעט מיט אַלעמען, אויסגעבונדען מיט דער גאַנצער וועלט.

און די „גאַנצע וועלט" האָט ליעב אַזעלכע מענשען. די „גאַנצע וועלט" האָט ליעב א מענשען, וואָס בויגט יענעם און בויגט זיך אליין; די „גאַנצע וועלט" האָט ליעב א מענשען, וואָס שמיי־בעלט און לאָזט זיך שמייכלען, וואָס נאַרט־אָפּ און לאָזט זיך נאַ־רען, וואָס טרעט און לאָזט זיך טרעטען. די „גאַנצע וועלט" געהט מיט דעם גאַנג, אַז פּרינציפּען, אידעאַלען וכדומה אַזעלכע זאַכען זענען גוט אויף פּאַפּיער; אינ׳ם לעבען זענען זיי נאַרישקייטען,

קינדערייען, יונגעלשע זאבאבאָנעס... פאָלג מיך, לעזער, גיב אהער די האַנט, לאָמיר גיין ווייטער. מיר האָבן אַ סך — אַ סך צו גיין!

דער צווייטער פּאַרשוין, וואָס וואוינט אין׳ם הויז נומער 13, וואָס אויף וואסילטשיקאָווער גאַס, איז סאָלאָמאָן סאַפּראַנאָוויטש דער אַפּטייקער, אַ טיפּ פון יענעם מין אַפּטייקערס, וואָס זעען אַ קאָלבאַס איינגעטונקען אין סמעטענע אָהן אַ היטעל אויסגעוואַשען פאַר׳ן דאַווענען יום כפור אין דערפריה און האָבן פיינט אַ אידען בתכלית השנאה, און נאָר דערפאַר, וואָס קיין אומה ולשון פערמאָגט נישט אזוי פיעל סוביעקטען מיט געלע האָר, ווי דאָס אידישע פאָלק. און כמעט קאָן מען זאָגען, אז ער האָט רעכט. איהר האָט געזעהען עפּיס אַ סך רויטע גויים מיט געלע האָר? אליין איז ער אַ געלער, אַ טאַטען האָט ער געהאַט אַ געלען, אַ שוועסטער האָט ער — איז זי אַזש אַ רויטע; ער האָט אַ זוהן, סאַשאַ הייסט ער (מיר וועלען זיך באַלד מיט איהם בעקענען), איז ער אַ געלער.

מאָהלט אייך, סאָלאָמאָן אליין פאַרבט זיך, גאָלט זיך, לאָזט נישט, מע זאָל ארויסזעהען די געלע האָר פונ׳ם קאָפּ מיט׳ן באָרד. וואָס־זשע טהוט מען אָבער מיט די ברעמען? וויפיעל וואָלט סאָלאָמאָן סאַפּראַנאָוויטש אוועקגעגעבען, ער זאָל געווען געבאָרען ווערען אַ שוואַרצער!

דאָס איז אָבער אַלץ געווען אַמאָל; איצט איז אונזער סאַפּראַנאָוויטש שוין נישט מעהר קיין געלער: ער איז שוין אַ ווייסער — ער איז גרוי.

און גרוי איז ער געוואָרען פאַר דער צייט פון צער־גידול־בנים, איבער צרות פון קינדער!

איין קינד, איין־און־איינציג שמיקעל סאַשאַ — און אזוי פיעל צרות! און פון וואָס, מיינט איהר, צרות? אַ שלעכט קינד? וויל נישט לערנען? אַ פערשטאָפּטער קאָפּ? — חלילה, אומגעקעהרט. אַ יונגעל איז סאַשאַ געווען אַ וואוילס; אַ קעפּעל אַ גוטס; לער־

נען האָט ער געוואָלט זעהר; צו צעהן יאָהר איז ער געווען גרייט אריינצוטרעטען נישט נאָר אין ערשטע — אין דריטע קלאַס גימ־נאַזיע. איז אָבער דער חסרון, וואָס מע האָט איהם נישט גע־וואָלט צונעמען איבער די פּראָצענטען! איך מיין, אַז איך דאַרף מיינע לעזער נישט געבען צו פערשטעהן, פון וואָסערע פּראָצענ־טען עס רעדט זיך דאָ. אַלע ווייסען, ברוך השם, אַז ביי אונז אינ'ם געבענשטען רוסישען לאַנד האַנדעלט מען מיט אַ אידען אויף פּראָצענטען: אין די גימנאַזיעס און אוניווערזיטעטען נעמט מען צו וואָס ווינציגער אידישע קינדער, דערפאַר אָבער אַז עס קומט צום פּריזיוו, צום מיליטער, נעמט מען ביי אידען אָהן פּראָצענט, זיי זאָלען חלילה קיין פאַראיבעל נישט האָבען...

אָך, האָט זיך נעבאָך סאָלאָמאָן סאַפּראַנאָוויטש געפּלאָגט, געערגערט זיך, אויסגעריסען געוואָרען! סטייטש, זיין זוהן, זיין סאַשאַ וויל מען ניט צונעמען אין גימנאַזיע! ערשטענס, איז ער נישט גלייך מיט אַלע אידען, איז בעקאַנט מיט'ן דירעקטאָר פון גימנאַזיע, קען זיך גוט מיט די לעהרער, שפּיעלט מיט זיי אין פּרעפעראַנס און אין ווינט. מיט איינעם אַ לעהרער, ראָמאַנענקאָ הייסט ער, האָט ער געהאַט אַ שמועס וועגען זיין זוהנדעל סאַשאַ, און האָט געהאַפּט פון איהם אַ מיאוסען אָפּשניט. ער, דער לעה־רער ראָמאַנענקאָ, האָט איהם אָפּגעשניטען אויפ'ן גויישען שטיי־גער: — וואָס ווילט איהר? וואוהין קריכט איהר? וואָס פאַר אַ שייכות האָט איהר, יהודים, מיט אונזערע שוהלען, גימנאַזיעס, אוניווערזיטעטען? דאָרטען, אין אייער לאַנד, אין ארץ־ישראל, וועט איהר געבען אייערע קינדער שטודיערען! דאָ וועט איהר זיי לערנען האַנדלען, וואַנדלען, שאַכער־מאַכער!...

אַ צעקאָכטער איז אַוועק פון איהם אונזער אַפּטייקער, נישט געוואוסט, וואו זאָל ער אַהינטהון די גרויע אויגען מיט די געלע ברעמען אונטער די בלויע ברילען. ערגער פון אַלע האָבען איהם געשטאָכען די ווערטער: „אייער לאַנד“... „ארץ־ישראל“... ער, סאָלאָמאָן סאַפּראַנאָוויטש, איז אַזאַ מחותן מיט ארץ־ישראל, אַזוי

ווי ראַמאַנענקאַ איז אַ מחותן מיט יושר... אדרבה, אין שטאָדט ווייסען אַלע, אַז סאַפּראָנאָוויטש דער אַפּטייקער איז אַ געפעהרליכער אנטיציוניסט „פּאַ פּרינציפּו", האָט פיינט די גייגעבאָרענע אידישע סעקטאַנטען, וואָס רופען זיך נאַציאָנאַליסטען, אַ סך ערגער, ווי איציקעל שאַסטעפּאַל האָט פיינט די ווייסע־חברה'ניקעס, וואָס ווילען זיך צעטיילען מיט זיין ביסעל אָרעמקייט — די סאָציאַליסטען.

און מערקווירדיג, ווי גאָט פיהרט די וועלט! בעדאַרף זיך טרעפען אַזוי, אַז דוקא ביי דעם אַפּטייקער, דעם געוועזענעם קאָלבאַסניק און יעצטיגען אַנטיציוניסט, שפּרינגט־ארויס אַ זוהן סאַשאַ, אַ הייסער פייערינגער נאַציאָנאַליסט! און ביי דעם בורזשואַזנעם איציקעל שאַסטעפּאַל, וואָס האָט מורא פאַר אַ סאָציאַליסט ערגער ווי פאַר אַ רוסישען זשאַנדאַרם, וואַכסט־אויס אַ טעכטערעל טעמע אָדער טאַמאַרא, אַ פערברענטע, אַ פערקאָכטע סאָציאַליסטקע!

דער דריטער פּארשוין, וואָס וואוינט אינ'ם הויז נומער 13, איז נחמיה דער שוסטער.

נחמיה דער שוסטער איז אַ שלים־מזל. אַזוי רופט איהם זיין וויב זיסעל — אַ קליין שווארץ ווייבעלע מיט קליינע שווארצע ברענענדיגע אויגעלעך, פון פאָרענט נישט איין צאָהן. אַז מע טהוט אַ קוק אויף דעם קליין־דאַר־טרוקען ווייבעלע און אויף איהרע צוויי בנים חיים און בעני, צוויי הויכע, געזונדע, געפּאַקטע חלאָפּאַקעס, וויל זיך בשום אופן נישט גלויבען, אַז דאָס איז די מוטער און דאָס זענען איהרע קינדער. אויך דער פאָטער, נחמיה, האָט ווינציג עהנליכעס מיט זיינע זיהן. נחמיה איז אַ קאָרענאַסט אידעל, אַ בעוואַכסענעם מיט אַ ברייטער ברוסט, מיט ברייטע ביינעריגע פּלייצעס, מיט אַ ברייט ביינעריג פּנים, מיט אַ צוגעפּלעצטע נאָז, און האָט ליעב צוויי זאַכען: אַביסעל בראָנפען און אַ סך רעדען. אַ גאַנצען טאָג מאַכט זיך איהם ניט צו דאָס מויל. און זאָל ער נעמען אַביסעל בראָנפען, אַזוי ווערד ער אַנשוויגען, אומעטיג און דערשלאָגען.

פונקט דער היפך פון זיין פריינד י ו ד ע ל ק ט נ ת י.

יודעל קטנתי'ס פראפעסיע איז שניידעריי, נאר פערנעמען פערנעמט ער זיך מעהר מיט פאליטיק, מיט זייטיגע ענינים, מיט שטאַרט־זאכען; אויף אונזער היימיש לשון ווערד דאס אנגערו־פען: א מענש וואס קהל'ט זיך. און קהל'ען קהל'ט ער זיך דער־פאר, וואס ער זיצט, מיינסטענטייל, אהן א שטאך ארביים, און מהאי טעמא איז ער א קבצן, און מהאי טעמא האט ער אין זיך נייען מאס רעד. און קטנתי רופט מען איהם איבער זיין לשון־קודש רעדען; כמעט נאך יעדע צוויי־דריי ווערטער אידיש מוז ער אריינוואַרפען איין וואַרט א לשון־קודש'דיגס, וואסער־ניט־איז, צי עס פאסט זיך, צי ניין, אבי לשון־קודש. פארהאן א סך מענ־שען אזעלכע, וואס האבען ליעב בעפוצען און אויסמישען זייער שפראך מיט פרעמדע ווערטער. איך קען איינעם א קליינשטעדטעל־דיגען משכיל, א „אינטעליגענט", וואס שפריצט מיט פרעמדע ווער־טער אויף אלע זייטען, האט מען איהם א נאמען געגעבען „ישראליק ציוויליזאציע" — און דאס קליינע שטעדטעל אז עס גיט א נאמען, איז דאס אנגעמאסטען, ווי יודעל קטנתי זאגט: א ג י ל ו א ש מ ח — צוגעשניטען און אויפגענייהט...

א משונה־מאדנע ריהרענדע גוטפריינדשאפט הערשט צווישען די צוויי ווילד־פרעמדע נפשות, צווישען יודעל קטנתי און נחמיה דעם שוסטער. ס'איז נישטא דער טאג, וואס יודעל זאל נישט קומען צו נחמיה דעם שוסטער „אביסעל זיצען", און אביסעל זיצען הייסט אביסעל שמועסען, און אביסעל שמועסען הייסט אבי־סעל בערעדען די שכנים, די שטאדט, די גאנצע וועלט... נאך אז יודעל איז אויף יענער זייט שוועל, קאנט איהר שוין הערען א הוסט מיט א „רוח אין זייער טאטען אריין, עמך, אונזער פאלק, ס'זאל אויף זיי קומען א פאהיבעל, א חלירע, א שרפה, א מגפה מיט כל ישראל אחיהם"... ענטפערט איהם נחמיה מיט א ניגון:

— ונאמר אמן! וואס איז די מעשה, יודעל, וואס דו ביזט אזוי, אזוי...

— אזוי וואָס? ברפידים׳דיג? — חאַפּט איהם אונטער יודעל קטנתי. — ס׳זאָל אַ רוח אין זייער טאַטענס טאַטען אריין ביז אדם הראשון געפלויגען געוואָרען פאר זייער יפיש חייכון ויסגי יומיכון, ווי זיי פאַראומערען אונז די יאָהרען און טעג מיט זייערע פּאַראַד־קעס און מיט זייערע מנהגים און מיט זייערע בעלי־טובות און מיט זייער רחמנות האָבען אויף אָרעמע לייט נעבאך, וואָס האָבען נישט מיט וואָס דעם פּסח אריינצופיהרען...

— שוין! — מישט זיך אריין דעם שוסטערס ווייב זיסעל. — צוויי שלים־מזל׳ען האָבען זיך צענויפגעסקאַמפּאַניעט און מע זאָרגט זיך וואָס אָרעמע לייט האָבען נישט אויף פּסח. נו, און איהר זענט שוין באַוואָהרענט מיט׳ן גאַנצען פּסח? געהט אייך געזונטערהייד. אם ירצה השם, יום־טוב וועט איהר קומען צו געהן, אָדער חול המועד, דעמאָלט איז ניטאָ וואָס צו טהון, וועט איהר זיך אָנרעדען, ווי די פּויקען...

און זיסעל דעם שוסטערס ווייב איז משלח דעם שניידער קטנתי מיט כבוד און נעמט זיך צו דער ארבייט, רוימען, קעהרען, שמירען, וואשען, קראצען; צי ס׳איז דאָ אויף פּסח, צי ס׳איז ניטאָ אויף פּסח — פּסח׳דיג איז שטוב, כשר, ריין, זויבער — דאָס מוז זיין, סיי ביי׳ם גביר, סיי ביי׳ם אָרעמאַן, און אפילו ביי׳ם לעצטען עני־שבעניים מוז זיין פּסח גלייך כשר, ריין און זויבער. ביי אַלעמען, ביי אַלע אידען גלייך, ביי אַלע אידען אין איין צייט, ביי אַלע אידען איין מצה, ביי אַלע אידען ארבע כוסות — פיער, נישט מעהר און נישט ווינציגער... אין דער גלייכהייט ליגט אַ שטיק סאָטיספאַקציע, אַ בעלוינונג פאַר דעם געמיינעם מאַן נעבאַך, ער זאָל זיך ניט מתקנא זיין אָן דעם נגיד.

— האָט דען איציקעל שאַסטעפּאַל אַנדערע מצות, ווי מיר? — אזוי טישעט זיך נחמיה דער שוסטער און בעקומט פון זיין סקעפּ־טישער זיסעל אַ יברכך:

— ס׳אַ משל! האָט דאָך שוין איציקעל שאַסטעפּאַל די מצות אין שאַפע, און מיר האָבען אַ קדחת!

— וועלען מיר האָבען מצות אויך. זיסעל, דאגה ניט, אַלע אידען וועלען האָבען מצות אויף פּסח, קיין חמץ וועט קיינער חלילה נישט עסען !

— שלים־מזל ! נו, און אייער? און שמאַלץ? און עופות? האָסט דו פאַרגעסען?

— עס־נו, למאי אַ גאַנץ יאָהר האָט ער דען נישט די זעלבע אייער און שמאַלץ און עופות? — אַזוי פּרובט זיך דער שוסטער בעקעמפּפען דעם סקעפּטיציזם פון זיין ווייב און ברענגט איהר אַ נייעם ארגומענט:

— צי, אַ שטיינער, אָט וועלען מיר זיך אַלע זעצען אין איין צייט צום סדר, אַלע וועלען מיר זאָגען פון איין הגדה, אַלע וועלען מיר דערצעהלען די זעלבינע נסים פון דעם זעלביגען מצרים, אַלע וועלען מיר טרינקען צו פיער כוסות. צי אפשר רעכענסט דו, זיסעל, אַז מיר וועלען טרינקען נאָר דריי כוסות, און איציקעל שאַסטעפּאַל וועט טרינקען פינף כוסות?

— וואָס איך רעכען, ווילסט דו וויסען? איך רעכען, אַז ער האָט שוין די ארבע כוסות לאַנג אַנגעגרייט אין קעלער, און דו האָסט זיי דערווייל נאָר אין זינען...

— וואָס אהרט מיך, אַז אין זינען, נארעלע? וואָס איז מיר שלעכט, אַז איך טראַכט מיר איצט פון אביסעל משקה, פון אַ גוט ביסעל וויין, איין אמת אַ בעסאַראַבער גלעזעל וויין, אַ געשמאַקס, אַ שטאַרקס, אַ שטשיפּעדיגס?...

— וואָס זאָגט איהר אויף דעם שלים־מזל?

די ווערטער זענען געזאָגט געוואָרען שוין צו די קינדער, צו חיים'ען און צו בעני'ן, וואָס זיצען ביי'ם ווערקשטאַט מיט די האַ־מערס אין די הענד און קלאַפּען פלעקלעך אין די פּאָדעשוועס אריין.

— וואָס זאָלען מיר זאָגען? — ענטפערט איהר דער עלטערער חיים פאַר זיי ביידען. — מיר קאָנען נאָר זאָגען, אַז דער וואָס האָט נישט וואָס צו עסען האָט פול רעכט צו דענקען וועגען עסען, און

נישט נאָר צו דענקען פון דעם אַליין, נאָר צו טראַכטען וועגען דעם, ווי אַזוי מאַכט מען, אַז אַלע זאָלען עסען גלייך...

— וועגען דעם האָט אונז שוין באַוואָהרענט משה רבינו, — זאָגט נחמיה דער שוסטער, וואָס האָט זיך אָנגענומען מיט תורה פון יודעל דעם שניידער.

— משה רבינו איז געווען אַ גאַנץ גוטער מענטש, — מישט זיך אריין דער קלענערער זוהן בעני — ער האָט אונז געשענקט אַלעמען גלייך איין ברויט אויף פסח מיט איין הגדה מיט איינע פיער כוסות; פאַר וואָס־זשע האָט ער שוין אין איין וועגס נישט געמאַכט, אַז אַלע זאָלען טאַקי האָבען די אַלע דריי זאַכען? דער־ווייַלע ווייסען מיר, אַז מצות און ארבע כוסות האָט איציקעל שאָס־טעפּאַל, און מיר האָבען נישט מעהר ווי די הגדה...

— זיי האָבען אונז איינגעטהיילט די הגדה, — מאַכט חיים, — בכדי מיר זאָלען האָבען וואָס צו זאָגען, און זיי ווּעלען דערווייל עסען די פּאַלירטשיקעס מיט די חרעמזלעך...

— אויסקרענקען זאָלען זיי, רבונו של עולם! — שטעלט אריין דערווייל אַ קללה זיסעל.

— פאַר וואָס קומט זיי שעלטען? — פרעגט נחמיה. — וואָס זענען זיי, חכמה מיינע, שולדיג אין דעם, וואָס מיר האָבען נישט אויף פסח?

— אָט מיט דעם, וואָס זיי האָבען און מיר ניט, זענען זיי שול־דיג!... — אַזוי גיט איהם צו פערשטעהן זיין ווייב זיסעל, ווי אַ רבי גיט צו פערשטעהן דעם תלמיד. — זאָלסט ניט זיין קיין שלים־מזל, וואָלסט דו אַליין פאַרשטאַנען, אַז זיי זאָלען האָבען ווינציגער, וואָלטען מיר געהאַט מעהר, דעמאָלט וואָלטען מיר זיך אַלע אויס־געגלייכט.

— די מאַמע איז אַ מאַרקסיסטקע! — בעמערקט חיים צו בע־ני'ן, און בעני ענטפערט איהם:

— מע וואָלט זי באַדאַרפט נעמען אַמאָל אויף אַ דיסקוסיע... מאַמע, וועסט געהן מיט אונז אויף אַ דיסקוסיע?

— אין דער ערד אריין וועל איך אייך געהן! איהר פארגעסט, אז ס'איז ערב־פסח, און איך האלט נאך גאר פון פארענט!... דער שלים־מזל זאל זיך עס דערמאנען, אז א חוץ קארטאפעל האבען מיר נאך גאר נישט ניט, נישט קיין ביסעל שמאלץ, נישט קיין אייער, נישט קיין עוף... א קיש־קיש, קיש־קיש!...

דער דאזיגער „קיש" געהערט צום האהן, וואס איז די גאנצע צייט געזעסען שטיל פערבארגען אונטער'ן אויווען און געפיקט די ברעקלעך, און דערהערט פון דער שוסטערין אזעלכע ווערטער, האט דאס איהם א פנים פערדראסען:

— קא־קא־קא־קא־קא — מיט וואס בין איך ניט קיין עוף?

— אין דער ערד אריין, קיש־קיש־קיש־קיש־קיש! שוין צעבראכען א טעפעל, א חלירע!

— א! זעהסט דו? — מאכט נחמיה דער שוסטער צום ווייב.— נאר־וואס האסט דו געזאגט, אז ס'איז נישטא ביי דיר קיין עוף אויף פסח, און וואס איז דאס?

— א גדולה אויף דער באבע! — ענטפערט איהם זיסעל. — שענע זאכען וועסט דו האבען פון דעם דאזיגען עוף! דריי פונט ביינער און א האלב פונט פארעשווע, פלייש ווי א גומעלאסטיק פון איין אלטען קאלאש. אפילו קיין פלאסטערעל ניט אויף אונטערצושמירען די סקאווערדע, טאמער וועט זיך פארגלוסטען די קינדער א לאטקע, א שטיקעל צוגעפרישטע מצה... זאלסט אנקוקען ביי איציקעל שאסטעפאל געהען ארום צוויי אינדיקעס, איין אינדיק מיט איין אינדיטשקע, ס'זאל איהם נאר פארשטעהרט ווערען, רבונו של עולם, גאט זאל טהון א נס, זיי זאלען איהם טרפה ווערען ביידע מיט א מאל, וואלט איך מיך מחיה געווען! א שטיק געזונט וואלט מיר צוגעקומען!...

— וואס וואלט אבער דיר ארויסגעקומען דערפון? — פרעגט דער מאן.

— א מצוה! פאר וואס קומט איהם, אז זיין טאכטער, וואס איז געוואכסען מיט מיין טאכטער אין איין הויף, אונטער איין דאך,

זאָל זי שטודיערען אין די קלאַסען, שפּיעלען אויף פּאַרטעפּיאַנעס, און אונזער טאָכטער זאָל זיצען איינגעבויגען אין דרייען איבער דער מאַשין, טאָמער וועט זי קוים פאַרדיענען אויף אַ קליידעל?

— צו וועמען האָסט דו טענות? — שלאָגט איהר איבער נחמיה און קוקט אויף איהר דורך אַ מאָדנע בריל, וואָס בעשטעהט פון איין גלעזעל און פון איין לעכעל.

— נישט צו דיר, שלים־מזל, צו גאָט האָב איך טענות...

— נישט צו גאָט, צו מענטשען דאַרפסט דו טענה'ן. — מישט זיך אריין דער עלטערער זוהן חיים. — גאָט אליין האָט באַשאַפען די וועלט פאַר אַלעמען גלייך, נאָר די מענטשען האָבען זיך מיט איהר שלעכט איינגעטהיילט...

— איינעם נאָר, דעם אנדערען גאָר נית, — לענט צו דער יונגערער בעני.

זיסעל פערטראַכט זיך, לענט אוועק אויף אַ מינוט די ארבייט, ווישט־אויס די הענד אין פאַרטוך און טהוט אַ פרעג ביי די קינדער גאַנץ ערנסט:

— וואָס־זשע טהוט מען דערצו?

— וואָס מע טהוט דערצו? — ציהט אויס חיים. — עקס־פּראָפּריאַציע!

— עקס וואָס? — פרעגט זיסעל.

— עקספּראָפּריאַציע, — זאָגט איהר בעני.

זיסעל וויל נאָכזאָגען דאָס וואָרט און קאָן נישט, טהוט זי אַ שפּיי, נעמט זיך צוריק צום בעזעם, און ביידע זיהן שיסען אויס אַ געלעכטער.

* * *

אביסעל איז דעם שוסטער'ס ווייב גערעכט, וואָס זי פייערט אזוי: נישט נאָר אינדיקעס אַ פּאָר דרעהען זיך אַרום ביי איציקעל שאָסטעפּאַל אין הויף און פערהאַקען דעם קאָפּ מיט זייער געפּילדער „האָלדער! האָלדער!" און פערפּאַסקודיגען דעם הויף מיט איבער־לאָזען סימנים אויף יעדען טריט און שריט, — מע בעדאַרף זיך פער־

גינען א קוק טהון, וואָס פאַר א שטייג מיט עופות דאָרטען זיצען און פּיקען און גרייטען־צו שמאַלץ פאַר זייער בעל־הבית'טע, אי־ציקעל שאָסטעפּאַל'ס ווייב, שיווקע די נגידית'טע, און אויב איהר פוילט זיך ניט אריינקוקען צו איהר אין דער „שפּי־זארני", וועט איהר זעהען די טעפּ שמאַלץ פּסח'יגע, מיט די סלאָיעס איינגעמאַכטס פּסח'יגען, און אין קעלער די דייזשקעלעך געזייערטע אוגערקעס, געמאַרענירטע עפּעל, מן המובחר! און בראָנפען פּסח'יגער, און קאָניאַק, עכטער „כרמל קאָניאַק" פון ארץ־ישראל נאָך פון פאַראיאָהרען צוגעגרייט. ווי גוט עס מוז זיין אויפ'ן הארצען, ווי ריין עס דאַרף זיין דער קאָפּ, ווי לויטער עס דאַרף זיין דער מוח, אז מע זאָל אין זינען האָבען איבערצולאָזען קאָניאַק פון איין יאָהר אויפ'ן אַנדערען! און רעדט מיט איציקעל שאָסטעפּאַל, וועט ער אייך ניט אויפהערען צו זיפצען און צו קרעכצען אויף צרות ישראל, און זאָגען, אז מע לעבט נאָר נישט אויף דער וועלט!

אויך שיווקע זיין ווייב האַלט אין איין קלאָגען און וויינען אויפ'ן אידישען גלות. „פון די אָרעמע לייט, זאָגט זי, איז ניט אויסצושטעהן! ווי אזוי האָט מען כח, זאָגט זי, צו צוזעהען דעם דלות, וואָס אין שטאָדט? מע דאַרף האָבען, זאָגט זי, א האַרץ פון א טאָטער, אז מע זאָל קאָנען דורכגעהן די אידישע גאַס פאַר פּסח, וואו אָרעמע לייט נעבאך שלעפּען פאַר די פּאָלעס! נאָר א גזלן, זאָגט זי, קאָן געהן אין שוהל־גאַס און אויסהערען אַלע גע־שרייען מיט די געוויינען פון די אָרעמע לייט, וואָס בעטען מצות אויף פּסח! איך געה, זאָגט זי, דעריבער פון שטוב ניט אַרויס, איך זאָל ניט צוזעהען די צרות מיט די יסורים מיט די וועהטיגען פונ'ם אידישען פאָלק. וויפיעל איך האָב געקאָנט, זאָגט זי, האָב איך גענעבען... אין פאָדראַד האָב איך געשיקט צעטיילען אַנדערהאַל־בען רובעל, א פּאָר אַלטע שיך האָב איך אוועקגעשענקט צו דער חברה „מלביש־ערומים", דעם שניידער האָב איך אויסגעבאָרגט א פּאָר רובעל אויף אָפּצונייהען, נדבות טיילט מען אַלע טאָג, היינט

וואו איז „מעות־חטים“? מיין מאַן אַרבייט טאָג ווי נאַכט אַרום די „מעות־חטים“, גאָט זאָל מיר העלפען, מיין טאָכטער זאָל מיר קומען בשלום אַהיים, וועל איך האָבען, אם ירצה שם, א כשר׳ען און פריי־ליכען פסח“...

אַזוי טראַכט זיך איציקעל שאָסטעפּאַל׳ס פרוי, שיווקע, קוקט אין פענסטער אַריין, אין דער וואַסילטשיקאָווער גאַס, וואו עס ווערד ערב־פסח־צייט אַ טוואַן ביז׳ן האַלז, אָרעמע לייט שפּאַנען־אַרום איבער דער בלאָטע שטאַרק פערפּאָרעט און פערשוויצט, מע זוכט עפּים יעדער אַ פערדיענסטעל אויף פסח; מיט זיי אינאיינעם ווערען פערשוואַרצט די פערדלעך נעבאַך, אויסגעדאַרטע, הונגע־ריגע, פערשוויצטע, מיט איינגעפאַלענע זייטען און מיט צעלאָזטע נעזלעכער — גאָט ווייסט, אויף וועמען עס איז דאָ אַ גרעסערער רחמנות: צי אויף די דאָזיגע אויסגעמוטשעטע פיערפיסיגע שטומע בעשעפענישען, וואָס דיענען אַזוי געטריי זייערע אָרעמע בעלי־בתים, צי אויף זייערע צווייפיסיגע נישט מעהר גליקליכע טיראַנען, וואָס געהען־נאָך פון הינטען און הוקען און טיוקען און וויוקען, און שמייסען און קאַטעווען און שניידען זיי די אָפּגעקראָכענע פערוואונדעטע פעל? — וואָס הוקעט איהר? וואָס טיוקעט איהר? וואָס וויוקעט איהר? וואָס שמייסט איהר? וואָס קאַטעוועט איהר? וואָס שניידט איהר די פעל? נאַרישע מענשען! זעהט איהר דען נים, אַז מיר ווילען געהן, מיר ווילען שלעפען, נאָר מיר קאָנען נישט, ־קוים וואָס מיר פלאָנטען מיט די פים?!

און שיווקע די נגידית׳טע קוקט אין פענסטער אַריין, זעהט דאָס אַלץ, הערט דאָס געשריי מיט׳ן טאַרעראַם, וואָס אין דרויסען — נאָר דער קאָפּ איהרער איז נישט דאָ; איהרע מחשבות זענען דאָרטען, מיט איהר טאָכטער, וואָס פאָהרט אַהיים אויף פסח. שוין דאָ אַ דעפּעש, אַז היינט פאַרנאַכט קומט זי צו פאָהרען מיט׳ן קוריער־צוג אַהיים.

„דער אויבערשטער זאָל העלפען (אַזוי טראַכט זיך שיווקע שאָסטעפּאַל), דאָס קינד זאָל קומען געזונדערהייד, אַוועקוואַרפען

די נארישקייטען — שטודיערען, בילדען, שוין בלייבען בעסער א היגע. דא וועט זי א כלה ווערען, אדער פאר שמשון בערנשטיין'ס א זוהנדעל, אדער פאר לוי האלפערין'ס א זוהנדעל, —ביידע וואוילע בחורים'לעך, שענע, געזונדע, רייכע, און ביידע פון פיינע עלטערען — זי ווייסט אליין נים, וועמען פון די צוויי זאל זי וועלען בעסער?"...

— געקומען דער איד פונ'ם האלץ און וויל אייך זעהען.

— וואס וויל פון מיר אט דער שלים־מזל? אט באלד געה איך...

און שיווקע שאסטעפאל געהט ארויס צום אידען פונ'ם האלץ, ליפא הייסט ער. אליין איז ער א קליינער, נאר א בארד טראגט ער, ווי א בעזעם, און עס דאכט זיך איהר אויס, אז ער איז א בי־סעל א חושים'דיגער. עפּים דולט ער איהר א קאפ. ער האט א טאכטער, וואס זיצט, און אזוי ווי איהר טאכטער טא־מארא איז געוועזען בעקאנט מיט זיין טאכטער, לכן איז ער געקומען אפנעמען א גרוס. אט דער חושים ליפא האט זי געמאכט נער־ווען, און זי פאלט־אן אויף איהם, טאקי נאר ווי א נגידית קאן אנ־פאלען אויף איין ארעמאן:

— ערשטענס, ווער זענט איהר, וואס אייער טאכטער זאל זיין בעקאנט מיט מיין טאכטער? און, צווייטענס, וואס פאר א מחותן איז זי מיט איהר, אז איהר אליין שעמט זיך נים און זאגט, אז אייער טאכטער זיצט?...

— וואס זאל איך מיך שעמען? — ענטפערט איהר דער איד פון האלץ און גלעט זיך דעם בעזעם־באָרד מיט גדלות. — זי זיצט חלילה נישט פאר קיין גנבה. זי איז א... „פאליטישעסקע"...

דאס ווארט „פאליטישעסקע", איידער ער רעדט ארויס, קוקט ער זיך ארום אויף אלע זייטען, און אז ער האט דאס שוין ארויסגערעדט, זעהט מען, אז עס טהוט איהם אי הנאה, אי ער האט חרטה...

— נעהמט אייך נעזונטערהייד און לאָזט אונז צו־רוה מיט אייערע פזמונות דאָרטען. מיין טאָכטער איז ווייט פון די זאכען, און מיר אודאי...

— ווייט, זאָגט איהר? המ... איך מיין, איהר האָט א טעות... — אזוי ענטפערט איהר ליפּא. נאָר שיווקע הערט איהם שוין נישט; זי האָט איהם געלאָזט דאָ שטעהן אליין מיט זיין בעזעם־באָרד און איז פערשוואונדען געוואָרען אין קיך אריין צו די דיענסטען, זיי געבען א פינסטערען סוף, זיי זאָלען נישט אריינלאָזען יעדען שלעפּער אין שטוב אריין מיט די בלאָטיגע שטיוועל!... און אליין זעצט זי זיך אוועק צוריק צום פענסטער און קוקט ארויס אויף איהר טאָכטער, וואָס דאַרף באלד קומען צו פאָהרען.

* * *

נאָך איין מענש זיצט אין דער זעלבער צייט ביי'ם פענסטער אינ'ם זעלבען הויז נומר 13, וואָס אויף דער וואסילטשיקאָווער גאַס, און קוקט ארויס אויף א גאַסט, אויף א זעהר אָנגעלעגטען גאַסט — דאָס איז סאָלאָמאָן סאפּראנאָוויטש דער אפּטייקער. ער האָט אויך געהאַט א דעפּעש פון זיין זוהנדעל סאשא, אז ער פאָהרט מיט'ן קוריער־צוג און קומט פארנאכט אהיים.

סאשא לערענט אין אוניווערזיטעט, שטודירט מעדיצין. שוין באלד א יאָהר, אז דער פאָטער האָט איהם ניט געזעהען. בריעף האָט ער פון איהם זעהר אָפט און זעהר גוטע, און דער אפּטייקער איז מיט זיין זוהן העכסט צופריעדען. נאָר פון א צייט, אז אינ'ם זוהנ'ס בריוולעך האָבען זיך אָנגעהויבען דורכוואַרפען מאָדנע ווערטער. סאשא האָט אָנגעהויבען צו דערמאָנען זעהר אָפט די ווערטער: „איד"... „פאָלק"... „נאציאָנאליזם"... „חוב"... „היסטאָריע"... ווי קומט דאָס צו סאשא'ן? און צו וואָס דאַרף ער דאָס? סאָלאָמאָן סאפּראנאָוויטש האָט זיך צוליעב זיין קינד, קאָן מען זאָגען, מפקיר געווען איידער ער האָט איהם דערלעבט זעהען ענדיגען די גימנאזיע און אריינטרעטען אין אוניווערזיטעט. דער אפּטיי־

קער האָט געהאַט פאַר זיך נאָר איין ציעל: אַז זיין סאַשאַ זאָל זיין אַ דאָקטאָר, מעהר פערלאַנגט ער נישט! דאָס הייסט, עס רעדט זיך נאָר אַזוי... פערלאַנגען פערלאַנגט ער נאָך עפּיס, למשל: אַ שענעם קאַבינעט, אַ פערדעל איין איינגענעם מיט אַ פאַעטאָנדעל אַ שענעם אויף אַרומצופאָהרען איבער די קראַנקע... נו, און צו דערצו דאַרף מען געלד, און געלד קאָן מען בעקומען דורך אַ שדוך, און אַ שדוך דאַרף מען טהון אַ געהויבענעם, אַ רייכען, מינימום פינף און צוואַנציג טויזענד!... און עס פליהט איהם דורך אַ מחשבה: איציקעל שאַסטעפּאַל'ס טעכטערעל... אַ שען מיידעל... אַ ברונעטקע מיט פייעריגע אויגען... געלד איז אפילו דאָ, און אַ סך, נאָר עס איז אַ פראַגע, אויב דער חזירוק, אָט דער איציקעל שאַסטעפּאַל, וועט וועלען געבען פינף און צוואַנציג טויזענד?... „חאַפּט איהם דער וואַטענמאַכער, וועט ער ניט וועלען, דאַרף מען ניט! איך דאַרף איהם אויף כפּרות, דעם חסיד'ינע, דעם צבוע'ק, דעם אידאַש מיט'ן שירם!"...

אַזוי זיצט זיך אונזער אַפּטייקער ביי'ם פענסטער, קוקט דורך די בלויע ברילען און טראַכט וועגען זיין זוהן סאַשאַ און בויעט לופט-שלעסער פון זיינעטוועגען. און זיין זוהן סאַשאַ? — סאַשאַ זיצט אין וואַגאָן צווייטע קלאַס מיט איציקעל שאַסטעפּאַל'ס טעכ־טערעל טאַמאַראַ און דיסקוטירט מיט איהר איבער דער פראַגע פון נאַציאָנאַליזם און קאָסמאָפּאָליטיזם, און קוקט איהר בעת מעשה אין די קלוגע שוואַרצע ווייכע אויגען, וואָס נעמען אייך דורך־און־דורך, לאַכען פון אייך, גלעטען אייך צו גלייכער צייט און ציהען אייך צו צו זיך מיט אַ אונפערמיידליכער קראַפט.

— וואָס ווילט איהר פון מיר? — זאָגט צו איהם טאַמאַראַ האַלב לאַכענד. — איך זאָל אויפגעבען דעם גרעסטען אידעאַל פון דער וועלט, איך זאָל פערשטעלען די אויהערען און ניט הערען די געשרייען פון די הונדערט מיליאָן מענשען, וואָס שרייען „ברויט און פרייהייט", צוליעב אַ הויפען מענשען, וואָס ליידען נישט מעהר און נישט ווינציגער פון אַלע אַנדערע — וואָס איז? באַשר

זיי זענען מיט מיר פון איין פאָלק און זיי האָבען מיט מיר איין היסטאָריע און מיר מיט זיי טראָגען אַלץ איינע נעמען !...

— און האָבען אַלץ איינע אויגען און זענען געשטעמפּעלט מיט אַלץ איינע נעזער, — ענדיגט פאַר איהר סאַשאַ סאַפּראָנאָוויטש.

— איצט איז נישט קיין צייט צו קוקען אויף אַזעלכע זאַכען, — ענטפערט איהם טאַמאַראַ.

— און דאָך קוקט מען — זאָגט סאַשאַ — אויף אַזעלכע זאַכען זעהר שטאַרק. אַט וועל איך אייך דערצעהלען, וואָס איך שטעה אוים אין אוניווערזיטעט פון מיינע חברים איבער דער פאַרב פון מיינע האָר...

— אַי־אַי־אַי ! — שלאָגט איהם איבער טאַמאַראַ. — זיי האָבען אייך אודאי געזאָגט, אַז איהר זענט אַ רויטער ? ערשטענס, איז דאָס אמת (לאַכט), און צווייטענס, וואָס פאַר אַ ווערטה האָט דער בזיון מיט די לײדען קעגען די בזיונות מיט די לײדען, וואָס דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק טראָגט איבער פון דעם רעזשים ? !

— אויב דאָס גאַנצע רוסישע פאָלק טראָגט איבער בזיונות מיט לײדען, טראָגען מיר, אידען, די זעלבע בזיונות און צרות טאָפּעלט, ערשטענס, אַלס מענשען, און, צווייטענס, אַלס אידען.

— וועלכעס איבערוועגט ביי אייך, מאָסיע סאַפּראָנאָוויטש : די אַלגעמיינע מענשליכע לײדען, צי אייערע אייגענע אידישע צרות ?

— עס לאָזט זיך ניט אָפּשאַצען און איבערוועגען, פרייליין שאַסמעפּאַל, פונקט ווי איהר וואָלט מיך פרעגען אַלס מעדיקער : וועלכע שמערצען איבערוועגען, צי דער וועהטיג פון איין אָפּגעשניטענעם פינגער פון דער האַנד ? צי דער וועהטיג פון איין אָפּגעשניטענעם פינגער פון דעם פוס ? דערויף וואָלט איך אייך געזאָגט : ביטער איז דעם, וואָס מע האָט איהם אָפּגענומען אַ פינגער פון דער האַנד, צוויי מאָל ביטער איז דעם, וואָס מע האָט איהם אָפּגענומען צוויי פינגער, פון דער האַנד און פון דעם פוס...

און אויב איהר ווילט, פריילײן שאָסטעפּאַל, וועל איך אײך אויס־זאָגען א סוד, אז מײנע אידישע צרות ערגערען מיך מעהר אלס מײנע אַלגעמײנע מענשליכע שמערצען. ווייסט איהר פאַר וואָס? ווייל צו די צרות ווערד נאָך צוגעזעצט אויך א פערדראָס, א האַרצ־וועהטיג: למאי זאָלען מיר, אלס אידען, זײן פערפאָלגט ביי פער־פאָלגטע, פערשקלאַפּט ביי פערשקלאַפּטע?...

טאַמאַרא שאָסטעפּאַל חאַפּט זיך אויף, און איהרע שענע שווארצע אויגען צינדען זיך אָן, ווי צוויי ליכט.

— ניט אמת! הערר סאַפּראַנאָוויטש, ניט אמת! איהר הערט וואָס איך זאָג? איך זאָג, אז איהר און אַלע אייערע קאָלעגען, די נאַציאָנאַליסטען, האָבען אויסגעטראַכט א ליגען, אז מיר ווערען פערפאָלגט פונ'ם רוסישען פאָלק! ס'א ליגען — מיר ווערען פער־פאָלגט פון דער ביוראָקראַטיע, ניט פונ'ם פאָלק! איהר זענט אָדער גרויסע ליגנערס, אָדער גרויסע טפּשים!

— ווי באַלד אזוי, האָב איך מיט אייך ניט וואָס צו רעדען! — זאָגט סאַשאַ סאַפּראַנאָוויטש און קעהרט זיך אָפּ פון איהר און קוקט אין פענסטער פונ'ם וואַגאָן.

— חאַ־חאַ־חאַ! חאַ־חאַ־חאַ! — צעלאַכט זיך טאַמאַרא און רוקט זיך צו צו איהם און פערקוקט איהם אין די אויגען אריין. — נישט אייך האָב איך געמיינט, נאָר אייערע חברים; אייך האָב איך אויסגעשלאָסען...

— איך דאַנק אייך זעהר! — ענטפערט איהר סאַשאַ און קוקט איהר נישט ווילענדיג אין די אויגען אריין און טראַכט זיך בעת מעשה: וועלכע פערבאָרגענע קראַפט ליגט אין די דאָזיגע צוויי שווארצע פענסטערלעך, וואָס זיי האָבען איהם אזוי פער־כשופ'ט, בעצויבערט און פערשקלאַפּט, אז ער איז גרייט איבער־צוטראָגען אַלע מינים בעלעדיגונגען אויף דער וועלט, אבי זעהען פאַר זיך אָט די צוויי גרויסע שענע שווארצע טיעפע קלוגע אוי־גען?...

## קאפיטעל ב.

## קינדער און עלטערען, עלטערען און קינדער.

איך זאָל וועלען כאראקטעריזירען דעם ראָמאַן פון סאשא סאפראנאָוויטש און טאמארא שאָסטעפּאַל אין דריי ווערטער, וואָלט איך געזאָגט דאָס, וואָס מיר זאָגען בשעת קדוש לבנה: כשם שאני רוקד כנגדך ואיני יכול לנגוע בך — ווי איך שפּרינג קענגען דיר און קאָן דיך נישט אָנריהרען... אַלע זיינע יונגע יאָהרען לויפט סאשא נאָך טאמארא'ן, שפּרינגט אַקעגען איהר — און קאָן זי נישט חאַפּען...

פריהער, אַז סאשא איז נאָך געווען אַ יונגעל אין פינפטער קלאַס גימנאזיע און האָט נע'בחור'ט זיך, געזוכט וואָנסילעך אויף דער אויבערשטער ליפּ, האָט ער זיך ניט איין מאָל בעגעגענט מיט איציקעל שאָסטעפּאַל'ס טאָכטער אויף די טרעפּ, זיך פערקוקט אויף איהרע שווארצע גלאַנצענדיגע ווייכע שענע אויגען, וואָס האָבען אַלע מאָל געלאָזט אויף איהם איין איינדרוק, גלייך ווי זי לאַכט אוים איהם און מסתמא אוים זיינע געלע האָר, וואָס ער האָט גע'ירש'עט פון זיין פאָטער דעם אַפּטייקער. און דאָך האָט ער חשק געהאַט זיך אָפּשטעלען מיט איהר רעדען, זיך בעקענען, אַביסעל שמועסען, רעדען וועגען אַ ביכעל, אָדער גלאַט אַזוי פּלאַפּלען אין דער וועלט אריין, ווי געוועהנליך אַ בחור מיט אַ מיידעל. איז דאָס אָבער איהם קיינמאָל נישט געראָטען, ווייל טאמארא איז געוואַכ־סען אין אַזא הויז, וואו אַ מיידעל שטעלט זיך ניט אָפּ און שמועסט ניט און פּלאַפּעלט ניט מיט קיין אומבעקאַנטען בחור, און בעקענען זיך מיט איהם פאַסט דאָס נישט פאַר איהר פאָטער.

איציקעל שאָסטעפּאַל וואָהנט אינ'ם הויז נומער 13, וואָס אויף דער וואסילטשיקאָווער גאַס, שוין היבשע עטליכע יאָהר, און איז מיט סאָלאָמאָן סאפראנאָוויטש כמעט נאָך נישט בעקאַנט, אַ חוץ

וואָס ער שיקט אַמאָל אַריין צו איהם אין דער אַפּטייק נאָך אַ רפואה, אָדער ער האַפּט זיך אַריין צו איהם נאָך אַ נדבה אויף שטאָדט־זאַכען.

ביי איציקעל שאַסטעפּאַל האָט סאָלאָמאָן סאַפּראַנאָוויטש קיין אַנדער נאָמען נישט, נאָר „אַפּטייקער".

— גוט מאָרגען אייך, אַפּטייקער!

— רב אַפּטייקער! גיט עפּיס אַ נדבה אויף אַ נויטיגער זאַך.

און אָפּגענומען ביי'ם אַפּטייקער די נדבה און אַרויסגעגאַנגען פון דער אַפּטייק, קען ער איהם שוין מעהר ניט.

וואָס פאַר אַ מחותן איז ער מיט איהם, אז שבת — אַזוי דער־צעהלט שיווקע — קאָכט מען ביי'ם אַפּטייקער פּונקט ווי אין דער וואָכען, ערב יום כפור קיין כפּרות שלאָגט מען ניט ביי איהם, און אַ פּסח איז ביי איהם... גאָט זאָל ניט שטראָפען פאַר די רעד!

שיווקע שאַסטעפּאַל וויל נישט רעדען קיין לשון־הרע אויף אַ אידען, נאָר פערדריסט זי, און קאָכען קאָכט זי זיך:

— סטייטש פּסח! אַזאַ הייליגער יום טוב פּסח!...

וואָס פּסח? ווער פּסח? — דאָס זאָגט זי נישט, נאָר מע בע־דאַרף שוין אַליין פערשטעהן, וויפיעל גאָל עס שטעקט אין די ווערטער.

אויך דער אַפּטייקער האָט פיינט איציקלען, ווי אַ כשר'ער איד האָט פיינט חזיר, נאָר ער בעווייזט ניט אַרויס זיין פיינדשאַפט און איז מיט איהם, אדרבה, פריינדליך, ווי מיט אַלע שכנים; וואָס זאָל מען טהון? די וויסטע פּרנסה!... הינטער די אויגען הייסט ביי איהם איציקעל שאַסטעפּאַל „גאָט'ס גנב", „היפּאָקריט", „אַי־דאָש", וכדומה אַזעלכע נעמען. אין די אויגען אָבער הייסט ער ביי איהם: „גאָספּאָדין שאַספּעטאַל", און אַמאָל נאָך: „מנאָגאָאוואַ־זשאַיעמי גאָספּאָדין שאַסטעפּאַל"... פאַר וואָס קומט דאָס איהם — ווייסט ער אַליין נישט. וויפיעל יאָהר זיי זענען שכנים האָט נאָך דער אַפּטייקער נישט געהאַט פון איציקעל שאַסטעפּאַל

קיין טובה אויף אַט אַזוי פיעל — און פון דעסטוועגען זעהט איהר דאָך, מנאָגאָאוואזשאיעמי !...

סאַשאַ דעם אַפּטייקער'ס זוהן איז געווען אַ וואָהל יונגעל און איינער פון די בעסטע שילער אין גימנאזיע. ער האָט זעהר גוט געלערענט, אַ סך געלעזען, נישט אין זינען געהאַט דאָס וואָס אַנ־דערע בחורים, נאָר זינט ער האָט זיך בעקאַנט מיט טאַמאַראַ'ס שענע שווארצע גרויסע אויגען האָט ער אָנגעהויבען אָפט צו פער־טראַכטען זיך, בעקומען חשק צו בעגעגענען זיך מיט זיי נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל — ביז זיי זענען געקומען צו איהם מיט אַ וויזיט איינמאָל ביינאַכט אין חלום.

און געקומען זענען זיי צו איהם מיט אַ פייער, מיט איין אימ־פעט, האָבען איהם אַרומגענומען מיט זייער פראַכט און גלאַנץ, האָ־בען זיך צעגאָסען מיט אַזוי פיעל חן, פריינדליכקייט, מיט לייד און ליעבשאַפט, האָבען ענדליך אריינגענידערט צו איהם אין הארצען אַזוי טיעף און בעזעצט זיך ביי איהם אין דער נשמה אַזוי פעסט, אַז מעהר פערגעסען זיי האָט ער שוין נישט געקאָנט, וויפיעל ער האָט זיי פון זיך נישט געטריבען!

סאַשאַ האָט אַליין נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס פאַר אַ כח עס ציהט איהם אָפּצושטעהן לאַנג־לאַנג און ווארטען אויף די טרעפּ, טאָמער וועט זיך בעוויזען איציקעל שאָסטעפּאַל'ס טאָכ־טער און טאָמער וועט ער זיך בעגעגענען מיט איהרע שווארצע שענע קלוגע אויגען, — און האָט ער זיך דערוואַרט אויף איהר, און האָט ער זיך בעגעגענט מיט איהר פייערינגען קוק, האָט ער גע־טהאָן נישט מעהר, ווי אויפגעהויבען די רגלים און געמאַכט ויברח, אַנטלאָפען צו זיך אַהיים, צו די אוראָקען, צו די ביכער, זיך פער־טיעפט און פערטראַכט און ווידער גע'חלומ'ט פון איציקעל'ס טאָכ־טער, פון איהר שענער פיגור און פון איהרע שווארצע גרויסע קלוגע אויגען, און ווייעדער אָפּגעוואַרט זי אויף די טרעפּ, און ווייעדער בעגעגענט זיך און ווידער אַ ויברח! — און אַזוי אַ לאַנגע צייט, ביז דאָס פייער האָט אויסגעבראָכען, און דעם אַפּטייקער'ס זוהן האָט

זיך איינגעשטעלט, פערבונדען א געשפרעך מיט איציקעל שאָסטע־פאַל׳ס טאָכטער.

איציקעל שאָסטעפאַל האָט נישט געוואָלט, אַז זיין טאָכטער זאָל געהן מיט אַלע מיידלעך אין גימנאַזיע; ער האָט אָבער נישט געשפּאָרט פאַר איהר קיין געלד צו דינגען איהר די בעסטע לעה־רערס מיט די בעסטע גובערנאַנטקעס זי צו אונטערריכטען, און די בעסטע לעהרער — אזוי האָט גערעכענט איציקעל — זענען גויים, ניט אידען. א אידישער לעהרער איז קודם כל איין אפּיקורוס און מאכט זיינע שילער און שילערינס אויסגעלאַסען, און א גויישער לעהרער ווייסט זיך נאָר זיין זאך — מע צאָהלט איהם געלד, דאַרף ער לערנען.

מיט דעם גאַנג איז געגאַנגען איציקעל שאָסטעפאַל, און האָט זיך נישט געפוילט אַריבערגעהן אין גימנאַזיע צום בעסטען לעה־רער, צו ראָמאַנענקאָ׳ן, זיך איין עצה האַלטען מיט איהם: אזוי ווי ער, שאָסטעפאַל, האָט א טאָכטער זעהר א געראָטענע, זאָל ער, ראָ־מאַנענקאָ, איהם רעקאָמענדירען עפּיס א רעכטען רעפּעטיטאָר.

האָט איהם ראָמאַנענקאָ אויסגעהערט און געזאָגט:

— אויב דו ווילסט א רעכטען לעהרער, א געטרייען, קאָן איך דיר רעקאָמענדירען מיין אייגענעם זוהן, ער איז א געצייכענטער פּעדאַגאָג, א געוועזענער סטודענט, וואָס האָט זיך צעקריגט מיט די פּראָפעסאָרען און איז איצט ביי מיר אָהן א שום בעשעפטי־גונג.

דאָס איז זיכער, אַז ווען ראָמאַנענקאָ זאָל זיין א אידיש קינד, א „געוועזענער" סטודענט, וואָלט איהם אַזאַ מין איציקעל שאָסטע־פאַל געוויס נישט אריינגעלאָזט צו זיך אין שטוב אריין, נאָר פאַר א גוי האָט א איד דרך־ארץ, ער מעג זיך זיין וואָס ער וויל זיך, אבי א גוי.

אונזערע שונאים, וואָס ווייסען נישט דאָס אידישע לעבען אין גלות און קענען ניט זיין גלות־פּסיכאָלאָגיע, שטעלען זיך פאָר, אַז א איד פערהאַסט א גוי און פעראַכטעט איהם. זיי ווייסען ניט פון

דעם סוד, אַז אַלס וואָס פּרעמדס איז ביי אידען טייערער ווי איי־גענס. אַז אַ איד וויל עפּיס דערצעהלען אַ זאַך, וואָס מע זאָל איהם גלויבען, זאָגט ער: „דאָס האָב איך געהערט פון אַ כריסט, נישט פון קיין אידען"... זיי קוקען זיך ניט צו, ווי דאָס גאַנצע שטרעבען פון אַ פערמעגליכען אידען איז צו געווינען די געזעלשאַפט פון די כריסטען, די גוטע מיינונג פון אַ כריסט; איין גויישער קאָמפּלי־מענט איז ביי זיי טויזענד מאָל טייערער פון צעהנטויזענד אידישע קאָמפּלימענטען... ביי קיין אומה ולשון האָט איהר נישט אַזאַ אויס־דרוק, ווי: „אונזערע אידעלעך", „מיט אַ אידען איז גוט קוגעל עסען", „אידישע גליקען", „אידישע מעשיות", „אידישע זאַבאַבאַ־נעס" און נאָך כדומה אַזעלבע שענדליכע אויסדרוקען, וואָס האָבען זיך געקאָנט אויסבילדען נאָר ביי אַ פאָלק, וואָס לעבט אַזוי פיעל הונדערט יאָהר אָהן אַ היים אין גלות.

אַז ראָמאַנענקאָ'ס זוהן, דער געוועזענער סטודענט, איז געקור־מען צו טאַמאַראַ'ן צו דער ערשטער לעקציע, האָט איציקעל שאַסטע־פּאַל, פון זיין כבוד וועגען, אַראָפּגעהאַפּט דאָס היטעל און אָנגע־טהאָן אַ קיילעכיג זיידען יאַרמעלקעלע — שייך, אַ פּריץ! און אַזוי איז שוין געווען אַ חוק אַלע טאָג: איז אַריינגעקומען ראָמאַנענקאָ — איז דאָס היטעל אַרונטער; איז אַוועקגעגאַנגען ראָמאַנענקאָ — איז אַרונטער די יאַרמולקע.

און ראָמאַנענקאָ דער לעהרער, דער געוועזענער סטודענט, האָט געטהאָן זיין אַרבייט געטריי: ער האָט מיט טאַמאַראַ'ן געלערענט, מיט טאַמאַראַ'ן געלעזען, טאַמאַראַ'ן ענטוויקעלט און האָט זיך אין טאַמאַראַ'ן פערליעבט, און טאַמאַראַ האָט זיך פערליעבט אין ראָ־מאַנענקאָ'ן...

נישט ראָמאַנענקאָ, נישט טאַמאַראַ האָבען זיך ווען עס איז דערקלערט אין זייערע געפיהלען, אָדער אַפילו מזכיר געווען וועגען דעם. דאָס איז געווען אַ שטילער צוזאַמענשטוים פון צוויי ברע־נענדיגע שטערען, וואָס האָבען זיך געטראָגען מיט איין אונגעהייע־רען כח איינס אַקעגען דאָס אַנדערע, אוןביידע צוזאַמען האָבען זיי

געשוועבט אין דער אונענדליכקייט פון זייערע אידעאלען, נישט אפצוגעבען זיך דין וחשבון, וואס זיי טהוען, וואוהין זיי געהען און וואס קאן זיין דערפון דער סוף...

דער, וואס ווייסט די געשיכטע פון די געשעהענישען אין דער לעצטער צייט, וועט פערשטעהן דעם פשט פון די ווערטער: „גע־וועזענער סטודענט“. דאס איז געווים איינער פון די בעסטע קינ־דער פונ'ם לאנד, וואס האבען א ווארעם ליעבענדעם הארץ, מיט א ריינעם געוויסען, מיט א הויכען אידעאל, מיט א גוטען ווילען צו טהון עטוואס גוטעס, נוצליכעס פאר'ן אומגליקליכען הונגעריגען פאלק... קורץ, ראמאנענקא איז געווען נים נאר א סאציאליסט און א רעוואלוציאנער, נאר אויך איין אנפיהרער, איין ארגאניזאטאר פון א גאנצער חברה, און אט דער בחור איז געווען געצוואונגען א געוויסע צייט צו פערברענגען אין דער היים, און איהם האט דאס אונזער איציקעל שאסטעפאל אויסגעזוכט אלס דעם איינציגען רעפעטיטאר פאר זיין איינציגער ציטערדיגער טאכטער טאמארא, און ווי גליקליך האט זיך געשעצט אונזער איציקעל, אז ער האט געהערט פון ראמאנענקא'ן אליין, פון א כריסט, אז זיין טאכטער לערענט גוט און קאן גוט און איז אליין גוט — ארום און ארום גוט!

נים איין מאל האט זיך איציקעל שאסטעפאל בעריהמט צווי־שען אידען, וואס פאר א טייערען לעהרער ער האט, א כריסט, און וואס דער לעהרער דער כריסט זאגט וועגען זיין טאכטער! און אז ער, איציקעל, וועט זעהען, אז זיין טאכטער זאל זיך לערנען און לערנען, עס אהרט איהם נים, אז זי זאל אפגעבען עקזאמען אויף אלע אכט קלאסען גימנאזיע. אין גימנאזיע געהן — דאס טאקי נים, אבער אפגעבען עקזאמען, ברענגען איין אטעסטאט, פארוואס נים?

און איציקעל האט אויסגעפיהרט זיינס: זיין טאכטער איז אין די קלאסען נישט געגאנגען, זיך אליין געלערענט, רעפעטירט פון ראמאנענקא'ן, געהאלטען עקזאמען אויף אלע אכט קלאסען גימ־

נאזיע און געבראכט צו טראָגען אַהיים איין אַטעסטאַט! — דאָס איז געווען פאַר אונזער איציקעל שאָסטעפּאַל אַ גליקליכער טאָג, אַ טריומף. זיין מאַמאַרא האָט איין אַטעסטאַט פון אַכט קלאַסען, און דוקא נישט געגאַנגען אין גימנאַזיע!

— הא, וואָס זאָגסט דו, שיווקע?

— וואָס זאָל איך זאָגען? — ענטפערט איהם שיווקע. — ס'איז צייט איצט צו טראַכטען וועגען אַ שדוך.

— הא? וואָס? אַ שדוך זאָגסט דו? אַזוי פריה? — מאַכט צו איהר איציקעל און דרעהט און פלעכט און גרייזעלט זיך דאָס שווארצע געגרייזעלטע בערדעל. — וואָס האָסט דו אַזוי קיין צייט ניט? און אפשר, הא? אפשר ביזט דו גערעכט, שיווקע? טאַקי צייט שמועסען וועגען אַ שדוך.

און איציקעל שאָסטעפּאַל בעטראַכט זיין טאָכטער, ווי אַזוי זי איז אויסגעוואַכסען, געוואָרען אַ פּארשוין, קיין עין־הרע, אַ יפת־תואר; אַלע זאָגען אַ יפת תואר, אַפילו כריסטען...

און טאַמאַרא לייענט ביכער, לערענט ווייטער, זעהט זיך אַלע טאָג מיט'ן לעהרער, מיט ראָמאַנענקאָ'ן. און די פאָטער און מוטער פערשטעהען ניט, וואָס נאָך האָט זי צו לערנען? ביז וואַנען איז דער שיעור צו לערנען? און וואָס געהט אהער אַלע טאָג דער לעהרער? און דער פאָטער וואַרט־אָפּ אַ טאָג און צוויי און דריי און רופט־צו צו זיך טאַמאַראַ'ן און זאָגט צו איהר:

— טאָכטער מיינע, וואָס טהוט דאָ דער לעהרער?

— גאָר נישט, — ענטפערט איהם די טאָכטער — מיר לייענען אינאיינעם ביכער, מיר שמועסען.

— ביז וואַנען איז דער שיעור? עס מוז דאָך האָבען אַ מאָל אַ סוף, צי ניין?

— וואָס מוז האָבען אַ סוף? — פרעגט איהם די טאָכטער.

— דאָס לערנען מוז האָבען אַ סוף, — ענטפערט איהר דער **פאָטער.**

— לערנען האָט קיין סוף ניט, — זאָגט איהם טאַמאַרא.

— די תורה האָט ניט קיין גרונד? — בעמערקט איהר מיט א שפּאַס דער פאָטער.

— געוויס נישט. — מאַכט צו איהם טאַמאַרא אויך מיט א שפּאַס. — איך האַלט ערשט ביי מה טובו.

— נאָך גאָר פון פאָרענט? — שפּאַסט ווייטער דער פאָטער.— ווען־זשע וועסט דו קומען צו גאָט?

— אז איך וועל ענדיגען אוניווערזיטעט און פּראַקטיצירען פריהער א פּאָר יאָהר אין קליניק און אין האָספּיטאַל, וועל איך ערשט דעמאָלט אָנהויבען מיין פּראַקטישע ארבייט, וועלכע וועט זיין פאַר מיר א נייע שוהל אויף צו שטודירען . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . .

איצעקעל שאָסטעפּאַל איז געבליבען אָפּהענדיג, צעשטעהרט און אָהן לשון. ער האָט דער טאָכטער אויף איהר פאָרשלאַג נישט גע־ענטפערט גאָר נישט. ער האָט זיך נאָר אויפגעחאַפּט פון׳ם בענ־קעל, פערלעגט די הענד ארונטער, דעם קאָפּ אראָפּ, און גענומען שפּאַנען איבער דער שטוב. נאָכדעם האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט אַקעגען זיין טאָכטער, און זייערעביידענס גרויסע שווארצע אויגען האָבען זיך בעגעגענט, געקוקט נישט גלייך, נאָר פון אונטען ארויף, און שארף, און אָהן ווערטער, געפייערט ווי צוויי ווילדע חיות, וואָס זענען גרייט זיך א וואָרף טהון איינס אויף דאָס אנדערע... דער פאָטער האָט אויסגערעדט מיט א פעסטער שטימע:

— טאַמאַרא! דו וועסט טהון אָט דאָס, וואָס א י ך וועל דיר הייסען!...

דערויף האָט איהם טאַמאַרא געענטפערט אויך מיט א פעסטער קלאָרער שטימע:

— טאַטע! דו האָסט א טעות! איך וועל טהון אָט דאָס, וואָס א י ך וויל!...

— וואָס? וואָס האָסט דו געזאָגט? זאָג נאָך אַ מאָל!

— איך וועל דיר זאָגען נאָך צעהן מאָל, נאָך הונדערט מאָל: איך וועל טהון אָט דאָס, וואָס א י ך וויל!...

— אנו, לאָמיר זעהען!...

— מיר'ן זעהען!...

* * *

נאַרישקייטען! איציקעל שאַסטעפּאַל איז גענוג קלוג אויף צו פערשטעהן, אַז ס'איז נישט די יאָהרען, ניט די צייטען, וואָס מע האָט געקאָנט אַ קינד צווינגען, עס זאָל טהון דעם רצון פון די על־טערען. די צייטען האָבען זיך אויף אַזוי ווייט געביטען, אומעדום אויף דער גאַנצער וועלט, אונטער די אידען וועניגסטענס, אַז עלטע־רען זענען צופריעדען, ווען זיי זענען ניט געצוואונגען צו טהון דאָס, וואָס זייערע קינדער ווילען... איציקעל שאַסטעפּאַל האָט בכבודו ובעצמו אָפּגעפיהרט די טאָכטער זיינע קיין פּעטערבורג, איהר בע־שטעלט קוואַרטיר און קעסט ביי זייער אַ דרוקער'ס אַ שטעלט קוואַרטיר אין אייגענע, אַ דרוקער'ס אַ ווייב, אַליין געגאַנגען מיט איהר איינקויפען ביכער, קליידער, פּאַ־פּיער וכדומה, און אַז ס'איז געקומען צום געזעגענען און צום קושען זיך, האָט זיך דער פּאָטער געוואָלט צעווויינען, האָט איהם די טאָכ־טער אָנגענומען ביי די הענד:

— פע, טאַטע, ווי קומט דאָס צו דיר, דאָס פּאַסט פאַר אַ אי־דינע!... דו קאָנסט גאַנץ רוהיג פאָהרען אַהיים... דו ווייסט, אַז דיין טאָכטער איז שוין נישט מעהר קיין קינד, וואָס מע דאַרף איבער דעם ציטערען... פאַרהאַן, דאַנקען גאָט, אַ פּאָסט, וואָס טראָגט בריעף הין און צוריק... אויף יום־טוב וועל איך מסתמא זיך דורכפאָהרען אַהיים... פאָהר געזונד און גריס דער מאַמע גאָר פריינדליך!

אַ גאַנץ וועג, צוריקפאָהרענדיג, זיצט איציקעל שאַסטעפּאַל אין וואַגאָן און טראַכט זיך:

— וואָס טהוט זיך דאָ? מיין טאָכטער, מיין איינאונאיינציג קינד, וואָס איבער הונדערט צוואַנציג יאָהר איז מיין פערמעגען

איהרס, — צו וואס דארף זי שטודיערען, לערנען זיך ?... א פראָ־פעסיאָן, זאָגט זי, וויל זי האָבען... סאמאָסטאָיאַטעלנע, זעלבסט־שטענדיג וויל זי זיין... א מענש פאר זיך... נננו ! ! ! נאט אייך אזעלכעס ! און ווער איז שולדיג, אז ניט איך אליין ? עס האָט זיך מיר געגלוסט זי לערנען, בילדען, מאכען זי פאר א וואוילקע־נעוודיגע — א מצוה אויף דיר !

אזוי טראכט זיך איציקעל שאָסטעפּאַל און דרעהט און פלעכט און ציפעט דאָס געגרייזעלטע בערדעל זיינס, און טרייסט זיך חאָטש דערמיט, וואָס זיין טאָכטער האָט איהם ניט אָפּגעטהאָן קיין ערגערע זאַך... למשל, וואָל וואָלט זיין, ווען טאמארא פערליעבט זיך אין א שלים־מזל, אָט, א שטיינער, אין דעם אפּטייקער'ס זוהנ־דעל, וואָס דרעהט זיך איהם אלע מאָל פאר די אויגען ?...

און עס קומט איהם אויפ'ן זינען דער געלער סאשא סאפּראָנאָ־וויטש, וואָס איז אויך געבליבען אין פּעטערבורג שטודיערען און וואָס דעם גאַנצען ווינטער האָט ער זיי געפּלאָנטעט זיך פאר די פיס, נישט געהאט די העזה צו צוגעהן צו זיי צו נאָהענט...

— וואָס טהוט דאָ דעם אפּטייקער'ס בחור'על ? — האָט אי־ציקעל געהאט א פרעג געטהאָן ביי דער טאָכטער און בעקומען ענטפער:

— ער פאָהרט שטודיערען.

— שטודיערען ? אלע שטודיערען ? אויף וואָס שטודיערען ?

— אויף דאָקטאָר.

— מיט דיר אינאיינעם ?

— וואָס פאר א מחותן איז ער מיט מיר ?...

די לעצטע ווערטער האָבען דעם פאָטער אביסעל בערוהיגט. און דאָך איז ער געקומען צו פאָהרען אהיים א צעקאָכטער, אויס־געלאָזט זיין גאַנץ ביטער הארץ אויפ'ן ווייב'ס קאָפּ, ווי געוועהנ־ליך א מאָן, אז ער קומט אהיים צעטראָגען און צערודערט... א קלוג ווייב, וואָס קען איהר מאָן און פערשטעהט איהם, לאָזט זי

איהם צורוה, „ביז דאָס משוגעת וועט איבערגעהן"... שיווקע איז אָבער נישט פון דער קאַטעגאָריע קלוגע ווייבער. דאָס, וואָס איהר הארץ פיהלט און דער קאָפּ דענקט — דאָס זאָגט איהר מויל...

קוים דערלעבט זעהען דעם מאַן צוריק, געהט זי איהם אַקעגען:

— נו? וואָס הערט זיך?

— וואָס זאָל זיך הערען?

— וואָס מאַכט דאָס קינד?

— וואָס זאָל זי מאַכען?

— אָפּגעפיהרט קיין פּיטערבאַרג?

— ניין, איך האָב זי איבערגעלאָזט אין וועג.

— באַשטעלט אַ קוואַרטיר?

— ניין, געלאָזט אין דרויסען.

— וואָס ביזט דו אַזוי כהנ'דיג?

— דול מיר נישט קיין יאַרמעלקע!...

אַ קלוג ווייב, וואָס קען איהר מאַן און פערשטעהט איהם, אַז זי חאַפּט פון איהם אַ פּעטשאַטעק, ווישט זי אָפּ די ליפּען און מאַכט אַ שווייג. שיווקע איז אָבער, ווי געזאָגט, נישט פון די איי־בערגעשפּיצטע ווייבער, וואַרט זי אָפּ אַ ווײלע און פערבינדט אַ נייעם שמועס:

— געפעלט דיר אונזער שכן?

— וואָסער שכן?

— דער אַפּטייקער.

— וואָס איז שוין ווידער?

— ער באַגעגענט מיך נעכטען אויף די טרעפּ און מאַכט צו מיר: אוועקגעפאָהרען אייער מאַן קיין פּעטערבורג?... זאָג איך: אוועקגעפאָהרען קיין פּעטערבורג... זאָגט ער: אָפּגעפיהרט די טאָכ־טער?... זאָג איך: אָפּגעפיהרט די טאָכטער... און איך האָב, זאָגט ער, מיין זוהן אָפּגעשיקט אליין...

— טהוט מיר הנאה! — זאָגט איציקעל צום ווייב און שטעלט אוועק אויף איהר א פּאָר גרויסע שווארצע אויגען. — אקעגען וואָס דערצעהלסט דו מיר?

— אקעגען גאָר ניט, — זאָגט שיווקע, — גלאט אזוי... נאָכ־דעם מאכט ער צו מיר, דער אפּטייקער הייסט עס: מיין זוהן קען זיך מיט אייער טאָכטער...

— טהוט מיר נאָך מעהר הנאה! צו וואָס דארף איך דאָס וויסען?! — שרייט שאָסטעפּאָל.

— וואָס האָסט דו זיך צעשריגען? גלאט אזוי, דו ביזט גע־קומען פון וועג, דערצעהל איך דיר...

— איך פרעג דיך דען?

— זעה נאָר, ווי ער האָט צעלאָזט דעם כהן!

— לאָז מיך צורוה! און דול מיר ניט מיין קאָפּ!! און טשע־פּע זיך אָפּ פון מיין לעבען!!!

און איציקעל שאָסטעפּאָל חאפּט דעם שירם און אנטלויפט פון שטוב און בעגעגענט זיך א נאָז קעגען א נאָז מיט'ן אפּטייקער. קאָן מען ניט זיין אזוי גראָב און ניט אָפּענטפערען אויפ'ן גוט־מאָרגען מיט א גוט־יאָהר, און אז יענער פרעגט: וואָס מאכט א י ה ר — מוז מען זיך אָפּשטעלען און זאָגען: א דאנק, וואָס מאכט א י ה ר? און אָט אזוי פערבינדט זיך, ניט ווילענדיג, א שמועס צווישען אונזערע צוויי שכנים.

א פּ ט י י ק ע ר: ווען קומט איהר פון פּעטערבורג?

א י צ י ק ע ל: היינט.

א פּ ט י י ק ע ר: אָפּגעפיהרט די טאָכטער אויף די קורסען?

א י צ י ק ע ל: אָפּגעפיהרט די טאָכטער אויף די קורסען.

א פּ ט י י ק ע ר: שטודיערט מעדיצין?

א י צ י ק ע ל: שטודיערט מעדיצין.

א פּ ט י י ק ע ר: מיינעם האָב איך אָפּגעשיקט אליין.

א י צ י ק ע ל: אליין...

א פּ ט י י ק ע ר: א זוהן איז נישט קיין טאָכטער.

א י צ י ק ע ל: נישט קיין טאַכטער...

אַ פּ ט י י ק ע ר: מיינער קען זיך מיט אייערער זעהר גוט...

א י צ י ק ע ל: זעהר גוט... האָט קיין פּאראיבעל ניט, איך האָב קיין צייט ניט!

און איציקעל שאַסטעפּאַל געהט אַוועק נאָך מעהר צעקאָכט און טראַכט זיך: וואָס וויל פון מיר אָט דער אַפּטייקער? וואָס דרעהט ער מיר אַ מוח מיט זיין זוהן, אַז ער קען זיך מיט מיין טאָכטער? האָט ער נישט עפּיס אַ מיין דערבייַ? באַמבעלט זיך ניט ביי איהם אַ שדוך?... אַ שענער מחותן סאַפּראַנאָוויטש דער אַפּטייקער, חאַ־חאַ־חאַ!...

אַזוי לאָזט אויס איציקעל שאַסטעפּאַל זיינע טרויעריגע מחשבות מיט אַ ביטער געלעכטער און בעגעגענט זיך מיט אַ נייער פּריטשעפּע, מיט ליפּאַ'ן.

ליפּא, אָדער, ווי מע רופט איהם, דער איד פון האָלץ, איז געוואָהר געוואָרען, אַז איציקעל שאַסטעפּאַל איז געקומען פון פּעטערבורג, איז ער געקומען צו לויפען אָפּנעמען אַ גרוס, טאָמער האָט ער זיך ערגיץ בעגעגענט דאָרטען מיט זיין טאָכטער?

— שלום־עליכם אייך, רב איציקעל, איך לויף אייך שוין נאָך אַ האַלבע שעה! — אַזוי זאָגט צו איהם ליפּא דער איד פון האָלץ און גלעט דעם בעזעם־באָרד.

— וואָס וועט איהר זאָגען גוטס? — פרעגט איהם שאַסטעפּאַל.

— איך האָב אייך געוואָלט פרעגען, אפשר האָט איהר באַגעגענט דאָרטען מיין מאַשע'ן?

— וואָסער מאַשע?

— מיין טאָכטער מאַשע!

— וואו האָב איך זי באַגעגענט?

— דאָרט, אין פּעטערבורג איז זי דאָך, אינאיינעם מיט אייערער... זי איז אַ גוטע בחור'טע!

— ווער?

— די טאָכטער מיינע, מאשע הייסט זי... זי קאָן זיך מיט אייערער זעהר גוט... ווייסט איהר, ווער זיי האָט באַקענט?

— ווער?

— דער לעהרער.

— וואָסער לעהרער?

— ראָמאַנענקאָ. ער איז אַ רעכטער חברה־מאַן...

— וואָס הייסט אַ חברה־מאַן?

ליפּא דער איד פון האַלץ גלעט זיך דעם בעזעם־באָרד און קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען, רעדט שטיל:

— ער איז אַ צעצעליסט!...

— אַ וואָס?

— אַ צעצעליסט... פון די צעצעליסטען, וואָס קאַטאָרי... (ער קוקט זיך אַרום, רעדט שטיל.) ער האָט זיי אַלע געמאַכט פאַר צעצעליסטקעס, מיינע און אייערע...

— מיינע? מיין טאַמאַראַ? אָבער גאָר לא!... האָט קיין פאַראיבעל ניט, איך האָב קיין צייט ניט...

און איציקעל שאָסטעפּאַל לויפט ווי אַ משוגענער, גלייך ווי עמיצער יאָגט איהם נאָך. „וואָס פאַר איין אַנשיקעניש! — טראַכט ער זיך. — אַלע באַריהמען זיך, אַז זיי קענען זיך מיט איהר!... נו, קענען זיי זיך מיט איהר! געזונטערהייד! לאָזען זיי זיך קענען!“...

דאָס איז אָבער נישט אמת. אַ וואָרעם האָט זיך פערקלויבען צום פאָטער אינעווייניג אין האַרצען און עסט איהם און טאָטשעט איהם, און עס פערדריסט איהם זעהר גוט, וואָס וואו ערגיץ אַ שלים־מזל קען זיך מיט זיין טאָכטער און האַלט זי אין מויל! און מעהר ניפּט פון אַלע האָט איהם אַריינגעלאָזט אָט דער באָרד־איד ליפּא מיט זיין „צעצעליזם“... עפּיס האָט שאָסטעפּאַל געהאַפּט נאָך פריהער; עפּיס האָט מען איהם אַריינגעלעגט אַ גריל; עפּיס האָט ער געהערט די טאָכטער פּלעטשען: „אָרגאַניזאַציע“... „וועסאָבשטשע זאַבאַסטאָווקע“... „קאָנסטיטוציע“... וכדומה אַזעלכע דבורים האָט ער זיך אָנגעהערט פון איהר, ווען עס פלעגט קומען צו רעד. און

ער, דער נארישער פאטער, פלעגט הערען, קוקען איהר אין די אויגען אריין און קוועלען, ווערען ברייטער ווי לענגער: „א מאנס־בילשער קאפ אויף איהר. — פלעגט ער זיך טראכטען. — וואס וועט פון איהר אויסוואכסען? איין עבירה, וואס זי איז ניט געבארען א יונגעל!“ און דער גליקליכער פאטער האט געבויעט לופט־שלע־סער וועגען זיין געליעבטער טאמארא, זיך פארגעשטעלט, אז עס קומט צו פאהרען צו איהם א מיליאנער, א מין פאליאקאוו פון פע־טערבורג, און שדכנ'ט זיך צו זיין טאכטער, און די טאכטער שיקט איהם אפ צום טאטען, און ער, דער טאטע, נעמט אויף פאליאקאוו'ן פאר א גאסט אין דער גרויסער זאל, זיצט מיט איהם ביי'ם קיילע־כיגען טישעל, א קרעסלע קעגען א קרעסלע, און מע רעדט פון איי־זענבאהנען, פון בריקען, פון צוקער־פאבריקען, וואלד־קלעפקע, רעל־סען, נעכטיגע טעג, ביז מע קומט ארויף אויף דעם רעכטען ענין: אויף זיין טאמארא.

— איך האב געהערט, הערר שאסטעפאל, אז איהר האט זעהר א געראטענע טאכטער. — זאגט צו איהם פאליאקאוו און שפיעלט זיך מיט'ן קייטעל פונ'ם זייגער.

— וואו? אזש דארט אין פעטערבורג? — מאכט צו איהם איציקעל שאסטעפאל, און דאס הארץ זיינס שפרינגט שיער ניט ארויס פאר פרייד און גדלות.

— גוטס — זאגט צו איהם פאליאקאוו — לאזט זיך הערען גאנץ ווייט... איך האב זי שוין געזעהען, גערעדט אויך, זי געפעלט מיר זעהר, איך בין, דארפט איהר וויסען, פאליאקאוו'ס א זוהן... און פערמעגען, דאנקען גאט...

— א! — שלאגט איהם איבער שאסטעפאל. — פון אייער פערמעגען האבען מיר געהערט, אויף מיר געזאגט געווארען... דער עיקר איז זי, די טאכטער מיין איך, אויב איהר זענט איהר געפע־לען?...

און איציקעל שאסטעפאל קוועלט, דאס הארץ וואכסט איהם פאר פרייד, פאר גדלות און פאר גליק! א קלייניגקייט — האבען

פּאָליאַקאָוו'ן פֿאַר איין אײדעם! ס'איז פֿאַוואָלינקע עטליכע און דרײסיג מיליאָן! עס וועט אַ רוח אין אײערע פּאָטער און מוטער אַריין, דער גאַנצער שטאָדט, דער גאַנצער וועלט!!!

אָט דאָס זענען געוועזן די זיסע חלומות פֿונ'ם נאַרישען פֿאָטער, און די דאָזיגע חלומות זענען צעשלאָגען געוואָרען מיט אַ מאָל, אין איין טאָג, אין איין אויגענבליק, אין דעם מאָמענט, וואָס טאַמאַראַ האָט איהם דערקלערט, אַז איהר אײנציגער צוועק איז לערנען, שטודיערען מעדיצין, ענדיגען דאָקטאָר, פּראַקטיצירען, זיין אַ נוצליכער מענש פֿאַר'ן לאַנד, פֿאַר דער מענשהייט, וכדומה אַזעלכע מאָדנע דבורים... ווער שׂרוך? וואָס חתונה האָבען? פֿון דעם קיין חצי דבור נישט אפילו, זי דערמאָנט גאָרנישט און וויל נישט הערען!...

פֿון דער אַנדערער זייט אָבער, פֿאָטערליעבע זוכט אַ זכות אויף אַ קינד, וויל זיין אַ מליץ־יושר, געפֿינט אַ טרייסט:

— נישטאָ נאָך אַ צווייטע טאַמאַראַ, ווי מיין טאַמאַראַ!... נישטאָ נאָך די אַנדערע אַזאַ געראָטענע, אַזאַ שענע, אַזאַ קלוגע, אַזאַ טײערע און אַזאַ געטרייע טאָכטער, ווי מיין טאָכטער!

און ער דערמאָנט זיך, ווי זי האָט זיך מיט איהם געזעגענט און וואָס זי האָט איהם געזאָגט, און עס ווערד איהם אַ ביסעל גרינגער אויפ'ן הארצען, און ער טרייבט אַוועק פֿון זיך אַלע טונקעלע מחשבות מיט אַלע איבעריגע רעד מיט די אַלע זייטיגע פֿאַרשוינען, וואָס פּלאָנטען זיך איהם פֿאַר די פֿיס, און ער לאָזט אַריין צו זיך אַ האָפֿענונג, אַז זי קאָן אַנדערש ווערען, אַז זי קאָן אויך דאָרטען זיך בעגעגענען מיט אַ מין פּאָליאַקאָוו, און עס קאָן זיך איבערדרעהען די גאַנצע מאַשינעריע מיט'ן קאָפּ אַראָפּ, מיט די פֿיס אַרויף, אַז דער אויבערשטער זאָל נאָר וועלען געבען אַ קוק... „נישט געזאָרגט זיך! נאָר נישט געזאָרגט זיך! בטחון! גוואַלד, בטחון! האָפֿענונג! אמונה אין הקדוש־ברוך־הוא! ער, אַז ער וויל, קאָן ער!“...

## קאפיטעל ג.

## מ א ש א  ב א ש ע ו ו י ט ש.

ליפא באַשעוויטש, אָדער דער איד פונ'ם האָלץ, איז אַ איד, וואָס שטעלט־צו האָלץ אין אַלע הייזער — און פון דעם לעבט ער, דערציהט קינדער, גיט זיי בילדונג.

„דערציהט קינדער, גיט זיי בילדונג"... עס רעדט זיך נאָר אַזוי, וואָרום ווי איז דאָס אימשטאַנד אַזאַ, איך בעט איבער אייער כבוד, איין עני ואביון, ווי ליפא באַשעוויטש, צו געבען בילדונג זיינע קינדער און דערציהען זיי, אַז דער קאָפּ איז איהם גאָר פערטהאָן אין אַנדערע זאַכען: ער זוכט ברויט אַ שטיקעל פאַר זיך, פאַר זיין ווייב און קינדער, ער זוכט און זוכט און קאָן עס נישט גע־פינען! אויף אַלע זייטען וואַרפט זיך נעבאך דער אָרעמער באַ־שעוויטש, פון שטוב צו שטוב געהט ער אָנשלאָגען האָלץ, אַ גוטע מאָס, איין אמת'ער קלאַפּטער, דריי מיט אַ פערטעל אויף דריי מיט אַ פערטעל, צוויי און פופציג וווערשאָק!... און אויף אויסצוצאָהלען! איהר הערט? אויף אויסצאָהלען, סך הכל אַ קערבעל אַ וואָך!...

און נאָך די אַלע גליקען, אַז מע געפינט שוין דעם קונה, און מע האָט זיך שוין אויסגעדונגען פאַר'ן פּרייז, און מע האָט איהם שוין צוגעשטעלט דאָס האָלץ, און מע האָט שוין אויסגעמאָסטען דעם קלאַפּטער דריי מאָל אין דער בּרייט, און ער האָט אַראָפּגעשיקט דעם איידעם, ער זאָל אויך אָנקוקען און אויסמעסטען דאָס האָלץ (דער איידעם איז אַ יונגערמאַן אַ בעל־חשבון, אַ מאַטעמאַטיקער, פערשטעהט אַלגעברע), און דעם שכן האָט מען אויך אַ בעט גע־טהאָן, ער זאָל חאַפּען אַ קוק אויפ'ן קלאַפּטער האָלץ, און מע האָט שוין, ברוך השם, דאָס האָלץ צעהאַקט אויך, און צענויפגעלעגט אויך, און מע הייצט שוין מיט'ן האָלץ אַ גאַנצע וואָך, — קומט מען צו געהן נאָכ'ן ערשטען קערבעל, חאַפּט מען ערשט אַ פּעטשאַ־טעק פון דער בעל־הבית'טע, פון דער מאַדאַם, אַז עס ווערד פינס־טער אין די אויגען:

— אַ שענעם קלאַפּטער האַלץ האָט איהר מיר געגעבען! אַזאַ מזל אויף מיינע שונאים! עס איז דען האַלץ? איידער מע דער־לעבט זעהען אַ שטיקעל פייער, קריכען ארויס, שונאי ציון, די אוי־גען פון קאָפּ!...

— וואָס רעדט איהר, מאַדאַמעניו, זאָלט איהר מיר זיין געז־זונט און שטאַרק! — טענה'ט נעבאַך דער אָרעמער האָלץ־איד. — ס'איז גאָלד, ניט קיין האָלץ! ס'איז אמת'ע באַרלינער האָלץ, ניט פּלאָטאָווע האָלץ, טרוקען האָלץ, ווי פעפער, גאָלד, ניט קיין האָלץ!...

— אַ מאָדנער איד איהר זייט! — מישט זיך אַריין דער מאַן. — מע זאָגט אייך, אַז דאָס האָלץ איז נאָס האָלץ, דאָס האָלץ וויל ניט ברענען, קומט איהר צו געהן און זאָגט, אַז דאָס האָלץ איז טרוקען האָלץ!

— דאָס האָלץ מוז זיין פון אַזאַ בוים אַ נאַסען, — שטעלט אַריין אַ וואָרט אויך דער איידעם, דער בעל־חשבון, דער מאַטע־מאַטיקער, וואָס פערשטעהט אַלגעברע.

די נסים, וואָס אַ איד שטעהט אויס אין דער ענגער, פינסטערער, חושכ'דיגער, שמוציגער, אַזוי־געררופענער „טשערטאַ", וואוהין דער גלות האָט אידען פערוואָרפען און צענויפגעפּאַקט אַלע אינאיינעם, זענען אַזוי גרויס און אַזוי וואונדערליך, אַז יעדער איינציגער וואָלט געהאַט צו דערצעהלען יציאת־מצרים, ווי אַזוי גאָט האָט מיט איהם געפיהרט, ער האָט דורכגעלעבט אַ יאָהר, און נאָך אַ יאָהר, און נאָך אַ יאָהר, און האָט אויפגעצויגען און חתונה געמאַכט אַ קינד, און נאָך אַ קינד, און נאָך אַ קינד, — חדושים ונפלאות!

ליפּאַ באַשעוויטש וואָלט געהאַט צו דערצעהלען מעהר פון אַלעמען. אַכט קינדער האָט איהם גאָט געגעבען, און אַלע אַכט געראָטענע, געצייכענטע קעפּ. אַלסדינג קאָנען זיי, אַלץ ווייסען זיי, און פרעגט זיי, ווען און וואו האָבען זיי געלערענט? צי האָבען זיי אָנגעקוקט ווען אַ חדר? (אַ חוץ דעם, וואָס ער אַליין פלעגט מיט זיי ביינאַכט אַ מאָל אונטערקנעלען.) צי האָבען זיי געזעהען

ווען אַ לעהרער? (אַ חוץ דעם, וואָס איינער האָט געלערענט מיט'ן אַנדערען.) און פון דעסטוועגען, אַז ס'איז בעשערט, זענען זיי אַלע אַריין אין גימנאַזיע, אַלע גוט געלערענט און אויסגעצייכענט זיך אַזוי, אַז דער לעהרער דער אַנטיסעמיט ראָמאַנענקאָ (דער פּאָטער) האָט געפּועלט, מע זאָל זיי בעפרייען פון געצאָהלטס און מע זאָל זיי נאָך אַרויסגעבען אויף קליידונג און אויף שטיוועלעך, מחמת ליפּא'ס קינדער האָבען אַ טבע: ביז פּופּצעהן יאָהר געהען זיי האַלב־נאַקעט און אײנגאַנצען באָרוויס...

ליפּא באַשעוויטש זאָל זיך פערלאָזען אויף דער וועלט, ביז עמיצער וועט זיך אַ מאָל דערמאַנען זאָגען אַ גוט וואָרט איבער זיינע קינדער, וואָלט ער בעדאַרפט לאַנג וואַרטען. און דאָ וואַכסט ביי איהם אַז מאַשאַ, וואָס „זינט גאָט האַנדעלט מיט מאַשעס האָט ער נאָך אַזאַ מאַשע ניט געהאַט"...

— ערשטענס, איהר טהון, איהר אַרבייטען, גילדענע הענט! היינט איהר לערנען!... גאָלע פינעפען!... איהר האָט געזעהען איהר אַטעסטאַט? ניין נאָך? איך האָב אייך נאָך נישט געוויזען? אָט וועל איך אייך ווייזען, וועט איהר זעהען אַיין אַטעסטאַט! און אַליין, אַליין פון זיך. אַז איך זאָג אייך, ס'איז אַ מאַשע פון גאָט! שוין איין מאָל אַ מאַשע!

אַזוי האָט געקלונגען ליפּא באַשעוויטש איבער אַלע שכנים און בעקאַנטע, פערשלאָגען אַלעמען דעם קאָפּ מיט זיין מאַשאַ. און ווער שמועסט, אַז מאַשאַ האָט געענדיגט די גימנאַזיע און האָט געבראַכט אַהיים אַ גאָלדענע מעדאַל, איז דער אָרעמער פּאָטער שיער ניט אַראָפּ פונ'ם זינען און האָט שיער ניט משוגע געמאַכט אַלע שכנים מיט אַלע בעקאַנטע און אומבעקאַנטע. איטליכען בע־זונדער האָט ער אָפּגעשטעלט, געוויזען די מעדאַל און דערצעהלט, ווי אַזוי זיין מאַשאַ לערענט, ווי אַזוי זי האָט אויסגענומען ביי'ם דירעקטאָר און ביי די לעהרער און ווי אַזוי זי טהוט און אַרבייט אין שטוב, לעהרענט מיט די קלענערע קינדער, און וואָס פאַר אַ פּאַפּיער זי האָט אַוועקגעשיקט צום מיניסטער, וואָס זי, מאַשאַ,

אליין האָט געשריבען... און נישט לאַנג געטראַכט, חאַפּט ער אַרויס אַ פּאַפּיער און לייענט אייך בקול רם און מיט אַ קוועטש און מיט איין אַפּזעץ:

„יעווּאָ וויסאָקאָפּרעוואָסחאָדיטעלסטוואו גאָספּאָדינו מיניס־טרו נאַראָדנאַהאָ פּראָסוועשטשעניאָ..."

פריי האָבען אָפּגעאָטעמט די שכנים און בעקאַנטע פון ליפּא באַשעוויטש, אַז זיין טאָכטער מאַשאַ איז אוועקגעפאָהרען קיין פּעטערבורג. אַצינד, האָבען זיי גערעכענט, וועט זיי ליפּא לאָזען צו־רוה מיט זיין מאַשאַ׳ן. זיי האָבען אָבער געהאַט אַ מיאוסען טעות; זיי האָבען געמוזט בעקענען זיך מיט איהר קאָרעספּאָנדענץ, מיט די בריעף, וואָס מאַשאַ שרייבט צו איהרע עלטערען פון פּעטער־בורג. מערקווירדיגע בריעף! זי אַרבייט שווער און ביטער, נייהט גרעט, אום צו פערדיענען איהר אויסקומעניש, און שטודירט אויף דאָקטאָר. היינט שרייבט זי פון אַ נייעם לעבען, וואָס וועט גיך איינטרעטען אין גאַנצען לאַנד, אַ לעבען פון פרייהייט, פון גלייכ־הייט — קאָנסטיטוציע! אין יעדען בריעף רעדט זי פון קאָנסטי־טוציע; עס הויבט זיך אָן ביי איהר מיט קאָנסטיטוציע און עס לאָזט זיך אויס מיט קאָנסטיטוציע... עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די שכנים האָבען איהם אַ נאָמען געגעבען „קאָנסטיטוציע", דאָס הייסט, אַנשטאָט ליפּא באַשעוויטש האָט מען איהם אָנגעהויבען רופען „ליפּא קאָנסטיטוציע"...

חכמים האָבען זיך געווערטעלט איבער ליפּא באַשעוויטש׳עס טאָכטער מיט איהר קאָנסטיטוציע. און ליפּא באַשעוויטש׳עס טאָכטער האָט געאַרבייט מיט דער גאַל גאָר נישט אויף קאַטאָוועס איבער דער קאָנסטיטוציע און געגלויבט, אַז ניט היינט איז מאָרגען האָבען מיר זי, די שענע, די ריינע, די געווינשטע קאָנסטיטוציע! מע וועט זי אונז געבען, האָט מאַשאַ באַשעוויטש גע׳טענה׳ט, אַ מבול פון בלוט וועט פערגאָסען ווערען! דער מבול וועט פערטרינ־קען די זינדיגע ערד און אָפּשווײנקען דעם גאַנצען שמוץ, און עס

וועלען זיך אויסלייטערען די הימלען, און עס וועט ארויסשיינען די זונן, און עס וועט ווערען ליכטיג אין דעם גאנצען לאנד!

אזוי האָט געפּרעדיגט מאשא באשעוויטש אויף יעדען טריט און שריט צווישען יונגווארג און צווישען ארבייטער, און האָט בעקומען א נאָמען אין די געוויסע קרייזען און איז געוואָרען בע־ליעבט פונ׳ם פּראָסטען פאָלק. „אונזער מאשא" — אזוי האָט זי געהייסען אין די געוויסע קרייזען, און א סך זענען געוועזען גרייט צו געהן מיט איהר אין פייער און אין וואסער און אין עק וועלט...

קיין בריעפטרעגער אין דער גרויסער שטאָדט פּעטערבורג האָט נים אזוי פיעל אויסגעמארשירט א טאָג, ווי אונזער מאשא באשע־וויטש. אויפגעשטאנען אין דער פריה און אָנגעשריבען א פּאָר צעהנדליג בריעף צו פערשיעדענע חברים איבער פערשיעדענע אָנ־געלעגענהייטען, האָט זי זיך געלאָזט געהן פון עק שטאָדט היבשע עטליכע מייל אין אינסטיטוט, פון אינסטיטוט ווידער א היבשער מהלך אין דיעשאָווקע, וואו מע קאָן קריגען צו יעדער צייט דעם ביליגסטען מיטאָג, און פון דאָרטען ווידער א מייל צעהן צו דער פּאבריק אויף דער ארבייט, און פון דאָרטען צו בעקאנטע, פון די בעקאנטע צוריק אהיים אין עק וועלט אריין, מעהרסטענטייל צופוס. וואָרום אויף צו פאָהרען אומעדום בעדארף מען האָבען רויטשילד׳ס פערמעגען מיט קורח׳ס עשירות... אזוי האָט געזאָגט מאשא בא־שעוויטש און האָט געשפּרייזט איבער פּעטערבורג, ווי א גוט פערד, זיך נים אָפּצושטעלען אויף קיין מינוט.

— אין וואָס איז בעשטאנען מאשא באשעוויטש׳עס ארבייט האָט, א חוץ איהר פּארטיע, אי דאָס די גאנץ נאָהענטע, קיינער נישט געוואוסט און נישט געדארפט וויסען — קאָנספּיראציע... נאָר פּאָליציע האָט דוקא געוואוסט, געוואוסט אלע איהרע שטיקלעך אר־בייט, וואָס זי האָט אָפּגעטהאָן, און געזוכט זי מיט ליכט און נישט געקאָנט געפינען. — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — —

נאָר איינער האָט זיך אונטערגענומען זי אויסזוכען. דאָס איז געווען אַ בעריהמטער שפּיק מיט'ן נאָמען יאַשקאַ וואָראָנאַ.

## קאַפּיטאַל ד.

## יאַשקאַ וואָראָנאַ.

אין די פּאַפּיערען שטעהט ער פערשריבען „יאַקאָוו וולאַדימיראָוויטש וואָראָנין, צוויי און דרייסיג יאָהר אַלט". דער אמת'ער נאָמען זיינער איז: „יענקעל וואָרענער", פון אַ קליין שטעדטעל אין גראָדנער גובערניע. זיין ביאָגראַפיע איז אינטערעסאַנט, און מיר געבען זי איבער אַזוי קורץ, ווי ווייט ס'איז נאָר מעגליך.

...דער פאָטער אַ מלמד... די מוטער אַ בעקערין... ביז פינף יאָהר געליטען הונגער... פון פינף יאָהר געהאָלפען ברענגען די קינדער עסען אין חדר אריין, פערדיענט אַ גראָשען, געקויפט ביי דער מוטער אַ בייגעל אויף אָנבייסען... פורים געטראָגען שלח־מנות... זומער געגאַנגען באָרוויס ביז דרייצעהן יאָהר... נאָך דער בר־מצוה נישט געוואָלט דאַווענען... געשלאָגען פונ'ם פאָטער, צעבראָכען אַ האַנד... אַנטלאָפען קיין גראָדנאַ... געשלאָפען אין דרויסען... געלערענט פון אַ משוגענעם רוסיש און מאַטעמאַטיק... גע'גנב'עט אַ גמרא אין שוהל, פערזעצט פאַר אַ האַלבען ברויט... אַנטלאָפען קיין מיר אין דער ישיבה... זיך פערשטעלט פאַר אַ פרומען, געדאַווענט פון פריה ביז נאַכט... געגעסען טעג... גע'גנב'עט שטיקלעך בולקע פונ'ם טיש... שבת געהאַפט מיט אַ פּאַפּיראָס אין בית־הכסא... געשלאָגען... אַנטלאָפען קיין ביאַליסטאָק... געוואָרען אַ לעהרער... גענומען אַ גילדען אַ וואָך פאַר צוויי שעה אין טאָג... געהונגערט... געוואָרען אַ חתן פאַר אַ מיידעל, טויב ווי די וואַנד... גענומען פינף און פופציג רובל נדן... געקויפט אַ פּאָר שטיוועל (דאָס ערשטע נייע פּאָר שטיוועלן)... אַנטלאָפען קיין ווילנאַ... אָפּגעגעבען עקזאַמען אויף זעכס קלאַסען... זיך בעקאַנט מיט בונדיסטען... געשריבען דראַמעס אין זשאַרגאָן...

געטראָגען פערקויפען צו א פערלעגער... פאַרגעלעגט א פרייז אויף
דער וואָג: צוויי גילדען א פונט... די דראַמעס צעריסען, אָנגע־
שריבען א סאַטירע אויפ׳ן פערלעגער... בעוויזען פאַר די חברים...
אלע געווען ענטציקט... אוועקגעשיקט אין א אידיש בלאַט... פאַר־
פאַלען ווי אין וואַסער... זיך פערליעבט אין א מיידעל... מיאוס ענט־
זאָגט... זיך געוואָלט טרינקען אין ווילייקאַ... בעקומען א ידיעה, אַז
דער פאָטער איז טוידט, די מוטער הונגערט... זיך געגעבען דאָס
וואָרט אויסשטודירען אַדוואָקאַט... אריין אין אַפּטייק... אָפּגעווען
צוויי יאָהר... געשיקט דער מוטער געלד, א רובעל א וואָך... אויף יום־
טוב צוויי רובעל... דער אַפּטייקער זיך געטשעפּעטעפּ, אַז ער טיילט
אָרעמע מיידלעך פּאַרפומען אומזיסט... א אינטריגע פונ׳ם אַפּטיי־
קער׳ס פרוי... אנטלאָפען קיין פעטערבורג... געוואָלט שטודירען
מעדיצין... שטאַרק געהונגערט... געוואָלט דערשלאָגען זיך צום באַ־
ראָן גינזבורג... אויסגעשטאַנען שטונדענלאַנג אויפ׳ן פראָסט... גע־
צויגען די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציע... אַרעסטירט... גע־
וואָלט ארויסשיקען מיט׳ן עטאַפּ קיין גראָדנאַ... זיך גע׳שמד׳ט...
פערלאָרען די האָפנונג אופ׳ן באַראָן גינזבורג... דער מוטער קיין
געלד נישט געקאָנט מעהר שיקען... אליין אויך געהונגערט... זיך
געשטעלט אין אַרסענאַל פאַר איין אַרבייטער... געהערט לעקציעס
אין אוניווערזיטעט... זיך געריבען אוף אלע פערזאַמלונגען... זיך
געקענט מיט אלע סטודענטען און אַרבייטער... די שמד פערבאָר־
גען... געווען פערמישט אין א סקאַנדאַל מיט דינאַמיט... שיער נים
בעקאַנט זיך מיט סיביר... געגאַנגען אויף קאָמפּראָמיס... אויסגע־
געבען א פּאָר חברים, גיך בעפרייט געוואָרען... געוואָלט הענגען
זיך... בעקומען איין איינלאַדונג, פאַרגעלעגט א שטעלע אלס
שפּיאָן... מיט פרייד דערזעהען דעם ערשטען הונדערטער... זיך
פערליעבט אין א גוי׳ע א וועשערין... חתונה געהאַט... האָט צוויי
קינדער... דיענט געטריי... נאַטשאַלסטווע העכסט צופריעדען...
געקויפט איין אייגען הייזעל... געהט אלע מאָל העכער... ביי איי־
ניגע אַרבייטער פערדאַכטעט... בעקומען א גרוס פונ׳ם מלאך־

המות... היט זיך די ביינער... געהאט די עהרע אַ פּאָר מאָל צו ראַ־פּאָרטירען פערזענליך פאר א הויכען נאַטשאַלניק... בעקומען א קאָמאַנדיראָווקע קיין ווארשאַ... אויסגעפילט זיין מיסיאָן אויפ'ן בעסטען אַרט... בעקומען אַ שענע מתנה מיט אַ שטענדיגען פּאָס־טען אין פּעטערבורג... וואָלט געקאָנט זיין פאָלשטענדיג צופריע־דען, ווען די ארבייטער זאָלען ניט שרעקען מיט'ן טוידט...

עד כאן ביאָגראַפיע פון יאַשקאַ וואָראָנאַ.

* * *

יאַשקאַ וואָראָנאַ האָט געמוזט מודה זיין, אַז אַזאַ שווער שטי־קעל ארבייט, ווי די דאָזיגע פערבאָרגענע „מאַשאַ" האָט איהם פערגעבען, האָט ער נאָך נישט געהאַט קיינמאָל, און אַז ער וועט זי האָבען צו געדענקען ווייל ער וועט לעבען! אַ חשד האָט ער געהאַט אויף אַ מיידעל מיט קורצע האָר, וואָס איז געגאַנגען איין־מאָל פון אַ פערזאַמלונג מיט אַ גאַנצער חאַליאַסטרע, שוין שפּעט אין דער נאַכט איז דאָס געוועזען, זיך אָפּגעשטעלט אַלע ווײַלע און דיסקוטירט (ס'איז געווען אין יענע גליקליכע טעג, ווען דריי מענשען האָבען נאָך געקאָנט אין גאַס רעדען פראַנק און פריי). אָפּ־געזעגענט זיך מיט דער חאַליאַסטרע, האָט דאָס דאָזיגע מיידעל גע־נומען אַ דראָזשקע און געהייסען זיך פיהרען אויף איינע פון די פינסטערע געסלעך פון דער גרויסער שטאָדט פּעטערבורג. זעלבסט־פערשטענדליך, אַז יאַשאַ האָט באַלד אויך גענומען אַ דראָזשקע און האָט זיך אויך געהייסען פיהרען אויף דער זעלבער גאַס, און אַז דאָס מיידעל האָט זיך אָפּגעשטעלט, צעצאָהלט זיך, אראָפּגע־קראָכען, אָנגעקלונגען און אריינגעגאַנגען אין הויף אריין, האָט אונ־זער אַגענט אָפּגעוואַרט אַ ווײַלע, אָנגעקלונגען צום דוואָרניק, אריינ־געגאַנגען אין הויף אריין, בעוויזען דעם דוואָרניק זיין אַגענט־צייכען און געהייסען זיך ווייזען די ביכער, וואו עס ווערען אריינגעשריבען אַלע די, וואָס וואָהנען דאָ אין הויף. יאַשקאַ האָט דורכגעבלעטערט אַלע ביכער עטליכע מאָל הין און צוריק און אָפּ־

געשטעלט זיך אויפ'ן נאָמען מ ר י ם נ י ט ע ל ב א ש ע-ו ו י ט ש . . . וואָהנט ביי א אָרשער מעשטשאַנין משה מאַלקין...

— אַ???? מאַלקין?... א קענטליכער נאָמען... ביי איהם וועל איך שוין עפּים אויסגעפינען...

## קאַפּיטעל ה.

## ד י ק ל י נ ע ק אָ מ ו נ ע.

מאַלקין איז געווען בעקאַנט דער פּאָליציע שוין פון לאַנג — דורך זיין חלאַפּאָטשען וועגען פּראַוואָזשיטעלסטוואָ און דורך זיי-נע אָפּטע פּראָשעניעס מיט זיין דולען א קאָפּ. עס האָט נישט גע-האָלפען קיין זאַך, קיין אַרעסטירען, קיין ארויסשיקען מיט'ן עטאַפּ — מאַלקין האָט זיך איינגעשפּאַרט איין מאָל פאַר אַלע מאָל: אָרשע איז פאַר איהם צו קליין, ער וויל זיין א פּעטערבורגער — און ער האָט אויסגעפיהרט. ער האָט געבראַכט צו פיהרען פון אָר-שע איין „אַטעסטאַט" פון א בעל־מלאכה (א שוהוואַכסמאַכער) און האָט זיך בעזעצט אין פּעטערבורג.

צוויי כחות האָבען געאַרבייט פאַר מאַלקינען, ער זאָל ווערען א פּעטערבורגער תושב: איין כח האָט איהם געטריבען פון אָרשע, ווייל אין אָרשע איז ניטאָ וואָס צו טהון. דער אַנדערער כח האָט איהם געצויגען קיין פּעטערבורג, ווייל אין פּעטערבורג, האָט ער געהערט, ווערען אידען רייך, אונגעהייער רייך. פון דער מלחמה (דאָס איז געווען אין דער מלחמה־צייט מיט יאַפּאַן). מאַלקין האָט אָבער אַביסעל פערשפּעטיגט. איבער דעם חלאַפּאָטשען וועגען פּראַוואָזשיטעלסטווא און איבער'ן געהן מיט'ן עטאַפּ האָט ער דורכ-געלאָזט די סאַמע בעסטע, די גאָלדענע צייט, און איז אָנגעקומען קיין פּעטערבורג דעמאָלט, ווען מע האָט שוין גאַר אָנגעהויבען שמועסען וועגען שלום — און אונזער שוהוואַכסמאַכער האָט זיך אומזיסט אויסגעפּראַכט, און ער וואָלט געשטאָרבען פון הונגער, ווען זיין ווייב זאָל איהם ניט קומען צו הילף מיט איהר קאָנען

גוט קאָכעז פיש און באַקעז חלה. ער האָט געעפענט א וואָלוועלע קיך מיט בעטלעך פאַר ניט קיין רייכע לייט און אויסגעהאַנגען א צעטעל — און עס האָט איהם מצליח געווען: אין גאָר א קורצע צייט איז מען געוואוירע געוואָרען איש מפי איש, אז ביי מאַלקינען עסט מען געשמאַקע פיש מיט פרישע חלה אַלע טאָג, און נישט טייער — און מאַלקינ׳ס קוואַרטיר, וואָס איז געווען אונטער׳ן סאַמע הימעל, אויפ׳ן אויבערשטען עטאַזש, איז גיך געוואָרען בעזעצט דורך שטענ־דיגע קוואַרטיראַנטען, יונגע מענשען פון פערשיעדענע פּראָפעסיעס, אָדער, בעסער געזאָגט, מענשען אָהן פּראָפעסיעס, דאָס, וואָס מע רופט אָן „אינטעליגענטע פּראָלעטאַריערס“, אזעלכע מענשען, וואָס וואָלטען א בעלן געווען עפּיס טהון, ארבייטען, האָרעווען, אבי פער־דיענען זיך דאָס שטיקעל ברויט. ניט צוליעב געלד חלילה, נאָר אום צו דערהאַלטען די נשמה, בכדי מע זאָל קאָנען פאָרטזעצען די גרויסע ארבייט פון דער הייליגער אידעע, וועלכע האָט זיי אַלע צענויפגעקליובען דאָ, אונטער׳ן סאַמע הימעל, ביי מאַלקין דעם שוהוואַכסמאַכער...

ואלה שמות — אָט דאָס זענען די נעמען פון די קוואַרטיראַנ־טען, וואָס ביי מאַלקינען אונטער׳ן הימעל.

מ א י ר  פ ר י ד ע ל — צוויי און צוואַנציג יאָהר, א בונדיסט. געלערענט אין דריי גימנאַזיעס, ניט געענדיגט איינע אפילו, איבער מאַטעמאַטיק. ווייל מאַטעמאַטיק איז א בורזשואַזנע חכמה. צע־קריעגט מיט די עלטערען. אַנטלאָפען קיין פעטערבורג, זיך פער־שריבען פאַר א זעצער אין דרוק, אריין אין אוניווערזיטעט. ניעדע־ריגע וואוכס, שווארץ, געשטופּעלט, א ניעדעריגע ראיה.

ח י י ם  ב ר ו י ד א — פיער און דרייסיג יאָהר. געווען א מלמד. אליין זיך אויסגעלערענט שפּראַך. פיעל געלעזען. א גע־פעהרליכער אַנטי־ציוניסט און אַנטי־נאַציאָנאַליסט. לייענט שטי־לערהייד דעם „השלח“... פערשריבען פאַר א שניידער. פון וואָס ער לעבט וויים נאָר גאָט און ער... א הויכער, א דינער, רעדט הייזעריג, דאַכט זיך, א קאַנדידאַט אויף טשאַחאָטקע, און אפשר ניט...

מ י ש א  ב ע ר ע ז נ י א ק (דער אמת׳ער נאָמען זיינער איז משה פידלער) — קרוב צו פערציג. איין אנטלאָפענער פון סיביר. געענדיגט צוויי פאַקולטעטען. אַ זעלטענער גבור. אַז ער רעדט, הודעט ער. שטאַרק געזוכט פון פּאָליציע. לעבט פון דעם, וואָס ער זינגט אַלע זונטאג אין „כאָר". שווער צו דערקענען אין איהם אַ אידען. גרויס, בעוואַכסען, זעהט אויס ווי אַ דיאַק. אַ וויל־דער בעל כעסן.

נ י ם ע ל  א ו ו ר ו ט י ם — אַ יונגעל פון נייענצעהן יאָהר. נישט געלערענט אין ערגיץ. זעלטענע פעהיגקייטען. שרייבט שירים אין די בעסטע רוסישע צייטונגען, חתמ׳עט זיך „קאַליברי". אַ פייערינגער אַנאַרכיסט. פערשריבען אַ פאַרבער. ווייס ווי אַ מיידעל, פּוכקע בעקלעך.

ע ט ק ע  ו ו י י ר א ך — פיער און צוואַנציג יאָהר. אַ ליט־וויטשקע פון באָברויסק. פערשריבען פאַריקמאַכערין. געענדיגט גימנאַזיע. שטודירט אויף דאַנטיסטין. לעבט פון קלעפּען קאָ־ראָבקעס. שוואַרץ, נאָר חנ׳עוודיג. אויגען — פייער.

ח ו ה  ו ו א ה ל — איין און צוואַנציג יאָהר. שטאַמט פון גרויסען יחוס: דער פאָטער בעריהמט זיך, אַז ער קומט אַרויס פון׳ם אידישען־פּוילישען קעניג שאול וואהל. אַוועקגעוואָרפען אַ חתן אַ גביר. זיך אויסגעלערענט מאַססאַזש. פערשריבען היטעל־מאַכערין. אַ מסוכנ׳ע רעוואָלוציאָנערקע. ניט קיין שענע.

מ אַ ש אַ  ב אַ ש ע ו י ט ש — קענען מיר.

אַצינד וואָלט מען נאָך בעדאַרפט פאָרשטעלען אייך מאַלקינ׳ס דריי עלטערע בנים. „בנים", ניט „זיהן" — איז די משמעות, אַז דאָס זענען דריי הויכע געזונדע קלאָפּערס, מיט הויכע רגלים, מיט געזונדע ידים, וואָס קאָנען גוט ארבייטען און גוט אַכל׳ען; זיי האָבען איין אַפּעטיט, וואָס מיליאָנערען מעגען זיי מקנא זיין. אויף זיי קוקענדיג, עסט זיך גאָר אַנדערש. אַ כפרה זיבעצעהן יום־טוב׳־דינע סעודות מיט אַכצעהן חופה־וועטשערעס, מיט הונדערט ראַאו־טען, דינערס אין באַנקעטען פון פיעלפאַכע מיליאָנערען, פאַר איין

וועטשערע אין דער וואָכען ביי'ם שוהוואַכסמאַכער דאָרטען אין דער הויף, אונטער'ן סאַמע הימעל, ביי דעם אינטעליגענט־פּראָלע־טאַריש געזינדעל, — נישטאָ קיין צערעמאָניעס! נישטאָ קיין אויבען־אָן! מע זעצט זיך אַוועק און מע רעדט און מע עסט אַלע אינאיינעם, מיינס און דיינס און שותפות'דיג — אַ מין קאָמונע...

מיט דער צייט איז דאָ טאַקי געוואָרען אַ שטיקעל קאָמונע — אַ דאַנק דער נייער קוואַרטיראַנטקע מאַשאַ באַשעוויטש. אַז מאַשאַ באַשעוויטש איז געקומען צום ערשטען מאָל בעשטעלען זיך דאָ קוואַרטיר און קעסט, האָט זי זיך פון דער ערשטער מינוט אָן גע־פיהלט, אַז זי איז אין דערהיים. בעקענט זיך מיט דער גאַנצער קאָמפּאַניע און מיט אַלע פאַרשוינען ביי'ם נאָמען, האָט מאַשאַ אַראָפּגעוואָרפען פון זיך דאָס היטעלע מיט'ן מענטעלע, פער־קאַטשעט די אַרבעל און אַוועקגעשטעלט זיך העלפען דער פרוי מאַל־קין וואַשען דאָס געפעס. מאַלקין אַליין האָט זיך אפילו געפּרובט פּראָטעסטירען, האָט איהם מאַשאַ אָפּגעשניטען:

— עס איז ניט אייער עסק! קוים האָב איך צייט, דאַרף איך אייך העלפען; וועל א י ך קיין צייט ניט האָבען, וועט איהר מיר העלפען... אָט, למשל, האָט זיך ביי מיר צעריסען אַ שוך, איהר זעהט? זייט זיך מטריח, הערר מאַלקין, נאַט אייך מיין שוך און טראָגט איהם אריין צום שוסטער, איך האָב געזעהען דאָ אין הויף ביי אייך אַ שוסטער; בעדינגט זיך מיט איהם, וואָס ער וועט וועלען פאַר דער רעפּעראַציע, און זייט מוחל טאַקי אין איין וועגס בעצאָהלט איהם דאָרטען, וואָרום איך בין היינט נישט ביי געלד...

שפּעטער מיט עטליכע מינוט האָט מאַשאַ דערהערט קאַוויר־טשען אַ קינד פון הינטער'ן אויוועז ארויס, האָט זי זיך אָנגערופען צו דער פרוי מאַלקין:

— דאָס איז אייערס? אַנו, ווייזט נאָר אַהער אייער וויי־נענדיג בעשעפעני שעל, וועלען מיר זעהען, וואָס געהט דעם אָפּ?...—

און מאַשאַ האָט גענומען דאָס קינד צו זיך אויף די הענד, איהם אַ נאָמען געגעבען „פּעמפּעק“, געדרעהט און געטרייסעלט און גע־

טאנצט מיט דעם, אזוי לאנג, ביז דאָס וויינענדיגע בעשעפעניש־על אָדער פּעמפּעק האָט ארויסגעשטעלט אַ רויט צינגעל מיט זעכס נאָר־וואָס אויסגעשניטענע צייהנדלעך און האָט זיך פערגאנגען פון גע־לעכטער.

— וואָס זיצט איהר, ווי די כלות, צענויפגעלעגט די הענד? — האָט זיך מאשא צעשריען אויף די צוויי קווארטיראנטקעס, די מייד־לעך, וואָס שטודיערען איינע אויף דאנטיסטין, די צווייטע מאס־סאזש.

— וואָס זאָלען מיר טהון? — פרעגען די מיידלעך מיט אַ גע־לעכטער.

— וואָס זאָלט איהר טהון? — ענטפערט זיי מאשא. — חאפּט איין אויטאָמאָביל און פאָהרט זיך דורך אביסעל איבער „ניעווּ־סקי"!... אָט ליגט אַ בעזעם, נעמט מען און מע פערקעהרט די די שטוב.

עס פערשטעהט זיך, אז דעם ערשטען אויפדערנאכט, צו דער ערשטער וועטשערע, האָבען זיך אַלע געוואָלט אויספיינען פאר מא־שא באשעוויטש, איטליכער מיט זיין פריידענקען און מיט זיין שען רעדען, און מע האָט פערבונדען אַ דיסקוסיע איבער אַ פּרינציפּיעלע עקאָנאָמישע פראגע, און עס האָבען זיך אַ גאַס געטהאָן ווערטער: „קארל מארקס... לאסאל... פּראָלעטאריאט... קויטסקי... קלאסענ־קאמפף"...

— שאַט, קינדערלעך! — האָט אויסגעשריען מאשא באשע־וויטש און האָט זיך פערשטעלט די אויהערען. — ווילט איהר פיהרען אַ דעבאַטע ניט ווי געניז, נאָר ווי מענשען, דארפט איהר דאָס מאַ־כען פארלאמענטאריש, אויסוועהלען אַ פּרעזידענט, זיך מעלדען צום וואָרט. היינטיגס מאָל בין איך אייער פּרעזידענט... הערר בערעז־ניאק, איהר האָט דאָס וואָרט!...

און אָט אַזוי איז דאָס במילא געוואָרען ביי מאַלקינען אַ קליי־נע קאָמונע, און איהר פיהרערין איז געווען מאשא באשעוויטש.

## קאפיטעל ו.

## געשאָסען דעם פויגעל און ניט געטראָפען.

עס איז נאָך נישט געווען רעכט נאכט, עס זענען נאָך נישט אַלע גאסען געווען בעלייכט, אַז די קליינע קאָמונע, וואָס געפינט זיך הויך אונטער'ן דאַך, ביי מַאלקינען אין וואָהנונג, האָט זיך אָנגעהויבען איינציגווייז צענויפגעהן און איבערגעבען איינס דעם אַנדערען די פּאַסירונגען פונ'ם טאָג. איטליכער פון זיי האָט געהאַט פּעק מיט נייעם צו דערצעהלען: דער פון אַ געהיימער פערזאַמלונג, דער פון איין איבערפּאַל איבער ארבייטער, דער פון אַ נייעם שטרייק, וואָס ווערד געפּלאַנט, און איטליכער האָט געוואָלט, מע זאָל איהם אויסהערען פריהער. האָט זיך אריינגעמישט דער בעל-הבית, מאַלקין אַליין, און האָט זיך אָנגערופען צו דער חברה בזו הלשון:

— ווייסט איהר, וואָס איך וועל אייך זאָגען, קינדער? אָט הערט מיך אויס, וועל איך אייך דערצעהלען אַ שענס. ערשטענס, בין איך עלטער פון אייך, — פון דעם, וואָס איך בין דאָ בעל-הבית, רעד איך שוין ניט, ביי אייך שפּיעלט דאָס וואָרט „בעל-הבית" אַ קנאַפּע ראָלע, — און צווייטענס, זאָג איך אייך צו, אַז איהר וועט לאַכען.

— אויב לאַכען, זענט איהר פאַרהאַנד, הערר מַאלקין, איהר האָט דאָס וואָרט!

זעלבסטפערשטענדליך, אַז די ווערטער געהערען צום שטענדיגען פּרעזידענט פון דער קאָמונע, צו מאַשאַ באַשעוויטש, וואָס איז די גאַנצע צייט געזעסען פערטראַכט, צערודערט, געפּויקט מיט די פינגער איבער'ן טיש — אַ סימן, אַז זי איז ניט אויפגעלעגט... און דער בעל-הבית מאַלקין הויבט אָן צו דערצעהלען זיין מעשה:

— אין דערפריה, אַז איהר אַלע זענט זיך צעגאַנגען ווי זאַלץ אין וואַסער, און איך בין געבליבען איינער אַליין מיט אָט דעם קליינעם פּעמפּעק (ער ווייזט אויפ'ן מיזיניקעל, וואָס זיצט ביי דער מאַססאַזשיסטקע אויף די הענד און רייסט זי ביי דער נאָז), עפּעס

זיך אויף די טהיר און עס קומט אריין צו מיר א פאקענטרעגער מיט ביכלעך און זעצט זיך אוועק מיט מיר פלאפלען, און דער קליינער פעמפעק לאזט ניט אויסרעדען א ווארט, ווי זיין שטייגער איז. בקיצור, היסטאריעס, מעשיות, געשיכטען, עס לאזט זיך אויס, אז ער איז א חברה־מאן, און נאך א פארברענטער דערצו, פארקויפט טרפה ביכלעך און האקט מיר אריין בשעת מעשה א גאלקע, אז די מאשא, וואס האט זיך ארייננגעהאפט אין די טיפאגראפיעס און האט אפגעדרוקט די פראקלאמאציעס, איז דאס זיין טאכטער... נו? האב איך אייך געזאגט, אז איהר וועט לאכען?

— נו? וואס־זשע האט א י ה ר געזאגט? — פרעגט איהם מאשא באשעוויטש.

— וואס זאל איך איהם זאגען? — מאכט מאלקין. — איך האב איהם געזאגט, אז ער איז מחילה א גרויסער שקרן. האט ער געוואלט מיך איבערשפארען און איינרעדען, אז ס'איז פארט זיין טאכטער'ס ארבייט, האט דאס מיך שוין אונטערגעטראגען, האב איך איהם אויסגע'בטל'ט אלע בייזע חלומות און האב איהם מגלה געווען דעם סוד, אז די מאשא איז גאר איין אנדער מאשא, און אז איך קען זי, און אז זי וואהנט דא טאקי ביי מיר אין שטוב...

גלייך ווי א בייזע פליעג האט איהר דערלאנגט א ביס, אזוי האט זיך מאשא באשעוויטש אויפגעהאפט! געגעבען א פליעסק מיט די הענד און אויסגערופען צו מאלקינען:

— וואס האט איהר געטהאן? איהר זענט דאך א יונגעל, איין אלט יונגעל און א נאריש יונגעל! ווער האט אייך געבעטען, איהר זאלט פלאפלען מיט דער צונג? אך, מאלקין! מאלקין!...

און מאשא באשעוויטש האט גענומען לויפען איבער'ן שטוב, פייערען און ווארפען זיך, און אכקען און אייקען און ברעכען די הענד. די גאנצע קאמונע און מאלקין אליין האבען זיך פשוט דערשראקען פאר איהר; זיינט זיי קענען זיך מיט מאשא באשעוויטש האבען זיי זי נאך נישט געזעהען אזוי אויפגערעגט און צעטראגען, ווי אצינד. עס האט נישט געהאלפען קיין בערוהיגען, קיין

אויסרעדען דאָס האַרץ. מאשא באשעוויטש האָט זיך נישט גע־לאָזט איבעררעדען. און אויף מאַלקינען האָט זי געפייערט, גע־שוועבעלט.

— וואָס פאַר א רעכט האָט איהר געהאַט אַרויסצוגעבען פאַר א ווילד־פרעמדען מענשען, וואָס איהר קענט איהם ניט און ווייסט איהם ניט, אזעלכע זאַכען, וואָס געהערען זיך מיט אייך ניט אָן? איך בין איבערצייגט, אז דאָס איז א חברה־מאַן פון דעם גוטען אָרט... אונזער דוואָרניק האָט מיר עפּיס געפּלעטשעט היינט אין דער פריה, אז נעכטען ביי נאַכט, נאָך מיין קומען אהיים, איז דאָ געווען עפּיס א נפש און האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף עמיצען, ער ווייסט ניט, צי אויף מיר, צי אויף איין אַנדער באַרישני... ווייסט איהר, קינדער, וואָס איך וועל אייך זאָגען? איך פאָהר אַריבער אויף איין אַנדער קוואַרטיר, און טאַקי באַלד, קינדער! פּרובט נישט מיך איבעררעדען, וואַרפט אַוועק אַלע אייערע גרימאַסען מיט די טרויעריגע רעדעלעך. העלפט מיר בעסער צענויפנעמען מיין „באַ־גאַזש", און זאָל איינער פון אייך זיך מטריח זיין צום דוואָרניק מיך אויסשרייבען פון די ביכער, אז איך בין אַרויסגעפאָהרען פון פּעטערבורג אין ווילנא... אויב זיי וועלען מיך וועלען זוכען, זאָלען זיי זיך חאַטש דרעהען דעם קאָפּ... זייט געזונד, קינדער, אין א פּאָר טעג אַרום וועט איהר האָבען פון מיר א ידיעה... זיי געזונד, קליינער פּעמפּעק, געב אָהער די אויסגעשמירטע מאָרדע דיינע, איך ווינש, דו זאָלסט וואַכסען און זיין חאַטש א ביסעלע קליגער פון דיין טאַטען... אַדיע!

איין אייגענע שוועסטער דאַרף מען אַזוי וואַרעם ניט אַרויס־בעגלייטען, ווי וואַרעם די קליינע קאָמונע האָט אַרויסבעגלייט איהר פּרעזידענט מאשא באשעוויטש. אַלע זענען געווען גערירט, דער־שלאָגען פון אַזא אונערוואַרטעטען סוף. די מאַדאַם מאַלקין האָט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטען און האָט זיך צעוויינט. און די צוויי מיידלעך, די קוואַרטיראַנטקעס, די דאַנטיסטין מיט דער מאַססאַ־זשיסטין, האָבען זיך צוגעגרייט געהן בעגלייטען זי, האָט אָבער

מאשא געפּראָטעסטירט קעגען דעם, און אַז זי האָט שוין געהאַל־
טען אויף יענער זייט טהיר, האָט זי זיך אומגעקעהרט צו דער
קאָמונע מיט׳ן פּנים און האָט צו זיי אַזוי געזאָגט:

— וואָס נאָך, קינדער, האָב איך אייך פערגעסען זאָגען? יאָ,
טאָמער דערהערט איהר, אַ קשיא אויף אַ מעשה, אַז מע האָט מיך
געפּאַקט, זאָלט איהר זיך ניט דערוועגען קיינער פון אייך געהן צו
מיר צו גאַסט, און פאָלגט מיך, אין אויוועך הייצט זיך, זייט מבער
חמץ, זוכט אויס, ווען איהר האָט ערגיץ אַ בריוועל, אַ שטיקעל פּאַ־
פּיער, אַ פּראָקלאַמאַציע, אַ ביכעל, און פערברענט דאָס געזונדער־
הייד, און ווער עס פיהלט, אַז ער דאַרף ניט זיין דאָ, זאָל ער בע־
צייטענס בעסער זיך אָפּטראָגען... זייט געזונד אַלע! זיי געזונד,
קליינער פּעמפּעק! נאָך דיר וועל איך בענקען...

זעלבסטפערשטענדליך, אַז תיכף נאָך מאַשאַ׳ס אוועקגעהן האָט
איבער דעם זיך פערבונדען אַ הייסע דעבאַטע צווישען די מיטגליע־
דער פון דער קאָמונע. אייניגע האָבען שאַרף קריטיקירט מאַשאַ׳ס
אנטלויפען און מאַשאַ׳ס בעהאַלטען זיך; אייניגע האָבען זי פער־
ענטפערט און האָבען זיך גענומען צו דער אַרבייט: ברענען בריעף
און ביכלעך, און מאַלקינ׳ס בנים האָבען געהאָלפען. די פרוי מאַלקין
האָט הנאה געטהאָן, וואָס מע האָט פערשפּאָרט האָלץ, און דער
קליינער פּעמפּעק האָט געקוועלט, ניט אָראָפּגעלאָזט קיין אויג פונ׳ם
פייער, געמיינט, אַז דאָס ברענט מען פון זיין כבוד וועגען...

* * *

דאָס פייער אין אויווען האָט שוין לאַנג אויסגעלאָשען, די אַש
פון די פערברענטע פּאַפּיערען האָט די פרוי מאַלקין שוין לאַנג פער־
שאַרט, און די איבערגעבליבענע מיטגליעדער פון דער קאָמונע זע־
נען זיך צעגאַנגען איטליכער אין זיין ווינקעל אָפּצורוהען פון דער
אַרבייט און זאָרג פון דעם גאַנצען טאָג. נאָר איין מאַלקין מיט׳ן
ווייב זענען געזעסען אינצווייען נעבען דעם קליינעם פּעמפּעקס
וויעגעלע און געבראָכען זיך דעם קאָפּ, וואו וועלען זיי נעמען מאָרגען

אין מארק אריין? דער מאַן האָט געפרעגט ביי'ם ווייב, דאָס ווייב האָט געפרעגט ביי'ם מאַן: וואו נעמט מען געלד? „נישט גוט!"— האָט געזאָגט מאַלקין. „נישט גוט!" — האָט צוגעבאַמקעט פרוי מאַלקין... און סאַמע אין דער מינוט הערט זיך אַ קלאַפּ אין טהיר, און נאָך אַ קלאַפּ, און נאָך אַ קלאַפּ, וואָס אַ מאָל שטאַרקער און שטאַרקער.

— ווער איז דאָרט? — פרעגט מאַלקין.

— היימישע! — ענטפערט אַ קול פון יענער זייט טהיר.

— וואָס רעכענסט דו, זאָל דאָס זיין, איין אָבלאַווע? — פרעגט מאַלקין ביי זיין ווייב און קאָן זיך ניט דערוואַרטען אויף איהר תשובה, וואָרום איידער די פרוי מאַלקין עפענט אויף דאָס מויל צו ענטפערען, טהוט אַ טרעשטשע די טהיר און עס קומען אריין געסט: אַ פּריסטאַוו מיט נאָך אַ פּריסטאַוו, עטליכע פּאָליציסטען און זשאַנדאַרמען, צווישען זיי איינער איין אָפיציער. פאַר גרויס אימפּעט האָט זיך מאַלקין צוגעזעצט צום טיש, און די פרוי מאַלקין איז צוגעגאַנגען צו פּעמפּעק'ס וויעגעלע.

— זדראַווסטוואוי, גאָלובטשיק! — אַזוי האָט אויסגערופען צו מאַלקינען דער פּריסטאַוו, וואָס האָט איהם ניט איין מאָל געזעהען ביי זיך אין אוטשאַסטאָק. — וואָס זשע מאַכסט דו עפּיס, מיין טייערער? ווי געהט'ס דיר אין די געשעפטען?

מאַלקין איז געווען אַזוי איבערראַשט, אַז ער האָט נישט געקאָנט עפענען דאָס מויל... און די איבעריגע חברה, די פּאָליציסטען מיט די זשאַנדאַרמען מיט'ן אָפיציער און מיט'ן צווייטען פּריסטאַוו, האָבען דערווייל געטהאָן זייער אַרבייט: זיי האָבען אויפגעוועקט די גאַנצע קאָמונע, אַראָפּגעשלעפּט זיי מחילה פון די בעטלעך — איך בעט איבער אייער כבוד — האַלב־נאַקעט, צוגעשטעלט צו יעדען אַ סאָלדאַט, און עס האָט זיך אָנגעהויבען איין אונטערזוכונג.

— מאַשאַ באַשעוויטש! — האָט אויסגערופען דער זשאַנדאַרמסקי אָפיציער, נאָך גאָר אַ יונגערמאַנטשיק, בלוט און מילך,

מיט צוויי שענע געקרייזעלטע קאָטלעטלעך אויף די באַקען אַ לאַ פּושקין. — וועלכע פֿון אייך איז דאָ מאַשאַ באַשעוויטש?

— מאַשאַ באַשעוויטש איז ניטאָ, — האָט זיך איינגעשטעלט מאַלקין ארויסרעדען די ערשטע דריי ווערטער.

— וואָס הייסט, זי איז ניטאָ?

— ארויסגעפאָהרען.

אז עמיצער זאָל געווען ווארפען אַ באָמבע, וואָלט זי נישט בעדאַרפט האָבען קיין שענערען עפעקט און וואָלט נישט געקאָנט זיין מעהר איבערראַשען, ווי עס האָט זיי איבערראַשט די ידיעה, אז די, צוליעב וועלכע זיי זענען געקומען אהער אויף זיכער, איז נישטאָ.

— ארויסגעפלויגען אייער פויגעלע! — האָט זיך מיט אַ ביטער שמייכעלע אָנגערופען דער זשאַנדאַרמסקי אָפיציער מיט די קאָטלעטען אַ לאַ פּושקין צו איינעם אַ פּאַרשוין, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טהיר גאַנץ אונבעמערקט, אָנגעטהאָן אין איין אויבערראָק פון אַזאַ קאָליר, וואָס איז שווער צו זאָגען, צי איז דאָס גרוי, צי איז דאָס געל, צי איז דאָס געלבליך; גיכער קאָן מען זאָגען, אז עס איז אַלע דריי קאָלירען צוזאַמען. די גאַנצע צייט איז דער אונבעמערקטער פּאַרשוין אינ׳ם דרייקאָלירענדיגען אויבערראָק געשטאַנען, ווי אַ מענש אַ זייטיגער, ווי איינער, וואָס מע וואָלט איהם אריינגערופען פאַר איין עדות. דערהערט אָבער, אַז מאַשאַ באַשעווימש איז נישטאָ, האָט דער פּאַרשוין מיט אַ מאָל אויפגעלעבט, צוגעגאַנגען צום טיש, אַ וואָרף געטהאָן מיט די אַש־קאָלירענדיגע ברילען אויף אַלע זייטען, דאָס פּנים איז איהם געוואָרען טוידט, די הענד האָבען געציטערט. ער איז צוגעגאַנגען צו מאַלקינ׳ען גאַנץ נאָהענט, אריינגעקוקט איהם טיעף אין די אויגען אריין און מיט אַ שטילער, נאָר ענערגישער שטימע האָט ער צו איהם אַ זאָג געטהאָן אויף אידיש:

— מאַלקין! וואו איז מאַשאַ באַשעוויטש?... איך וויים, אז איהר ווייסט... עס וועט זיין געזינטער פאַר אייך אַלעמען, אז איהר וועט זאָגען דעם אמת...

מאַלקין האָט דערקענט דעם אינדערפריהיגען גאַסט, דעם פּאַ־קענטרעגער.

דאָס איז געווען יאַשקאַ וואָראָנאַ.

קאַפּיטעל ז.

## מאַשאַ זוכט אַ טעריטאָריע.

אַז מאַשאַ באַשעוויטש האָט זיך אָפּגעזעגענט מיט דער „קליי־נער קאָמונע", וואָס ביי מאַלקינען אונטער'ן הימעל, האָט זי גע־נומען איהר „באַגאַזש", אַ טשאַכאָטעטשנעם טשעמאָדאַנטשיקעל, איבערגעבונדען מיט אַ שטריקעל, געחאַפּט אַ דראָזשקע און געהיי־סען זיך פיהרען אויף איינע פון די ווייטע גאַסען פון דעם גרויסען צעוואָרפענעם פּעטערבורג. מחמת דער וועג איז געווען אַביסעל וויטליך, האָט זיך מאַשאַ אריינגעלאָזט אין אַ שמועס, ווי איהר שטייגער איז, מיט'ן איזוואָזטשיק, אַ געזונדען אָרלאָווסקען מוזשיק מיט אַ פּנים פון אַ בער, און איז געוואָהר געוואָרען פון איהם, אַז ער האָט אין אָרלאָווער גובערניע אַ שטיקעל ערד, וואָס עס קלעקט איהם ניט אויף טרוקען ברויט, מוז ער קוטשירען, און דאָס ווייב מוז וואַשען גרעט, און די קינדער... עך, די קינדער! דריי זיהן האָט ער מיט אַ טאָכטער, איז איינער, דער עלטערער, אַ זאַפּאַסנאָי, גע'הרג'עט געוואָרען אין מאַנדזשוריע, דער אַנדערער איז אַוועק ערשט היינטיגס יאָהר פאַר אַ סאָלדאַט...

— צו וואָס טויג דיר אַזוי פיעל סאָלדאַטען? — פרעגט איהם מאַשאַ. — שטעלסט־צו סאָלדאַטען צו דער רוסישער אַרמיע?

— וואָס־זשע זאָל מען טהון? — ענטפערט איהר דער איז־וואָזטשיק. — מע הייסט, דאַרף מען געבען.

דער איזוואָזטשיק דרעהט־אויס צו איהר זיין פּנים, קוקט זיך איין, ווער דאָס רעדט מיט איהם, טאָמער איז דאָס איין אונטער־געשיקטע. מאַשאַ'ס פּנים אָבער זאָגט, אַז זי איז ניט פון די אונ־טערגעשיקטע, און אויף דעם איזוואָזטשיק'ס פּנים בעווייזט זיך אַ

מין גרימאסע, וואָס מע מוז דאָס אָננעמען פֿאַר אַ שמייכעל, און ער צערעדט זיך מיט איהר, ניט איהר אָנצוהערעניש, אַז ער איז ניט אַזאַ פֿינסטערער פּאַרשוין, ווי זי מיינט, אַז ער ווייסט אויך וואָס סע טהוט זיך איצט אויף דער וועלט; ער אַליין טאַקי לייענט ניט קיין ביכלעך, מחמת ער קאָן ניט, נאָר אַנדערע לייענען איהם, סיל־וועסטער לייענט איהם און פערטייטשט איהם איטליכס וואָרט. ווער איז דער סילוועסטער? סילוועסטער איז איין ארבייטער פֿון איין אייזענפֿאַבריק, וואָהנט מיט איהם אויף איין פּלאַץ, שלאָפֿען ביידע אויף איין ערד. דערצעהלט איהם סילוועסטער, וואָס אויף די פֿאַב־ריקען טהוט זיך: מע גרייט זיך צו אַ שטרייק. אַפילו ער מיט זיין פּערדעל וועט מוזען שטרייקען אַזוי לאַנג, ביז דער פֿאָטער גאַפּאָן וועט הייסען.

— ווער איז דער גאַפּאָן? — פֿרעגט איהם מאַשאַ, אום צו איי־בערציינגען זיך, אויף וויפיעל איז דער איזוואָזטשיק אינפֿאָרמירט פֿון דעם, וואָס טהוט זיך אויף די פֿאַבריקען.

— דער פֿאָטער גאַפּאָן — גיט איהר דער איזוואָזטשיק צו פֿער־שטעהן אויף זיין שפּראַך — דאָס איז דער גלח, וואָס איז געשיקט געוואָרען צו מלחמה האַלטען מיט דער שוואַרצער קליפּה, מיט'ן אַנטיכריסט, וואָס האָט זיך ביי אונז אין לאַנד איינגעהאַפּט און וויל פֿון דאָרט נישט אַרויס. וויפיעל מע האָט איהם נישט אונטער־געריכערט מיט ווייראַך, וויפיעל תפלות מע האָט ניט אָוועקגעלעגט אויף איהם, מיט קללות, מיט תוכחות, מיט בעשווערונגען — ער ריהרט זיך ניט פֿון אָרט, אָט דער שוואַרצער כח, דער אַנטיכריסט, ס'זאָל אויף איהם קומען אַ חלירע!...

ביי די ווערטער דערלאַנגט ער דעם פּערדעל דאָס, וואָס ער וואָלט וועלען דערלאַנגען אַנטיכריסטען, און מאַשאַ וויל אַרויסבע־קומען פֿון דעם נפש, ער זאָל איהר געבען צו פֿערשטעהן, ווער איז, נאָך זיין מיינונג, דער אַנטיכריסט?

— ווייכט איהם דער רוח! — ענטפֿערט ער איהר. — איך מיין, אַז ער דאַרף שטאַמען פֿון אידען.

— וואָס עפּיס פון אידען? — פרעגט איהם מאשא ערשטוינט.

— פון וואנען דען, אז ניט פון אידען? — ענטפערט איהר דער פויער, ווי א בר־סמכא. — אלסדינג וואכסט פון אידען. און די מלחמה איז דען ניט פון אידען?

— פון וואנען ווייסט דו דאָס?

— איך ווייס ניט, איך מיין אזוי...

דאָ שטעהט־פאַר מאשא'ן א שווערע אויפגאבע: אויפקלערען דעם דאָזיגען נפש, ווער איז גאָפּאָן, און ווער איז אנטיכריסט, און וואָס זענען די אידען, און ווער האָט ארויסגערופען די מלחמה? א שווער שטיקעל ארבייט איז דאָס געווען! האקען האָלץ איז א סך גרינגער דערפון! און דאָך איז זי צופריעדען מיט איהר ארבייט, ווארום אז זיי זענען צוגעפאָהרען אהין, וואו זי האָט בעדאַרפט, און האָט זיך צעצאָהלט מיט'ן איזוואָזטשיק פאר די אַנדערהאַלבען שעה, וואָס זיי זענען געפאָהרען, האָט אויף זיין בעריש פּנים גע־שפּיעלט א ברייט לויטער שמייכעל, וואָס האָט געקאָנט זאָגען:

— אצינד איז פאר מיר אלץ ווי אויף א טעלער!...

* * *

צוגעפאָהרען צו א הויכען גרוי־געפארבטען מויער, האָט מאשא באשעוויטש אָנגעקלונגען אין טויער, און עס האָט זיך בעוויזען א דוואָרניק מיט א ווייסען פארטוך און מיט א ווייס בלעכעל אויפ'ן היטעל, און מאשא איז געוואָהר געוואָרען פון איהם א טרויעריגע בשורה, אז דער פארשוין, אויף וועלכען זי פרעגט זיך נאָך, איז ארעסטירט, און זי קאָן דאָ ניט בלייבען, מחמת דער בעל־הבית פונ'ם הויף האָט איהם אָנגעזאָגט, אז ער זאָל קיין סטודענטען מיט יונגע „באָרישניס" קיין צימער נישט פערדינגען. „זאָלען זיי בעי־סער, זאָגט ער, שטעהן לעדיג, אָדער זאָלען זיי, זאָגט ער, דריי מאָל ברענען אויפ'ן פייער, איידער די פּאָליציע זאָל מיר זאָגען, אז מיין הויף איז א נעסט פון סטודענטען, גנבים, זשוליקעס און סאָציאַ־ליסטען!"...

מאשא האט נעבאך געמוזט נעמען איהר „באגאזש“, דאס טשא־כאטעטשנע טשעמאדאנטשיקעל, און געהן זוכען א טעריטאריע ער־גיץ אנדערש, אויף דער דריטער גאס פון דאנען. אויף איהר קלונג האט זיך בעוויזען א פרוי מיט א רויטער פעטשיילע מיט גרינע קווייטען, דעם דווארניק׳ס ווייב, און האט איהר געזאגט מיט א ניגון, זי זאל געהן פון דאנען וואס גיכער, ווארום ס׳איז א פולער הויף מיט פאליציע. זיי זוכען עמיצען...

אודאי האט אונזער העלדין געמוזט פערקירעווען דעם דישעל און „נעמען לינקס“, און טאקי שטעלען פיס, ווארום בעקענען זיך מיט דער פאליציע וועט זי ניט פערשפעטיגען, זי האט נאך זעהר־זעהר א סך צו טהון!... פלוצים (אלע גוטע מחשבות קומען־אן פלו־צים) טהוט איהר א שיין א מחשבה אין קאפ: „טאמארא!... טא־מארא שאסטעפאל!“...

מאשא באשעוויטש און טאמארא שאסטעפאל, האטש זיי זענען געווען חבר׳טעס פון איין שטאדט, מיט אטעסטאטען פון איין גימ־נאזיע, דאך האבען זיי זיך זעלטען בעגעגענט, נישט ווייל מע האט עפיס געהאט איינע צו דער אנדערער, נאר זיי קאנען אליין ניט זא־גען פאר וואס. ביי זיך אין הארצען האט זיך מאשא מודה געווען, אז זי האט ניט ליעב טאמארא׳ס בורזשואזנע עלטערען מיט זייער בורזשואזנע שטוב. מאשא געדענקט, וואס פאר א שווערען איינ־דרוק זי פלעגט ארויסטראגען פון טאמארא׳ס שטוב אלע מאל, ווען זי איז אהין געקומען. טאמארא׳ס מוטער פלעגט איהר הייסען דער־לאנגען א גלאז טיי מיט אזא נוסח, גלייך ווי איינער איז זיך מפקיר פון עמיצענס וועגען, ברענגט א קרבן על־פי נויט. וואס זאל מען טהון? מע מוז א מאל געבען יענעם א גלאז טיי!... און אלע מאל האט דאס דיענסטמיידעל פערגעסען אריינוואַרפען צוקער, און אלע מאל האט זי געשאלטען דאס מיידעל, למאי זי פערגעסט אריינצור־ווארפען צוקער.

און איהר פאטער, איציקעל שאסטעפאל? — איהם האט זי נאר פיינט געהאט. זי געדענקט א סצענע, ווי אזוי זי איז אמאל

געקומען צו מאַמאַראַ'ן, נישט געטראָפן זי אין דערהיים און בע־נעגענט זיך מיט'ן פאָטער אויף דער שוועל.

— ווער איז דאָס מיידעל ? — האָט איציקעל אַ פרעג געטהאָן בייִ'ם ווייב און האָט זיך אַ קראַץ געטהאָן אונטער'ן קאָלנער.

— מעמעס'ס אַ חבר'טע, — האָט דאָס ווייב געענטפערט, נישט געוואָלט אָנרופען זי בייִ'ם נאָמען, ווער זי איז. מאַשאַ איז שוין געווען דעמאָלט אין זעכסטען קלאַס גימנאַזיע און האָט זיך שוין געקאָנט אויס'טענה'ען מיט אַ גרעסערען פון איציקעל שאָסטע־פּאָל. האָט זי מיט שטאָלץ געזאָגט צו איהם:

— איך בין ליפּאַ'ס טאָכטער.

— וואָסער ליפּאַ ? — פרעגט איציקעל.

— ליפּאַ באַשעווימש, — ענטפערט איהם מאַשאַ.

— וואָסער באַשעווימש ? — פרעגט ווייטער איציקעל, נעמט נישט צו די האַנד פונ'ם קאָלנער.

— דער איד פונ'ם האָלץ, — מישט זיך אַריין מאַמאַראַ'ס מו־טער, און איציקעל דרעהט זיך אויס צו מאַשאַ'ן מיט'ן הינטען, און מאַשאַ געהט אַוועק פון דאָרט אַ צעקאָכטע און גיט דאָס וואָרט, מעהר צו מאַמאַראַ'ן אחיים נישט געהן. בעגעגענט זי אָבער מאַ־מאַראַ און שטעהט־צו צו איהר און רעדט אַזוי לאַנג, ביז זי רעדט זי איבער.

איינמאָל האָבען זיי זיך בעגעגענט אין פּעטערבורג אויף אַ פערזאַמלונג, און מאַמאַראַ האָט גענומען שטראָפען מאַשאַ'ן פאַר וואָס זי קומט נים צו איהר. האָט איהר דערויף מאַשאַ געענטפערט:

— פאַר וואָס קומסט דו נים צו מיר ? — און האָט זיך באַלד פערהאַפּט. — איבעריגענס, קאָנסט דו צו מיר ניט קומען....

— פאַר וואָס ?

— ווייל מאַלקינ'ס רעזידענץ, דאָרט וואו איך וואָהן, אונטער'ן הימעל, איז צו קליין פאַר דיר !...

דאָס האָט שוין מאַמאַראַ'ן פערדראָסען, און זי איז דוקא גע־קומען צו איהר, זיך בעקענט מיט מאַלקינען און מיט דעם גאַנצען

פראָלעטאַרישען געזינדעל, געפיהרט אַפילו אַ דיסקוסיע מיט דער קאָמונע און פערליעבט אין זיך די גאַנצע קאָלאָניע, פון׳ם יונגסטען אוורומים ביז׳ן אַלטען סיבירניק בערעזניאַק. — אַלעמען איז טאַ־מאַרא געפעלען, אַפילו די צוויי מיידלעך פון דער קאָמונע, עטקע און חוה.

— אַצינד האָף איך, אַז דו וועסט זיין ביי מיר אויך? — זאָגט טאַמאַרא צו מאַשאַ׳ן.

— ביי דער ערשטער געלעגענהייט, — זאָגט מאַשאַ, און אַזוי ווי טאַמאַרא איז אוועקגעגאַנגען, אַזוי האָט זי שוין אָן איהר פער־געסען. דערמאַנט האָט זי זיך אָן טאַמאַרא׳ס איינלאַדונג אין דער מינוט, ווען זי איז געגאַנגען מיט איהר באַגאַזש אין די הענד איבער דער גרויסער שטאָדט פעטערבורג זוכען אַ טעריטאָריע.

אָפּגעגאַנגען נאָך עטליכע מייל, האָט אונזער העלדין אָפּגע־שטעלט זיך ביי אַ געלבען מויער און האָט אָנגעקלונגען ביי דער פאַ־ראַדנע טהיר. אויף איהר קלונג האָט זיך בעוויזען אַ קליין באַר־ווים שיקסעל מיט גרויסע קאַרעלען אויפ׳ן האַלז און מיט אַ פאַר־טיגען געלעכטערעל אויפ׳ן פּנים. מאַשאַ האָט איהר איבערגעגעבען דעם באַגאַזש און האָט זי אַ פרעג געטהאָן, ווי אַזוי מע רופט זי.

— מיך רופט מען מאַשאַ, — זאָגט דאָס קליינע שיקסעל מיט די גרויסע קאַרעלען און לאַכט.

— אויב אַזוי, האָבען מיר שוין צוויי מאַשאַס,— האָט מאַשאַ באַשעפוויטש זיך אָנגערופען צו דער קליינער מאַשאַ און האָט זיך געהייסען אַריינפיהרען צו דער „באַרישני״ (טאַמאַרא שאַסטעפּאַל) אין צימער אַריין.

— ווער איז דאָרטען? — האָט זיך געלאָזט הערען פון צוויי־טען צימער אַ קול פון אַ מאַנסביל.

— ס׳איז איך! — האָט איהם געענטפערט מאַשאַ באַשעוויטש, אויסגעפּאַקט דאָס טשעמאָדאַנדעל און צעלעגט זיך ביי טאַמאַרא׳ן אין צימער, אַזוי ווי ביי זיך אין דערהיים.

— ווער איז געווען דער איך? — האָט זיך געלאָזט הערען נאָך אַ מאָל די זעלבע מאַנסבילשע שטימע, און נישט בעקומען מעהר קיין ענטפֿער, האָט זיך בעוויזען דער מאַנסביל אַליין, אַ פֿאַרשוין פֿון אַ יאָהר פֿערציג, אַ צעקאָשמעטער, אַ צעבורשעטער, אָהן אַ העמד, מיט אַ פֿידזשאַקעל פֿערשפּילעט ביז אַרויף, אָהן הויזענטרעגער, און דערפֿאַר, אַפּנים, האָבען זיך די הויזען שטאַרק געשלעפּט אויף דער ערד, און דערפֿאַר, אַפּנים, האָט ער זיי אונטערגעהאַלטען ביי'ם בויך מיטביידע הענד, געגעבען אַלע מאָל אַ שלעפּ אַרויף און צו גלייכער צייט געהאַט צו טהון מיט די פֿענסנע, וואָס האָבען בשום אופֿן נישט געוואָלט האַלטען זיך אויף דער נאָז, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די נאָז איז ביי איהם איין אויסגעבויגענע אידישע נאָז. שולדיג זענען דאָ, אַפּנים, די ברילען, ניט די נאָז, און אפשר דער בעל־הבית פֿון דער נאָז, וואָס שיינט אַ צעטראָגענע בריאה צו זיין, איינער פֿון די נפשות, וואָס זענען שטענדיג פֿערהאָרעוועט, פֿערטאַרעראַמט, הויבען אָן צוואַנציג טויזענד אַרבייטען און לאָזען קיינמאָל נישט אויס, גאָט ווייסט ווען זיי ווערען פֿאַרטיג!...

דערזעהען ביי טאַמאַראַ'ן אין צימער איין אומבעקאַנטען מענשען, האָט זיך דער צעקאָשמעטער פֿאַרשוין מיט די לאַנגע פֿאַלענדיגע הויזען געגעבען אַ חאַפּ־צוריק און אַ בויג־איין אויף וויפֿיעל עס האָבען איהם ערלויבט די ברילען, און אַ זאָג געטהאָן די געוויסע באַנאַלע פֿראַזע:

— מיט וועמען האָב איך די עהרע? (אַנשטאָט אַ רי"ש קומט אויס ביי איהם אַ חי"ת).

— די עהרע איז ניט אַזאַ גרויסע. — האָט איהם מאַשאַ אָפּגעענטפֿערט פֿראָסט, ווי איהר שטייגער איז, און האָט זיך געטהאָן דערווייל איהר אַרבייט: צענויפֿגעלעגט די האַנדטיכלעך, די קעמלעך, די בערשטלעך מיט די טיכעלעך מיט די קעלנערלעך, ווי ביי זיך אין דער היים. — איך בין טאַמאַראַ'ס אַ חבר'טע פֿון דער היים; מיין נאָמען איז מאַשאַ באַשעוויטש.

ווי איין עלעקטרישער שטראָם איז דער נאָמען „מאַשאַ באַשע־וויטש“ דורכגעלאָפען דורכ׳ן גאַנצען גוף פון דעם צעקאָשמעטען פאַרשוין. אַ פריינדליך שמייכעל האָט זיך צעגאָסען איבער זיין גאַנצען פנים. איין אַנדער מענש איז ער געוואָרען! ער האָט זי אָנגענומען ביי דער האַנד און נישט אַרויסגעלאָזט זי די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט גערעדט. און גערעדט האָט ער לאַנג און אַ סך און אָהן אָפּשטעל, געקייטעלט איינס אינ׳ם אַנדערען אַזוי קונציג, אַז איבערצוהאַקען איהם איז אונמעגליך, סיידען אַוועקגעהן אין מיטען אָדער איבערשרייען איהם מיט אַ טאָן העכער. די, וואָס קענען איהם, טהוען דאָס טאַקי, — מע האָט קיין אַנדער ברירה ניט...

— זענב איהח דאָס די מאַשאַ באַשעוויטש? אַי־אַי־אַי! טאַ־מאַחאַ וועט קומען, וועט זי זיך אויפהענגען פאַח פחייד! מיח העהען פון אייך אַלע טאָג, דחיי מאָל אַ טאָג. צעהן מאָל אַ טאָג! איהח זייט אַ העלדין! אַ גחויסע העלדין! ניט אַלע קאָנען דאָס, וואָס איהח קאָנט! מיח דאַחפען אַלע ביי אייך זיך לעחנען! מיח זענען קינדעח, חדח־יונגלעך קעגען אייך! מיין נאָמען איז אַבחאַם מאַחקאָוויטש! אַבחאַם מאַחקאָוויטשען קענען אַלע! מיין פּחאַ־פעסיע איז דחוקעחיי, נאָח אַליין בין איך אַ שטיקעל מאַהלעח, אַ שטיקעל קינסטלעח, אַ שטיקעל שחייבעח, אַ שטיקעל דיכטעח, אַ וועגעטאַחיאַנעץ און אַ טאָלסטאָוועץ. ווי אַזוי האַלט איהח פון טאָלסטאָי? איך האַלט פון איהם זעהח שטאַחק! איהח זאָגט מסתמא, אַז עח איז מעהח דיכטעח אַלס פילאָזאָף? איך בין מיט אייך ניט איינפעחשטאַנדען!...

אויב מאַשאַ באַשעוויטש איז געווען איינפערשטאַנדען מיט אַבראַם מאַרקאָוויטש׳עס מיינונג איבער טאָלסטאָי׳ס פילאָזאָפיע אָדער ניט — דאָס איז אַ בעזונדערע פראַגע, נאָר אַז מע דאַרף אַרויסנעמען די האַנד פון זיין האַנד — דאָס האָט זי געזעהען און האָט דאָס בעצייטענס געטהאָן, און האָט איהם געוואָלט איבער־רייסען אין מיטען, איז אָבער געווען אונמעגליך, מחמת אַבראַם מאַרקאָוויטש האָט געהאַלטען סאַמע אין רעכטען שמועס, און ס׳איז

געווען פּשוט אַ רחמנות איהם איבערצורייסען, ווי ס'איז אַ רחמנות אויפוועקען אַ מענשען, למשל, ווען ער האַלט אין רעכטען געשמאַקען שלאָף. אַ גליק, וואָס ס'איז אָנגעקומען טאַמאַראַ שאָסטעפּאַל.

און אַז טאַמאַראַ איז אָנגעקומען, האָט זי אַבראַם מאַרקאָ־וויטש'ען גאַנץ פיין משלח געווען פון איהר צימער, געהייסען זאָ־גען ראָזען, אַז זי האָט אַ גאַסט צו דער טיי...

— נישט צו דער טיי, — פערריכט זי מאַשאַ — נאָר אויף אַ גאַנצע וואָך, אָדער אויף צוויי וואָכען, ביז איך וועל מיר קריגען אַ מקום־מנוחה. איך האָף, אַז דו האָסט גאָר נישט קעגען דעם, מע זאָל אַריינטראָגען אַהער נאָך אַ בעטעל?

טאַמאַראַ איז געוואָרען אַביסעל רויטליך: איציקעל שאָסטע־פּאַל'ס טאָכטער איז ניט געווען געגוג דעמאָקראַטיש, זי זאָל קאָנען איבערטראָגען אַזוי לייכט אַזאַ מין בענעמונג, ווי עס האָט זיך ער־לויבט די עכטע דעמאָקראַטין מאַשאַ באַשעוויטש. טאַמאַראַ האָט איהר געזאָגט, אַז מיט פערגעניגען וועט זי זי האַלטען נישט נאָר צוויי־דריי וואָכען, אַפּילו צוויי־דריי חדשים, דעם גאַנצען ווינטער, און איז אַריבער באַלד אויף איין אַנדער שמועס, וועגען דער קאָ־מונע: וואָס מאַכט די קאָמונע? וואָס מאַכט מאַלקין? און וועגען אַבראַם מאַרקאָוויטש, וואָס פאַר אַ פלאַפּלער ער איז, אַ גוטער מענש, אַ דימענט, נאָר אַ פלאַפּלער, און וועגען זיין פרוי ראָזע, וואָס איז איהרע, טאַמאַראַ'ס, אַ קרובה.

— נישט דערפאַר, ווייל זי איז מיר אַ קרובה, — זאָגט טאַמאַ־ראַ — נאָר אַז דו וועסט זיך מיט איהר נעהענטער בעקענען, וועסט דו אַליין זאָגען, אַז דאָס איז ניט קיין פרויענצימער, נאָר אַ מלאך פון גאָט! און אַ קינד האָבען זיי, דאָס הייסט, זיי האָבען אַ סך קינדער, נאָר איין קינד האָבען זיי, זיוזיאַ הייסט ער, אַ יונגעל פון פיער יאָהר, ווייס איך ניט, וואָס פון איהם וועט אויסוואַכסען! קלוג ווי אַ שד, גוט ווי אַ מלאך, און שען איז ער! האָסט געזעהען אַמאָל ראַפאַעל'ס בילד, אַראָפּגענומען פון איהם זעלבסט? אַ!

איך האָב גאָר פערגעסען, אז דו ביזט אַ... אַ... אז דו האָלסט נישט פון קונסט!...

— האָסט אַ גרויסען טעות, טאַמאַראַ! אמת'ע קונסט האָב איך ליעב, און קליינע קינדער אויך... — אַזוי זאָגט מאַשאַ, און טאַמאַראַ ענטפערט איהר דערויף מיט אַ זיפץ; זי דערמאַנט זיך, אז אָט איז זי, טאַמאַראַ שאַסטעפּאַל, אין פּעטערבורג שוין אַ היבש שטיקעל צייט — און האָט נאָך דערוויילע נישט געטהאָן גאָרניט... און זי איז מקנא איהר חבר'טע מאַשאַ, שטאַרק מקנא. נאָר אַרויס־זאָגען דאָס האָט זי קיין מוט... עפענט זי אויף די טהיר, שטעקט אַריין דעם קאָפּ און רופט אויס אויף אַ קול:

— זיוזיאַ! ניאַניאַ! נישטאָ קיינער! — און באַלד נאָך דעם זאָגט זי ווידער צו מאַשאַ'ן: — האָסט דו עפּיס בריעף פון דער היים? וואָס שרייבט מען דיר?

— זעהר אָפט! — ענטפערט איהר מאַשאַ און צעלאַכט זיך. — שוין צו אָפט! כמעט אַ טאָג איבער אַ טאָג האָב איך פון מיין קאַ־פּעליע בריוולעך, פון די שוועסטערלעך, פון די ברידעלעך, פון דער מאַמען און פונ'ם טאַטען, און איבערהויפּט — פונ'ם טאַטען! ער שרייבט צו מיר אַלע צוויי טאָג, און איך איהם מוז שרייבען אַלע צוויי טאָג. און נישט גלאַט אַזוי בריוולעך, נאָך בריעף, גאַנצע מגילות, בעשרייבונגען פון אַלסדינג, וואָס עס קומט פאָר, און מעהר, געוועהנליך, פון דער „רעוואָלוציע". ער איז ביי מיר אַ רעוואָלו־ציאָנער, אַ געפעהרליכער רעוואָלוציאָנער!...

אַזוי לאָזט אוים מאַשאַ און צעלאַכט זיך מיט איהר גוטען אויפ־ריכטיגען געלעכטער און בעווייזט איהרע געזונדע ווייסע שענע צייהן, וואָס קיין דאַנטיסט אין דער וועלט האָט נאָך נישט געהאַט די זכיה זיך צוריהרען צו זיי מיט זיינע גלאַנצענדיגע שטאָהלענע אינסטרומענטען. און ווידער אַ מאָל איז איהר טאַמאַראַ מקנא, סאַי אויף דעם, וואָס זי שרייבט זיך איבער אַזוי אָפט מיט איהר „קאַפּעליע", סאַי אויף איהרע ווייסע צייהן...

— שוין דערלאַנגט דעם סאַמאָוואַר! — זאָגט דאָס קליינע באָר־וויסע שיקסעל מיט די גרויסע קאָרעלען, וואָס מע רופט זי אויך מאַשאַ.

## קאַפּיטעל ח.

## מאַשאַ באַשעוויטש ביי טאַמאַראַ שאָסטעפּאַל.

שוין לאַנג האָט זיך מאַשאַ ניט געפיהלט אַזוי גוט, ווי ביי'ם טיש פון טאַמאַראַ שאָסטעפּאַל'ס בעלי־בתים. אַ גאַנץ געזינדעל האָט זי דאָרטען געטראָפען, אַ נעסט, אָדער אַ קוואָקע, מיט קליינע היהנדעלעך ארומגערינגעלט. אויפ'ן טיש איז געשטאַנען ברויט אָנגעשניטען און קעז און פּוטער און איינגעמאַכטס. נאָהענט צום סאַמאָוואַר איז געזעסען אברהם מאַרקאָוויטש'עס ווייב, ראָזע, נאָך גאָר אַ פרישע און אַ שענע פרוי, אַרומגערינגעלט מיט אַ גאַנצער חאַליאַסטרע קינדער, איינס קלענער פונ'ם אַנדערען. איטליכס קינד איז זיך אַ וועלטעל פאַר זיך. יעדער מיט זיין קאַפּריז, מיט זיין השגה, מיט זיין מאַגענדעל און מיט זיין יצר־הרע'לע. און די מוטער, די גליקליכע קוואָקע, ראָזע, זיצט ביי'ם סאַמאָוואַר און קוקט וואָס יעדען פעהלט, און מערקט וואָס יעדער וויל, און אַלץ ווערד אין איין מינוט בעשאַפען, און עס נעמט זי ניט קיין קאַפּריז; און צעשלאָגען זיך צווישען זיך אַ פּאָר קינדערלעך, צענעמט זי זיי; און צעוויינט זיך ווער פון זיי, ווערען אויסגעווישט די טרערען; און צעלאַכט זיך אַ קינד, לאַכט די מוטער מיט און קוועלט און וואַכסט און לעבט מיט זיי צוזאַמען.

וועמען פון די אַלע האָט די מוטער מעהר ליעב? עס וועט ניט זיין קיין פּאַראַדאָכס, ווען איך וועל זאָגען, אַז זי האָט יעדעס קינד מעהר ליעב פונ'ם אַנדערען, דען יעדעס קינד האָט אין זיך עטוואָס אַזעלכעס, וואָס דאָס צווייטע האָט דאָס נישט. דאָך איז אין דער שטוב פאַרהאַן אַ צענטרום, אַ מיטעלפּונקט, אַרום וועל־כען אַלץ דרעהט זיך, ווי אַרום אַ זונן, און וועלכעס אַלע האָבען ליעב

אהן א ברעג, און ארום וועלכען און צוליעב וועלכען אלץ לעבט און געפינט א בעזונדערען אינטערעס צום לעבען. דאס איז זיוזיא!

מאמארא שאסטעפאל האט ביי זיך א גאנצע קאלעקציע פון פאטאגראפישע בילדער פון דעם דאזיגען קינד. אבראם מארקאָ־וויטש האט אליין וויפיעל מאל געוואלט ארויפנעמען זיוזיא'ן אויף פאפיער (אבראם מארקאוויטש איז א שטיקעל קינסטלער), האט זיך אבער די גאנצע פאמיליע, א חוץ ראזע'ן, ארייגעמישט, שטארק געפראטעסטירט קעגען דעם, ניט דערלאזט, אז דער פאטער זאל אוועקנעמען ביי'ם קינד דאס, וואס די מילדע נאטור האט דעם געשענקט. דער פאטער האט דאס געפרייהט און געקרענקט; גע־פרייהט, וואס ער איז דער פאטער פונ'ם קינד, און געקרענקט, וואס מע גלויבט ניט אין זיין קינסטלערישען טאלאנט. האט ער זיך מיישב געווען און האט איהם בעשריבען אין א ליעד, א גרויסעם ליעד. איז אבער דאס ליעד אויסגעקומען נאך ערגער פון דעם גע־מעלד. דאס ליעד איז קיינעם ניט געפעלען, אויסער איין ראזע'ן. נאר פון ראזע'ן איז קיין ראיה ניט; איהר איז אלץ געפעלען; וואס אבראם מארקאוויטש זאל ניט רעדען, אדער שרייבען, איז דאס גוט, איז דאס זיס, איז דאס פראכטפול! קיינער גלויבט ניט אזוי אין אבראם מארקאוויטש'עס טאלאנטען, ווי זיין ווייב ראזע. ער אליין גלויבט ניט אזוי פיעל אין זיך, וויפיעל ראזע. ביי איהר איז „אבראשא" א זשעניע, וואס קיינער פערשטעהט איהם ניט און קיינער שעצט איהם ניט, ווארום אז אלע זאלען איהם פערשטעהן און שעצען אזוי ווי זי, וואלט ער נישט בעדארפט אפגעבען אזוי פיעל גאלדענע צייט צו דער דרוקעריי, וואס גיט זיי קוים־קוים צום לעבען. די וועלט זאל זיין אביסעל מעהר מבין, — אזוי דענקט ראזע — וואלט זיך שוין לאנג געפונען א פערלעגער, וואס וואלט ארויסגעגעבען אלע זיינע ליעדער, וואס ער האט ווען געשריבען פון זינט ער איז פאר איהר א חתן געווארען. די וועלט זאל זיין אבי־סעלע מעהר מבין, — דענקט ווייטער ראזע — וואלט זיך שוין לאנג געפונען א בעלן, וואס וואלט אוועקגעקויפט אט די אלע בילדער,

וואָס ער מאָהלט און מאָהלט פון זינט זי קען איהם. און ראָזע האָט א קוק אויף די ווענד, וואָס זענען פערהאנגען מיט עטיודען און מיט בילדער, מעהרסטענטייל, נישט־געענדיגטע, און זי דערמאָנט זיך, אז אויפ'ן בוידעם ליגען בילדער נאָך דריי מאָל אזוי פיעל, אויך נישט־געענדיגטע... און זי דערמאָנט זיך, וויפיעל ליעדער, פּאָעמען און נישט־געענדיגטע ראָמאַנען עס ליגען אין אלע שאַפעס און אין אלע טישקעסטלעך, און אפילו אין די „קאַרזינעס" פון דעם גרעט ליגען גאַנצע פּעק מיט מאַנוסקריפּטען. גאָט זאָל היטען פון אויס־רוימען, ארויסוואַרפען אָדער פערברענען! וואָס איז? איהר האָט מורא, אז ראָזע איז נישט בעקאַנט מיט די אלע אונשטערבליכע ווערק? צי איהר מיינט, אז ראָזע האָט נישט געלייענט אָט די אלע פּאָעמען, מיט די באַלאַדען, מיט די סקיצען, מיט די ערצעהלונגען און ראָמאַנען? דאָס הייסט, זי אליין האָט זיי נים געלייענט; ער, דער מאַן, האָט זיי איהר געלייענט, און נים איין מאָל — א סך מאָל! ס'איז א סברה, אז ראָזע איז אין איהר מאַנ'ס ווערק מעהר קלאָר, ווי ער, דער פערפאַסער אליין. וויפיעל מאָל מאַכט זיך, אז אבראַם מאַרקאָוויטש פרעגט ביי ראָזע'ן, ווי אזוי הייסט ביי איהם דער און דער העלד פון דעם און דעם ראָמאַן? איאָ, זילבער־שטיין? — „ניין, נשמה מיינע! — ענטפערט איהם ראָזע. — דו האָסט א טעות!"...

ביי אבראַם מאַרקאָוויטש'ען איז ראָזע'ס אויטאָריטעט און ראָ־זע'ס קריטיק די בעסטע, די קליגסטע און די אויפריכטיגסטע. פאַר די אלע אַנדערע קריטיקער טאָר מען קיין ווערק נים ווייזען; די בעסטע זאַך מאַכען זיי אייך צו נישט, געוועהנליך מחמת קנאה; זיי פערגינען נישט!... ווי קאָן מען פערגלייכען א פרעמדען צו איין אייגען ווייב? למשל, וועט זיך א פרעמדער אוועקזעצען טרייסטען א מענשען, איהם אויסרעדען דאָס האַרץ, ער זאָל זיך נים זאָרגען, וואָס די וועלט אָנערקענט איהם נים?

— וואַרט־צו, מיין לעבען, עס וועט נאָך קומען א צייט, וואָס די וועלט וועט זיך ארומקוקען אויף דיר אויך! — אזוי האָט איהם

ראָזע אויסגערעדט דאָס האַרץ. — אָט האָבען זיי איצטער צו טהון מיט טאָלסטאָי, מיט גאָרקי, עס קעהרט די וועלט! זאָלען נאָר אַרויס די ערשטע ליעדער דיינע אויף דער וועלט — וואו האָלסטו דו מיט זיי? ביזט נאָך נים פאַרטיג? וויפיעל ביכלעך דרוקסט דו? איינגאַנצען צוויי טויזענד? לעכערליך! צוויי הונדערט טויזענד, צום ווינציגסטען!

אוןביידע זעצען זיך אַוועק, מאַכען אַ חשבון, וויפיעל קאָנען זיי פערדיענען, ווען זיי זאָלען, צום ביישפּיעל, אַרויסלאָזען אויף דער וועלט די „זעמטליכע ליעדער" פון אבראַם מאַרקאָוויטש? דער חשבון איז אויבען־אויף, ווי אויף אַ טעלער: די בעפעלקערונג פונ'ם לאַנד איז הונדערט פערציג מיליאָן. וועלען מיר זאָגען, אַז נאָר אַ צעהנט־חלק קאָן לעזען — אַלזאָ, האָבען מיר פערצעהן מיליאָן לע־זער. וועלען מיר זאָגען, אַז נים אַלע קאָנען קויפען ביכער, דאָס הייסט, איינער וועט קויפען און צעהן וועלען לייענען, — האָבען מיר, אַלזאָ, אַריבער אַ מיליאָן קויפערס? וויפיעל עס דאַרף קאָס־טען אָפּדרוקען אַ ביכעל — דאָס ווייסט שוין אַבראַם מאַרקאָוויטש: ער האָט דאָך אַ דרוקעריי... נאָר דאָס אַליין איז בלאָטע. דער עיקר איז דאָך דער כבוד, דער נאָמען!...

און דאָס גליקליכע פּאָר טראָגט זיך אַוועק אויף די גרינגע פליג־לען פון דער רייכער פאַנטאַזיע אין עולם הדמיון, אין גן־עדן, וואָס זיי אַליין האָבען איהם אויסגעבויעט... און דערווייל האָט אבראַם מאַרקאָוויטש גענומען דרוקען ביי זיך אין דער אייגענער טיפּאָ־גראַפיע די „ערשטע ליעדער" זיינע אין אַ ביכעל מיט'ן נאָמען „די יונגע האַרפע", געהאַט צו טהון קודם מיט'ן צענזאָר, וואָס האָט איהם געגעבען מאַטעריאַל צו רעדען און שרייען אויף אָנדערט־האַלבען יאָהר נאָכאַנאַנד, ביז גאָט האָט רחמנות געהאַט, דער צענ־זאָר האָט דאָס דורכגעלאָזט בשלום, און די „יונגע האַרפע" איז אַרויס פון דרוק, גאַנץ שען אילוסטרירט מיט אַ האַרפע און מיט אַ האַנד, וואָס שפּיעלט אויף דער האַרפע. — נאָר אַז ס'איז ניטאָ קיין מזל, העלפט נישט קיין חכמה! טאָלסטאָי און גאָרקי און טשע־

כאָוו און די איבעריגע אַלע גערען אין די צעהנער הונדערטער טויזענדער, און די „יונגע האַרפע“ פון אבראם מאַרקאָוויטש ליגט אויף א בוידעם (פון 2,000 ליגען נישט געריהרט 1,941!). נו, קאָן ניט צעזעצט ווערען די גאַל? זאָל אבראַם מאַרקאָוויטש ניט ברענען, ניט פייערען? א גליק, וואָס ער האָט אזא ווייב, ווי ראָזע, און וואָס זיי האָבען אזא קינד א צאַצקע, ווי זיוזיא.

— וואָס זאָגט איהר אויף אונזער זיוזיא'ן? — רופט זיך אָן אבראַם מאַרקאָוויטש צו זייער גאַסט, צו מאַשאַ'ן.

דערזעהען דאָס ערשטע מאָל זיוזיא'ן, האָט זי איהם שיער ניט אויפגעגעסען. נישט נאָר ער האָט זי גענומען מיט זיין ווייס מאַרמאָר מלאָכ'יש פּנימ'על, לאַנגע זיידען־קאָלירענע לאָקען, טיעפע הימעל־בלויע אויגען, אויסגעטאָקט נעזעל, קליין מיילכעל, אנטיקשנע מאָרדעלע, קלאַסיש געשטאַלט און אויסערגעוועהנליכע גראַציע; ער האָט זי בעצויבערט מיט זיין בענעמען זיך, מיט זיין האַלטען זיך, מיט זיין רעדען און מיט זיין שפּראַך. ער האָט איהר פערגעבען אזעלכע פראַגען און האָט איהר געענטפערט אזוי קלוג און שאַרף, אז מאַשא איז אַרויס פון די כלים. זי איז צום קינד צוגעזאָדען געוואָרען, און איהר ליעבשאַפט צום קינד איז נאָכדעם געוואַכסען פון שעה צו שעה, פון טאָג צו טאָג, ביז זי האָט זיך איינמאָל מודה געווען פאַר טאַמאַראַ'ן, אז זי פיהלט זיך צום קינד צוגעבונדען מעהר ווי צו איהרע אייגענע שוועסטערלעך און ברידערלעך, און אז זי קאָן זיך גאַרניט פאָרשטעלען, אז זי זאָל זיך ווען קאָנען שיידען מיט דעם זיוזיא'ן, וואָס האָט פערנומען ביי איהר אין האַרצען גאַר אומגעריכט אזא גרויסען פּלאַץ! וואו זי האָט געהאַט ערגיץ א פרייע מינוט, האָט זי דאָס אוועקגעגעבען זיוזיא'ן. מיט זיוזיא'ן לערנען, מיט זיוזיא'ן רעדען, מיט זיוזיא'ן פערברענגען, מיט זיוזיא'ן שפּיעלען זיך — איז ביי איהר געווען איינס פון די גרעסטע פערגעניגענס. איז מאַשאַ געקומען אהיים, איז דאָס ערשטע געווען זיוזיא! איז מאַשאַ אויפגעשטאַנען פון שלאָף — איז זיוזיא! אינ'ם גרעסטען פּאָליטישען שמועס איז געווען זיוזיא!

א תענוג איז געווען ביי מאשאַ'ן אוועקזעצען זיך דערצעהלען זיר־זיאַ'ן מעשיות. אויף מעשיות דערצעהלען איז מאשאַ געווען אַ בריה, און מעשיות איז געווען ביי זיוזיאַ'ן דאָס חיות, דאָס לעבען! און מאשאַ האָט זיך אוועקגעזעצט דערצעהלען איהם איין מעשה נאָך דער אַנדערער, און זיוזיאַ האָט אויפגעעפענט זיינע אויסגעטאַקטע ליפּעלעך, זיינע הימעל־־בלויע אויגעלעך, און האָט געקוקט אויף מאשאַ'ן מיט גרויס פערשטאַנד, ווי איין אמת'ער בר־דעת, און ווי איין אמת'ער בר־דעת געשטעלט אַפּטמאָל אַ פראַגע, און ווי איין אמת'ער בר־דעת געלאַכט דאָרט, וואו מע דאַרף לאַכען, און געוויינט דאָרט, וואו מע דאַרף וויינען.

קוקענדיג אויף דעם יונגען בעשעפעניש, אויף דעם געראָטען נפש'על, וואָס איז פול מיט לעבען, האָט קיינער ניט געקאָנט זיך ריכטען, אַז דאָס וועט זיין דער ערשטער קרבן אינ'ם אויסגוס פונ'ם גרויסען שטורם...

* * *

אין דער קורצער צייט, וואָס מאשאַ האָט פערבראַכט מיט טאַמאַראַ שאַפּטעפּאַל אַלס גאַסט, האָט זי טאַמאַראַ ליעב געקריגען, ווי איין אייגענע שוועסטער, און איז צוגעבונדען געוואָרען צו איהר מיט לייב און לעבען. מאשאַ האָט נישט געדאַרפט וואַרטען ביז איהר חבר'טע וועט „אַנטפּלעקען" פאַר איהר איהר נשמה, אויסגיסען איהר האַרץ; זי איז געווען קלאָר אין טאַמאַראַ'ס לעבען, מע קאָן זאָגען, אויף אויסווענינג. טאַמאַראַ איז געווען איבערראַשט, ווען זי האָט ערפאַהרען, אַז מאשאַ ווייסט פון איהר ראָמאַן מיט'ן יונגען ראָמאַנענקאָ'ן... דאָס איז געווען אויפ'ן אַנדערען טאָג נאָך מאשאַ'ס בעזעצען זיך ביי טאַמאַראַ'ן. זי האָט דערזעהען ביי טאַמאַראַ'ן אויפ'ן טיש אַ פּאָרטרעטעל אין אַ קליין זילבערן רעמעל.

— אַ! — האָט אַ זאָג געגעבען מאשאַ, נאָר אַ קוק געטהאָן אויפ'ן פּאָרטרעט. — דאָס איז ער, ראָמאַנענקאָ. ער וועט היינט רעדען אין גרויסען מאַניעזש... שאַדע, וואָס איך קאָן דאָרט היינט

ניט זיין, איך בין פערנומען אין איין אנדער אָרט... ער ווייסט, אַז איך וועל ניט זיין...

— דו האָסט זיך געזעהען מיט ראָמאַנענקאָ׳ן?—האָט טאַמאַראַ אַ זאָג געטהאָן, און סע האָט זיך ניט־ווילענדיג ארויסגעריסען פון איהרע ווערטער אַ געפיהל פון... אייפערזוכט? ניין! צו הייליג איז ביי איהר ראָמאַנענקאָ, צו גרויס איז ביי איהר מאַשאַ!... וואָס דען איז דאָס געווען?... מאַשאַ האָט זי אָבער גיך ארויסגעפיהרט פון פערלעגענהייט. זי האָט צו איהר אַזוי געזאָגט:

— דאַרפסט זיך ניט וואונדערען. איך קען ראָמאַנענקאָ׳ן פריי־הער פון דיר און בעסער פון דיר... אַז ער האָט דיך ליעב — איז אַ פאַקט... דו פערגעטערסט איהם, און ער פערדיענט דאָס... אָבער איך מוז דיר זאָגען אויפריכטיג — דו ווייסט, אַז אַנדערש קאָן איך ניט זאָגען: — גליקליך וועט איהר קיינמאָל ניט זיין, ניט דו, ניט ער... דו ווילסט וויסען, פאַר וואָס? דו פערגעסט, אַז ער געפינט זיך אויף אַ „וואולקאַן“, און דו ביזט בעשאַפען געוואָרען צו איין אַנדער לעבען...

דאָס איז געזאָגט געוואָרען אַזוי ערנסט און מיט אַזאַ ווייכען צערטליכען טאָן, אַז טאַמאַראַ שאַסטעפּאַל האָט זיך נישט געקאָנט געפינען בעלעדיגט. זי האָט רוהיג געזאָגט:

— דו ווילסט מיר זאָגען, אַז איך בין ניט קיין העלדין און בין נישט ווערטה, אַז...

— האָסט אַ טעות! נישט דאָס האָב איך דיר געוואָלט זאָ־גען! — שלאָגט איהר איבער מאַשאַ די רעד. — איך האָב דיר נישט געוואָלט דערנידעריגען. אדרבה, איך האָב ליעב אַזעלכע ווי דו; דו ביזט דאָס לעבען אליין, און צום לעבען ביזט דו בעשאַפען. איך וואָלט אויך געוואָלט זיין דאָס, וואָס דו... איך וועל דאָס אָבער ניט זיין קיינמאָל; שולדיג איז אין דעם די צייט. אין אַ ביטערע צייט לעבען מיר... און די אומשטענדען האָבען זיך פאַר מיר צענויפגעלעגט אַזוי, אַז איך ווייס ניט היינט,

וואו איך וועל מאַרגען זיין... דאָס זעלבע איז אויך מיט איהם, מיט ראָמאַנענקאָ'ן. הלואי איך זאָל האָבען אַ טעות, נאָר איך זעה איהם: ווייט־ווייט פון דאַנען!...

— פאַר מיר איז ניטאָ קיין ווייט! — זאָגט טאַמאַראַ מיט היץ. — וואו ער, דאָרט בין איך! נישטאָ די קראַפט אין דער וועלט. וועלכע זאָל מיך אָפּהאַלטען און קאָנען צעשיידען מיט דעם מענשען, סיידען דער טוידט...

— יעדע אַנדערע אויף דיין אָרט וואָלט אויך אַזוי געזאָגט. עס מאַכט דיך נאָר הויך אין מיינע אויגען. — זאָגט איהר מאַשאַ. — איך קאָן מיך אָבער ניט איינהאַלטען און מוז דיר זאָגען גאַנץ אָפען דאָס, וואָס איך מיין: איך בעדויער דיך, טאַמאַראַ, און נישט אַזוי דיך, ווי דיינע עלטערען.

— מיינע עלטערען? (טאַמאַראַ'ס אויגען צינדען זיך אָן מיט פייער.) לעבען מיר דען צוליעב די עלטערען? פאַר וואָס בעדויערסט דו ניט דיינע עלטערען?

— פון וואַנען ווייסט דו, אַז ניין?...

ביי די ווערטער קומט אָן אַבראַם מאַרקאָוויטש, און זייער שמועס ווערד איבערגעריסען אין מיטען.

## קאַפּיטעל ט.

## ע ר ה אָ ט ז י י ג ע פ א ק ט!

ביי אַבראַם מאַרקאָוויטש'ען אין שטוב האָבען אַלע, פון אַבראַם מאַרקאָוויטש'ען ביז'ן קליינעם שיקסעל מיט די גרויסע קאַרעלען און ביז'ן קליינינטשקען זיוזיאַ, געהאַלטען אין סאַמע זיסען שלאָף, ווען דער גוטער זיסער מלאך קומט און פלאָנטעט זיינע גוטע זיסע חלומות... אַך, חלומות! יעדער זעהט אין חלום דאָס, וואָס ער וויל, דאָס, וואָס ער זוכט. למשל, אַבראַם מאַרקאָוויטש'ען האָבען זיך געפּלאָנטעט ביכער און בילדער אין די אַלפּים, אין די מיליאָנען!... מע שלאָגט איהם אָפּ די טהירען!... אַלע ווילען זיינע ליעדער, די „יונגע האַרפע“ — ער האָט שוין ניט קיין הענד פאַ־

קענדיג, ער שיקט זיי אַפּ צו ראָזע'ן... און ראָזע זעהט נאָך אַ שע־נערען חלום: אַ מאַסע מענשען... אַ פּראָצעסיע... אין מיטען געהט אברהם מאַרקאָוויטש מיט אַלע קינדער... זיוזיא אויף צופריהער מיט'ן טאַטענס „יונגע האַרפּע" אין די הענד... דאָס פאָלק שטור־רעמט און שרייט: לעבען זאָל דער אונשטערבליכער פערפאַסער פון דער אונשטערבליכער „האַרפּע!"... גאָר הינטען געהען נאָך מיט אָראַפּגעלאָזטע קעפּ גראַף טאָלסטאָי, מאַקסים גאָרקי, אַנטאָן טשעכאָוו, געטע, שילער, שעקספּיר, מאַרק טווען און אַנדערע בע־ריהמטע שריפטשטעלער, און וויינען... טאַמאַרא שאָסטעפּאַל זעהט אין חלום ראָמאַנענקאָ'ן מיט גרויסע אותיות „ק אָ נ ס ט י ־ ט ו צ י ע!"... און מאַשאַ באַשעוויטש, וואָס שלאָפט אָקעגען טאַ־מאַראַ'ן אויף אַ קורצפיסיגער סאָפע, חלומ'ט פון אַ פּאַרלאַמענט, און זי זעהט זיך אַליין אין פּאַרלאַמענט שטעהן אויף דער פּלאַט־פאָרם מיט די הענד אַרונטער, און די ווענד זענען בעהאַנגען מיט פּראָקלאַמאַציעס: „לעבען זאָל די פרייהייט!"... מאַשאַ דעם קליי־נעם שיקסעל מיט די גרויסע קאַרעלען חלומ'ען זיך רויטע, גרינע, בלויע, ווייסע, געלע קאַרעלען, אָהן אַ שיעור קאַרעלען!... זיוזיא'ס ניאַניא חלומ'ט, אַז זי זיצט אויף אַ לאַנגער באַנק אין קינדער־גאָר־טען מיט אַ סך ניאַניס און מע רעדט... און זיוזיא אַליין זעהט פאַר זיך וועלאָסיפּעדען און זייגערלעך, זייגערלעך און וועלאָסיפּעדען קאַ־טשען זיך, רעדלען זיך, דרעהען זיך, פליהען, פליהען...

פּלוצים — סטוק־סטוק־סטוק! טראַך־טאַראַראַך! עס קלינגען די פענסטער, עס פּלאַצען די טהירען. נאָך איין מינוט — און די שטוב איז פול מיט פּאָליציע. אַלע וואַכען־אויף, זענען טוידט ווי די טוידטע, עס ציטערען די צייהן אין מויל. די אַלטע ניאַניא צלמ'ט זיך. רופט גאָט צו הילף. אַפילו דער קליינער זיוזיא, וואָס האָט נאָר־וואָס געזעהען אַזוי פיעל וועלאָסיפּעדען מיט אַזוי פיעל זייגערלעך, האָט זיך אויפגעזעצט אויפ'ן בעטעלע, אויפגעעפענט די גרויסע טיעפע הימעל־בלויע אויגען און אַ פרעג געטהאָן ביי דער אַלטער שטיל:

— ניאנא! עס ברענט?...

— ניין, קינד, עס ברענט ניט, עס ברענט ניט, גאָט איז מיט אונז!

— וואָס דען? גזלנים? — פרעגט זיוזיא און דעקט זיך אָפּ און וויל אריבערשפּאַנען מיט אַ פוס אויף יענער זייט בעטעלע.

— ניין, קינד, נישט קיין גזלנים! — ענטפערט איהם די ניאַנא און דעקט איהם איין. — נאַ דיר גאָר גזלנים!

— וואָס דען איז?

— פּאָליציע! — ענטפערט איהם די אַלטע ניאַניא, צלמ'ט זיך און רופט יעזוס'ען צו הילף.

— וואָס־זשע גאָר ביינאַכט? — הערט זיוזיא ניט אויף צו שטעלען איין פראַגע נאָך דער אַנדערער, און וויל נישט פאָלגען די אַלטע ניאַניא, וויל זיך נישט לעגען. זיוזיא וויל זעהען, וואָס איז דאָס אַזעלכעס פּאָליציע, און וואָס טהוט זי דאָ, און וואָס עפּיס ביינאַכט? און זיוזיא זיצט און קוקט, און זעהט, ווי אָפיציערען מיט גלאַנצענדיגע עפּאָלעטען מיט גאָלדענע קנעפּ עפענען אַלע שאַפעס, מיט אַלע קאַסטענס, מיט אַלע טישען און טישקעסטלעך, און מע בלעטערט ביכער, און מע פּאַקט פּאַפּיערען, דעם פּאַפּאַ'ס ביכער מיט'ן פּאַפּאַ'ס פּאַפּיערען... און דער פּאַפּאַ אַליין שטעהט און ציטערט, און די מאַמע רייבט איהם דעם שטערן... און אָט איז די טיאָטיא טאַמאַראַ — שטעהט נעבען דער טיאָטיא מאַשאַ און קוקט אויף איהר אַזוי, גלייך ווי זי וואָלט האַלטען ביי'ם שטאַרבען... און די טיאָטיא מאַשאַ שטעהט שוין גרייט אָנגעטהאָן מיט'ן היטעלע אויף די אונטערגעשערענע האָר, האַלט די הענד אַרונטער און רעדט מיט אַ שענעם אָפיציער מיט שוואַרצע באַקענבאַרדען, ווי קאָטלעטען, און ביי דער זייט שטעהט אַ שוואַרצער יונגערמאַנטשיק מיט איין אַרבעס־קאָלירענעם אויבערראָק און רייבט זיך אַ האַנד אָן אַ האַנד...

און די טיאָטיא מאַשאַ געהט־צו צו זיוזיא'ן און נעמט איהם אַרום און דריקט איהם צו צום האַרצען שטאַרק־שטאַרק, און קושט

איהם איןביידע אויגען, אין שטערן, אין קאָפּ, און עס ווייזט זיך איהם אויס, אַז איהרע הענד זענען קאַלט און איהרע אויגען זענען נאַס, און זי זאָגט צו איהם מיט אַ שמייכעל:

— זיוזיא! דו וועסט ניט פערגעסען די טיאָטיא מאַשאַ?

און זיוזיא חאַפּט אַרום דער טיאָטיא מאַשאַ'ס ווייסען האַלז מיט ביידע הענדעלעך און ער קושט זי איין מאָל און צוויי מאָל און צעהן מאָל און צוואַנציג מאָל, און נאָך איין מאָל, און נאָך אַ האַלבען מאָל, און דעם לעצטען מאָל, און עס הערט זיך אַ שאַרף־שניידענדיגע שטימע פון איין אָפיציער:

— פאַרטיג!...

און אַלע שטעהען־אויף, און אַלע זענען גרייט, און אַלע געהען־אָפּ, אַלע אָפיציערען מיט די גלאַנצענדיגע עפּאָלעטען מיט די גאָל־דענע קנעפּ, און ביידע טיאָטים געהען־אָפּ, און די קליינע מאַשאַ מיט די גרויסע קאַרעלען לייכט זיי צו, און דער פּאַפּאַ איז געבליבען זיצען, ציטערט ווי אַ בלאַט, און די מאַמאַ האַלט איהם צו און וויינט, און אַלע קינדער זענען געבליבען שטעהן און טרייסלען זיך און געהניצען, ווילען שלאָפען, און נאָר די טיאָטיא טאַמאַראַ מיט דער טיאָטיא מאַשאַ זענען נישטאַ, און די אַלטע ניאַניאַ צלמ'ט זיך, רופט יעזוס'ען צו הילף. און דער קליינער זיוזיא פאַלט מיט'ן שענעם ווייסען פּנים אין די קליינע ווייסע קישעלעך און וויינט און וויינט און וויינט, ווי אַ פיעריעהריג פערשטאַנדיג געראָטען קינד קאָן וויינען...

* * *

עס האָט שוין באַלד געשאַריעט אויף טאָג, און אַבראַם מאַר־קאָוויטש האָט נאָך אַלץ ניט געקאָנט בערוהיגען זיך, וויפיעל ראָזע האָט איהם נישט געמאַטערט, געריבען די שלייפען, אויסגעגאָסען אויף איהם דעם גאַנצען אָ־דע־־קאָלאָן. ער האָט זיך גאָרנישט גע־וואָלט גלויבען, אַז ער איז פריי, און האָט אַלע מינוט זיך געוועג־דעט צו זיין ווייב מיט דער זעלבער פראַגע:

— ראָזע! איך בין פריי?...

— דו ביזט פריי, אַבראַשאַ, ביזט געווען פריי און פריי וועסט דו מיר זיין תמיד, שטענדיג און אייביג!...

ווי אַ ציטעריג קינד, ווי אַ געפעסטעטער, אַ געבאַלעוועטער בן־יחיד, איז געווען ביי איהר אַבראַשאַ. אַלץ האָט ער ביי איהר אויסגעפיהרט. קיין זאַך איז פאַר איהר נישט געווען צו שווער, אַבי אַבראַשאַ זאָל זיין צופריעדען. דאָס בעסטע און דאָס שענסטע און דאָס ערשטע, וואָס עס איז געווען אין שטוב, איז אַוועקגעגעבען געוואָרען איהם, אַלץ איהם, און אַבראַם מאַרקאָוויטש האָט דאָס אָנגענומען אַלסדינג, ווי אַ מענש, וואָס ווייסט, אַז איהם קומט דאָס. און טאָמער איז אַזוי גיך נישט געווען דאָס, וואָס ער וויל, וואָס איהם איז געפעלען און וואָס ער דאַרף, האָט ער שטאַרק נישט געוואָלט ליידען, זיך געשמיצט און געוואָרפען און אויסגעלאָזט דעם גאַנצען כעס — צו וועמען? נו, געוועהנליך, צו ראָזע'ן. און ראָזע האָט דאָס אָנגענומען פאַר ליעב, איהם אָפּגעגעבען דעם גערעכט. טאַמאַראַ האָט ניט געקאָנט צוזעהען זיינע גענג. און אַלס ראָזע'ס אַיין אייגענע, האָט זי געפרופט אַ פאָר מאָל פירהאַלטען איהם, האָט זיך ראָזע אַיינגעשטעלט פאַר איהר מאַן און האָט איהם פערענטפערט, ווי דער בעסטער אַדוואָקאַט... אין דער קורצער צייט, וואָס מאַשאַ האָט געגאַסטירט ביי טאַמאַראַ'ן, איז זי איהר געקומען צו־הילף, און ביידע מיידלעך האָבען זיך גענומען אויף אַבראַם מאַרקאָוויטשען, איהם אַ נאָמען געגעבען „סאַטראַפּ“, „דעספּאָט“ און נאָך אַזעלכע נעמען, איהם דערגאַנגען די יאָהרען, און דוקא מיט גוטע רעד, ביז ער איז זיי געוואָרען אַ דם־שונא, אַרומגעגאַנגען אָנגעבלאָזען, ווי אַיין אינדיק, און אויסגעלאָזט זיין ביטער האַרץ — צו וועמען? נו, געוועהנליך, צו ראָזע'ן! און ראָזע האָט אויך דאָס אָנגענומען פאַר ליעב, אויסגעוויינט זיך שטילערהייד, אויסגעווישט די אויגען — און שאַ, ווידער די זעלבע שענע, פרישע, בליהענדיגע ראָזע, אַרומגערינגעלט מיט איהר חאַליאַסטרע עגאָאיסטלעך, איינס גרעסער פון דאָס אַנדערע...

פון דעסטוועגען, און נאָך דעם אַלעמען, אַז מע האָט צוגענומען טאַמאַראַ'ן מיט מאַשאַ'ן, איז אַפּילו דער עגאָאיסט אַבראַם מאַר־קאָוויטש געווען געקרענקט מיט סכנת־נפשות. ער איז נאָכדעם ארומגעגאַנגען גאַנצע טעג, ווי אַ משוגענער, געפייערט (פאַר ראָזע'ן) אויף דער פּאָליציע, גערעדט (פאַר ראָזע'ן) אויף דער רעגיע־רונג כל הפסלנות שבעולם, געזאָגט (ראָזע'ן): אָט לויפט ער צום פּראָקוראָר, צום מיניסטער — פאַר וועמען האָט ער מורא? ער איז אַ ריינער מענש, אין זיינע ביכער און אין זיינע כתבים איז נישטאָ גאָרנישט.

— גאָרנישט, אַבראַשאַ, גאָרנישט! — ענטפערט איהם ראָזע, און איהם שמעקט דאָס ניט, פערהאַפּט ער זיך:

— וואָס הייסט, גאָרנישט? עס איז פאַרהאַן ביי מיר אין די ליעדער געגוג מאַטעריאַל, נאָר פערשטעלט. האַ, ראָזע?

— געוויס, פערשטעלט! — גיט איהם נאָך ראָזע, און עס בלייבט, אַז נישט שפּעטער ווי מאָרגען לויפט־אוועק אַבראַם מאַר־קאָוויטש עפּיס טהון פאַר די געפאַנגענע... און עס געהט אוועק דער מאָרגען, און נאָך איין מאָרגען, און נאָך צוויי מאָרגענס, און אַבראַם מאַרקאָוויטש קאָכט זיך, שפּריצט מיט פייער!

וואָס ער צערעדט! אַ גליק, וואָס אחוץ ראָזע'ן הערט דאָס קיין בן־אדם נישט!... און טאַמאַראַ שאַסטעפּאַל און מאַשאַ באַ־שעוויטש דערווייל זיצען, און אַבראַם מאַרקאָוויטש טהוט גאָרניט פון זייערטוועגען...

## קאַפּיטעל י.

## דער זונטאָג.

נאָך פון שבת ביינאַכט אָן האָבען אָנגעהויבען אריינטרעטען מיליטער. גאַנצע עסקאַדראָנען האָבען זיך פערשפּרייט הינטער דער שטאָדט און מע האָט געוואַרט...

טויזענדער ארבייטער האָבען זיך אָנגעטהאָן יום־טוב'דיג, מיט־גענומען מיט זיך די ווייבער מיט די קינדער און בעוואָפענט זיך מיט

הייליגע בילדער און איקאָנעס... קאָזאַקען זענען אַרומגעפלויגען אויף די פערד הין און הער אויף די הויפּט־גאַסען פון דער שטאָדט. אַלע בריקען וואָס איבער דער „ניעוואַ“ זענען געווען בעדעקט מיט קאָזאַקען, אולאַנער, דראַגונער און אַנדערע מינים חיל. אַפילו די פעסטונג פון דער שטאָדט איז געווען גרייט, ווי עס געהערט צו זיין.

פּונקט נייען אַזייגער אין דער פריה האָט זיך אָנגעהויבען צו ציהען אַ שנירעל פון מענשען פון אַלע „זאַסטאַוועס“ און געגאַנגען מיט די הייליגע בילדער, מיט'ן גלח אין מיטען, אָנגעטהאָן אין גלח'שע קליידער מיט אַ פּאַפּיער אין דער האַנד. קוקענדיג אויף דער פּראָצעסיע פון פריעדליכע מענער, פרויען און קינדער, האָט מען געקאָנט מיינען, אַז דאָס איז עפּיס אַ הייליגער, אַ פּאַטריאָטישער יום־טוב.

עס איז דאָ אַ שפּריכוואָרט: „וואָסער אַ גוט יום־טוב — אַזאַ גוט יאָהר“. איצטיגס מאָל איז דאָס נישט מקוים געוואָרען. דער „גוט יום־טוב“ איז געווען אַ פריעדליכער און אַ פריינדליכער; דער „גוט יאָהר“ איז געווען אַ בייזער, אַ מורא'דיגער, אַ פייעריגער און אַ בלוטיגער.

— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

די אַלטע אברהם מאַרקאָוויטש'עס ניאַניאַ האָט לכבוד זונטאַג אָנגעטהאָן זיוזיאַ'ן אין זיינע יום־טוב'דיגע מלבושים'לעך אַ־לאַ־פּאַני, וועלכע האָבען איהם צוגעגעבען אַ בעזונדערען חן, און איז געגאַנגען מיט'ן קינד אויפ'ן שפּאַציער, ווי אַלע טאָג. דערזעהען מענשען געהען אויף ביידע זייטען טראָטואַרען, האָט זיך די אַלטע ניאַניאַ געלאָזט מיט'ן קינד אַהין, וואו אַלע געהען. און וואָס ווייטער זיי זענען געגאַנגען, אַלץ גרעסער האָט געוואַכסען דעם שטראָם

פון מענשען, און עס האָט זיך געבילדעט אַ ים פון קעפּ. דער ים האָט זיך געצויגען און געטראָגען די מענשען אַזוי ווי חוואַליעס, איינס איבער'ן אַנדערען, אַלץ ווייטער און ווייטער. און אַז די אַלטע ניאַניאַ האָט געוואָלט געהן צוריק, איז שוין געווען כמעט אונמעגליך, און זי האָט זיך געטראָגען מיט'ן קינד קעגען איהר איי־גענעם ווילען אַהין, וואו אַלע. אויף איהר פראַגע: וואוהין געהט מען דאָס? האָט זי בעקומען איין ענטפער פון איין אַרבייטער, וואָס איז געגאַנגען יום־טוב'דיג אויך מיט אַ קינד פון אַ יאָהר זעכס ביי דער האַנד:

— מיר געהען בעטען.

— וואָס זשע איז אַזוי פיעל סאָלדאַטען? — פרעגט איהם ווייטער' די ניאַניאַ.

— פון אונזער כבוד וועגען, אַלטיטשקע, פון אונזער כבוד וועגען!

אַזוי ענטפערט איהר דער אַרבייטער און ווערד פערטראָגען מיט דער חוואַליע מענשען דורך איין אַנדער חוואַליע, און די אַנ־דערע חוואַליע ווערד פערשוואונדען דורך אַ דריטער חוואַליע מענ־שען. און די אַלטע ניאַניאַ האַלט־צו מיט דער לינקער האַנד זיוזיאַ'ן און מיט דער רעכטער האַנד צלמ'ט זי זיך און רופט יעזוס'ען צו הילף. דאָס האַרץ זאָגט איהר נעבאַך, אַז זי איז דאָ נישט גוט אריין, זעהר נישט גוט... און זי שטעלט זיך אָפּ, די אַלטע ניאַניאַ, מיט'ן קינד, ביי דער גרויסער בריק, און נעמט דאָס קינד אויף די הענד, און זי דערזעהט הייליגע בילדער טראָגט מען, און אַ גלח געהט גלח'יש אָנגעטהאָן, און הייליגע ליעדער, הערט זי, זינגט מען, — צלמ'ט זי זיך, די אַלטע, און רופט יעזוס'ען צו הילף.

— וואָס איז דאָ, ניאַניאַ? — פרעגט ביי איהר זיוזיאַ און קוקט זיך איין מיט זיינע טיעפע בלויע אויגען איז דעם ים פון קעפּ.

— בעטען געהט מען, קינד מיינס.

נאָר זיוזיאַ דערהערט פּלוצים — מע שיסט; פרעגט ער ביי דער ניאַניאַ, וואָס זאָל דאָס בעדייטען, וואָס מע שיסט? ענטפערט איהם די אַלטע, אַז ס'איז אַ מנהג, אַלע יום־טוב שיסט מען...

און זיוזיאַ קוקט זיך איין מיט זיינע טיעפע בלויע אויגען און זעהט, ווי מענשען לעגען זיך, פרעגט ער ביי דער ניאַניאַ, וואָס זאָל דאָס בעדייטען, וואָס מענשען לעגען זיך? ענטפערט איהם די אַלטע, אַז ס'איז אַ מנהג, אַז מע בעט, דאַרף קען קניען... און זיוזיאַ קוקט זיך איין מיט זיינע טיעפע בלויע אויגען און זעהט, ווי מענשען פאַלען, פאַלען... פרעגט ער ביי דער ניאַניאַ, וואָס זאָל דאָס בעדייטען, וואָס מענשען פאַלען? און איידער די אַלטע ענטפערט איהם, דערפיהלט זי אַ זעץ פון הינטען, אַ קלאַפּ פון פאָרענט און אַ דריקעניש, אַ שטיקעניש פון אַלע זייטען. און זי דערזעהט, ווי מענשען לויפען, שטופּען זיך, שפּרינגען איינס איבער דאָס אַנדערע, און זי דערהערט אַ מאָדנעם הילך, אַ געשריי, אַ געוויינעריי מיט אַ קוויטשעריי, מיט אַ הוקען, מיט אַ טיוקען און מיט אַ פייפען, און זי צלמ'ט זיך, די אַלטע, און רופט יעזוס'ען צו־הילף. און מיט דעם זעלבען כח, מיט דעם זעלבען שטראָם, וואָס עס האָט זי געבראַכט אַהער צו טראָגען, טראָגט דאָס זי צוריק, און זי האַלט דאָס קינד צוגעדריקט צום האַרצען, און זיוזיאַ האַלט זיך מיט ביידע הענדלעך ביי דער ניאַניאַ'ס האַלז, קוקט צוריק און הערט ניט אויף צו פרעגען קשיות: לּמאַי מע לויפט, לּמאַי מע שרייט, לּמאַי מע שטופּט זיך, לּמאַי מע וויינט? און די אַלטע קאָן איהם נישט ענטפערען דערויף גאָר נישט... זי פיהלט, אַז ניט די פיס איהרע, נאָר די מענשען טראָגען זי. וואוהין — ווייסט זי ניט. און אָט האָבען זיך אַריינגעשניטען אין דעם שטראָם פון מענשען גרויסע געזונדע פערד מיט ברייטע הינטענס און טרעטען אויף די מענשען... און סאָלדאַטען זיצען אויף די גרויסע געזונדע פערד מיט מורא'דיגע פּנים'ער און מיט בלויזע שווערדען און מע שיסט, און מענשען פאַלען, פאַלען... און זי דערהערט, די אַלטע ניאַניאַ, אַ זעץ פון אויבען, און אַ מאָדנער קוויטש רייסט זיך אַרויס פון זיוזיאַ'ן, און ער לאָזט אָפּ איהר

האלז, און בויגט אַן דאָס קעפּעל אַראָפּ, אַראָפּ. און אַ וואַרעם פלי־סיגקייט דערפיהלט זי אויף איהר האַלז, און בלוט, דערזעהט זי, גיסט זיך פון איהר האַנד אַראָפּ, און זי ווייסט נאָך ניט וועמעס בלוט דאָס איז, און זי זעהט ניט, אַז זיוזיא'ס קאָפּ איז צעהאַקט, צעשפּאַלטען, און עס ווערד איהר פינסטער אין די אויגען, און זי פאַלט אַנידער מיט'ן טוידטען קינד אויף דעם ווייסען קאַלטען שניי, וואָס איז פערפאַרבט מיט רויטען אומשולדיגען בלוט...

אָט אַזוי האָט זיך אָנגעהויבען דער דאָזיגער זונטאַגדיגער טאָג, וואָס איז פערבליבען אין דער רוסישער היסטאָריע אונטער'ן נאָ־מען „דער רויטער זונטאַג"...

— — — — — — — — — —
— — — — — — — — — —

## קאַפּיטעל יא.

## טאַמאַראַ בעפרייהט.

תחילת איז פאַר טאַמאַראַ'ן געוועזען איהר אַרעסט אַ שטיקעל בעפריעדיגונג, מען קאָן זאָגען, אַ מין הנאה, אַ גדלות, וואָס זי איז לייטענגלייך, זיצט גלייך מיט מאַשאַ'ן און מיט אַלע אַנדערע פּאָ־ליטישע... איהר איז מעהר אָנגעגאַנגען, וואָס וועלען זאָגען אַנדערע וועגען איהר זיצען, איידער דאָס, וואָס טאָמער וועט זי דאַרפען אָפּזיצען דאָ אַ קורצע צייט. דאָס איז געוועזען אַ צייט פון מלחמה, די גאַנצע לופט איז געוועזען פול מיט „קאַמף", און ס'איז געוועזען כמעט אַ בזיון, אַ מיידעל זאָל זיצען אין פּעטערבורג, אין זינען האָבען גאָר לערנען תורה לשמה און טהון זאָל זי גאָר ניט... וואָס ווייטער האָט איהר אָבער דאָס זיצען אָנגעהויבען זיך צועסען, און מעהר פון אַלמדינג דאָס, וואָס זי ווייסט ניט, אייגענטליך, פאַר וואָס זי זיצט... און זי האָט גענומען טרעפען, איבערלעגען אין זכרון, ווען און אויף וואָס פאַר אַ פערזאַמלונג זי איז געוועזען? און געוועזען איז זי אויף אַ סך פערזאַמלונגען. יענעם ווינטער איז ניט אוועקגעגאַנגען אַ טאָג אָהן אַ פערזאַמלונג... דאָס איינציגע, פון וואָס

זי האָט יסורים געהאַט, איז געווען — טאָמער זיצט זי איבער איהר נאָהענטער בעקאַנטשאַפט מיט ראָמאַנענקאָ'ן, און ווער ווייסט, וואו ער איז און וואָס מיט איהם איז?...

נאָר אָט האָט מען זי אַרויסגערופען און אויסגעפרעגט, וואָס ווייסט זי וועגען מרים גיטעל באַשעוויטש? טאַמאַראַ האָט דערויף געענטפערט, אַז וועגען מאַשאַ באַשעוויטש קאָן זי זאָגען נאָר דאָס, אַז זי איז מיט איהר פון איין שטאָדט, האָט געענדיגט מיט איהר איין גימנאַזיע, געוואָהנט מיט איהר די לעצטע צייט אינאיינעם אויף איין קוואַרטיר, — און ווייטער ווייסט זי גאָרנישט ניט. דער־נאָך האָט מען זי אַרויסגערופען נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל — און אַלץ וועגען מרים גיטעל באַשעוויטש; און סוף כל סוף האָט מען זי אַרויסגעלאָזט.

ווי איינער, וואָס שטעהט אויף פון אַ לאַנגען שלאָף אָדער אַ שלאַפקייט, אַזוי האָט זיך געפיהלט טאַמאַראַ שאַסטעפאַל, אַז זי איז געשטאַנען אויף דער פרייער לופט, אונטער'ן פרייען הימעל, בעפרייעט פון דער גערדיכטער געשטיקטער טורמע־אַטמאָספערע. אַ נייע וועלט! אַ נייער הימעל! נייע לופט! אַ נייע הויט אויף איהר! זי איז פריי! פריי! פריי!

טאַמאַראַ שאַסטעפאַל האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף דער ערש־טער דראָזשקע, וואָס זי האָט דערזעהען פאָהרען, און האָט זיך גע־הייסען פיהרען. די רעזידענץ־שטאָדט האָט נאָך אויסגעזעהן, ווי אַ שלאַכט־פעלד, וואָס דער פיינד האָט דאָס איבערגעלאָזט און איז אַוועקגעגאַנגען ווייטער... אויף דער „מאָיקע“, אויף „יעקאַטערי־נינסקי קאַנאַל“ און ערטער־ווייז אויף „ניעווסקי פראָספעקט“ האָט מען געקאָנט זעהען וואו־ניט־וואו שפּאַציערען פּאַטרולען און קאָ־זאַקען, צופוס און אויף פערד. עס איז שוין געווען ניט פריה, און קיין עלעקטריע האָט מען נאָך נישט געזעהען אין ערגיץ. די פּרעכ־טיגע שטאָדט פּעטערבורג איז געווען ווי איינגעטונקען אין אַ פינס־טערניש און בעדעקט מיט אַ טרויער. טאַמאַראַ האָט געוואוסט נאָך

אין אוטשאסטאק, אז אין שטאָרט טהוט זיך עפּיס; זי האָט נאָר נישט געקאָנט וויסען, וואָס עס טהוט זיך... אַלע מאָל האָט זי געזעהען דורכ'ן קליינעם איינציגען פענסטערעל, ווי עס ווערען געבראַכט פאַרטיעסוויז ארבייטער און סטודענטען. זי האָט גע־רעכענט, אז ס'איז פּאָרגעקומען איין אויסערגעוועהנליכע דעמאָנס־טראַציע, און עס האָט איהר שטארק באַנג געטהאָן, וואָס זי האָט נישט געקאָנט זיין אויף דער שמחה... וואָס ווייטער האָט זי אָבער ארויסגעזעהן אַלץ מעהר סימנים פון אַ געשלעג, און זי האָט זיך אריינגעלאָזט אין אַ שמועס מיט'ן איזוואָזטשיק. נאָך גאָר אַ יונ־געל פון אַ יאָהר זיעבעצעהן־אַכטצעהן, מיט אַ היטשקעלע און מיט אַ צו גרויס היטעל, וואָס פאַלט איהם אַלע מאָל אויף די אויגען, אַזוי אַז ער מוז דאָס אַלע מינוט געבען אַ רוק־ארויף.

— וואָס איז דאָ פּאָרגעקומען? — פרעגט זי ביי'ם איזוואָז־טשיק.

— גאָרנישט, בארישני, איז פאָרגעקומען! — ענטפערט ער איהר מיט אַ שאַרפער קינדערשער שטימע און טהוט אַ רוק־ארויף דאָס גרויסע היטעל. — מע האָט נאָר דורכגעבויקערט אַביסעל אונ־זערע ברידער, דורכגעבראָכען די ביינער. — לעגט ער צו מיט אַ שמייכעל.

— פאַר וואָס?

— פון וואַנען זאָל איך וויסען? מע זאָגט, אַז דערפאַר, וואָס מענשען זענען געגאַנגען בעטען.

— נו?

— נו, האָט מען זיי ניט געלאָזט.

— נו?

— נו, האָט מען אָנגעשיקט אויף זיי קאָזאַקען מיט דראַגונער...

— נו?

— האָבען זיי גענומען לעגען און לעגען, לעגען און לעגען!...—

דער איזוואָזטשיק בעווייזט מיט דער האַנד, ווי אַזוי מע האָט גע־נומען לעגען.

— א סך האָט מען אויסגעלעגט? — פרעגט איהם טאמאַראַ.

— נישקשה׳דיג! — ענטפערט ער איהר און טהוט א רוק־אַרויף דאָס היטעל.

— וויפיעל? — פרעגט איהם טאמאַראַ. — צעהן מענשען? צוואַנציג? פופציג? הונדערט?...

— נעם העכער! — ענטפערט ער מיט זיין שאַרפער קינדער־שער שטימע.

— צוויי הונדערט? פינף הונדערט?

— נעם העכער!

— טויזענד?

— נעם העכער!

— צוויי טויזענד?

— נאָך העכער!

טאמאַראַ מיינט, אַז זי האָט צו טהון מיט אַזעלכען, וואָס קאָן נישט צעהלען מעהר פון צעהן. הערט זי אויף מיט איהם צו שמוע־סען און פאָהרט־צו צו איהר קוואַרטיר, צעצאָהלט זיך מיט׳ן איז־וואָזטשיק, קלינגט־אָן ביי זיך אויף דער טהיר, און עס קומט אַרוים דאָס קליינע שיקסעל מיט די גרויסע קאַרעלען, נאָר אָהן אַ געלעב־טער אויפ׳ן פּנים, ווי תמיד, און מיט שטאַרק פערווויינטע אויגען.

— וואָס האָט זיך געטראָפען? — פרעגט זי טאמאַראַ אונרוהיג.

— אונזער פּאַניטשעל!... — ענטפערט איהר דאָס קליינע שיק־סעל און קאָן מעהר נישט רעדען.

און אַז טאמאַראַ איז אַריינגעקומען און געטראָפען אַבראַם מאַרקאָוויטש מיט ראָזע׳ן מיט אַלע קינדער זיצען אין די זאָקען מיט די טוידטע פּנים׳ער אויף דער ערד, האָט זי שוין פערשטאַ־נען, וואָס דאָ איז, און זיי האָבען איהר שוין איבערגעגעבען אַלס־דינג, אַלסדינג...

* * *

שפּעטער איז זי געוואָהרע געוואָרען, אַז ראַמאַנענקאָ איז פער־שוואונדען געוואָרען — מע ווייסט ניט וואוהין... אייניגע האָבען

געזאָגט — אַרעסטירט, איניגע האָבען געזאָגט — אַוועקגעפּאָה־רען...

קאַפּיטעל יב.

## פ ו ן צ ע ר א ו ן צ אָ ר ן.

עלענד, פערזאָרגט, צעשרויפט, צערודערט און פערטראָגען איז טאַמאַראַ שאָסטעפּאַל געגאַנגען איבער פּעטערבורג, דורכגעוואָר־פען אין די געדאַנקען אַלץ, וואָס זי האָט איבערגעלעבט אין דער דאָזיגער גרויסער טומעלדיגער שטאָדט פון זינט זי איז אַהער גע־קומען ביז היינטיגען טאָג, — אַלע פּאַסירונגען, אַלע בילדער, אַלע בעגעגענישען, אַלע פּאַרשוינען: זיוזיאַ, ראַמאַנענקאָ, מאַשאַ... נאָר איין בילד, נאָר איין פּאַרשוין איז איהר אַרויסגעפלויגען פון'ם קאָפּ, גליך ווי ער וואָלט גאָר קיינמאָל אויף דער וועלט ניט געווען: און דער דאָזיגער פּאַרשוין האָט פון טאַמאַראַ'ן געטראַכט, עס קאָן זיין, מעהר פון אַלע אַנדערע. דאָס איז געווען דער סטודענט סאַשאַ סאַפּראָנאָוויטש, — און ער איז דאָס איהר איצט געקומען אַקעגען מיט אַ פריינדליך שמייכעל אויף די ליפּען און מיט אַ רויטליכען פאַרב אויף די בעקלעך, וואָס האָבען, אַפּנים, געוואָלט קאָנקורירען מיט די רויטע האָר פון'ם קאָפּ און מיט'ן רויטען בערדעל, וואָס סאַשאַ האָט זיך די לעצטע צייט פערלאָזט.

פון סאַשאַ'ס פּנים איז געווען אַרויסצוזעהען, ווי ווייט צופריע־דען און גליקליך דער מענש איז, וואָס ער האָט זיך בעגעגענט מיט דער, וואָס ער זוכט, וואָס ער וויל און וואָס ער בעגעהרט.

— קיינמאָל טרעפט מען אייך ניט אין דערהיים!...

אַזוי זאָגט צו איהר סאַשאַ, און טאַמאַראַ איז איצטיגס מאָל צופריעדען, וואָס זי האָט זיך בעגעגענט מיט סאַשאַ'ן, און זי דער־צעהלט איהם אויס, ווי אַ גוטען פריינד, אַלסדינג, וואָס זי האָט איבערגעלעבט פאַר דער צייט: די געשיכטע מיט מאַשאַ באַשע־וויטש, וואָס איז אַוועקגעפאַנגען געוואָרען, און די געשיכטע פון איהר אייגענעם אַרעסט דערצעהלט זי איהם מיט אַלע איינצעלהייטען

און מיט אַלע קלייניגקייטען און מיט אַלע בעגעגעניששען און טרע־פענישען, און די גרויסע טראַגעדיע פון׳ם קליינעם זיוזיא דערצעהלט איהם טאַמאַרא. זי קאָן ניט צוזעהען דעם צע פון דער מוטער. יעדער טאָג זיין דאָרטען אין שטוב קאָסט זי געזונד...

דאָס איז אָבער נישט אמת: נישט דאָס איז די הויפּט־סבה פון איהר דערשלאָגענקייט. די הויפּט־סבה בעדאַרף מען זוכען ער־גיץ אַנדערש... טיעפער... סאַשאַ סאַפּראַנאָוויטש רעדט איהר אויס דאָס הארץ, טרייסט זי, אַז קרבנות מוזען זיין. אָהן קרבנות קאָן מען צו קיין אידעאַל נישט גרויכען... און ער ברעננט איהר טוי־זענד ראיות, ווי אַלע מאָל, פון דער אידישער געשיכטע, און ער לייענט איהר פאַר אַ גאַנצע לעקציע פון דער אַלטער אידישער היס־טאָריע און לאָזט אויס מיט די ווערטער: די אידעע פון יושר, פרייהייט, גלייכהייט און גערעכטיגקייט — דאָס אַלץ שטעהט ביי אונז אַזוי הויך, אַז אַפילו אין די תפלות ווילען די אידען איינרע־דען גאָט, אַז ער פיהרט זיין וועלט מיט יושר און מיט גערעכטיג־קייט; און וואָס פאַר אַ געטליכע גערעכטיגקייט וואָלט דאָס געווען, ווען ניט אַלע מענשען זאָלען זיין גלייך?

ווי בוימעהל האָט זיך סאַשאַ סאַפּראַנאָוויטש צעגאָסען אין זיין רעדען מיט פרייליין שאַסטעפּאַל. עס האָט זיך איהם אויסגע־דאַכט, אַז שוין לאַנג האָט זי נישט אויסגעהערט איהם מיט אַזא אינטערעס, ווי היינט. טאַמאַרא האָט איהם דוקא איצטיגס מאָל געהערט אַ סך ווינציגער ווי אַלע מאָל; אַצינד איז איהר קאָפּ גע־ווען דוקא ווייט פון דאַנען... מיט איין אויהער האָט זי אויסגעהערט דעם דאָזיגען סטודענט, דעם פערברענטען אידישען נאַציאָנאַליסט— און האָט איהם מקנא געווען, אַזוי ווי זי האָט מקנא געווען איהר חבר׳טע מאַשאַ באַשעוויטש, וואָס יענע איז אַ טהוערין, און זי נישט...

אין דער גאַנצער צייט, וואָס די יונגע לייט האָבען זיך געפונען אין פּעטערבורג, האָבען זיי זיך זעלטען־ווען בעגעגענט. און אַז זיי האָבען זיך בעגעגענט, האָט טאַמאַרא קיין צייט ניט געהאַט צו

פערברענגען מיט סאשא׳ן מעהר אלס א האלבע שעה. און אלע מאל האט זיך סאפראנאוויטש אומגעקעהרט צו זיין טעמע: אידענטום, די אידישע היסטאריע, די אידישע שפראך. דערהויפט פלעגט ער איהר שטענדיג פירהאלטען, למאי זי לערנט ניט קיין אידיש. „פאר וואס לערנען מיר אלע פרעמדע שפראכען, — פלעגט ער צו איהר טענה׳ען — נאר מיט אונזער אייגען לשון שעמען מיך זיך?"... טאמארא פלעגט איהם דערויף ענטפערען מעהר ניט נאר אויף אפטשעפען זיך: וואו קאן זי דא, אין פעטערבורג, לערנען אידיש? ווער וועט זיך אונטערנעמען?... „לאז זי נאר זאגען — ענטפערט איהר דערויף סאפראנאוויטש — לאז זי נאר זאגען, אז זי וויל לערנען די שפראך, וועט זיך שוין געפינען אזעלכער, וואס וועט מיט איהר לערנען"...

קוים וואס מע שטויסט זיך, אז דאס מיינט ער זיך! איז אבער טאמארא שטענדיג פערנומען... ניטא קיין צייט... געשעפטען... „פ ר ע מ ד ע ג ע ש ע פ ט ע ן" — רופט עס אן סאפראנאוויטש און ברענגט איהר א פסוק פון שיר־השירים:

שמוני נוטרה את הכרמים —
כרמי שלי לא נטרתי...

„מע האט מיך געמאכט פאר א היטערין איבער וויינגערטנער — מיין אייגענעם וויינגארטען האב איך ניט פערהיט"...

דעם דאזיגען פסוק האט ער איהר איבערגעחזר׳ט עטליכע מאל, אזוי אז זי האט דאס שוין אויסגעלערענט אויסוועניג.

טאמארא האט ליעב געהאט אפשפעטען פון דעם רויטען סטודענט, דעם פערברענטען נאציאנאליסט. זאגט זי צו איהם אויך איצט מיט א געלעכטער:

— ווי אזוי זאגט איהר דארט? „מע האט מיך געמאכט פאר א היטערין אויף פרעמדע גערטנער — מיין אייגענעם גארטען האב איך פערלאזט"...

— ניט איך זאג, — ענטפערט איהר סאפראנאוויטש — דאס האט געזאגט אמאל שלמה המלך אין זיין שיר־השירים. אך,

פרײלײן שאַסטעפּאַל! עס װאָלט שױן צײט געװען, איהר זאָלט אַביסעל בעסער װיסען אונז׳ערע אײגענע ליטעראַרישע װערטהען... װילט איהר, װעל איך אײך עפּיס װײזען אַ זאַך, װאָס װעט אײך געפעלען. דאָס איז אַ פּאָעמע, אַ בלוטיג געזאַנג, נו, אַ פּאַגראָם־ליעד פון... פון אײנעם אַ בעריהמטען אידישען דיכטער... איך װעל עס אײך לײענען אין אונזער אַלטער קלינגענדיגער שפּראַך — און טאַקי באַלד איבערזעצען עס אײך, איהר זאָלט עס פערשטעהן.

און סאַשאַ סאַפּראַנאָװיטש װאַרט ניט ביז מע װעט איהם שטאַרק בעטען, נעמט אַרױס פון בוזעם־קעשענע עטליכע בלעט־לעך, אױסגעריסען פון אַ ביכעל, און לײענט הױך, אױף אַ קול, די שטאַרקע מעכטיגע סטראָפען פון שטאַרקען מעכטיגען ליעד, װאָס האָבען ניט (אַזױ מײנט סאַפּראַנאָװיטש) קײן גלײכען אין דער װעלט־פּאָעזיע, אין דער שענער קלינגענדיגער שפּראַך, װאָס האָט ניט (אַזױ מײנט סאַפּראַנאָװיטש) איהר גלײכען אין דער װעלט־ליטעראַטור! און ער שפּריצט בשעת ער לײענט, און ער זעצט־איבער איטליכס װאָרט צוליעב טאַמאַראַ׳ן, און ער מאַכט מיט די הענד, אַפּנים, זי זאָל בעסער פערשטעהן, און ניט אײן פער־בײגעהער שטעלט זיך אָפּ אױף׳ן טראָטואַר בעטראַכטען דאָס פּאָרעל.

...פון שטאָהל און אײזען, קאַלט און האַרט און שטום,
שמיעד־אױס אַ האַרץ פאַר זיך, דו מענש, און קום!
קום געה אין שחיטה־שטאָדט, זאָלסט זעהען מיט דײנע אױגען,
זאָלסט אָנטאַפּען מיט דײנע אײגענע הענד,
אױף צױמען, סלופּעס, טױערען און װענד,
אױף שטײגער פון דער גאַס, אױף אַלע העלצער,
דאָס שװאַרץ־פערטריקענט בלוט מיט די געהירען
פון דײנע ברידער׳ס קעפּ און העלזער.
און אומבלאָנזען זאָלסט דו צװישען הורבות,
דורך װענד צעבראָכענע מיט אױסגעקרימטע טהירען,
פערבײ צעשטירצטע אױװענס, האַלבע קױמענס,

ענטבלויזטע שווארצע שטיינער, האלב־פערברענטע ציגעל,
וואו פייער, האק און אייזען האבען נעכטען
אויף דער בלוט־חתונה א ווילדען טאנץ געשפיעלט...

טאמארא שאסטעפאל הערט זיך איין אין די ווערטער. איהרע שענע גרויסע שווארצע אויגען זענען ערנסט. און סאשא מישט־אי־בער א בלעטעל פון דער בלוטיגער פאעמא און לייענט ווייטער מיט דעם זעלבען נוסח און מיט נאך מעהר היטץ:

... אנטלויפסט? אנטלויף!
בעהאלט זיך אין א הויף!
אומזיסט!...
אט איז א בערגעל מיסט!
דא האט מען צוויי געטוידט: א אידען מיט א הונד...
אין מיטען הויף האט נעכטען זיי איין האק געקעפט,
און היינט האט זיי אהער איין שווין פערשלעפט,
געשנארכט, געגריבעלט זיך אין זייער אויסגעמישטען בלוט...
שא, מארגען וועט א פרישער רעגען קומען
און אפשווייינקען דאס בלוט אין רינשטאק, ס'זאל ניט שרייען
צום הימעל „גוואלד!” פון מיסט ארויס; און אפשר
איז שוין דאס איינגעזונקען אין דעם תהום דעם שטומען
און זויגט די דערנער אן ביי א פלויט א קרומען,
און מארגען וועט די זונן, ווי היינט, ווי נעכטען,
ווי אלע טאג, א ליכטיגע ארויסגעהן
פון מזרח זייט, געמינערט ניט א האר נישט,
און שא, און שטיל, און גלייך ווי גאר נישט...

און טאמארא'ס שענע שווארצע גרויסע אויגען ווערען נאך גרעסער און נאך שענער, און זי דערמאנט זיך אינ'ם „זונטאג”, וואס דא אין פעטערבורג, וואס זי אליין האט איהם ניט בייגע־וואהנט, נאר אנגעהערט זיך פון אנדערע, און זי רופט זיך אן צו סאשא'ן:

— ווי אזוי הייסט ער, אייער פאעט?

— מ י י ן פּאָעט — ענטפערט איהר סאשא מיט א ביטער שמייכעלע — הייסט ביאַליק, חיים נחמן ביאַליק.

— אַט דער ביאַליק איז אַ פּאָעט! אַ דיכטער!... אנו, לייענט נאָך אַביסעל.

אודאי דאַרף מען סאשא סאפּראָנאָוויטש בעטען, ער זאָל לייע־נען ביאַליקען נאָך אביסעל! סאשא טהוט איהר די טובה, מישט נאָך אַ בלעטעל פון דער דאָזיגער בלוטיגער פּאָעמאַ און לייענט ווייטער:

אוּן דו פערגרייסט דעם קאָפּ — ניטאָ קיין הימעל!
אַ דאַך, אַ שטומער דאַך מיט שווארצע שינדלען;
אַט הענגט אַ שפּין — געה פרעג דעם גרינעם שפּין,
ער האָט אַלסדינג געזעהען, ער איז איין עדות,
איין לעבעדיגער עדות אויף דעם בוידעם.
לאָז ער זשע דיר דערצעהלען אַלע מעשיות:
אַ מעשה פון אַ בויך מיט פעדערען געפילט,
פון נעזלעכער מיט נעגעל, קעפּ מיט האמערס,
פון מענשען נאָכ׳ן קוילען, קאָפּ אראָפּ, ווי געננז,
צום באַלקען פונ׳ם בוידעם אויפגעהאנגען,
און פון אַ קינד איין איינגעשלאָפענס מיט זיין מאַמעס
צעשפּאַלטענער און טוידטער ברוסט אין מיילכען,
און נאָך אַ קינד אַ לעבעדיגס צעריסען
אין איינעם מיט זיין לעצטען שריי אויף צווייען —
אַ האלבער מאַ... !

און טאַמאַרא דערמאָנט זיך אין זיוזיא׳ס טוידט, וואָס די אַל־טע ניאַניאַ האָט איהר דערצעהלט, און עס שטעלען זיך איהר טרע־רען אין די אויגען. און סאשא מישט איבער נאָך אַ בלעטעל פון דער בלוטיגער פּאָעמאַ און לייענט ווייטער:

אַרוּיס־קריך, מענש, קום ווייטער, ב׳וועל דיר ווייזען
בעהאַלטענישען — שטאַלען פון חזירים,
און זעה מיט דיינע אויגען אַלע מיסטען,

וואו דיינע ברידער, חשמונאים׳ס יורשים,
די אייניקלעך פון אייביגע קדושים,
אין יעדער לאַך צו דריי מנינים האָבען
אין יענעם שחיטה־טאָג זיך אויסבעהאַלטען...
איצט געה אַראָפּ אין טהאָל, דאָרט גרינט אַ גאָרטען.
אין גאָרטען שטעהט אַ שטאָל, די טוידטע שטאָל, —
עם ליגען דאָ אין שטאָל צעוואָרפען רעדער,
צעבראָכענע, מיט בלוט און מאַרך פערשפּריצט,
מיט שפּיצען אָפענע און אויסגעשטרעקטע,
ווי פינגער מערדערישע צו עמיצענס אַ האַלז.
ווארט־אויס, פארנאכט, ווען פייערדיג און בלוטיג
וועט אונטערגעהן אין מערב־זייט די זונן —
זאָלסט דו זיך שטיל אריינ׳גנב׳ענען אין שטאָל
און ווער פארפאַלען דאָרט אין תהום פון שרעק...

— נו, און ווייטער? קיין איינציגער ליכטיגער שטראהל? קיין איינציגער פריילִיכער אקקאָרד? קיין ברעקעל האָפנונג אויף מאָר־גען?...

אַזוי זאָגט טאַמאַרא שאָסטעפּאַל צו סאַשאַ סאַפּראַנאָוויטש. אַנשטאָט צו ענטפערען איהר, מישט ער איבער נאָך אַ פּאָר בלעט־לעך פון דער בלוטיגער פּאָעמא און לייענט ווייטער:

און מאָרגען געה אַרויס אין גאַס, בן־אדם,
און זעה אַ מאַרק, אַ מאַרק פון לעבעדיגען בראָכוואַרג!
דערשלאָגענע, האַלב־טוידטע מענשען־ווערים,
צעבראָכענע און אויסגעקרימטע רוקענס,
פערוויקעלטע אין שמאַטעס הויט און ביינער,
מיט קינדער וויסטע קאַליקעס, מיט ווייבער,
צום טוידט פערמאַטערטע און איינגעדאַרטע,
אַ הײשעריק, סוף־זומערדיגע פליגען,
בעפאַלען טיר און טויער, אַלע פענסטער,
בעלאַגערען די שוועלען פון הייזער

און שטרעקען־אויס, געלערענטע־צו־בעטלען, קרומע הענד
מיט אויפגעדעקטע רינענדיגע וואונדען,
און יעדערער שרייט־אויס זיין פעקעל סחורה,
פעררייסענדיג די לויזע אויגען צו די פענסטער,
אַי קנעכט, ווי הינד געשלאָגענע צום בעל־הבית:
אַ גראָשען פאַר אַ וואונד! אַ גראָשען פאַר אַ ג׳ונד!
אַ גראָשען פאַר אַ טאָכטער אַ געשענדטע!...

— אָט דאָס איז דער טרייסט? אַ שענע פערספעקטיווע! אַ גלענצענדע צוקונפט פאַר אַ פאָלק! — זאָגט טאַמאַראַ, און סאַשאַ לייענט ווייטער:

צום בית הקברות מיט די טאָרבעס, שלעפער!
אהינצו געהט, גראָבט־אויס די ווייסע ביינער
פון אייערע קדושים׳ס פרישע קברים.
שטאָפט אָן די טאָרבעס, יעדערער זיין טאָרבע,
און לאָזט זיך אין דער וועלט אריין, און שלעפט זיך
פון שטאָדט צו שטאָדט, וואו ערגיץ אַ יריד,
און אונטער אַלע פרעמדע הויכע פענסטער
זינגט הייזעריגע בעטלערשע ניגונים — — —

— שוין זשע קיין שום האָפנונג אויף שפעטער, אויף אַמאָל? שוין זשע קיין שום וואונק אויף נקמה?

אַזוי זאָגט טאַמאַראַ שאָסטעפאַל, און די גרויסע שענע אויגען איהרע ברענען... און סאַשאַ, אַנשטאָט צו ענטפערען איהר, מישט ער איבער נאָך אַ בלעטעל פון דער בלוטיגער פּאָעמאַ ביאַליק׳ס און לייענט ווייטער:

...אַ וויסטער מדבר איז זיין האַרץ געוואָרען;
קיין איינציג גרעזעל האַס, קיין קערנדעל נקמה!
דו הערסט? זיי קלאַפּען זיך אין ברוסט „אַשמנו“!
זיי בעטען, איך זאָל זיי די זינד פערגעבען...
צי זינדיגט דען אַ שאָטען אויף די וועגד —
אַ שאַרבען אַ צעבראָכענער, אַ טויטער וואָרעם? —

וואָס בעטען זיי? וואָס שטרעקען זיי די הענד?
אַ פּויסט וואו איז? וואו איז אַ גרויסער דונגנעה,
וואָס זאָל זיך אָפּרעכענען פאַר אַלע דורות,
און איינלעגען די וועלט, צעררייסען הימלען,
מיין שמוהל, מיין כסא־כבוד איבערקעהרען!...

— אַ? דאָס איז ווערטער!—רופט אוים טאַמאַרא מיט בעגייס־טערונג. — אייער ביאַליק איז אַ דיכטער! אַ גרויסער דיכטער!!

— מיין ביאַליק איז אויך אייער ביאַליק! — זאָגט איהר סאַשאַ. און דאָ ציהט זיך אַוועק ביי זיי אַ שמועס, וועגען דאָס אידישע פאָלק און וועגען זיינע האָפנונגען, און וועגען זיינע אויסזיכטען, און וועגען זיינע נביאים, און וועגען משיח'ן.

— גלויבט איהר אין משיח'ן אויך? — פרעגט איהם טאַמאַרא.

— געוויס! — ענטפערט איהר סאַשאַ און איז גליקליך, וואָס ער האָט אַ טהעמאַ צו דיסקוטירען מיט טאַמאַרא'ן, און ער גיט איהר צו פערשטעהן, וואָס ער מיינט משיח, און ערקלעהרט איהר, פאַר וואָס משיח קאָן נישט קומען. ער וויל זי איבערצייגען, אז אין אַזאַ צייט, ווען אין אַ פאָלק קומען פאָר אַזוי פיעל שפּאַלטונגען, קאָן נישט קומען משיח. משיח קאָן קומען נאָר דעמאָלט, ווען אַלע זאָלען איהם וועלען הערען און אַלע זאָלען איהם וועלען פערשטעהן... משה רבינו, צום ביישפּיעל, קאָן איצט ביי אידען נישט אויסנעמען דערפאַר, ווייל עס עקזיסטירט ניט קיין גאַנץ אידיש פאָלק, וואָס זאָל זיין פעראייניגט און וואָס זאָל פערשטעהן, אַז נאָר אין דער פער־איינינונג איז זיין קראַפט...

און סאַשאַ איז צופריעדען מיט זיך אַליין און מיט זיין גלענ־צענדער רעדע, און ער איז זיכער, אַז איצטיגס מאָל האָט איהם געגאַלטען מעהר ווי אַלע מאָל, און ער איז איבערצייגט, אַז טאַ־מאַרא האָט איהם געהערט און ער האָט אויף איהר געווירקט, און ער פיהלט נישט קיין פראָסט, און ער שפּירט ניט, אַז עס האָט זיך אויפגעהויבען אַ ווינד פון דער „ניעוואַ", וואָס ברענט דאָס פּנים, סמאַלעט די נאָז און קריכט אין די ביינער אריין, און ער בעמערקט

נישט, אַז זיי ביידע שטעהען בּיי דער טהיר פון טאַמאַראַ'ס קוואַר־
טיר, און ער זעהט זיך אַרום ערשט דעמאָלט, ווען טאַמאַראַ טהוט
אַ ציה ביי'ם גלעקעל.

— קומט אריין, איהר זענט איין איבערגעפרוירענער! — זאָגט
צו איהם טאַמאַראַ און בעשענקט איהם מיט אַ קוק פון איהרע שע־
נע שוואַרצע אויגען, און עס ווייזט זיך איהם אויס, אַז אַ ז ו י
האָט נאָך אויף איהם טאַמאַראַ קיינמאָל ניט געקוקט...

* * *

עס איז שוין געווען ניט פריה, אַז סאַשאַ סאַפּראַנאָוויטש האָט
זיך געשליטעלט אַהיים איבער'ן סקריפּעדיגען גלאַנצענדיגען שניי,
אויף די שען־בעלייכטע גאַסען פון פּעטערבורג. פון דער „ניעוואַ“
האָט געבלאָזען אַ קאַלט שניידענדיג ווינטעל, וואָס האָט דעקוטשעט
מעהר ווי דער ברענענדיגער פראָסט, צו וועלכען די מענשען זענען
דאָרטען געוואָהנט געוואָרען. סאַשאַ'ס רויט פּנים איז געוואָרען
בלוי און די אויהערען האָבען געסמאַלעט. די נאָז האָט אויך גענוג
געליטען פון קעלט, און עס האָט נישט געהאָלפען קיין רייבען און
קיין פערשטעלען זיך און קיין הילען זיך אינ'ם וואַרעמען שמויסען
קעלנערעל פונ'ם וואַרעמען ווינטערדיגען פּאַלטאָ. נאָר וואָס פאַר
אַ ווערטה האָט דאָס אַלץ געהאַט ביי דעם גליקליכען מענשען אַקע־
גען איין וואַרעמען גוטען קוק פון טאַמאַראַ'ס שענע גרויסע שוואַרצע
אויגען, וואָס איז געווען גענוג אויף צו פערטרייבען דעם שאַרפּס־
טען ווינד, אויף אָפּצושוואַכען דעם גרעסטען פראָסט?... סאַשאַ
האָט איבערגע'חזר'ט ביי זיך נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל איטליכם
וואָרט, וואָס טאַמאַראַ האָט איהם היינט געזאָגט, דערמאָנט יעדע
בעוועגונג איהרע, יעדען קוק, — און עס האָט זיך איהם אויסגעווי־
זען, אָדער ער האָט זיך געוואָלט איינרעדען, אַז קיינמאָל איז נאָך
צו איהם טאַמאַראַ נישט געווען אַזוי גוט, אַזוי פריינדליך און אַזוי
צוגעלאָזט און נאָהענט, ווי אַצינד, און ער האָט אוועקגעפיהרט פון
דאָרט איצטיגס מאָל אַזוי פיעל האָפנונג, ווי נאָך קיין מאָל נישט
ביז אַהער!...

סוף פונ'ם ערשטען טייל.

## קאפיטעל א.

## טאטעס און קינדער.

אינ׳ם סאמע אָנהויב פון אונזער ראָמאַן, אין קאפיטאל א, האָ־
בען מיר איבערגעלאָזט איציקעל שאָסטעפּאַל און זיין ווייב שיווקע,
און אויך דעם אפּטייקער סאָלאָמאָן סאפּראָנאָוויטש, ארויסקוקען
אויף זייערע קינדער, אויף טאמאראַ׳ן און אויף סאשאַ׳ן, וואָס זענען
געפאָהרען אויף פסח אהיים.

— טאָמער וואָלסט דו זיך דורכגעפאָהרען אויפ׳ן וואָקזאַל?...
אזוי זאָגט שיווקע צו איהר מאַן איציקעל שאָסטעפּאַל און קוקט
אויפ׳ן זייגער.

— ס׳א משל! נו, וואָס זשע וועט זיין? וועט די טאָכטער,
הייסט דאָס, פריהער קומען? וואו איז דער שכל? — אזוי ענט־
פערט איהר אָפּ דער מאַן מיט א היבשער פּאָרציע ביטערניש, ווי
געוועהנליך א מאַן, בשעת ס׳איז איהם נישט גוט אויפ׳ן הארצען.
און טאקי באַלד לעגט ער זיך איבער ביי זיך אין קאָפּ, אז אפשר
איז דאָס א פּלאַן, ער זאָל זיך טאקי דורכפאָהרען צו דער באהן.
וואָס וועט ער אָנווערען? און ער נעמט אויף זיך דעם אויבערראָק
מיט׳ן שירם און לאָזט זיך געהן.

— וואוהין איז? — פרעגט איהם שיווקע.

— אין ערגיץ ניט. — ענטפערט איהר דער מאַן. — איך רע־
כען זיך דורכפאָהרען אויף א ווײַלע צו דער באהן, זעהען וואָס איז
די מעשה, וואָס אזוי שפּעט...

— האָב איך דאָך דיר נאָך פריהער געזאָגט דאָס אייגענע!

— ס'אַ משל! נו, אם כן, אַז דו האָסט געזאָגט, איז וואָס? וואָס האָב איך דאָ פאַרשפּעטיגט?

און איציקעל שאָסטעפּאַל האַפּט אַ דראָזשקע און לויפט צו דער באַהן.

דאָס זעלבע האָט געטהאָן אויך דער אַפּטייקער סאַפּראָנאָוויטש, נאָר אָהן ישוב הדעת מיט'ן ווייב, פּשוט מחמת דעם, וואָס ער איז שוין פופצעהן יאָהר איין אַלמן. אונזער אַפּטייקער, ווי ער אַליין זאָגט אויף זיך, איז ניט פון די אידעלעך, וואָס לויפען חתונה האָבען דאָס צווייטע מאָל: ערשטענס, האָט ער קיין צייט ניט; צווייטענס, איז דאָ אין שטאָדט נישטאָ פאַר איהם קיין גלייכען; און דריטענס, אויף ווען ווען ווערט ער לאָזען די אַפּטייק?

אַז איציקעל שאָסטעפּאַל איז געקומען אויפ'ן וואָקזאַל, האָט ער שוין געטראָפען דעם אַפּטייקער אַרומשפּאַציערען מיט'ן שטעקעלע אין די הענד און מיט די בלויע ברילען אויף די אויגען, נאָר ער האָט זיך געמאַכט, ווי ער בעמערקט איהם ניט, און האָט זיך גענומען אויסגלייכען זיין זייגער מיט'ן גרויסען זייגער וואָס אויפ'ן וואָקזאַל. דאָס זעלבע האָט געטהאָן אויך דער אַפּטייקער; ער האָט אויך אַרויסגענומען זיין גאָלדענעם זייגער און האָט זיך אוועקגעשטעלט אַקעגען דעם וואָקזאַל־זייגער, געקוקט דורך די בלויע ברילען אַרויף און אַראָפּ, בעמערקט, אַז זיין גאָלדענער זייגער לויפט כמעט אויף אַנדערטהאַלבען מינוט. דאָס אייגענע האָט בעמערקט אויך שאָסטעפּאַל אויף זיין זייגער, אַז ער לויפט אויף כמעט פינף מינוט. די עטליכע מינוט אונטערשיעד האָבען אַרויסגערופען צווישען אונזערע צוויי שכנים איין אומגעריכטען געשפּרעך, וועלכען מיר געבען איבער פּינקטליך, נאָר מיר קאָנען נישט זאָגען גענוי, ווער פון די צוויי האָט אָנגעהויבען צו רעדען דער ערשטער.

— קיינמאָל נישט געגלויבט, אַז מיין זייגער לויפט.

— איך אודאי נישט!

— אַ חידוש, מיין זייגער געהט ריכטיג נאָכ'ן שטאָדט־זייגער.

— אפנים, פערשפּעטיגט דער פּאיעזד?
— ווי קומט דאָס, דער שנעל־צוג זאָל פערשפּעטיגען?
— עס מאַכט זיך... איהר וואַרט אויף עמיצען?
— און איהר?...

און ביידע פּאַטערס לעגען אריין די זייגערס אין די טאַשען, צעגעהען זיך, איינער אהער און דער אַנדערער אהין, געפינען נישט מעהר קיין שמועס־מאַטעריאל.

מאהלט אייך, עס רעדט זיך נאָר אזוי. זיי זאָלען וועלען, זיי זאָלען ניט זיין קיין גדלנים און קיין עקשנים, וואָלטען זיי שוין געפונען מאַטעריאל אויף צו רעדען. יעדער פון זיי וואָלט שוין געהאַט וואָס צו דערצעהלען און צו דערצעהלען. יעדער פון זיי האָט געהאַט א האַרץ פול מיט וועהטיגען, וואָס האָבען זיך געבעטען ארויסגערעדט צו ווערען, אויסגיסען זיך, נאָר יעדען פון זיי איז ניט אַנגעשטאַנען דאָס צו טהון פריהער פאַר'ן צווייטען.

„וואָס פאַר א מחותן איז מיט מיר אָט דער אָרעמער אַפּטייקער?" — האָט זיך געטראַכט שאַסטעפּאַל און געמאַכט מיט'ן שירם.

„איך האָב פיינט אָט דעם אידאַש מיט'ן שירם און מיט די שוואַרצע אויגען, וואָס קוקען גלייך אין דער נשמה אריין!" — האָט זיך געטראַכט סאַפּראַנאַוויטש דער אַפּטייקער, און ביידע האָבען זיי שפּאַציערט איבער'ן ברייטען וואָקזאַל, דער אהער און דער אהין, איטליכער מיט זיין „פּעקעל", פערבאָרגען טיעף ביי זיך אין האַרצען.

אין וואָס, אַשטייגער, האָט געקאָנט בעשטעהן איציקעל שאַסטעפּאַל'ס „פּעקעל", אז די געשעפטען זיינע, ברוך־השם, געהען גוט? ער האָט היינטיגען ווינטער געהאַט א וואָהלע טורמע, דאָס הייסט, ער איז, חס ושלום, ניט געזעסען אין טורמע, ער האָט נאָר צוגעשטעלט אהין פּראָוויאַנט, און האָט אָנגעטראָפען אויף א גוטען סמאַטריטעל, א „גוי וואָס נעמט א קערבעל"... היינט האָט ער צוגעשטעלט האָלץ אין די קאַזאַרמעס, דאָס איז אויך געווען קיין מעשה ניט פון א „פּאָדריאַד". איז אָבער „קאַזנאַ" — צופיעל הענד אוג

אַלע נעמען: דער „אונטער" נעמט, דער „אָבער" נעמט, דער קאַ־פּיטאַן נעמט, דער קאָמאַנדיר נעמט, דער אדיוטאַנט נעמט, דער גענעראַל נעמט — נעמען זאָל זיי די חלירע, וואָרום לאָ די זיי נע־מען צו דאָס געלד, נעמען זיי נאָך ארויס דאָס געזונט, — „קאַזנאַ"... הײַנט האָט ער געהאַט אַ פּאָר עסקים'לעך, לאָדענישען. איציקעל שאָסטעפּאַל, דאַרפט איהר וויסען, איז אַ איד, וואָס האָט ליעב זיך לאָדען מיט דער וועלט. בעת ער מאַכט אַ געשעפט, מאַכט ער דאָס לכתחילה אַזוי, אַז ער זאָל קאָנען נאָכדעם לאָדען זיך. אַז ער שרייבט אַ קאָנטראַקט, פערדרעהט ער איהם און פערפּלאָנטעט זיך אַליין טאַקי, נאָר אַזוי, אַז קיין צעהן אדוואָקאַטען קאָנען איהם נאָכדעם ניט אַרויספּלאָנטען. איין אדוואָקאַט האָט איהם אַמאָל גע־פרעגט: — „פּאַני שאָסטעפּאַל! דאַרפט איהר שרייבען אַליין דעם קאָנטראַקט און קומען נאָכדעם צו מיר, איך זאָל אײַך אויספּלאָנטען, אַמעהר, קומט מען לכתחלה צו איין אדוואָקאַט, וועט ער אײַך שריי־בען דעם קאָנטראַקט אַזוי, אַז איהר וועט פערשפּאָרען נאָכדעם לאָדען זיך!"

דערויף ענטפערט איהם שאָסטעפּאַל גאַנץ ערנסט:

— שרייבען אַ קאָנטראַקט ביי איין אדוואָקאַט קאָסט געלט.

— און לאָדען זיך קאָסט קיין געלט ניט?

— וואָס זאָל איך טהון? איך מוז דאָך ראַטעווען מיין געלט!

אַזוי ענטפערט איציקעל שאָסטעפּאַל און „ראַטעוועט" זיין געלד, דאָס הייסט, עס קאָסט איהם אָפּ דריי מאָל אַזוי פיעל, ער ווערד אָפּט בדיל הדל, פערלירט טויזענדער, לאָדט זיך אָפּ יאָהרען־לאַנג, קוילעט זיך אויף מעסערס, אום צו געווינען אַ פּראָצעס, און דאָס פערשאַפט איהם חיות אויף לאַנג! נצחון, אַמביציע — איז אַ גרויסע זאַך! פאַר זיין אַמביציע וועט אײַך איציקעל שאָסטעפּאַל געהן ביז'ן האַלז אין בלוט! זיינס זאָל איבערגעהן — דאָס איז נישטאָ. איציקעל קאָן זיך בעריהמען, אַז איהם האָט נאָך קיין מענש נישט גובר געווען. דער איינציגער מענש אויף דער וועלט, וואָס האָט איהר גובר געווען, איז טאַמאַרא!... נאָר וואָס זאָל מען טהון?

א טאָכטער און א בת יחידה, און נאָך א געראָטענע דערציי, און ליעב האָט ער זי דאָס חיות מיט דער נשמה, ממש עד כלות הנפש! ווי־פיעל מאָל האָט ער זיך שוין אויפגעחאַפּט אין דער פריה פונ׳ם שלאָף מלא גזלן און געהייסען פּאַקעווען דעם טשעמאָדאַן.

— וואוהין איז? — פרעגט איהם שיווקע.

— קיין פּעטערבורג!... וואָס פאַר א זיצען דאָרט? וואָס פאַר שטודיערען? וואָס פאַר קורסען? וואָס פאַר מעדיצין? וואָס פאַר דאָקטוירים? נא דיר שוין מיידלעך דאָקטוירים! טאָמער איז קאַרג!?

אזוי טענה׳ט איציקעל שאָסטעפּאַל צו זיין ווייב שיווקע, גלייך ווי זי וואָלט דאָ געווען דער גאַנצער חייב, און ער היצט זיך און ער שמיצט זיך אזוי לאַנג, ביז ער זעצט זיך אוועק שרייבען איהר א בריעף, אוים׳לומר׳ן אזוי, אז זי זאָל איהם האָבען צו געדענקען. און נעמט ער נאָר די פען אין האַנד, און שטעלט ער נאָר אוועק די ערשטע צוויי ווערטער: „בתי היקרה — טייערע טאָכטער“, אזוי געהט איהם אָפּ דער כעס, און ער דערצעהלט איהר, ווי ליעב און טייער זי איז איהם, ווי שטאַרק ער בענגט נאָך איהר, און זי זאָל איהם, למען השם, שרייבען פון איהר געזונד, און וואָס איהר פעהלט, און טאָמער דאַרף זי געלד... און עס ציהט זיך ביי איהם אזוי ווי האָניג, און עס גיסט זיך ביי איהם אזוי ווי בוימעהל, און די געפיהלען פונ׳ם האַרצען פליסען, פליסען — א מאָדנער פאָטער אָט דער איציקעל שאָסטעפּאַל!

יאָ, א מאָדנער פאָטער! עס ברענט אין איהם אודאי א פייער, וואָס ער, איציקעל שאָסטעפּאַל, דאַרף זיין איצט אויפ׳ן וואָקזאַל גלייך מיט דעם אַפּטייקער און אַרויסקוקען אויף זיין קינד, וואָס פאָהרט אודאי אינאיינעם מיט׳ן אַפּטייקער׳ס קינד פון איין שטאָדט, זיצען אודאי אין איין וואַגאָן און שמועסען!... פון וואָס קאָנען זיי שמועסען? אפשר זענען זיי שוין אזוי שטאַרק בעקאַנט, אז מע שמועסט שוין גאָר וועגען א שדוך?... א קשיא אויף היינטיגע קינ־דער!... און עס בעשלאָגט איהם אזש א שווייס פון דעם געדאַנק.

און ער הויבט אָן שפּאַנען נאָך גיכער און מאַכען מיט'ן שירם נאָך שטאַרקער, און ער טראַכט זיך:

— ווי קומט צו מיר אזא טאָכטער?...

* * *

די זעלבע קשיא, וואָס איציקעל שאָסטעפּאַל האָט געפּרעגט אויף זיין קינד, האָט סאָלאָמאָן סאַפּראַנאָוויטש געפרעגט אויף זיין קינד:

— ווי קומט צו מיר אזא זוהן?

דעם אַפּטייקער'ס געשעפטען געהען אויך ניט שלעכט. די אַפּטייק האָט זיך איהם שוין לאַנג אויסגעצאָהלט, און ער קאָן שוין אָפּלעגען אמאָל איין איבעריג קערבעל אין באַנק, און ער קלערט שוין וועגען אַ הייזעל איין אייגענס, טאַקי ניט ווייט, אויף דער זעלבער וואַסילטשיקאָווער גאַס. דאָס הייזעל געהערט צו איין אַלטער מויד אַ כריסטין, וואָס קומט אריין צו איהם אין אַפּטייק כמעט אַלע טאָג מיט אַ גרויסען הונד („העקטאָר" רופט מען דעם הונד), קויפט אַ נאַרישקייט פאַר פינף גראָשען און רעדט־אָפּ אַ האַלבע שעה און אמאָל נאָך מעהר. זי רעדט איהם צו, ער זאָל קויפען איהר שטוב מיט'ן גאָרטען, זעהר אַ טייערער גאָרטען, — וואו איז נאָך דאָ אזא גאָרטען מיט אזעלכע וויינשעל און מיט אזעלכע באַרען, מיט אזא קעלער, מיט אזעלכע שטאַהלען, ווי ביי איהר?

סאָלאָמאָן סאַפּראַנאָוויטש האָט ליעב סאַשאַ'ן און האַלט זיך מיט איהם גרויס, פערגעטערט איהם און פערשטעהט איהם ניט... ער שרייבט זיך איבער מיט זיין זוהן וועגען אַלסדינג און האָט פון איהם זעהר אָפטע בריעף, זעהר שענע בריעף, אָבער אזעלכע מאָדנע בריעף, וואָס ער פערשטעהט זיי ניט. סאַפּראַנאָוויטש פערשטעהט ניט זיין זוהן. ער האָט שוין לאַנג געוואָלט אַרויסבעקומען פון איהם, וואָס איז דאָס, וואָס ער האַלט זיך אזוי פעסט אין אידישקייט? וואָס איז דאָס? צי איז דאָס ביי איהם אַ רעליגיעזע איבערצייגונג? צי איז ער פרום געוואָרען? אויב אזוי, איז דאָס נישט מעהר ווי אַ פּסי־

כאַז (ער האָט נישט געוואָלט אָנרופען דאָס מיט'ן נאָמען „משוגעת"). האָט איהם דערויף סאַשאַ בערוהיגט, אַז עס האָט ניט צו טהון מיט רעליגיע, נאָר מיט נאַציאָנאַל־געפיהל, מיט ליעבע צום פאָלק, מיט אמת'ען ריינעם פאַטריאָטיזם...

אַ פערקעהרטע וועלט געוואָרען! סאָלאָמאָן סאַפּראַנאָוויטש, וועלכער האָט זיך אַזוי פיעל געפּלאָגט איבער בילדונג, געלעגען ער־גיץ ביי זיינע פינסטערע פאַנאַטישע עלטערען אויף אַ בוידעם און געשטודירט לאַטיין, אַנטלאָפען פון דער היים אַ באָרוויסער, געהונ־גערט און אָפּגעגעבען עקזאַמען אויף פאַרמאַציע, קוים דערלעבט ווערען אַ פּראָוויזאָר, פריהער גוט פערשוואַרצט געוואָרען איידער מע האָט איהם צוגעלאָזט צום עקזאַמען, און איצט, אַז גאָט האָט איהם געהאָלפען, ער איז שוין איין אַפּטייקער, מיט אַ נאָמען, מיט אַ רענאָמע, פערקעהרט צווישען כריסטען (פון אידען אנטלויפט ער), דאַרף ער, סאַפּראַנאָוויטש, האָבען אַ זוהן, וואָס שרייבט איהם אַזעלכע בריוולעך:

„ליעבער פאָטער! — שרייבט סאַשאַ אין איינעם פון זיינע בריוולעך צום פאָטער. — דו מוזט אָננעמען, אַז די צייטען בייטען זיך. די ראָלע פון זינגען „מה יפית" פאַר'ן פריץ איז אַריבער! די מאָדע פון קריכען אויף די קניע פאַר אַלע, וואָס איז ניט אידיש, איז אויס מאָדע"...

אין איין אַנדער בריעף צום טאַטען שרייבט סאַשאַ כמעט אַזוי:

„ליעבער פאָטער! ווילען מיר באמת געווינען די סימפּאַטיע פונ'ם רוסישען פאָלק, דאַרפען מיר זיי ניט ווייזען, אַז מיר זענען בעסער אָדער ערגער פון זיי; מיר דאַרפען זיי נאָר ווייזען, אַז מיר זענען אַזוי גוט, אַזוי ווי זיי... און דעמאָלט בין איך איבערצייגט, אַז אויב דער קאַמף, וואָס דאָס פאָלק פיהרט, וועט געראָטען, וועלען מיר ניט דאַרפען קיין זכות אבות מיט קיין רחמנות מיט קיין טובות"...

אין אַ דריטען בריעף שרייבט סאַשאַ צום טאַטען גאָר אַזוי:

„ליעבער פּאַטער! עס איז, כלעבען, אַ שאַנדע, וואָס איך בעדאַרף זיך איבערשרייבען מיט דיר נישט אויף אידיש. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך האָב ליעב די רוסישע שפּראַך מיט דער רוסישער ליטעראַטור. נאָר למאַי זאָלען מיר נישט בענוצען זיך מיט אונזער אייגענער נאַציאָנאַל־שפּראַך, אַז מיר האָבען זי? פאַר וואָס זאָלען צוויי דייטשען, פראַנצויזען אָדער פּוילען יאָ קאָנען זיך צענויפרעדען מיט זייערע אייגענע, ווען זיי קומען זיך צענויף ערגיץ אין אַמעריקאַ, אָדער וויים איך וואו, אין עק וועלט, — און מיר נישט? מיר, וואָס זענען מעהר עמיגראַנטען פון אַלע עמיגראַנטען אין דער וועלט, מיר, וועלכע עמיגרירען פון אברהם אבינו'ן אָן, דאַרפען אונזער נאַציאָנאַל־שפּראַך האָבען אַ סך נויטיגער פון אַלע אַנדערע פעלקער! שטעל דיר פאָר, ליעבער פּאַטער, אַז איך וואָלט געוואַכסען פון קינדוויַיז אויף ערגיץ אין איין אַנדער לאַנד און זאָל איצטער קומען צו פאָהרען אַהיים, וואָלטען מיר ביידע, אַ זוהן מיט אַ פּאַטער, נישט געקאָנט זיך אויפרעדען! איך בין אַ בעלן געוועזען זיך אָנפרעגען ביי מיינע דייטשע און פּוילישע חברים, אויף וואָס פאַר אַ לשון זיי שרייבען זיך איבער מיט זייערע עלטערען, האָבען זיי מיך אויסגעלאַכט און האָבען מיר געענטפערט צוריק מיט אַ פראַגע: אַט ביזט דו אַ איד, ווי אַזוי שרייבסט דו צו דיין פּאַטער, נישט אויף אידיש?... דו פערשטעהסט דאָך שוין, ליעבער פּאַטער, אַז איך בין געוואָרען נאָך רויטער, ווי איך בין"...

דער אַפּטייקער קאָן ניט פערשטעהן: ווי קומט צו איהם אַזא זוהן?... און ער בעשולדיגט זיך אליין, וואָס ער זיצט פּופּצעהן יאָהר איין אַלמן, וואָס איבער דעם איז סאַשאַ געוואַכסען אָהן אַ מוטער, זיך צענויפגעקומען און ווער ווייסט מיט וואָסערע חברים אין גימנאַזיע... און ער דערמאַנט זיך, אַז צו סאַשאַ'ן פלעגען קומען די אָרעמסטע שילער, יונגלעך אָפּגעריסענע, וואָס האָבען געלערענט פריהער אין דער „תלמוד־תורה", צווישען זיי איינער דעם שוחט'ס אָדער דעם רב'ס אַ זוהנדעל, קאָטלער אָדער קעסלער איז זיין נאָמען — ער האָט שוין פערגעסען. ער געדענקט נאָר, אַז די גימנאַזיאַלע אוני־

פאָרם האָט זיך צו דעם קאָטלער׳ען אָדער קעסלער׳ען אַזוי געפּאַסט, ווי צו אַ חזיר אַ נאָזבאַנד, אַז בסך־הכל זענען די הערעלעך ביי איהם געווען געגרייזעלט, דער רוקען אַיינגעבויגען, דאָס היטעלע פלעגט ער טראָגען תמיד אַרויף, און רעדען האָט דאָס געדערדט מיט „דער חית", אונטערגעהאָרחעלט: „סאַפּחאַנאָוויטש".. חוסקאַיאַ היסטאָחיאַ"...

„אַ חרפה און אַ בושה פאַר גויים! — אַזוי פלעגט זיך טראַכטען דער אַפּטייקער און רויט ווערען ביז אויף יענער זייט אויהערען! — אַלעמען, אַלע „אידלאַקעס", גלוסט זיך שטודירען!... אַלע קבצנים קריכען אין גימנאַזיע!"...

און אונזער אַפּטייקער איז בייז סכנות אויף די „אידלאַקעס־קבצנים", וואָס קריכען אין גימנאַזיע און ווילען שטודירען... ער האָט גאָר פערגעסען, אַז ער איז אַליין אַ „אידלאַק", אַליין געווען איין אָרעמאַנס אַ קינד, אַליין געשטודירט לאַטיין אויף אַ בוידעם...

* * *

ביי׳ם אָנקומען פון אונזערע יונגע העלדען איז דאָס בעגעגעניש געווען ניט אַזוי, ווי עס וואָלט בעדאַרפט צו זיין. עפּיס האָט דאָ געפעהלט, אַז אַלע, סאַי די טאַטעס, סאַי די קינדער, זאָלען זיך פיהלען פאָלשטענדיג גוט און באמת גליקליך. טאַמאַרא שאָסטעפאַל איז דוקא אַרויסגעפאַלען אויפ׳ן פאַטער׳ם האלז און האָט מיט איהם צעקושט זיך. סאַשאַ סאַפּראַנאָוויטש האָט זיך דוקא אויך אַרומגענומען מיט׳ן אַפּטייקער, ווי אַ זוהן בעדאַרף זיך אַרומנעמען מיט אַ פאַטער, — אָבער עס האָט ביי די ביידע געפעהלט די אמת׳ע פריינדליכקייט, די גליקליכע שמחה, די ניט־געמאַכטע התפעלות, דאָס נאַטירליכע אויפגערעגט־זיין, אַז אַלע און אַלעם זאָל זיך דרעהען פאַר די אויגען, דער קאָפּ זאָל זיין צעטומעלט, דאָס האַרץ זאָל זיין איבערפילט און עס זאָל זיך אַזש גלוסטען וויינען פאַר פרייד...

ביידע טאַטעס האָבען בעטראַכט זייערע קינדער. איציקעל שאָסטעפּאַל האָט בעטראַכט זיין טאָכטער מיט׳ן קליינעם שוואַר־

צען איינפאַך־ביליגען היטעלע (אָהן פעדערען) אויף די שענע גע־דיכטע שווארצע געגרייזעלטע האָר, מיט'ן קליינעם שווארצען ריי־זענטאַשעל, מעשה מאַנסביל, אָנגעטהאָן איבער דער הויכער ברוסט, און מיט איהרע גרויסע שענע שווארצע אויגען, וועלכע זענען איצט געווען איבערגעצויגען מיט אַ מאָדנע מעלאַנכאָלישען טרויעריגען ערנסט, און אויסגעוואכסען איז זי, אויסגעוואכסען!... און ער האָט זיך געטראַכט:

— אָט דאָס איז מיין טאָכטער?...

דאָס זעלבע האָט געטראַכט אויך דער אַפּטייקער, בעקוקט דורך די בלויע ברילען זיין סאַשאַ'ן, ווי ער איז דאָס אָביסעל אויסגע־וואכסען, ווי שען ער איז געוואָרען. מערקווירדיג: געלע האָר, אַ שפּיצעדיג געל בערדעל, איין אויסגעבויגענע נאָז, איין אמת'ע אי־דישע נאָז!... דער אַפּטייקער וויל נעמען ביי'ם זוהן דאָס געלע טשעמאָדאַנטשיקעל; סאַשאַ לאָזט נישט, ער קאָן אַליין.

— דו קענסט זיך ניט מיט אונזער שכנ'ס טאָכטער, פריילין שאָסטעפּאַל? — מאַכט סאַשאַ צום פאָטער און שטעלט איהם פאָר טאַמאַראַ'ן, וועלכע שטעלט־פאָר סאַשאַ סאַפּראָנאָוויטש פאַר איהר פאָטער און זי זאָגט צו איהם:

— דאָס איז דעם אַפּטייקער'ס זוהן. מיט'ן פאָטער ביזט דו דאָך בעקאַנט פון לאַנג?

און אַלע פיער ווייסען ניט וואָס צו טהון, ווער און וואוהין עמיצער זאָל געהן פריהער. און אַלע פיער זאָגען איינס צו דאָס אנדערע:

— נו? פאָהרען מיר?

און אַלע פיער ענטפערען איינס דעם אנדערען:

— פאָהרען מיר.

און קיינער פון די פיער ווייסט נאָך נישט, ווי אַזוי מע וועט פאָהרען, און אַז מע קומט אַרויס פונ'ם וואָקזאַל, און די טרעגער האַפּען די פעקלעך אונטער די הענד, און די עקיפּאַזשען־פיהרערס מיט די איזוואָזטשיקעס גוואַלדעווען, און די פּאָליציסטען קאָ־

מאנדרעווען, פאָהרט צו אַ פּאַעטאָן, און איידער מע קוקט זיך אַרום, ליגען שוין די פּעקלעך פון אויבען אויפ'ן פּאַעטאָן. מע דאַרף מעהר ניט ווי איין פּאַעטאָן — מע זיצט אין איין הויף, צו וואָס זאָל מען אויסברענגען אומזיסט געלד?

אין פּאַעטאָן גאַנץ אויבען זיצען איציקעל שאָסטעפּאַל און סאָלאָמאָן סאַפּראַנאָוויטש, און אַקעגען זיי, אויף אַ בענקעלע — זייערע קינדער: טאַמאַרא און סאַשאַ. און דער פּאַעטאָן קאַטשעט זיך איבער די נאָר־וואָס אָפּגעדעקטע שטיינער, און די רעדער שפּריצען די נאָך ניט צוגעטריקענטע ערב־פּסח'דיגע בלאָטע, און דאָס ווינטעל, וואָס בלאָזט, איז אַ מילד ווארעם ווינטעל, איין ערב־פּסח'דיגס, און די לופט שמעקט מיט ערב פּסח, מיט דעם בעקאַנטען ליעבען ריח פונ'ם ליעבסטען טייערסטען יום־טוב, וואָס איז ליעב יעדען אידען מיט זיין היסטאָרישער בעדייטונג, מיט זיין בעפרייאונגס־גייסט און מיט זיין צוזאַמענקומען זיך מיט דער צייט פון בענייאונג אין דער נאַטור.

— אין דרויסען שמעקט שוין מיט פּסח, — בעמערקט איציקעל שאָסטעפּאַל, נישט געפינענדיג קיין אַנדער טהעמא אויף צו מאַכען אַ רעד מיט זיין ניט־איינגענעמענעם שכן.

— עס וועט שוין באַלד אָנהויבען גרינען, — וואַרפט אַריין דער אַפּטייקער אַ וואָרט, אום ניט צו זיצען, ווי אַ ברוגז'ער מחותן.

— לעבען זאָל דער אידישער פּסח! — רופט אוים סאַשאַ מיט בעגייסטע!ונג.

— לעבען זאָל דער פריהלינג! — פערריכט איהם טאַמאַרא.

— לעבען זאָל דער יום־טוב פון בעפרייאונג! — זאָגט ווייטער סאַשאַ.

— לעבען זאָל די פרייהייט אַליין! — פערריכט איהם ווידער טאַמאַרא. און עס פערקייטעלט זיך אַ שמועס צווישען די קינדער. די עלטערען זיצען און הערען זיך איין, און בעוואונדערען זיי, יעדער לויט זיין השגה, און יעדער פון זיי טראַכט ביי זיך אין האַרצען איין אַנדער מחשבה.

— אַ קלוגע וועלט געוואָרען! — זאָגט האַלב איראָניש, האַלב מיט גדלות איציקעל שאָסטעפּאַל, און קוקט אויפ׳ן הענטעל פון׳ם שירם מיט אַיין אַפּיקורסיש שמייכעלע.

— אַ פערקעהרטע וועלט! — ענטפערט איהם דער אַפּטייקער און קוקט דורך די בלויע ברילען אַרויף, אויף די הייזער.

און דער פּאַטאָן מיט די פיער פּאַרשוינען פּאָהרט־צו מיט׳ן קנאַק גלייך צום הויז נומער 13, וואָס אויף דער וואַסילטשיקאָווער גאַס.

* * *

אָנזאָגען אַ בשורה — איז איינע פון די גרעסטע מצוות ביי אידען: עס טהוט הנאה, קיינעם שאַדט עס ניט און קיין געלד קאָסט דאָס ניט.

אז דער פּאַטאָן מיט די פיער פּאַרשוינען: איציקעל שאָסטעפּאַל מיט זיין שכן דעם אַפּטייקער, מיט זייערע קינדער טאַמאַראַ און סאַשאַ, איז צוגעפּאָהרען צום הויז נומער 13, וואָס אויף דער וואַסילטשיקאָווער גאַס, האָט דאָס די ערשטע דערזעהען נחמיה דעם שוסטער׳ס וויב זיסעל, וואָס זיצט אינ׳ם זעלבען הויז נומער דרייצעהן.

זעלבסטפערשטענדליך, אַז דעם שוסטער׳ס דירה איז אונטען, אינ׳ם סאַמע קעלער; און מחמת די פענסטער געהען אַרויס גלייך אויפ׳ן טראָטואַר, דערפאַר האָט דער שוסטער אַ גרויסען שאַנס צו זעהען יעדען דורכגעהער און יעדען דורכפּאָהרער פריהער און נעהענטער פון אַלע אַנדערע איינוואָהנער וואָס אין הויז.

— זעה נאָר, ווער איז דאָס צוגעפּאָהרען צו אונז אַזוי ברייט? — רופט זיך אָן נחמיה דעם שוסטער׳ס וויב זיסעל און פליהט אַרויס אין דרויסען, בשעת נחמיה דער שוסטער מיט זיינע צוויי בנים זענען פערטיעפט אין דער אַרבייט, שלאָגען פלעקלעך אין די נייע באָטינקעס, וואָס שיווקע שאָסטעפּאַל האָט זיך בעשטעלט לכבוד פּסח. און ביידע בנים, חיים און בעני, בויגען זיך גלייך מיט דער ערד און קוקען זיך איין אינ׳ם פּאַטאָן, פון וועלכען

סאשא איז אראָפּגעשפּרונגען דער ערשטער, נאָך איהם טאמארא, און נאָך טאמאראַ'ן שויןביידע שכנים: דער אפּטייקער מיט'ן שטעקעלע און איציקעל שאַסטעפּאַל מיט'ן שירם.

— מיר האָבען געסט! — זאָגט חיים, און בעני האַפּט איהם אונטער:

— ציוניזם, סאָציאַליזם, בורזשואַזיע און פּראָלעטאַריאַט!

— וואָס הייסט דאָס? — פרעגט דער פאָטער, און זיינע ביידע זיהן געבען איהם צו פערשטעהן, אַז דאָס זענען געקומען פיער פאַרשטעהער פון פיער פערשיעדענע פּראַקציעס. און צווישען פאָ־טער מיט די קינדער געהט אַוועק אַ שמועס וועגען ציוניזם, סאָ־ציאַליזם, קאַפּיטאַל און פּראָלעטאַריאַט, און נחמיה דער שוסטער קאָן ניט פערשטעהן, וואָס פאַר אַ פּראָלעטאַריער איז סאַפּראָנאָ־וויטש דער אַפּטייקער? אַ פּראָלעטאַריער ווערד אָנגערופען ביי'ם שוסטער איין אָרעמאַן, און איין אָרעמאַן קאָן זיין נאָר דער, וואָס האָט ניט אויף פּסח. ענטפערט איהם דערויף דער עלטערער זוהן חיים, אַז מע קאָן האָבען אויף פּסח און דאָך זיין אַ פּראָלעטאַריער.

— אַ פּראָלעטאַריער ווערד אָנגערופען יעדער, וואָס אַרבייט פאַר געלט צוליעב דער בעקוועמליכקייט פון דער בורזשואַזיע, אַזוי, אַז אַ פּראָוויזאָר איז אַלץ איינס, וואָס אַ שוסטער.

— להבדיל! — זאָגט דער פאָטער און קלאַפּט־אַריין אַ צוויאָק אין איין אָבצאַס פון אַ שטיוועל, און פונקט צו דעם וואָרט „להבדיל" קומט אָן אונזער אַלטער בעקאַנטער, דאָס פריילּיכע שניידערעל יודעל קטנתי, מיט אַ פאַרטיגען פּסוק און מיט אַ קללה נאָך אויף דער שוועל:

— על ישראל ועל רבנן — ס'זאָל אַ רוח אין זייער טאַטען אריין, אונזערע אידעלעך מיט אונזערע רבנים, די קאַזיאָ־נע מיין איך,—דאָס געה איך פון איהם טאַקי, פונ'ם ראַבינער,—דער־פאַר וואָס מע טיילט ניט קיין מעות־חטים, ווי ס'געהערט צו זיין; דעם, וואָס מע דאַרף, דעם גיט מען ניט, און ווער עס האָט אַ צד אין באָד, און ווער ס'איז אַ שטיקעל שמעלקע, דער נעמט, נעמען

זאָל זיי אַ חלירע! וואָס טויג אייך? איך האָב איהם געגעבען מ כ ל ה ב א ב י ד י — וואָס ס'איז מיר געקומען אין מויל אריין, האָב איך איהם געזאָגט, דעם שענעם רב: „ממה נפשך, זאָג איך, האָבען מיר אייך אויסגעקליבען, זאָג איך, פאַר ראַבינער אין שטאָדט, דאַרפט איהר, זאָג איך, אין זינען האָבען אָרעמע לייט, אלא ניט, זאָג איך, איז דאָך למה זה אנכי, זאָג איך, מאַכט רש"י: שאָ מיני מיקיטאַ זאַ טשולאָוויק? !"...

דעם שוסטער'ס ווייב זיסעל איז געלאָפען ארויף צו דער נגידית שיווקע שאָסטעפּאַל אָנזאָגען איהר אַ בשורה, אַז איהר טאָכטער איז געקומען, ניט מחמת זיסעל די שוסטערין איז אַזאַ גוטע פריינ־דין מיט דער נגידית'טע, נאָר פשוט ווייל ס'איז אַ מצוה ביי אידען אָנזאָגען יענעם אַ גוטע בשורה: „גאָט ליעב אייך מיט אייער גאַסט, אייער טאָכטער איז געקומען!" — האָט זי אָבער פערשפּעטיגט (דער קבצן האָט קיין גליק ניט!). די מצוה האָט אויסגעכאַפּט חוה די אידינע, וואָס איז געלאָפען צוריק פון די טרעפּ אַראָפּ.

— שוין, שוין, אומזיסט אייער טרחה! מע ווייסט שוין!...

און אַז די שוסטערין איז געגאַנגען צוריק, האָט זיך טאַמאַראַ שוין געקושט מיט דער מוטער, און די מוטער האָט געוויינט אויף דער טאָכטער'ס האַלז, זעהר שטאַרק געוויינט! זי האָט, אפּנים, געוואָלט אויסוויינען אויף דער טאָכטער'ס האַלז איהרע אַלע צרות, וואָס זי האָט דאָ איבערגעטראָגען פון דער צייט, וואָס די טאָכטער איז אוועקגעפאָרען. צרות פון בענגען, צרות פון בזיונות פאַר ליי־טען, צרות פון עלענד, צרות פונ'ם מאַן, וואָס לאָזט אוים זיין בי־טער הארץ אַלע מאָל צו איהר — און אַ קשיא וואָס אַ מאַמע קאָן וויינען!...

שיווקע שאָסטעפּאַל האָט זיך נאָך נישט אָנגעקוקט זאַט אין איהר טאָכטער, איז שוין געקומען חאַסקע דאָס שטוב־מיידעל מיט אַ נייעס:

— דער איד פונ'ם האָלץ איז דאָ, ער וויל זיך זעהען מיט טאַ־מאַראַ'ן.

— אַט האָסט דו דיר די אַנדערע טעג יום־טוב! אין דער ערד אריין! — זאָגט שיווקע.

— רוף איהם אריין! — זאָגט טאמארא און עס קומט אריין ליפּא באשעוויטש מיט'ן בעזעם־באָרד אַפּנעמען פון טאמארא'ן א גרוס פון זיין טאָכטער מאשא, און טאמארא נעמט איהם אויף זעהר פריינדליך, פיהרט איהם אריין בעזונדער אין א חדר, און זעצט זיך אוועק מיט איהם שמועסען וועגען זיין טאָכטער מאשא. און איציקעל שאַסטעפּאַל בלייבט־איבער מיט זיין פרוי שיווקע אינ־צווייען, קוקען זיך איבער אָהן ווערטער, און יעדער פון זיי לאָזט ארויס א זיפץ פונ'ם טיעפען, טיעפען הארצען...

## קאפּיטעל ב.

### פּ ס ח צ ו ם ס ד ר.

ווער איז אַט דער שענער קעניג מיט די גרויסע שווארצע אויגען, מיט דעם שענעם שווארצען געקרייזעלטען באָרד, אין די ווייסע זיידענע קליידער, מיט'ן ווייסען זיידענעם היטעלע און מיט די ווייסע זיידענע שיכלעך, וואָס זיצט אויבען־אָן אָנגעלעהנט אויף דעם עסעבעט אזוי רוהיג, און אזוי מילד, און אזוי גוט, און אזוי פריינדליך צו יעדען? זאָל דאָס זיין איציקעל שאַסטעפּאַל, דער שטענדיג פערטראָגענער, צעטראָגענער, פערהאָוועטער, פערטאָרע־ראַמטער איציקעל שאַסטעפּאַל? וואו איז אהינגעקומען זיין אונרו־היג פּנים, זיין איילעניש, זיין לויפעניש, זיינע געשעפטען מיט זיינע דרעהעניש. פערדרעהעניש און לאָדענישען מיט „קאזנא“, מיט מענשען און מיט דער גאנצער וועלט?

ווער איז אַט די פּרעכטיגע קעניגין, וואָס זיצט איהם ביי דער רעכטער האנד מיט אזא גדלות, אויסגעציערט מיט פּערעל און מיט בריליאנטען, וואָס בלישטשען און פינקלען קעגען דעם פינקעלדיגען וויין, וואָס אין די גלאנצענדיגע פלעשער, און געבען־צו איהר אמאָ־לעדיג שען פּנים אזוי פיעל חן און גדלות, אז ס'איז גאָר נישט צו

דערקענען אין איהר די שטענדיג פערזאָרגטע און פערצאָרענדיגטע שיווקע שאָסטעפּאַל, וואָס ווערד פערשווארצט ביי איהר מאַן דעם דעספּאָט אין עושר און אין כבוד?...

ווער איז אָט די גלענצענדע, מאיעסטעטיש שענע פּרינצעסין, מיט די גרויסע שענע שווארצע אויגען און מיט די גלענצענדע שווארצע געקרייזעלטע האָר, וואָס פּאַסען זיך אַזוי צו דעם ווייסען קלייד, וואָס די מוטער האָט מיט טרערען גע׳פּועל׳ט ביי איהר, זי זאָל דאָס אָנטהון האָטש איין מאָל צוליעב איהר און צוליעב דעם הייליגען יום־טוב, און זי האָט איהר צוליעב געטהאָן, נישט געקאָנט צווזעהען דער מאַמעס טרערען?...

דאָס איז געשעהן באַלד נאָך ליכטבענשען. דער פּאָטער איז נאָך געווען אין שוהל, די מוטער איז געשטאַנען איין אויסגעציערטע אין זייד, אין פּערל און אין בריליאַנטען, אקעגען א האַלב טוץ גרויסע שענע זילבערנע לייכטער, מיט איין אַלטען זיעבענרעהריגען קאַנדעליאַבר אין מיטען, מיט אויפגעהויבענע הענד צו די צוגעמאַכ־טע אויגען, געבענשט ליכט און שטילערהייד געוויינט, אַזוי שטיל און פערבאָרגען, אז נאָר ע ר אליין, גאָט ברוך־הוא, זאָל הערען... און מאַמאַרא איז זיך געזעסען ביי׳ם טישעל אָן א זייט אין איהר געוועהנליך שווארץ וואָכעדיג קלייד איבער א ביכעל און האָט גע־לייענט, און אפשר איז זי געזעסען אַזוי און האָט געטראַכט...

אָפּגעבענשט ליכט, איז די מוטער צוגעגאַנגען צו דער טאָכ־טער, אויסגעקוקאַקט זיך אַלע פינגער און אָוועקגעזעצט זיך נעבען איהר און גענומען רעדען איבער איהר, חלילה ניט געשטראָפט, נאָר אַזוי מיט גוטען אויסגערעדט זיך דאָס הארץ פּאַר איהר קינד, איהר איינציגער טרייסט אויף דער גאַנצער וועלט, איבערגעגעבען אין האַלבע ווערטער און מעהר אויפ׳ן וואונק אַלץ, וואָס זי שטעהט־אויס פון איהר מאַן... זי בעשולדיגט איהם חלילה ניט און בע־קלאָגט זיך ניט אויף איהם, הלואי זאָל איהר קינד ניט האָבען קיין ערגער לעבען, ווי זי האָט ביי איהר מאַן, נאָר א מאַן איז דאָך נישט מעהר ווי א מאַן, ובפרט נאָך אַזא פערמראָגענער בעשעפטיגטער

מענש ווי ער, וואָס לעבט אליין נישט אויף דער וועלט, אחוץ שבת און אַ חוץ יום־טוב, און וואָס לאָזט אוים תמיד זיין ביטער האַרץ צו איהר, צו דער מוטער, פאַר אַלסדינג: פאַר דעם, וואָס דער סאַמאָוואר איז ניט אַזוי גיך פאַרטיג, און פאַר דעם, וואָס דאָס לאָדעניש האָט זיך ניט איינגעגעבען, און פאַר דעם, וואָס די טאָכ־טער איז אין פעטערבורג, — פאַר אַלסדינג, פאַר אַלסדינג קומט־אָפּ זי, די מוטער, און אַלסדינג נעמט זי אָן פאַר ליעב, וואָרום מסתמא הייסט גאָט אַזוי, און אַקעגען גאָט קאָן מען ניט געהן...

אַזוי קלאָגט זיך שיווקע פאַר איהר טאָכטער און ווישט די אויגען, און די אויגען ווילען ניט אויפהערען צו וויינען. און טאַ־מאַראַ וויל איהר ערקלערען, אַז ניט גאָט, זי אַליין איז שולדיג, וואָס זי לאָזט זיך טרעטען מיט די פיס... און די מוטער הערט נישט אויף אויסצוגיסען איהר פערביטערט האַרץ פאַר איהר טאָכ־טער, וועלכע זי וואָלט וועלען זעהען גליקליך, ווייסט זי ניט ווי אַזוי... זי וואָלט זיך וועלען מפקיר זיין פאַר איהר, אַוועקגעבען אָט די גאַנצע ציערונג איהרע, אָט די פערעל מיט די דימענטען, מיט די בריליאַנטען, מיט'ן גאַנצען לעבען איהרס, אויב עס זאָל זיין נאָר אין דעם די מניעה... צוליעב איהר קינד וואָלט זי, שיווקע שאָסטע־פאָל, איציקעל שאָסטעפּאָל'ס ווייב, זיך געשטעלט דיענען...

אַזוי זאָגט די מוטער, און טאַמאַראַ'ס האַרץ איז געריהרט און די נשמה איז צעווייקט, און זי וויל בערוהיגען איהר מוטער און זי קאָן דאָס ניט טהון. זי ווייסט ניט, ווי אַזוי. זי איז אַזוי ווייט, אַזוי אָפּגעריסען פון איהר מוטער!... און די מוטער הערט ניט אויף צו בעקלאָגען זיך אויף איהר פינסטער מזל, וואָס זי האָט נישט פערדיענט ביי גאָט, אַז איהר איינציג קינד, איהר אויג אין קאָפּ, זאָל ניט קאָנען ברענגען פאַר איהר מאַמע אַ קליינעם קרבן, איהר צוליעב טהון אויף אָט אַזוי פיעל, פערשאַפען איהר מוטער האָטש אַ קאַפּעל פערגעניגען, האָטש אויף אַ פּאָר שעה נישט מעהר... זי פועל'ט ביי איהר טאָכטער, זי זאָל זיך אָנטהון אין אַ וויים קלייד, „צוליעב איהר און צוליעב'ן הייליגען יום־טוב“ — און ס'איז נישטאָ

אין דער גאַנצער וועלט קיין גליקליכערע מוטער, ווי שיוועקע שאַס־טעפּאַל, די פּרעכטיגע קעניגין אין דער דאָזיגער נאַכט!... און אַז דער פֿאָטער קומט פֿון שוהל מיט'ן ברייטען „גוט יום־טוב!“ און דערזעהט טאַמאַראַ'ן אָנגעטהאָן יום־טוב'דיג, ווערד זיין קייזערלי־כע מאַיעסטעט נאָך מעהר מאַיעסטעטיש און זיין פֿאָטערליך האַרץ נאָך מעהר גליקליך, און ער איז איהר מוחל אַלע יסורים מיט אַלע בזיונות מיט אַלע ניט־דערשלאָפענע נעכט מיט אַלע צרות, וואָס ער איז איבער איהר אויסגעשטאַנען ביז היינטיגער נאַכט!...

— ווער וועט ביי מיר פרעגען די פיער קשיות? — זאָגט אי־ציקעל שאַסטעפּאַל אין אַ שפּאַס צו דער טאָכטער, און בעקומט פֿון איהר אַזאַ מין ענטפער:

— די פיער קשיות, וואָס איך וועל ביי דיר פרעגען, וועסט דו מיר נישט קאָנען פאַרענטפערען...

— גוט, מיר וועלען זעהען! — זאָגט דער גליקליכער פֿאָטער און גרייט זיך צו צום סדר, לעגט־אַוועק פאַר איטליכען אַ הגדה, אפילו פאַר חוה די אידינע און פאַר חאַסקע דעם שטובמיידעל, וואָס זיצען, נאָך דעם אַלטען אידישען מנהג, ביי'ם סדר גלייך מיט אַלעמען, ווייל פּסח צום סדר זענען אַלע גלייך, נישטאָ קיין בעל־הבית, נישטאָ קיין דיענסט, נישטאָ קיין האַר, נישטאָ קיין קנעכט — פריי איז מען, פריי, ווי בשעת מען איז אַרויסגעגאַנגען פֿון מצרים!... און איציקעל שאַסטעפּאַל זעצט זיך אַוועק אָפּריכטען דעם סדר מיט דעם גאַנצען פּראַכט און גלאַנץ, ווי זיין טאַטע האָט געטהאָן, און ער מאַכט דעם שענעם ברייטען יום־טוב'דיגען קידוש, ווי זיין טאַטע האָט געמאַכט, און ער זינגט די הגדה מיט דעם זעל־בען ניגון, ווי זיין טאַטע האָט געזונגען, און אַז ער זאָגט שוין אָפּ אַלץ, וואָס ווערד געזאָגט פאַר'ן עסען, און אַז ער וואַשט זיך צו דער סעודה און מאַכט די ברכה „על אכילת מצה“, און עס האַלט שוין ביי די פיש, ביי די זיסע פעפערדיגע געפּאַפּריצירטע צוקערדיגע שמעקעדיגע פיש מיט דער אונטערגעווייקטער מצה, רופט זיך אָן איציקעל שאַסטעפּאַל צו טאַמאַראַ'ן מיט אַ שפּאַס:

— נו, אצינד קאָנסט דו מיך פרעגען די פיער קשיות.

— משוגע מיינע שונאים! — זאָגט שיווקע צום מאַן. — דאָס קינד וויל עסען, הייסט ער איהר גאָר פרעגען די פיער קשיות.

— נישקשה, מאמע, עס מאַכט ניט אויס, איך קאָן עסען און צו גלייכער צייט פרעגען דעם טאטען די פיער קשיות.

אזוי זאָגט טאמארא צו דער מוטער מיט א שמייכעל און ווענדט זיך צום פאָטער, אזוי צו זאָגען:

— טאטע, איך וועל דיך פרעגען פיער קשיות — אזוי, דאכט זיך, דארף מען פרעגען די פיער קשיות?

— אזוי, אזוי, טאָכטער, — ענטפערט איהר דער גליקליכער פאָטער. און די מוטער קוועלט, ווערד ברייטער ווי לענגער. און טאמארא זאָגט:

— אָט ריכטען מיר אָפּ דעם סדר — אויף וויפיעל איך פערשטעה פון מיין רוסישער הגדה, וואָס דו האָסט מיר צוגעגרייט, פייערען מיר א יום־טוב פון בעפרייאונג, און מיר האָפען ווידער א מאָל בעפרייעט צו ווערען פון דעם גלות, אין וועלכען מיר געפינען זיך איצט, און מיר ווינשען זיך, איבער א יאָהר זאָלען מיר אלע זיין זעלבסטשטענדיג ביי זיך אין אונזער לאנד, אין אונזער ירושלים. אזוי, דאכט זיך? נו, וועל איך דיך פרעגען: ערש־טענס, זאָג מיר, וואָס האָבען מיר געטהאָן ביז אהער צוליעב דער דאָזיגער בעפרייאונג? איך מיין, איך און דו, און דיינע על־טערען, און אונזערע אור־אור־עלטערען פון יענער צייט אָן ביז היינטיגען טאָג? צווייטענס, וואָלט איך וועלען וויסען, צי אלע אידען פון דער גאנצער וועלט ווילען, אז ס'זאָל קומען משיח און זאָל אונז פיהרען אהין, אינ'ם געבענשטען לאנד? אָדער עס געפינען זיך אזעלכע, און אפשר נאָך א סך אזעלכע, וואָס האָבען נישט חשק, קיין קאפּ חשק ניט, אז ס'זאָל קומען משיח און זאָל זיי צונעמען פון א ציוויליזירט לאנד, פון שענע הייזער, פון רייכע גיטער, און אוועקפאָהרען אין אזא מדינה, וואָס שטעהט נאָך ני־

דעריגער פון אונזער מדינה, און אונטער אזא רעזשים, אזא רעגיע־רונג, וואס איז נאך ווילדער פון אונזער רעגיערונג?... שלאג מיך ניט איבער, טאטע, איך האב דיך ערשט געפרעגט צוויי קשיות, און פרעגען דארף איך דיך פיער? אלזא, איז געבליבען נאך צוויי קשיות. דריטענס, וויל איך וויסען, זאלסט מיר זאגען, אבער אויפריכטיג, צי איז די געשיכטע מיט משה'ן און מיט ירושלים נישט מעהר ווי איין אלטע תפילה פון איין אלטען סדור, וואס מע האט אמאל, פארצייטען, אנגעשריבען פאר אונזערע אור־אור־עלטערען? און, פיערטענס, אויב ס'איז יא אזוי, הײנט צו וואס נוצט אונז די גאנצע קאמעדיע? האב קיין פאראיבעל ניט, טאמער האב איך דיר מיט מיינע נארישע קשיות געשטעהרט דיין יום־טוב, און, אויב דו קאנסט, געב מיר אויף זיי א תירוץ.

* * *

זאגען, אז דער פאטער האט נישט געהאט וואס צו ענטפערען דער טאכטער אויף איהרע פיער קשיות, וואלט געווען ניט ריכטיג. איציקעל שאסטעפאל האט דוקא יא געענטפערט, און דוקא א סך געענטפערט, און שטארק געהיצט זיך, און שטארק געמאכט מיט די הענד, ווי זיין שטייגער איז, און געגעבען אגב דער טאכטער א פסק, פאר וואס זי רופט אן דעם הייליגען סדר פונ'ם הייליגען יום־טוב מיט'ן נאמען „קאמעדיע“... ער האט געפייערט, געשפרונגען פון איין ווארט איבער'ן אנדערען, אנגעהויבען איינס, נישט גע־ענדיגט און אריבער צום אנדערען, — מיט איינעם ווארט, איציקעל שאסטעפאל האט זיך פערענטפערט, ווי וויים ער האט געקאנט, אהן א סיסטעם, ווי א מענש, וואס איז ניט געוואהנט צו דיס־קוסיעס, צו שלאגען זיך; אזא מענש טהוט דאס בעסטע, וואס ער קאן: ער שפרינגט, ער דרעהט זיך, דערלאנגט א זעץ פון הינטען, צעלאזט זיך און פאלט פון זיך אליין, האפט זיך אויף און שפרינגט ווייטער — אזא מענש קאן נישט געווינען דעם „קריעג“, אזא מענש, ווי ער זאל ניט זיין געזונד און קרעפטיג, מוז געשלאגען ווערען...

טאמארא האט געלאזט דעם פאטער רעדען, געקוקט אויף איהם מיט איהרע גרויסע שענע קלוגע אויגען, ווי ער פלאנטעט זיך, און א גרינג שמייכעלע איז געשטאנען אויף איהר שען פערזארגט פנים. וואס די מוטער האט זיך נישט געקאנט זאט אנקוקען אן דעם, געווארען ברייטער ווי לענגער, און שיווקע האט „געטראכט מיט א געפיהל פון נקמה:

„אט אזוי א!... זאל ער וויסען!... זאל ער זיך פערענטפערען פאר זיין אייגען קינד!... ער מיינט, ס'איז איהם איך!... א, זאל זי מיר נאר זיין געזונד און זאל זי שוין נאר זיין אין דערהיים, וועט זי זיך שוין רעכענען מיט איהם פאר מיר אויך!"...

איציקעל שאסטעפאל האט געחאפט א קוק אויף שיווקע'ס פנים, האט פערשטאנען, אז זי האט אין איהם א נקמה, האט ער פלוצים איבערגעריסען און א זאג געטהאן:

— טא! מילא, מע קאן אזוי אוועקזיצען און אוועקפלאפלען ביז טאג... מע דארף זיך נעמען צו דער הגדה, אפריכטען דעם אנדערען האלבען סדר!...

* * *

סאשא סאפראנאוויטש האט פיינט געהאט רוהען, זיצען לעדיג. ער איז נאר אראפ פון דער פוהר, האט ער געלאזט וויסען זיינע חברים, אז ער איז דא, — האבען אנגעהויבען זיך שיטען צו איהם אלטע חברים, פריינד און בעקאנטע, ציוניסטען, מאדערנע משכילים, „אינטעליגענטען", לעהרערס און גלאט יונגע-לייט, מייסטענטייל קבצנים.

זעלבסטפערשטענדליך, אז דער אפטייקער האט דערפון געהאט וויניגוואס נחת, האט אבער מורא געהאט צו פראטעסטירען, עס זאל נישט ארויס קיין קאנפליקט צווישען איהם און צווישען זיין זוהן. א קליינער קאנפליקט איז שוין ארויסגעקומען צווישען זיי, בעת סאשא האט זיך איבערגעטהאן צום יום-טוב. דער פאטער האט זיך געוואלט אויספיינען פאר זיין זוהן, אז ער איז ניט קיין פראווינציאל, און אז ער לייענט אלע פעטערבורגער בלע-

טער, און אז ער נעמט אנטייל אין דער בעפרייאונגס־בעוועגונג, דאָס הייסט, ער אליין טהוט גאָר נים, וואו האָט ער צייט? נאָר ער סימפּאַטיזירט...

— סימפּאַטיזירסט דו אויך מיט דער בעפרייאונג פון אונזער פאָלק? — האָט איהם סאשא געפרעגט, פערקעמענדיג ארויף זיינע געלע האָר.

— פון וואָסער פאָלק? — פרעגט איהם דער פאָטער, און דער זוהן ענטפערט איהם:

— פון אונזער אייגען אידישען פאָלק.

— זענען מיר דען אויך א פאָלק? — פרעגט דער פאָטער נאַ־איוו, און דער זוהן שטעלט אוועק אויף איהם פערוואונדערטע אויגען:

— וואָס דען זענען מיר?

— איך וויים וואָס מיר זענען? מיר זענען אידען...

און ביידע, דער פאָטער מיט'ן זוהן, צעלאַכען זיך.

— ווערסט ניט האָבען קיין פאַראיבעל, טאַטע, וואָס איך וועל דיר זאָגען? — מאַכט סאשא צום פאָטער.

— זאָג, זאָג, דו קענסט דאָך מיך, איך בין ניט פון די, וואָס בעלעדיגען זיך! קאָנסט זאָגען וואָס דו ווילסט. ווערסט אודאי זאָ־גען, אז... וואָס ווערסט דו זאָגען?

— איך וועל זאָגען, אז ביי קיין אומה ולשון, ביי קיין פאָלק וועט זיך ניט געפינען אזעלכע, וואָס זאָלען אָפּלייקענען זיך אליין, זאָגען אויף זייער אייגען פאָלק, אז ס'איז קיין פאָלק נישט.

— נו, יאָ! — שרייט־אוים דער אָפּטייקער טריומפירענד און מיט א קוויטש. — ווייסט דו, פאר וואָס? ווייל אָט אזא פאָלק זענען מיר!

— אָט אזוי דענקען נאָר שקלאַפען! — זאָגט סאשא מיט פער־דראָס. — שקלאַפען, קנעכט, וועלכע האָבען אונטער דער אייזער־נער רוט פון זייערע פערפאָלגער פערלאָרען אינגאַנצען זייער זעלבסטבעוואוסטזיין, אינגאַנצען זייער עהרע צו זיך אליין.

און עס ציהט זיך ביי זיי אַ דעבאַטע אויף אַ גאַנצע שעה, פון וועלכער דער פאָטער זעהט אַרויס, אַז ער איז צו שוואַך, ער זאָל קאָנען בייקומען זיין זוהן, און עס מאַהלט זיך איהם אויס, אַז זיין זוהן זעהט זיין שוואַכקייט, און ער פיהלט זיך, ווי עס דאַרף זיך פיהלען אַ גרויסער מענש, וואָס ליגט פון אונטען צוגעקוועטשט מיט׳ן פוס פון אַ פיעל קלענערען פון איהם...

פסח אויף דער נאַכט, צום ערשטען סדר, אַז דער אַפּטייקער איז געקומען פון דער אַפּטייק אַהיים, האָט ער געטראָפען ביי זיין זוהן אַ יונגענמאַנטשיק מיט אויסגעריבענע עלענבויגענס. נאָך די גע־קרייזעלטע שוואַרצע הערלעך מיט׳ן אויסגעבויגענעם רוקען האָט ער דערקענט סאַשאַ׳ס חבר פון גימנאַזיע.

— מיין חבר שמעון קעסלער.

אַזוי האָט איהם סאַשאַ פאָרגעשטעלט פאַר זיין פאָטער, און דער אַפּטייקער האָט דערלאַנגט קעסלער׳ען אַ פּאָר פינגער פון זיין קאַלטער אַפּטייקערשער האַנד און אַ זאָג געטהאָן:

— עס פרייהט מיך זעהר...

סאַשאַ האָט נאָכ׳ן פאָטער׳ס זויערע מינע אַרויסגעזעהען, אַז דער קעסלער איז עפּיס נישט אַזאַ אָנגעלעגטער גאַסט, האָט ער זיך צוגעאיילט איהם פאָרצושטעלען נאָך אַ מאָל:

— קעסלער, דאַרפסט דו וויסען, איז אַ אינזשינער (קעסלער האָט געוואונען ביי׳ם אַפּטייקער אין די אויגען גוטע פופציג פּראָ־צענט!), און אַ בעריהמטער מאַטעמאַטיקער (קעסלער׳ס אַקציעס האָבען זיך אויפגעהויבען מיט נאָך פערציג פּראָצענט!), און נאָך מעהר — אַ בעריהמטער ציוניסט! (דאָ האָבען קעסלער׳ס אַקציעס געגעבען צוריק אַ פאַל־אַראָפּ ביי׳ם אַפּטייקער אין די אויגען אויף אַלע נייענציג פּראָצענט מיט אַ מאָל). איך רעכען, פּאַפּאַ, אַז דו וועסט ניט האָבען גאָרניט קעגען דעם, וואָס מיין חבר שמעון וועט בלייבען ביי מיר איבער פסח.

נאַטירליך, האָט דער אַפּטייקער געזאָגט, אַז עס וועט איהם זעהר פרייהען, וואָס זיין זוהנ׳ס חבר וועט ביי זיי האַלטען פסח.

און אזוי איז אונזער נייער בעקאַנטער שמעון קעסלער געבליבען
אַ תושב, אַ היימישער מענש ביי'ם אַפּטייקער אין שטוב.

סאַשאַ האָט גע'פּועל'ט ביי זיין פאָטער, געוועהנליך, נאָך אַ לאַנגער דעבאַטע אין בריעף הין און צוריק, ער זאָל היינטיגען פּסח מאַכען ביי זיך אַ אידישען פּסח, מיט מצות, מיט כשר געפעס, מיט אַ סדר און מיט אַלע זיבעצעהן זאַכען. ביז אַהער פלעגט ער יוצא זיין נאָר מיט מצות אַליין, דאָס הייסט, ער האָט צוליעב גע־טהאָן דעם בעקער, וואָס איז זיינער אַ קונה אין דער אַפּטייק און וואָס דעקוטשעט זעהר, אַז עס קומט ערב פּסח, מע זאָל בעשטעלען מצות ביי איהם, ניט ביי קיין אַנדערען. דערפאַר אָבער אויף זייער „פּאַסחאַ“ איז שוין געוועזען ביי איהם צום טיש אַ הויכער אַ שענער פּאַסחאַ־קוילעטש, אויך נאָר פון יוצא וועגען, צוליעב דער דייטשקע דער כריסטין, וואָס דרעהט זיך אַרום אין שטוב. אָט דאָס ווערד אָנגערופען אַ מענש, וואָס וויל זיך ניט קריעגען מיט דער וועלט!

מע האָט זיך אָוועקגעזעצט די ערשטע נאַכט צום סדר זאַלבע־דריט: דער אַפּטייקער, זיין זוהן סאַשאַ און זיין חבר שמעון קעס־לער. דער פאָטער האָט אויסגעזעהען ביי זיך אין שטוב ווי אַ פרעמ־דער, ווי אַ גאַסט; ער האָט זיך אָנגעטהאָן אין אַ שוואַרצען ראָק, פערשפּילעט פון אויבען ביז אַראָפּ, צוגעמאַכט אַלע לאָדען פון די פענסטער, מע זאָל חלילה ניט דערזעהען פון דרויסען, אַז ביי סאַפּראַנאָוויטש דעם אַפּטייקער ריכט מען אָפּ דעם סדר, האָט גע־הויבען אַלע מינוט דעם צילינדערהוט און געווישט זיך דעם שוויים, געזאָגט, אַז ער איז ניט געוואָהנט צו זיצען אין שטוב מיט אַ צו־געדעקטען קאָפּ, און האָט זיך בערוהיגט ערשט דעמאָלט, אַז ער האָט אַרויסבעגלייט זיין „דייטשקע“ די כריסטין, וואָס איז געווען די בעל־הבית'טע ביי איהם אויף דער שטוב. ער האָט זיך גאָר ניט געקאָנט פאָרשטעלען, אַז זיין „דייטשקע“ זאָל זעהען איהם, דעם אינטעליגענט סאַפּראַנאָוויטש, איבער אַ אידישען סדר...

## קאפיטעל ג.

## דעם שוסטער׳ס אורח.

אויב דער ליעבער גוטער יום־טוב פסח איז פאר די נגידים א תענוג, איז ער פאר ארעמע לייט א גן־עדן.

איין ארעמער בעל־מלאכה, א מלמד, א קרעמער, א הענדלער, א טענדלער איז איינגעשפאנט א גאנץ קיילעכיג יאהר אין דעם יאך, ווייסט ניט פון קיין שום פערגעניגען אין דער וועלט, אחוץ דעם איינציגען טאג שבת, וואס ער קאן זיך פערגינען אפשלאפען דעם גאנצען טאג, ווייסט נישט, ווי אזוי גאט צו דאנקען, אז עס קומט דער גוטער ליעבער פסח, וואס מע וועט קאנען רוהען גאנצע אכט טאג דורכאיינאנד, נישט טראגען אויפ׳ן קאפ קיין שום דאגות פרנסה, ווארום וואס — וואס, מיט מצה איז מען בעוואהרענט אויף א גאנצע וואך. און ווער שמועסט, אז צו דער מצה העלפט נאך גאט א זעקעל קארטאפלים מיט א דייזשקעלע פסח׳יגען בארשט, — דעמאלט מעג שוין רויטשילד זיצען אין פאריז, קיינער וועט זיך מיט איהם ניט בייטען, און נחמיה דער שוסטער אודאי ניט.

נחמיה דער שוסטער האט דעם טאג וואס פאר ערב פסח אפגעטראגען די ארבייט צו שיווקע שאטעפאל, און זיינע צוויי בנים האבען אפגעטראגען ארבייט צו די איבעריגע נגידים, און אלע דריי האבען געבראכט צו טראגען אהיים געלד א פולען היטעל. עס איז געווען איבער גענוג סאי אויף ארבע כוסות, סאי אויף אויסצולייזען די יום־טוב׳דיגע מלבושים פונ׳ם לאמבארד, און ס׳איז נאך געבליבען א פאר גראשענס אין קעשעני אויך — אנו, זאל איצטער פרובען רויטשילד זאגען, אז ער וויל זיך בייטען מיט נחמיה דעם שוסטער!

— קינדער! צו דער ארבייט!—האט א זאג געטהאן נחמיה צו זיינע צוויי בנים אוז האט אוועקגעלעגט דאס גאנצע שוסטער־געצייג אויף א זייט.

נחמיה׳ס צווי זיהן, חיים און בעני, ארבייטען מעהר אויפ׳ן פאטער, ווי אויף זיך. „דער אלטער" — אזוי הייסט ער ביי זיי. אויף זיך געבען זיי אוים ווינציג; וואס דארפען אזעלכע בחורים? גארנישט מיט גארנישט. איין אנצוג, א פאר שטיוועל, א פאפיע־רענעם קאלנער מיט א מאנישקע — און פארטיג. סיידען א פער־זאמלונג, א ביכעל, א חבר — דאס איז דאך זעלבסטפערשטענדליך... ביכלעך (פערבאטענע) האבען זיי ביידע ליעב. חברה־לייט צווישען „חברה" זענען זיי ביידע, נאר דער עלטערער איז צו דער „אידעע" איבערגעגעבען מעהר אלס דער יונגערער. דער יונגערער, בעני, איז נאר מיט ווערטער. דער עלטערער אבער, חיים, איז צווישען די ארבייטער איינער פון די בעסטע. אמאל מאכט זיך, אז חיים ווערד פערפאלען אויף א טאג, אדער אויף צוויי; קיינער ווייסט נים, וואו ער איז געוועז, און מיט וועמען ער האט זיך געזעהען, און וואס ער האט געטהאן... די ערשטע צייט פלעגט די מוטער עסען דעם פאטער, פרעגען איהם: „שלים־מזל! וואס פאר א טאטע ביזט דו?"... דער פאטער האט א פאר מאל געפרובט זיך בעקלאגען פאר זיין גוטען פריינד יודעל קטנתי: „וואס טהוט מען, ברודער?" דערויף האט יודעל קטנתי געענטפערט מיט א לשון־קודש־ווארט, ווי געוועהנליך: „י ע ל ה ו י צ מ ח — זאל ער געהן, זאל ער לויפען, נחמיה, דו וועסט גארנישט טהון דערצו, ס׳איז היינט אזא וועלט געווארען, וואס די אייער זענען קליגער פון די היהנער... ס׳איז ביי מיר די אייגענע מכה מיט מיין בנימ׳טשיקען; איך בעט זיך ביי איהם, ווי מע בעט זיך ביי א גזלן: „בנימין, זאג איך איהם, לאז צורות, א רחמנות, זאג איך, אויף דיר!"... הערט ער מיך, ווי המן דעם גראגער... ברודער נחמיה, ווייסט דו, וואס איך וועל דיר זאגען? — פתח שין שא"...

און יודעל קטנתי לעגט־צו צוויי פינגער צום מויל, אז נחמיה זאל שווייגען, און נחמיה פאלגט איהם און שווייגט. ער בעט נאר גאט פאר צוויי זאכען: אז חיים זאל ניט ארייבפאלען, און אז ער זאל חאטש ניט קאלי מאכען דעם יונגערען ברודער — בעני.

בעני, ווייל ער איז דער קלענסטער, איז ער ביי'ם פאָטער טייער, און ביי דער מוטער איז ער דאָס אויג אין קאָפּ, ציטעריג, ווי אַ בן־יחיד'על. חיים מאַכט פון איהם חוזק, חאָטש ער האָט איהם ליעב. ער רופט איהם מיט אַ מיידעלשען נאָמען „בונצי". בעני, געוועהנליך, ווייל דאָס נישט ליידען, איז ברוגז פאַר'ן מיידעלשען נאָמען „בונצי" און איז גרייט זיך לאָזען אָפּשניידען ביידע הענד פאַר זיין ברודער חיים.

אָט אַזאַ מין געזינדעל איז דאָס.

— קינדער, צו דער אַרבייט!

אַזוי האָט אויסגעקאָמאַנדעוועט נחמיה דער שוסטער, און דאָס האָט בעדאַרפט בעדייטען, מע זאָל זיך גרייטען צום סדר. און אַלע האָבען זיך גענומען גרייטען צום סדר: נחמיה, זיסעל, חיים, בעני און דער אורח, אַ געזונדער יונג אַ שוואַרצער, אַ בעוואַכסענער ווי אַ בער, מיט אַ באַסאָווער שטימע, וואָס הודיעט ווי אַ גלאָק. דעם „אורח" האָט געבראַכט צו פיהרען חיים פון גאַס, דאָס הייסט, נים פון גאַס, נאָר פון אַ „חבר", וואָס האָט איהם אַ זאָג געטהאָן אויפ'ן אויהער:

— ער איז איין „אַנטלאָפענער"... נעם איהם, זאָל ער זיין ביי אייך אַ בעל־מלאכה...

חיים האָט בעטראַכט דעם פאַרשוין, און ער איז איהם געפעלען. ווי אַזוי ער הייסט — האָט ער איהם נישט געפרעגט; ער האָט איהם נאָר אַ פרעג געטהאָן:

— ווי אַזוי זאָל מען אייך רופען?

— רופט מיך מישאַ ניידימש, — האָט דער אַנטלאָפענער אויסגעהודיעט אויף זיין באַס־שטימע.

נחמיה דער שוסטער האָט דאָס נישט געקאָנט אַריבערטראָגען: וואָס הייסט, ער הייסט זיך רופען מישאַ ניידימש?... האָט ער איהם גענומען צום עקזאַמען: „פון וואַנען איז אַ איד? וואָס איז אייער טהועבץ? צי זענט איהר אַ באַווייבטער?" און אַזוי

ווייטער, ווי געוועהנליך. האָט איהם אָבער דער זוהן, חיים, איבערגעהאַקט אין מיטען:

— דאָס איז ניט דיין באַבע׳ס דאגה, אַלטער! דו פרעג איהם בעסער, צי וויל ער עסען, אָדער אפשר וועלען מיר געהן פריהער אין באָד אריין?

און ס׳איז געבליבען, מע זאָל געהן פריהער אין באָד אריין. און אַלע פיער, דער פאָטער מיטביידע בנים מיט׳ן אורח, האָבען זיך געלאָזט אין באָד אריין.

דערנאָך איז מען געקומען און מע האָט זיך אָװעקגעזעצט צום סדר זאָגען די הגדה. געזאָגט האָט נאָר דער אַלטער, און די איבעריגע האָבען געהערט, אריינגעקוקט איטליכער אין זיין הגדה.

* * *

— טאָמער וואָלט געווען געווען געזאָגט סליחות? — האָט א זאָג געטהאָן חיים דעם שוסטער׳ס עלטערער זוהן און האָט צוגעמאַכט די הגדה. אויף איהם קוקענדיג, האָבען צוגעמאַכט די הגדות אויך דער יונגערער ברודער בעני און דער אורח, און אויף זיי קוקענדיג — שוין דער פאָטער אויך, נחמיה דער שוסטער אליין, וואָרום דער עולם האָט זיך געפיהלט שטאַרק אויסגעהונגערט נאָך דעם לאַנגען תענית און נאָכ׳ן הייסען באָד, און אַגב האָט זיך פונ׳ם פריפעטשיק געלאָזט הערען א געשמאַקער ריח: דאָס האָבען געריסען די נאָז די הייסע שמעקעדיגע געפילטע פיש מיט א סך פעפער, און די פרישע קניידלעך מיט שמאַלץ, און נאָך אַזעלכע גוטע זאַכען, וואָס נאָר פסח האָבען זיי דעם אמת׳ען טעם גן־עדן. און עס האָט לאַנג נישט גענומען, און עס האָט זיך געלאָזט הערען א טרישטשען פון טרוקענע מצה אונטער געזונדע שטאַרקע ציינער, און אז מע האָט איבערגעהאַפט דעם ערשטען הונגער, און אז מע האָט פערזוכט א פאָר פון די ארבע כוסות, האָט זיך דער שוויינענדיגער אורח אָנגערופען. אַז ער האָט שוין לאַנג ניט פערזוכט דעם טעם פון פסח׳יגער משקה מיט פסח׳יגע פיש מיט פסח׳יגע קניידלעך,

ווייל דעם גרעסטען טייל פון זיין לעבען האָט ער פערבראַכט אין די טורמעס און אָסטראָגען.

— וויפיעל טורמעס זענט איהר דאָס אויסגעווענזען? — פרעגט איהם נחמיה דער שוסטער, וועלכער איז נאָך ניט אזוי שטאַרק מלא פון די ארבע כוסות, נאָר פרייליכער פיהלט ער זיך.

— איך האָב שוין פארגעסען דעם חשבון, — ענטפערט דער אורח מיט זיין גראָבער שטימע, און נחמיה דער שוסטער חאַפּט איהם אונטער:

— פונקט אזוי ווי גדליה־לייב דער גנב, עליו השלום, ער איז שוין אויף דער אמת'ער וועלט. גדליה־לייב פלעגט זאָגען אויף זיך אליין: „אז מע זעצט מיך איין אין אָסטראָג, וויין איך ניט — איך וויים, אז איך וועל ארוים, און אז מע לאָזט מיך ארוים, טאַנץ איך אויך ניט — איך וויים, אז מע וועט מיך איינזעצען נאָך אַ מאָל"...

— שלים־מזל! — רופט זיך אָפּ די שוסטערין זיסעל צום מאַן מיט אַ טאָן פון אַ קאָמפּלימענט. — דו וואָלסט בעסער זעהען, אז דער אורח זאָל עפּיס נעמען אין מויל אריין.

דער אורח האָט שוין אָבער געגוג „גענומען אין מויל אריין", איבערגעקעהרט די פינפטע פון די ארבע כוסות אויך, און ער האָט זיך געפיהלט אזוי גוט און ווארעם, אז עס האָט זיך איהם אויפגע־בונדען די צונג און ער האָט אויסגעהודיעט אויף זיין באַסאָווער שטימע:

— אויב איהר ווילט, וועל איך אייך דערצעהלען די געשיכטע פון מיין לעצטען אנטלויפען פון אָסטראָג.

— איז די משמעות, אז לויפען פון אָסטראָג איז ביי אייך גאָר קיין נאָווינע ניט? קומט דאָך אוים ווידער אמאָל, ווי גדליה־לייב דער גנב, עליו השלום, האָט געזאָגט...

אזוי בעמערקט נחמיה דער שוסטער, און זיין ווייב זיסעל האַקט איהם איבער:

— שלים־מזל! טאָמער וואָלסט דו איינגענומען אַ ביסעל שטור־מעניש?...

— איך שווייג, ווי א פיש! — מאכט צו איהר דער שוסטער. און אלע גרייטען זיך צו הארכען די געשיכטע פונ'ם אורח, ווי אזוי ער איז דעם לעצטען מאל אנטלאפען פון דער טורמע.

* * *

— אנטלויפען פון א טורמע איז ביי מיר, מיינע ליעבע פריינד, נאפליעוואט!

אזוי האט אנגעהויבען צו דערצעהלען זיין געשיכטע דער אורח, דער בעוואכסענער האריגער נפש מישא ניידיטש, אויף זיין גראבער באסאווער שטימע, וואס הודיעט ווי א גלאק.

— איך בין שוין געלאפען, מיינע ליעבע פריינד, ניט פון איין טורמע, איך בין שוין געלאפען פון סיביר אויך. נישט איין מאל, נאר צוויי מאל. שוין געלעגען אין א וואגען מיט פלייש, אויבען דאס פלייש, אונטען איך. געגאנגען מיט באגאמאלצים טויזענד ווערסט צופוס. פגר'ען דריי טאג דורכאנאנד פון הונגער, פון קעלט, אהן שטיוועל — נאפליעוואט. צום געזונד וועט דאס מיר ניט שאדטען. פארשטעלען זיך, אז מע דארף, קאן איך אויך. ביטער איז נאר מיט דער שטימע. אביסעל א צו גראב קול ביי מיר. דאס איז אבער אלץ גערעדט פון פראווינציאלנע טורמעס. קיי און שפיי. ניט אזוי איז אין דער רעזידענץ. דארט אז מע האפט זיך אריין — איז האלט זיך! איהר מעגט זיך שוין געזעגענען. אז איך בין אריין, האב איך געפלאנעוועט, זיך צענויפגערעדט מיט א פאר חברה־לייט — א נעכטיגער טאג. מע לאזט ניט זעהען זיך. רעדען — אונמעגליך, סיידען מיט סימנים דורך דער וואנט. מע האט מיר געגעבען צו וויסען, אז צוזאמען מיט מיר, א וואנט נעבען א וואנט, זיצט מיינע א באקאנטע. מאשא הייסט זי, א טהוערין, א פיהרערין און זעהר־זעהר א וויכטיגע פערזאן. געוואלט זי זאל ארויס, ווי מע וויל לעבען. שוין געהאט א פלאן פאר איהר. זיך אויפגערעדט מיט איהר דורך דער וואנט. פלוצים קומט מען צו געהן און מע פיהרט מיך איבער אין איין אנדערע טורמע. ביטער! עס געהט

אוועק א טאָג דריי. איך ווער געוואָהר פון חברים, אַז מאַשאַ איז אויך מיט אונז. בראַוואָ! איך הויב מיך אָן דערשלאָגען — אַ צרה: זי איז אין דער „אָרינאַטשנע". ווייסט איהר, וואָס דאָס הייסט? פיער הוילע ווענט, נישטאָ אפילו וואו זיך אויפצוהענגען. אָפּגע־שניטען פון דער גאַנצער וועלט. ביטער! אַליין בין איך אויך אויף צרות. אַ טאָג איבער אַ טאָג שלעפּט מען מיך צום פאַרהער. זיי ווילען דערגעהן, ווער איך בין. זיי ווילען וויסען, וואָס איך האָב געטהאָן. ביי מיר ציהט מען נ.ט קיין ווערטער. אַ געשלאָגענער הונט. איהר האָט געזעהען אין באָד ביי מיר אַ ליים? איהר זעהט איין איבערגעבראָכענעם פינגער? איהר זעהט אָט דאָ אַ דריי אויס־געשלאָגענע צייהן? נאַפּליעוואַט! יאָ, מיינע ליעבע פריינד! ס'איז אַ וואוילע דיענסט, נאָר נישט קיין גרינגע. דער געדאַנק פון אַנטלויפען לאָזט מיך נישט אָפּ. וואו עסען? ווער שלאָפען? אַנט־לויפען דאַרף מען! און נישט אַליין. מיט איהר, מיט מאַשאַ'ן! נאָר ווי אַזוי? איך ווער משוגע. וואו זענען אַהינגעקומען אַלע חברים? גוטע ברידער? פריינד? אַ סך צעשטעקט אין די טור־מעס, אַ סך פאַרשיקט קיין סיביר. ווער שמועסט — נאָכ'ן רויטען זונטאָג! אַז מע הענגט אַלע פאַרטאָג דאָ ביי אונז טאַקי אין טור־מע — דאָס ווייסען מיר. אַלע טאָג ווערען מיר געוואָהר שוין נאָכ־דעם, אַז איינער אָדער צוויי פון אונזערע חברים זענען געהאַנגען געוואָרען. מע פרעגט נישט: ו ו ע ר? יעדער איינציגער פון אונז פרעגט נאָר: ו ו ע ן ו ו ע ל א י ך?... אַ קלאַפּ אין טהיר — אַ קלאַפּ אין האַרצען. אַ קלונג מיט די שליסעל — אַ קעלט אין בלוט. טפו — דער רוח זאָל דאָס וויסען! איך בין נאָך קיינמאָל נישט געוועזען אַזוי צעשרויפט, ווי אַצינד. נערוועז! קיינמאָל נישט גע־וואוסט פון קיין נערווען. איינמאָל, ס'איז געוועזען נאָך האַלבע נאַכט. פינסטער. שטיל. לאַנגזאַם לאָזט זיך הערען דער טיק־טאַק אין הויף. דאָס איז דער פּאַטרול, וואָס מעסט די טריט איבער די שטיי־נער. פלוצים הער איך אַ רעש פון טריט. אַ סך טריט. וואָס קאָן דאָס זיין? עס קלינגען שליסלען. עס הערען זיך קולות. אַ פייערעל

פון א לאנטערנע טהוט א שיין־אריין צו מיר אין קעמערל און ווערד פארשוואונדען. סקריפּ־סקראפּ! עס ריגעלט זיך אָפּ דער לאנגער אייזען. מיט א קרעכץ עפענט זיך די טהיר. אויפ'ן שוועל דערזעה איך אונזער אויפזעהער. דאָס פייערל פון לאנטערנע באַלייכט זיין פארקיהלט פנים. הינטער איהם — דער פּאטרול־סאָלדאט, עטליכע וועכטער.

— נעמט צענויף די זאכען און קומט.

איך טראכט מיר: דאָס איז א גרוס פונ'ם מלאך־המות... איך טהו־אָן די שטיוועל. מיר געהען. פרעגען ביי די לייט איז נישטאָ וואָס, זיי זענען שטום. א לאנגער שפּאציער איבער'ן קאָרידאָר. מיר זענען אין הויף. א קאלטער שטראָם פון פרישע לופט. איך באָד מיך אין דער קיהלער לופט, ווי אין א ביטעל. מיר געהען דורך דעם טורמע־הויף. די וועכטער שפּאנען, קוקען אויף אונז קאלט, מיט אויסגעלאָשענע אויגען. זיי טראכטען ניט וועגען מענשען, וואָס מע פיהרט זיי צו דער תליה. זיי טראכטען וועגען זיסען שלאָף. מיר זענען שוין אין צווייטען הויף. דאָרט איז די „קאנצעלאריע" און דאָרט וואוינט דער אויפזעהער. ער האָט א פרוי, איך האָב זי געזעהען. איהר פנים זאָגט, אז זי געפינט זיך ניט אין טורמע. די טורמע איז ביי איהר א גרויסע שטייג. די ארעסטאנטען זענען גענז. אלע טאָג קומען צו פרישע גענז. די גענז האָדעוועט מען און מע טראָגט זיי אָפּ צום שוחט. ווער קימערט זיך פון דעם? ווער האָט רחמנות אויף א גאנז? ווער האָט טענות צו א שוחט? דערויף זענען זיי גענז, מע זאָל זיי שעכטען. דערויף איז א שוחט, ער זאָל שעכטען... זי האָט א קינד, א יונגעלע פון א יאָהר פינף. מע רופט איהם „וואניא". איך האָב דאָס געהערט פון דער באָננע. די באָננע שיינט צו זיין א פּוילישע. נאָך די האָר און נאָך די אויגען האָב איך דאָס דערקענט. שענע האָר, בלויע אויגען. א קול ביי איהר ווי א פּיעדעל. אז זי זאָגט „וואניא" — זינגט זי און אביסעל אונטער דער נאָז. וואָס טראכט וואניא'ס קעפּעל וועגען די מענשען־גענז, וואָס זיצען דאָ? ווייסט ער, אז דאָ זיצען מענשען,

נים קיין גענז? וואָס זאָגט איהם די באַננע? זי מוז דאָס וויסען; זי זעהט דאָך אַמאָל טרערען. זי הערט דאָך אַמאָל געשרייען. און דאָס קלינגען פון די שווערע קייטען, — וואָס פאַר ווערטער זאָגט דאָס איהר? ווער ווייסט. אפשר האָט זי אַליין אַ ברודער, וואָס זיצט ערגיץ אין אַ טורמע, וואָס ס'וואַרט אויף איהם אַ תליה? ווער ווייסט?... איצטער שלאָפט זי דאָ אין שטוב אויף אַ ווייך געלעגער. וואַניאַ — נעבען איהר אין אַ וויעגעל. ער וועט אויס־וואַכסען אַמאָל, מע וועט איהם דערצעהלען, אַז זיין פאָטער איז גע־ווען אַ תלין. וואָס וועט זאָגען דעמאָלט „וואַניאַ"? און אפשר וועט ער אויך זיין דאָס זעלבע, וואָס דער פאָטער?...

איך האָב אַביסעל אָפּגעקערעוועט אָן אַ זייט. וואו האַלט איך? ביי'ם אויפזעהער אין שטוב. ס'איז ליכטיג אין צוויי פענסטער נאָר. דורכ'ן פענסטער זעהר איך אַ הויכע פיגור אין זשאַנדאַרמסקי קליידער. — גרויסע וואָנסעס, גאָלדענע ברילען. נאָך די עפּאָלע־טען שיינט דאָס צו זיין אַ קאַפּיטאַן אָדער אַ ראָטמיסטער. זיצט אַ פוס איבער אַ פוס, רויכערט אַ פּאַפּיראָס. אַקעגען איהם — אַ שרייבער, אָנגעבויגען איבער אַ פּאַפּיער. אויפ'ן גאַנעקעל זיצען פינף סאָלדאַטען פרעמדע אין פאַרשיעדענע פּאָזען. איינער ציהט אַ פּאַפּיראָסעל פונ'ם אַרבעל. שלינגט דעם רויך, מע זאָל ניט זעהען. רעדען זיך איבער שטיל. עס הערט זיך אַ סמאָצקען מיט די ליפּען. און באַלד נאָך דעם — אַ טאָפּען פון פערד. עס קאַטשען זיך רע־דער. דאָס איז צוגעפאָהרען די באַקאַנטע גרויסע קאַרעטע גלייך צום גאַנעק. אויפ'ן קוטשער־זיץ האָב איך דערקענט סעליוואַן דעם קוטשער. אַ געוועזענער אַרעסטאַנט, אַ באַוואוסטער רשע. פון דערווייטען זעה איך געהן אונזער אויפזעהער מיט די וועכטער. די שליסעל קלינגען. די פינף פרעמדע סאָלדאַטען טהוען זיך אַ חאַפּ־אויף פון די ערטער: סמירנאָ!!! מע פיהרט־צו צו דער קאַרעטע נאָך פאַרשוינען. איך קוק מיך איין — צוויי באַקאַנטע פיגורען: איינע מאַשאַ... די אַנדערע פיגור — אַ יונגער בחור פון אַ יאָהר נייענצעהן מיט רויטע פּוכקע בעקלעך, בלוט און מילך, אוו־

רוטים רופט מען איהם. נאך איינער — איין אומבאקאנטער ארעס־
טאנט. אוורוטים האט ערשט פריהער מיט א טאג צוויי באקומען
א ידיעה, אז מע באשולדיגט איהם אין א שווערען פארברעך. דאס
שמעקט אפשר מיט יענער וועלט... ער איז א וואוילער בחור. ער
האלט זיך, ווי מע דארף. אביסעל נאר האט ער זיך אין די צוויי
טעג אויסגעבלייכט. אוועק די פארב פון די פוכקע בעקלעך. און
עפּיס הילט ער זיך מיר צו־שטארק אין די קליידער. אפשר — ווייל
ס'איז קיהל אין דרויסען? און אפשר געזעגענט ער זיך איצט
במחשבה מיט דער מאמע. ער האט א מאמע, וואס האט איהם זעהר
ליעב. איך האב אמאל געזעהן איהרע ליעבע־בריעף צו איהם. א
ים פון מוטער־ליעבע, א וועלט מיט געפיהל. א מבול פון טרערען.
ער פלעגט כלומרשט לאכען פון איהרע בריעף. אליין אבער, אז
ער האט זיך אוועקגעזעצט איהר שרייבען, האט מען איהם ניט גע־
קאנט אפרייסען. אין גראמען האט ער צו איהר געשריבען. ער
איז א פאעט. שרייבט ניט שלעכט. ער איז אין דער מינוט אזוי
געוועזן פארטיעפט אין זיך, אז ער האט מיך ניט באמערקט. מאשא
אבער — די האט מיך באלד דערזעהן. זי האט זיך געגעבען א ציה
צו מיר. איך קוק אויף מאשא'ן, איך וויל זעהען, וואס זי טהוט.
קוים וואס איך זעה איהר פנים. רוהיג — נאפּליעוואט!... „סטראַ־
סיא!“ — הערט זיך א קול פונ'ם „אונטער“. אלע פרעמדע סאל־
דאטען ציהען זיך אויס. זיי רינגלען אונז ארום. אונזער אויפזעהער
געהט ארוים מיט'ן זשאנדארמסקי קאפּיטאן אויפ'ן גאנעקעל. דער
שרייבער לייכט זיי צו. דער קאפּיטאן ציהט אויס די האנד דעם
אויפזעהער. דער אויפזעהער טרייסעלט איהם די האנד. ער בויגט
זיך אונטערטעניג, זעהר אונטערטעניג. ער בעט זיך ביי'ם קאפּי־
טאן, ער זאל איהם מוחל זיין, וואס סע האט אזוי געדויערט, און
זאל איהם פארענטפערען. דער קאפּיטאן איז שטרענג. ער זאגט
איהם אן, אז דאס אנדערע מאל זאל ער זיין פארזיכטיגער: „יעווא
וויסאקאפרעוואסחאדיטעלסטווא האט פיינט אזעלכע זאכען!“...
דער אויפזעהער פארענטפערט זיך. ער געזעגענט זיך מיט'ן קאפּי־

טאָן דאָס לעצטע מאָל. ער זאָגט איהם, ער זאָל זיין זעהר, זעהר פאָרזיכטיג מיט דער חברה, וואָס ער פיהרט, און באַזונדער מיט דעם „בער“. דאָס מיינט ער מיך. דער קאַפּיטאַן ענטפערט איהם, ער זאָל זיין רוהיג: פאַר אַ בער האָט ער קיין מורא ניט, און ביי איהם אנטלויפט מען ניט...

מיר זיצען שוין אין קאַרעטע. מיר מיט פיער סאָלדאַטען מיט בלויזע שווערדען אויף די בענק אינווענינ, פון פאָרענט. אין דער צווייטער אָפּטיילונג פון דער קאַרעטע דער קאַפּיטאַן. אויפ'ן קו־טשער־זיץ סעליוואַן מיט אַ סאָלדאַט. עס ווערען פאַרהאַקט די אייזערנע טהירלעך. עס הערט זיך דאָס לעצטע מאָל „סמירנאָ!“ סעליוואַן טהוט אַ סמאַצקע מיט די ליפּען. עס הערט זיך אַ טאָ־פּען פון פערד, פיער פּאָר פיס. די רעדער קאַטשען זיך לאַנגזאַם איבער די שטיינער. אויף יענער זייט טורמע צעלאָזט סעליוואַן די פערד. די רעדער קאַטשען זיך גיכער. די קאַרעטע פליהט מיט אַ רעש איבער די שטיינער.

מיר זיצען אויף לאַנגע בענקלעך אין דער לענג פון דער קאַ־רעטע איינס קעגען דאָס אנדערע. נעבען יעדען אַ סאָלדאַט מיט אַ בלויזען שווערד. איך קוק אויף מאַשאַ'ן. קוים וואָס מע זעהט איהר פּנים. זי לאָזט נישט אַראָפּ קיין אויג פון דעם יונגען אוורוטים. רעדען טאָר מען נישט. וואוהין מיר פאָהרען — ווייסט קיינער ניט פון אונז. נאָר איטליכער פיהלט עפּיס, אַז ס'איז ניט צום גו־טען. אַזוי פיהרט מען קעלבלעך אין אַ וואָגען צו דער יאַטקע. פיהלען זיי עפּיס?... וויפיעל צייט מיר פאָהרען — ווייס איך אויך ניט. אָט דאַכט זיך אַ מינוט, און אָט דאַכט זיך אַ גאַנצע נאַכט. אַ נאַכט — אַ יאָהר.

פּלוצים — סטאָפּ! די קאַרעטע האָט זיך אָפּגעשטעלט. ס'איז שטיל. מע הערט די פערד פאָרשקען, שמייסען מיט די עקען. עס הערט זיך דעם קאַפּיטאַנ'ס קול. ער איז ארויסגעשפּרונגען פון דער קאַרעטע. ער איז הינטער אונז. ער בייזערט זיך אויפ'ן קוטשער. סעליוואַן קריכט אַראָפּ מיט אַ מי־שברך פונ'ם קוטשער־זיץ און

פרעגט. וואָס איז דאָ? „זעהסט ניט וואָס דאָ איז? די אויגען זענען דיר אַרויס? בויג זיך איין. טהו אַ קוק אַהער!" — אַזוי קאָמאַנדעוועט דער קאַפּיטאַן. וואָס האָט זיך דאָרט געקאָנט טרעפען, אַשטייגער? און עס קומט אַזאַ מחשבה אין קאָפּ: אַך, ווען עס פּלאַצט, למשל, איין אַכס! אָדער אַזוי עפּיס אַ צרה זאָל זיך טרעפען: עס זאָל ווערען אַ בהלה, אַ שטיקעל מהומה. עך, באַפאַלט מען דעמאָלט די סאָלדאַטלעך, מע ווערגט זיי אויס איינציגווייז. איך אַליין נעם זיך אונטער דריי דערשטיקען, ווי די קעצלעך... די סאָלדאַטלעך אָבער זענען באַקאַנט, אַפּנים, אונזערע מחשבות. זיי זיצען שטרענג מיט די בלויזע שווערדען. זיי לאָזען נישט אַראָפּ קיין אויג פון אונז. מיט אַ מאָל הערט זיך אַ פאַל אויף דער ערד. נאָכ'ן פאַל הערט זיך אַ חראָפּען. עמיצער רעדט: „בינד איהם צענויף!... אָט אַזוי... דעם זאַק פון אויבען... אָט אַזוי, אָט אַזוי... לאָמיר איהם נעמען... חברה, אין קאַרעטע אַריין... אָט אַזוי, אַזוי"... איידער מיר קוקען זיך אַרום, עפענט זיך אויף דאָס אייזערנע טהירעל פון דער קאַרעטע. עס ווערד אַריינגעוואָרפען עפּיס אַ שווערע זאַך אין אונזער אָפּטיילונג פון דער קאַרעטע. אין אַ מינוט זיצען שוין אויפ'ן זאַק דריי סאָלדאַטען. דער קאַפּיטאַן שפּרינגט אַריין צו אונז. ער טהוט אַ ריס פון זיך די גרויסע וואָנסים מיט די גאָלדענע ברילען. ער רופט זיך אָן צו אונז:

— חברים! איך בעגריס אייך, איהר זייט פריי!

— גרישאַ! — שריי איך אויס.

— טסס! — מאַכט ער צו מיר און ווייזט אויפ'ן זאַק.

* * *

נחמיה דער שוסטער האָט זיך אויסגערעדעהט מיט'ן פּנים צו די קינדער. די נאָז זיינע האָט געשיינט און געגלאַנצט. ער האָט אַ זעץ געטהאָן מיט'ן קולאַק אין טיש אַריין און מיט גרויס התפּעלות אויסגערופען:

— איך האָב געוואוסט, ווי איך בין אַ איד, אַז ס'איז אַ פאַרשטעלטע זאַך!

— שלים־מזל! וואָס־זשע האָסט דו געשוויגען? — זאָגט צו איהם זיין ווייב זיסעל, וואָס איז אויך געווען אויסער זיך פון אויפ־רעגונג. חיים און בעני — די, קאָן מען זאָגען, זענען גאָר נישט געווען בהאי עלמא; עס האָט זיי געטראָגען אין דער לופטען. עס האָט זיך זיי אויסגעדאַכט, אַז זיי זענען דאָרטען צו־זאַמען מיט דעם אורח מישא ניידיטש, אין דער גוטער קאַ־רעטע, און זיי ברענען, ווילען שוין וויסען דעם סוף, ווער איז דער גרישא? און וואו איז די מאשא? און וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט דעם יונגען אוורוטים און מיט די איבעריגע אַרעס־טאַנטען?

און דער אורח הוסט זיך אויס און דערצעהלט ווייטער.

— אַלזאָ, וואו האַלטען מיר? ביי גרישא. איך האָב איהם דערקענט. איהר ווילט וויסען, ווער ער איז? ס'איז נישט וויכטיג, ס'איז מיינער אַ חבר. גענוג פאַר אייך. דערווייל דאַרף איך אייך ענדיגען מיט דער קאַרעטע. די קאַרעטע איז געפאָהרען ווייטער. געקומאַנדירט האָט דער סאָלדאַט, אויך פון אונזערע לייט, געוועהנ־ליך. סעליוואַן איז געלעגען אין זאַק אַ געבונדענער, ווי אַ באַראַן, מיט אַ טיכעל אין מויל, ער זאָל שטומען. צוויי סאָלדאַטען (אויך אונזערע לייט) זענען געזעסען אויף איהם רייטענדיג. עס איז גע־ווען אַ ישוב, וואָס מע זאָל מיט איהם טהון: הרג'ענען — פאַר קיין געלט נישט! גרישא האָט געזאָגט: „אָהן איין טראָפּען בלוט!" איינער האָט אַפּילו אַרויסגעוואָרפען אַ חכמה: זאָל מען איהם דערשטיקען, וועט ניט פאַרגאָסען ווערען קיין בלוט. האָט אויף איהם גרישא געגעבען אַ קוק, איז ער געוואָרען שטיל. פאַר גרי־שאַ'ן האָט מען דרך־ארץ.

נאָר לאָמיר זיך אומקעהרען צו אונזערע. ווער עס האָט ניט געזעהען דעם יונגען אוורוטים, דער האָט קיין פרייד נישט געזעהען. פרייד, גליק, הימעל, גן־עדן — דאָס אַלץ איז שוואַכע ווערטער. ער האָט געזונגען, געוויינט, ער האָט געקושט זיך. מיט איטליכען בע־זונדער האָט ער זיך געקושט. איין עק הימעל איז שוין געווען העל.

עס האָט שוין אָנגעהויבן טאָגן. מיר זענען נאָך אַלץ געפאָהרען. אויף אונז האָט מען געוואַרט אין אַ הויף הינטער דער שטאָדט. דאָרט זענען געווען „חברה". דאָרט איז געווען צוגעגרייט פאַר אונז קליידער, עסענוואַרג, פּעסער און געלט. פון דאָרטען וועלען מיר זיך אַריבערחאַפּען קיין פינלאַנד. און פון פינלאַנד איז שוין נאַפּליעוואַט! אונזער קאַרעטע איז אַריינגעפאָהרען אין אַ גרויסען הויף אַריין. ווייט אין הויף, פאַרשטעלט מיט בוימער, זעהט זיך אַ ווייסע שטוב. הינטען אַ גרויסער גאָרטען. פאָרענט אַ שטאַל. דאָ האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט. אַקעגען אונז זענען אַרויס „חברה", אַלע אונזערע.

ס'איז געוואָרען אַ קושעריי. גרישאַ האָט ניט געלאָזט לאַנג פרייהען זיך. מיר האָבען זיך אַלע איבערגעטהאָן. אַלע אונזערע אַרעסטאַנטסקי, אויך די סאָלדאַטסקי קליידער אַריין אין קאַרעטע אַריין. סעליוואַנ'ען האָט מען אַרויפגעלעגט גאַנץ אויבען אויף די קליידער. מע האָט איהם אָנגעזאָגט, ער זאָל ניט דערוועגען זיך טהון אַ פּיפּס. דער אָנזאָג איז געווען איבעריג. ער איז געווען באַוואָהרענט, געבונדען הענט און פיס, דערצו אָנגעטהאָן אויפ'ן קאָפּ אַ זאַק און צוגעקרעמפּעוועט צו דער קאַרעטע. ער וועט שוין שטומען, ווי אַ הונט.

עס איז אויף אונז אָנגעפאַלען אַ הונגער. פון וואַנען האָט זיך גענומען אַזאַ אַפּעטיט? בולקעס, סערדעלען, קאַלבאַסעס. דער עולם האָט געפּאַקט. גרישאַ האָט ניט געלאָזט עסען. ער האָט געטריבען האַלז און נאַקען. ער האָט אונז אַרויסגעגעבען פּעסער, געלט, מאַרשרוטען, איטליכען איין אַנדער מאַרשרוט. איך, מאַשאַ און אורוטים אויף איין וועג. מיר האָבען זיך געזעגענט, געביטען מיט די אַדרעסען. איינציגווייז איז מען זיך צעגאַנגען פונ'ם הויף. גרישאַ איז געבליבען דער לעצטער.

גיך האָט זיך באַוויזען די זונן. דער שניי האָט געבלישטשעט, געסקריפּעט אונטער די פיס. מיר זענען געגאַנגען פּאַוואָלי. אָנגעטהאָן זענען מיר געווען, ווי אַרבייטער. איך בין געווען אַ פלאָט־

ניק מיט אַ האַק אויף די פּלייצעס. אוורוטים — אַ מוליער, מיט אויסגעשמירטע קליידער אין קאַלך. מאַשאַ'ן האָט מען אָנגעטהאָן, ווי אַ דאָרפשיקסע: קאַרעלען, רויטע שיך, אַ גרינע פעטשיילע און אַ האָהן אונטער'ן אָרעם אויף צו פאַרקויפען. אויף איהר אָנטהון זיך האָט גרישאַ מעהר אַכטונג געגעבען, ווי אויף אַלעמען. ער האָט זי באַטראַכט מיט דער גרינער פעטשיילע, מיט די רויטע שיך, מיט די קאַרעלען און מיט'ן האָהן און איז געווען צופריעדען.

מיר אַלע דריי האָבען באַדאַרפט האַלטען זיך אינאיינעם און באַזונדער. דאָס האָט געהייסען, יעדער באַזונדער געהט זיך אומ־באַקאַנט, נאָר אַלע אין איין וועג. מיר האָבען באַגעגענט אַרבייטער. זיי האָבען אונז געגריסט עס זענען אָנגעפאָהרען דראָזשקעס, איז־וואָזטשיקעס. דינגען אַ דראָזשקע — האָבען מיר נישט געטאָרט. אַרבייטער פאָהרען נישט אויף קיין דראָזשקעס. מיר האָבען גע־מוזט אַ גרויסע שטרעקע געהן צופוס, ס'איז אָבער זיכער. קיין טראַמוויי האָט מען נאָך נישט געזעהען.

עס לויפט אָן דער טראַמוויי. ער שטעלט זיך אָפּ. מיר אַלע דריי קריכען ארויף גאַנץ אויבען. פּראָלעטאַריער פאָהרען אויבען. אַלע מאָל שטעלט זיך אָפּ דער טראַמוויי. עס קריכען אַראָפּ און עס געהען ארויף פּאַסאַזשירען. ניט ווייט פון אָכטינסקאַ־גאַס איז ארויף אַ פאַרשוין, אַ גאַנץ געוועהנליך מענטשעל. אויף די אויגען האָט ער געטראָגען אַשקולירענע ברילען. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אַקעגען אונז מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל, געוואָרפען אויף יעדען פון אונז אַ קאַלטען בליק און פאַרקוקט זיך אָן אַ זייט. פּלוצים, איך טהו אַ קוק — מיין פאַרשוינ'ס אַשקולירענע ברילען קוקען עפּיס צו שטאַרק אויף מאַשאַ'ן. מאַשאַ אַליין האָט נישט באַמערקט, אַז מע קוקט אויף איהר. איך זאָל דאָס איהר זאָגען — פּאַסט נישט. דער טראַמוויי האָט זיך אָפּגעשטעלט. דער פאַרשוין מיט די אַש־קולירענע ברילען איז אַראָפּגעקראָכען. עס איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצען. מיר זענען געפאָהרען ווייטער. איך האָב דערצעהלט מאַשאַ'ן פונ'ם פאַרשוין מיט די אַשקולירענע ברילען. מאַשאַ האָט

זיך אויסגעלאכט. „נישט אויף מיר, זאָגט זי, האָט ער זיך פאַר־קוקט, נאָר אויפ'ן האָהן“... אין דער מינוט האָט זיך דער וואַגאָן אָפּגעשטעלט עפּיס ווי מיט אַ מאָל. אין איין רגע איז שוין געווען פון אויבען וויעדער דער זעלבער פאַרשווין מיט די אשקולירענע ברילען. ס'איז מיר פאַרקיהלט געוואָרען דאָס בלוט. הינטער איהם זענען שוין געשטאַנען זשאַנדאַרמען, פּאָליציאַנטען, סאָלדאַטען. אַלע האָבען זיך געגעבען אַ נעם צו מאַשאַ'ן... איך מיט אַוורוטים'ען זענען געזעסען פאַרהאַקט אין אַ ווינקעל. וואָס האָבען מיר געקאָנט טהון ? חאַפּ איך זיך אויף — זענען מיר ביידע פאַרפאַלען !

קאַלט האָבען מיר געקוקט אויף דער סצענע, אַזוי ווייט ווי מיר האָבען געקאָנט. און מאַשאַ ? זי האָט אַפילו קיין איינציגען קוק נישט געטהאָן אויף אונז. זי האָט מורא געהאַט, מיט איהר קוק זאָל זי נישט ארויסגעבען אונז אויך. שטיל, פּאַוואָלי, ווי איין אונטערטעניג שעפעלע, האָט זי זיך אראָפּגעלאָזט מיט זיי אראָפּ פונ'ם וואַגאָן. דער טראַמוויי איז אַוועק זיין וועג. מיר ביידע זע־נען שוין געזעסען אין געהאַקטע וואונדען. נישט געטאָרט זיך אויס־דרעהען אַפילו אַ קוק טהון אין יענער זייט, וואו די אומגליקליכע מאַשאַ איז פאַרשוואונדען געוואָרען. מיר האָבען נישט גערעדט קיין וואָרט. מיר האָבען אַפילו נישט געקוקט איינס אויף דאָס אַנדערע. וואָס דער יונגער וועוריק האָט זיך געטראַכט — ווייס איך נים. איך בין איהם געווען איז דער מינוט אַ דם־שונא. נמאס איז ער מיר געוואָרען ! און זיך אַליין בין איך געוואָרען נמאס און מאוס. סטייטש, ווי אַזוי האָב איך געקאָנט בלייבען זי־צען אַזוי רוהיג בשעת מאַשאַ'ם לעבען איז אין אַזאַ געפאַהר ?...

— פון וואַנען און ווער איז זי, אָט די מאַשאַ ? — טהוט איהם אַ פרעג בעני.

— פון וואַנען זי איז — ווייס איך נים. — ענטפערט דער אורח. — איך ווייס נאָר, אַז זי הייסט „מאַשאַ“ און איהר פאַמיליע איז באַשעוויטש.

— באַשעוויטש ? ? — רופען אוים אַלע מיט אַ מאָל.

— באשעוויטש, וואָס איז דענן? — פרעגט דער אורח.

— אַ שענע מעשה נאָר אַ קורצע! — זאָגט נחמיה דער שוס־טער. — סטייטש, דער פּאָטער איהרער איז מיינער אַ גוטער באַ־קאַנטער, ליפּא באשעוויטש הייסט ער, אָדער דער „הילצערנער איד". ערשט געזעהן זיך מיט איהם ערב יום־טוב טאַקי דאָ אויף די טרעפּ. ער איז געגאַנגען צו אונזער שכן אָפּנעמען אַ גערוס פון פּעטערבורג ביי אונזער נגידים טאָכטער טאַמאַראַ.

— טאַמאַראַ? — פרעגט שוין אַצינד דער אורח. — וועד איז די טאַמאַראַ? ניט שאַסטעפּאַל?

— געוויס שאַסטעפּאַל. וואָס איז דענן?

— איהר קענט זי?

— אויב מיר קענען זי? גוט געזאָגט! זי זיצט אָט דאָ אויבען!

— אַ נאַכט פון וואונדער! — זאָגט דער אורח, און דערצעהלט, ווי אַזוי ער האָט זיך בעקאַנט מיט טאַמאַראַ שאַסטעפּאַל, טאַקי ביי מאשאַ באַשעוויטש, און ער זאָגט, אַז ער וואָלט זיך זעהר ווע־לען זעהען מיט טאַמאַראַ שאַסטעפּאַל.

און אַזוי ווי אַלע ביי נחמיה דעם שוסטער האָבען זיך געפיהלט נאָך דעם זיעבעטען כוס פון די „ארבע כוסות" לעבעדיג, בגילופין, לכן איז געבליבען, מע זאָל נישט וואַרטען ביז מאָרגען און מע זאָל נאָך היינט, טאַקי באַלד, געבען צו וויסען טאַמאַראַ'ן, אַז איין אַל־טער בעקאַנטער וויל זיך מיט איהר זעהען. און חיים מיט'ן אורח לאָזען זיך אַרויף אויף די טרעפּ.

* * *

איציקעל שאַסטעפּאַל האָט געהאַלטען שוין לאַנג נאָך די „חד־גדיא'ס" און נאָכ'ן „שיר־השירים" און איז נאָך אַלץ געזעסען ביי'ם טיש גאַנץ ברייטליך, מאַיעסטעטיש, געררויכערט, געטרונקען טיי און געשמועסט פון אַ טרויעריגען ענין, פונ'ם קישינעווער פּאָגראָם, וואָס די רשעים בעריהמען זיך, און די אַנטיסעמיטישע בלעטער שרייבען, אַז אויך דאָ און אומעדום אין אַלע אידישע שטעדט ווע־

לען זיי מאַכען דאָס זעלבע שפּיעל, וואָס אין קישינעוו. זיי, די אַנ־טיסעמיטען, בעריהמען זיך, אַז זיי וועלען זיך נוקם זיין אָן די אידען פאַר דער רעוואָלוציע, וואָס ווערד אָנגעפיהרט בלומרשט נאָר פון אידען. די טאָכטער קאָן זיך ניט איינהאַלטען און ענט־פערט־אָפּ דעם פאָטער, אַז אומזיסט בעריהמען זיי זיך; זיי ווע־לען גאָרנישט מאַכען, וואָרום אום צו מאַכען איין אַלגעמיינעם קי־שינעוו, מוז מען האָבען ווער ס׳זאָל מאַכען.

— אודאי דאַרף מען געהן אויסשרייבען פון פּאַריז היצלים, חוליגאַנעס, באָסיאַקעס און שכורים! — זאָגט דער פאָטער.

— מיט חוליגאַנעס און מיט באָסיאַקעס קאָן מען גאָרנישט מאַכען. מע דאַרף האָבען דערצו דאָס פאָלק, די אַרבייטער, — בעמערקט די טאָכטער, און דער פאָטער ענטפערט איהר:

— וואָסער פאָלק? וואָסערע אַרבייטער? האָב קיין יסורים ניט, זאָל נאָר זיין אַ פּאָגראָם, וועלען די אַרבייטער העלפען „אַרבייטען“...

און איציקעל שאָסטעפּאַל קאָכט זיך. ער פיהלט, אַז דאָ איז ע ר אויפ׳ן פערד. אין די זאַכען איז ער מעהר געניט און פער־שטעהט מעהר פון דער טאָכטער... טאַמאַראַ לאָזט איהם אָבער לאַנג נישט טריומפירען און זי ענטפערט איהם שניידענד, אַז מע טאָר ניט זיין קורצזיכטיג און מע דאַרף קאָנען אונטערשיידען, וואָס ווערד אָנגערופען „פאָלק“ און וואָס הייסען עטליכע צעהנדליג אָנ־גערייצטע אָדער געדונגענע חוליגאַנעס אין קישינעוו, וואָס האָבען בעפאַלען אַ שטאָדט פון שוואַכע מענשען, טרוסען, ווייבער און קינ־דער, וואָס האָבען זיך געלאָזט אויסשלאַכטען און געגאַנגען נאָכדעם וויינען אויף די קברים און אויס׳טענהן זיך מיט׳ן רבונו־של־עולם, ווי עס ווערד אַזוי שען בעשריבען ביי׳ם גרעסטען אידישען דיכטער, ביי ביאַליק׳ען.

— האָסט דאָך געלייענט ביאַליק׳ען? — טהוט טאַמאַראַ אַ פרעג ביי׳ם פאָטער, און בעקומט אַזאַ מין ענטפער:

— וואָסער ביאַליק? פון דער מיהל?...

— דאָס ליעד פון ביאַליק'ען. — זאָגט טאַמאַראַ. — דו ווייסט ניט ביאַליק'ס ליעדער?

— וואָס בין איך אַ אידינע, וואָס איך זאָל לייענען ליעדלעך פון עפּיס אַ ביאַליק אַ ליעדעל־מאַכער? — מאַכט איציקעל שאָסטע־פּאָל גאַנץ נאַאיוו און ערנסט.

און טאַמאַראַ האָט שוין מעהר קיין מוט צו דיסקוטירען מיט'ן פאָטער, און זי בעוואונדערט די אומנאַטירליכע לאַגע, וואָס ביי אי־דען: אַ פאָלק פון סאַמע אינטעליגענטען, וואָס אַלע קאָנען לעזען, אפילו ווייבער, אַ פאָלק, וואָס האַלט זיך קליגער פון אַלע פעלקער, קליגער און בעסער און פרומער, קומט צו איין אייגענעם נאַציאָנאַ־לען דיכטער, הייסט ער ביי איהר בעל־הבית'ישען פאָטער „אַ ליע־דעל־מאַכער". און ווען נישט דעם אַפּטייקער'ס זוהן סאַשאַ, וואָלט זי, טאַמאַראַ, גאָרנישט געוואוסט, אַז עס עקזיסטירט אונטער אידען אַ פּאָעט מיט'ן נאָמען ביאַליק. און וואָס עפּיס נאָר זי? זי קען אַ סך אַזעלכע, ווי זי, וואָס ווייסען נאָך עד היום ניט, ווער דער ביאַליק איז!... און זי קאָן זיך גאָר ניט פאָרשטעלען, אַז עס זאָל זיך גע־פינען אונטער רוסען אַזעלכער, וואָס איז ניט קיין פּראָסטער גוי, וואָס זאָל נישט וויסען ווער פּושקין איז... אָדער עס זאָל זיך גע־פינען אונטער פּוילען, למשל, אַ מענש, וואָס זאָל נישט וויסען ווער מיצקעוויטש איז. און עס ווילט זיך איהר אַרויספיהרען דערפון איינס פון די צוויי: אָדער ביאַליק איז קיין דיכטער, אָדער מיר זענען קיין פאָלק... און אויב מיר זענען ניט קיין פאָלק, טאָ וואָס־זשע דען זענען מיר?...

— עס פרעגט זיך נאָך אויף אייך דעם שוסטער'ס זוהן מיט נאָך עפּיס אַ מענשען.

אַזוי ראַפּאָרטירט דאָס שטובמיידעל, און איידער מע טהוט זיך אַ קעהר, וואַכסען־אויס אויף דער שוועל צוויי פאַרשוינען, חיים דעם שוסטער'ס זוהן און דער בעוואַכסענער האָריגער אורח. און אַלע דריי ווערען ערשטוינט: איציקעל שאָסטעפּאָל שטוינט, ווי קומט אַהער דעם שכנ'ס בן פּסח נאָכ'ן סדר? „איין עזות פון אַ

שוסטער־יונג!״ שיווקע שאַסטעפּאַל האָט זיך גלאַט דערשראָקען פאַר׳ן בעוואַכסענעם האָריגען נפש; מען האָט דאָ גאָר־וואָס געשמור־עסט פון הוליגאַנעס, אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפשר איז דער איינער פון זיי?... און טאַמאַרא האָט באַלד דערקענט אינ׳ם בעוואַכסענעם האָריגען נפש — מישאַ בערעזניאַק, דעם, וועלכען זי האָט קענען געלערענט ביי מאַלקינ׳ען אין דער „קאָמונע״.

זי האָט אויפגענומען מישאַ בערעזניאַק׳ען אויף אַזוי פיעל פריינדליך, ווי מע דאַרף אויפנעמען אַ גוטען בעקאַנטען, — און ס׳איז געוואָרען אין שטוב אַ גערודער, אַ שטיקעל בהלה. צו דעם אַלעמען איז נאָך צוגעקומען אַ אינצידענט: חיים, דעם שוסטער׳ס זוהן, מיט׳ן בעוואַכסענעם האָריגען נפש בערעז־ניאַק־ניידיטש האָבען נישט אָנגעפּרעגט זיך ביי קיינעם, נישט געוואַרט אויף קיין כבוד, גענומען און אוועקגעזעצט זיך, צעלעגט זיך, ווי ביי׳ם טאַטען אין ווייַנגאָרטען, פּעררויכערט פּאַפּיראָסען און גענומען שמועסען מיט טאַמאַראַ׳ן, ווי מיט זייערען אַ גלייכען! — אַ פּאַטעפּאַלנאַסט פון אַ שוסטערוק! איין עזות פון קבצנים! אַריינקריכען מיט די שטיוועל צו יענעם אין זאַל אריין! וועה איז מיר, מע דאַרף אָפּטרעטען די שטוב! אַז מע איז ביי זיך אין שטוב שוין גאָר אויס בעל־הבית געוואָרען!...

איציקעל שאַסטעפּאַל האָט געפּייערט, און שיווקע האָט גע־בראָכען די הענד: וועה איז איהר, וואָס פאַר אַ וועלט היינט איז געוואָרען! וואָס פאַר קינדער!... וואו איז דאָס געהערט געוואָרען, אַז יום־טוב, פּסח נאָכ׳ן סדר, זאָל קומען עפּיס אַ קבצן, אַ שלע־פּער, און בעזעצען זיך מיט זייער טאָכטער בעזונדער אין אַ חדר און רעדען צווישען זיך עפּיס שטילערהייד?... איז דאָך טאַקי עק וועלט!...

„עק וועלט״ איז געווען אויך ביי טאַמאַראַ׳ן: זי איז פון איהר אַלטען בעקאַנטען געוואָהר געוואָרען אַ סך, אַ סך טרויעריגע נייעס — אַז מאַשאַ זיצט, אַז דעם האָט מען פערשיקט, אַז יענעם וועט מען פערשיקען און אַז ראָמאַנענקאָ׳ן, איהר אידעאַל ראָמאַ־

נענקאָ׳ן, האָט מיִן ערשט אָט דאָ די טעג געחאַפּט און מע דאַרף איהם הענגען...

. . . . . . . . . . . . . . . . .

א שטילע פריהלינגס־נאַכט איז געווען די ערשטע נאַכט פון פסח, א שטילע, א ווארעמע נאַכט. שטיל, ווי פער׳חלומ׳ט, זענען געשטאַנען די איינגעשלאָפענע הייזער. ווי סאָלדאַטען אויף דער וואך, האָבען זיך אויסגעצויגען די בוימער פון ביידע זייטען גאַס, נאָך נאַקעטע, אָהן בלעטלעך, נאָר גרייט אויף אָנצוקליידען זיך זייער גרינע זומערדיגע הלבשה. פונ׳ם ווייטען אויסגעשטערענטען הימעל האָט אראָפּגעקוקט מיט א זילבערנעם שמייכעל די לבנה, לאַנגזאַם און מאַיעסטעטיש געשפּאַציערט, ווען־ניט־ווען זיך אונטערגעטוקט און טובל געווען אין א פערביילויפענדיג רויכיג וואָלקענדעל, בעהאַלטען זיך אויף א מינוט, און ווידער אַרויס אויפ׳ן ברייטען פרייען הימעל, צווישען די פינקעלדיגע קליינע שטערענדלעך, וואָס קוקען זיך איבער, שעמערירען און פינטלען און סוד׳ען זיך צווישען זיך, רעדען פון גאָט און פון זיינע אוצרות וועלטען, מיליאָרדען וועלטען! אַלסדינג, אַלסדינג שלאָפט. אַלע פענסטער זענען צו, אַלע פייערס זענען אויסגעלאָשען. אַלץ, אַלץ שלאָפט אין דער דאָזיגער פריהלינגס־נאַכט, אין דער דאָזיגער ערשטער נאַכט פון פסח. נאָר איין פענסטער אין איין הויז אויף וואַסילטשיקאָווער גאַס איז אָפען אין דער דאָזיגער נאַכט, און נאָר איין וואַכענדיגער מענש, טאַמאַראַ, שטעהט און קוקט־אַרויס פונ׳ם איינציגען אָפענעם פענסטער אין דרויסען אַרויס, שיקט איהר בליק צו דער העל־זילבערנער לבנה און צו די מיליאַרדען פינקעלדיגע וועלטען, וואָס הייסען שטערען, און טרוקען זענען די אויגען, און פערשטיינערט איז דאָס האַרץ, און דער קאָפּ איז פערטומעלט, און נישט ליעב איז איהר די שענע גרויסע וועלט, און פרעמד איז דער ווייטער, טיעפער הימעל, און וויסט איז די ערד, און פוסט און לער איז אַלץ אַרום און אַרום, און א שוידערהאַפטער עלענד, און א מורא׳דיגער צער,

און אַ קאַלטער צאַרן נעמען אַרום די נשמה, ווי מיט צוואַנגען, און עס ווילט זיך איהר שרייען, שרייען, שרייען...

### קאַפּיטעל ד.

## איציקעל שאַסטעפּאַל געהט אַרום אַהן אַ קאָפּ.

פון דער ערשטער מינוט, וואָס טאַמאַראַ איז געקומען פון פּעטערבורג, האָט איציקעל שאַסטעפּאַל נאָך נישט געהאַט קיין גוטע מינוט.

דער אומגליקליכער פאָטער האָט ניט געקאָנט איבערקייען, וואָס דעם אַפּטייקער'ס זוהנדעל קומט אריין צו איהם אין שטוב אריין פראַנק און פריי, אַלע מאָל אויסגעפּוצט ווי אַ כלה, וואַרפט אַראָפּ די הענטשקעלעך, גיט איהם, איציקעל שאַסטעפּאַל'ען, די האַנד, און אויך שיווקע'ן גיט ער די האַנד, און האַלט זיך ביי איהם אין שטוב ווי „עפּיס אַ גאַנצער רב שמעלקע"! און שענער פון אַלץ איז דאָס, וואָס שיווקע אַליין האָט שוין גאָר אָנגעהויבען פערענטפערען די טאָכטער, געפינען אַ זכות אויפ'ן אַפּטייקער'ס זוהנדעל, לויבען איהם, אַז ער איז אַ גאַנץ וואויל בחור'על. — מערקווירדיג! זינט די טאָכטער איז געקומען פון פּעטערבורג, איז די שטוב געוואָרען איין אַנדער שטוב, דאָס לעבען — איין אַנדער לעבען, און אַפילו דאָס ווייב — איין אַנדער ווייב. ס'איז גאָר ניט די שיווקע, וואָס פריהער! אַמאָל פלעגט זי האָבען דרך־ארץ, ציטערען, וויסען נאָר צובאַמקען צו אַלסדינג, וואָס ער, איציקעל, האָט געזאָגט. איצט איז זי געוואָרען אַ גאַנצער מענש! זי זאָגט שוין אויך מבינות אויף אַ מענשען: דעם אַפּטייקער'ס זוהן קומט־אוים ביי איהר אַ גאַנץ וואויל בחור'על!

— אפשר וואָלסט דו געזאָגט, איך זאָל מיך משדך זיין מיט'ן טריפניאַק דעם אַפּטייקער? — פרעגט איציקעל אין אַ שפּאַס ביי

זיין ווייב שיווקע, און בעקומט פון איהר איין ענטפער דורך א פראגע, ווי געוועהנליך:

— פאר וואס ניט?

— אפשר איז שוין ביי זיי איין אפגעמאכטע זאך? — פרעגט ווייטער איציקעל.

— פון וואנען וויים איך, אז ניין? — ענטפערט איהם שיווקע אלץ מיט דעם זעלבען·שטייגער, מיט א פראגע אויף א פראגע.

— קאן זיין, אז אין גיכען זאל אונז קומען מזל־טוב?

— פאר וואס זאל דאס ניט קאנען זיין?

— דאס וואלט איך, דאכט מיר, געמעגט וויסען פריהער פון דיר?

— וואו שטעהט דאס געשריבען?

— טפו זאל דאס ווערען!

קיין פאטער זאל נישט וויסען פון אזעלכע צרות, ווי אונזער אומגליקליכער פאטער שאסטעפאל, אז ער מוז זיך אוועקשטעלען רעדען מיט דעם געלען בחור'על, דעם אפטייקער'ס זוהנדעל, פון אידישקייט, פון ציוניזם און פון נאך כדומה אזעלכע זאכען, וואס ער וואלט קיינמאל פון דעם מיט אזא שנעק ניט גערעדט!

סאשא סאפראנאוויטש אבער איז נאך פון די אומגליקען, וואס מע קאז זיי אריבערטראגען. א סך ערגער איז דאס, וואס אלע טאג ווערד די טאכטער פערפאלען אויף א שעה אדער אויף צוויי, דאס הייסט, זי טהוט זיך אן, געהט אוועק און זאגט נישט, וואוהין. שוין פון א צייט, אז דער פאטער האט דאס בעמערקט. ער וויל זי פרעגען, און ווייסט נישט, ווי אזוי ער זאל דאס טהון. ער האט איהר א פאר מאל אפילו א זאג געטהאן: „וואוהין איז?" און האט בעקומען איין ענטפער: „איך קום באלד צוריק". ער האט געפרובט דורכ'ן ווייב, טאמער וועט ער עפיס געוואהר ווערען, ווייסט זי אויך ניט מעהר פון איהם.

— ווי אזוי ווייסט דאָס ניט אַ מאַמע, וואוהין די טאָכטער געהט? — פרעגט איציקעל בײַ זיין פרוי און בעקומט באַלד אויס־גאָב מיט דער זעלבער פראַגע:

— ווי אזוי ווייסט דאָס ניט אַ טאַטע, וואוהין זיין טאָכטער געהט?

אויסלאָזען דעם כעס צום ווייב לאָזט ער שוין ניט אויס, אזוי ווי פריהער. זינט די טאָכטער איז אַ חיגע, האָט די מוטער שטאָלץ און שטאַרקייט קעגען איהם, און ביידע, די מוטער מיט דער טאָכטער, האָבען ווי געשלאָסען צווישען זיך אַ פערבאַנד קעגען איהם, און האָט ער געוואָלט פּרובען אָפּשפּיעלען דעם ווייב אַ מזמור, מאַכען איהר אַ סקאַנדאַל, ווי ער איז געוואָהנט געוואָרען, אזוי האָט זיך ארויסגעשטעלט די טאָכטער, זיך אָנגענומען די קריוו־דע פון איהר מוטער, און דוקא מיט גוטע רעד...

איציקעל שאָסטעפּאַל מוז אָבער אומבעדינגט וויסען, וואָס איז דאָס מיט זיין טאָכטער געוואָרען? וואָס געהט זי אום אין שטוב, אזוי ווי אַ שאָטען? וואָס איז דאָס פאַר איין עובדה אוועקגעהן אַלע טאָג אויף צוויי שעה און ניט זאָגען: וואוהין? מיט וועמען זעהט זי זיך? וואָס טראַכט זי זיך?

און דיר פּאָטער איז געוואָרען אַ שפּיאָן. ער האָט גענומען נאָכ־קוקען דער טאָכטער, וואוהין זי געהט, און ער האָט זי געפּאַקט. ער איז איינמאָל אומבעמערקט נאָכגעגאַנגען פון הינטען און האָט דערזעהען, ווי זי האָט זיך אריינגעחאַפּט צום לעהרער ראָמאַנענקאָ אין הויף אריין און איז פערשוואונדען געוואָרען.

איציקעל שאָסטעפּאַל׳ס קאָפּ איז שיער ניט צעשפּאָלטען גע־וואָרען קלערענדיג: וואָס טהוט זיין טאָכטער ביי ראָמאַנענקאָ׳ן? אַלערליי מיאוסע מחשבות, איינע מיאוסער פון דער אַנדערער, איז איהם דורכגעפלויגען אין קאָפּ. אַז זיין טאָכטער איז גוט בעקאַנט מיט׳ן יונגען ראָמאַנענקאָ — דאָס ווייסט ער. ער ווייסט אָבער דאָס אויך, אַז דער יונגער ראָמאַנענקאָ איז ניט היע, אַז ער זיצט ערגיץ איינגעשפּאַרט און אַז ס׳איז ניטאָ פון איהם קיין שום ידיעה.

צו וועמען זשע קאָן זי געהן? צו די עלטערען? ווייסט ער אָבער, אַז ראָמאַנענקאָ׳ס פאָטער איז אַ צורר־היהודים — און אָט דאָ ערשט קומט דער מיאוסטער פון אַלע געדאַנקען: ווייל ער איז אַ צורר־היהודים, געהט אהין זיין טאָכטער!... ווייל ער איז איין אַנטיסע־מיט, האָט ער איין אויג אויף זיין, איציקעל שאַסטעפּאַל׳ס, טאָכ־טער, — און דער דאָזיגער מיאוסער געדאַנק מאַכט דעם אומגליק־ליכען פאָטער משוגע, און ער קאָן זיך גאָר קיין אָרט ניט געפינען!... ביז די טאָכטער קומט צו געהן. און אַז די טאָכטער קומט צו געהן, רעדט ער מיט איהר פון פערשיעדענע זאַכען, און מעהר — פון אידען, גויים, אונזער גלויבען, זייער גלויבען... פערקוקט איהר אין די אויגען אריין, טאָמער וועט ער עפּיס פון איהר אַרויסגעפינען, — אומזיסט די אַרבייט! טאַמאַראַ איז די אייגענע, וואָס תמיד, סיי־דען נאָר דאָס, וואָס איהרע אויגען זענען מעהר פערטראַכט, ווי אַלע מאָל, און אַביסעל בלאַס איז דאָס פּנים, און אַז מע פרעגט זי עפּיס, ענטפערט זי ניט באַלד, און אַז עס קומט צו איהר צו געהן דעם אַפּטייקער׳ס זוהנדעל, היצט זי זיך נישט, ווי זי פלעגט זיך היצען ביז אַהער; זי לאָזט איהם רעדען, און אַליין געהט זי אַרום מיט איבערגעלעגטע הענד אויפ׳ן האַרצען, אָדער זי קוקט אויף איהם מיט אַזעלכע אויגען, וואָס ס׳איז גרינג צו דערקענען, אַז זי הערט איהם ניט, וואָרום איהרע מחשבות זענען ווייט פון דאַנען...

* * *

איינמאָל איז איציקעל שאַסטעפּאַל געקומען אַהיים אַ פער־טראָגענער, אַ צערייצטער פון זיינע פערפּלאָנטעטע עסקים מיט „קאַזנאַ“, פון די אַדוואָקאַטען, וואָס האָבען געצויגען ביי איהם די עצמות, און פון די „טשינאָווניקעס“, וואָס האָבען „געבראַקעוועט“.

— וואו איז דאָס קינד? — פרעגט ער זיך נאָך ביי׳ם ווייב.

— פון וואַנען זאָל איך וויסען? — ענטפערט זי איהם, ווי איהר שטייגער איז.

— וואָס הייסט, פון וואַנען זאָלסט דו וויסען?

— נוריאַ, פון וואַנען זאָל איך וויסען?
— ביזט אַ מאַמע, צי ניין?
— און אַז איך בין אַ מאַמע, איז וואָס דערפון געדרונגען?
— וואו איז די „באַרישני" — פרעגט שאַסטעפּאַל ביי די מענ־שען.
— די „באַרישני" איז ביי זיך אין אַלקיר. — ענטפערען די מענשען.
— ביי זיך אין אַלקיר? — ער לאָזט זיך געהן צו דער טאָכטער אין אַלקיר אריין.

אָנגעקלאַפּט אין טהיר, האָט זיך דערהערט אַ קול:

— ווער איז?
— ס'איז איך! — דער פאָטער טרעט־אריבער די שוועל און ער דערזעהט אויפ'ן בעטעל ליגען זיין טאָכטער מיט'ן פּנים ארויף. די הענד פערוואָרפען אונטער'ן קאָפּ, אויפ'ן האַרצען אַ בלאַט צייטונג. די אויגען רויטליך, ווי פערוויינט. ער געהט־צו צו איהר נאָהענט, לעגט ארויף די האַנד צו איהר אויפ'ן קאָפּ.
— וואָס איז דיר, טאָכטער?
— גאָרנישט.
— ביזט עפּיס נישט מיט אַלעמען?
— דער קאָפּ אַביסעל טהוט מיר וועה.
— אפשר, דעם דאָקטאָר?
— ניין, ניין! נאָר נישט קיין דאָקטאָר!

איציקעל שאַסטעפּאַל קען שוין זיין טאָכטער. אַז זי זאָגט ניין, איז ניין.

* * *

דעם זעלבען טאָג, פאַרנאַכטליך, אַז די זונן האָט געהאַלטען ביי זעצען זיך, פערפאַרבט דעם אונטערשטען טייל הימעל מיט רויטען, האָט צום אַפּטייקער אין דער טהיר אָנגעקלונגען איציקעל שאַסטע־פּאַל. זינט זיי זענען שכנים איז עס דאָס ערשטע מאָל, וואָס שאַס־טעפּאַל האָט אָנגעקלונגען צו זיין שכן דעם אַפּטייקער. אויף זיין

קלונג האָט זיך בעוויזען אַ שוואַרץ בחור׳על מיט געקרייזעלטע הער־לעך און מיט איין אויסגעבויגענער נאָז. דאָס איז געווען סאַשאַ׳ס חבר, שמעון קעסלער.

— דעם אַפּטייקער׳ס זוהנדעל איז אין דער היים? — פרעגט איהם שאַסטעפּאַל און האָט שוין חרטה, וואָס ער האָט אהער אָנגעקלונגען.

— סאַשאַ? — מאַכט צו איהם קעסלער. — ער איז דאָ. ער לערענט. קומט אריין. סאַשאַ! קום נאָר אהער.

אויף דעם אויסרוף קומט אָן דעם „אַפּטייקער׳ס זוהנדעל״, דער־זעהט טאַמאַראַ׳ס פאָטער פלוצים ביי זיך אין שטוב, ווערד מבולבל און צינד זיך אָן, ווי אַ פייער.

— איך דאַרף דיך... איך דאַרף אייך עפּיס פרעגען. — מאַכט צו איהם שאַסטעפּאַל און קוקט אויף סאַשאַ׳ס חבר קעסלער. סאַ־שאַ שטויסט זיך, אַז דער חבר קעסלער איז דאָ איבעריג.

— שמעון, געה אַרויס אויף אַ ווײַלע, — זאָגט סאַשאַ צו זיין חבר קעסלער און בעט איציקעל שאַסטעפּאַל זיך זעצען.

איציקעל שאַסטעפּאַל קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען.

— האָט איהר נישט אַ באַזונדערען חדר? — פרעגט ער ביי סאַשאַ׳ן.

— קומט אריין צו מיר אין קאַבינעט, — זאָגט צו איהם סאַשאַ זעהר פריינדליך און פיהרט איהם אריין צו זיך אין אַ קליין, ריין, ליכטיג חדר׳על. איציקעל שאַסטעפּאַל בעטראַכט דאָס חדר׳על, וואָס איז פול מיט ספרים און ביכער און צייטונגען, אידישע צייטונגען.

איציקעל שאַסטעפּאַל אָטעמט־אָפּ און רופט זיך אָן צו סאַשאַ׳ן:

— דאָס איז זעהר שען פון אייך, וואָס איהר זיצט נים לעדיג. יונגע לייט, וואָס איהר טהוט עפּיס, וואָס איהר זאָרגט פאַר׳ן כלל ישראל... מיר קאָנען נישט, מיר האָבען קיין צייט נים, טאָג ווי נאַכט פאַרטאָרעראַמט, איהר זעהט דאָך, געשעפטען, פּאָדריאַדען, עסקים...

— אָט דאָס איז טאַקי די צרה, — זאָגט צו איהם סאַשאַ — וואָס איהר זענט פערטאַרעראַמט מיט א י י ע ר ע געשעפטען, פּאָדריאַדען, און מיר זענען פערטאַרעראַמט מיט א ו נ ז ע ר ע געשעפטען, און דערווייל דאָס אידישע פּאָלק געהט־אונטער...

— אָט־אָט־אָט! — מאַכט צו איהם דער גאַסט און וויזט איהם מיט'ן פינגער, אַז ער האָט געטראָפען אין רעכטען קארב אריין. — גערעכט! לאָמיך האָבען אַזאַ יאָהר, ווי איהר זענט גערעכט! די אייגענע טענות האָב איך מיט מיין טאָכטער: צו וואָס טויג אונז, זאָג איך, זיך פאַרנעמען מיט פּאָליטיק, רעוואָלוציעס־שמוציעס? הלואי איך זאָל ליגען זאָגען, זאָג איך, עס וועט זיך דאָך געוויס אויסלאָזען, זאָג איך, צו אונזערע קעפּ, מיט אַ קעשינעוו, מיט אַ פּאָגראָם און מיט אַרויסטרייבען, זאָג איך, אידען פון די דערפער און פון די שטעדט, זאָג איך. אָט האָב איך, זאָג איך, צו טהון מיט פּריצים, טייטען זיי, זאָג איך, מיט די פינגער און וויזען אָן אויף אונז, אַז אומעדום זענען מיר שולדיג! איך זאָג, אַז אַ איד טאָר זיך ניט מישען, אַ איד דאַרף וויסען, אַז ער איז אַ איד...

— און קושען דעם פּריץ די האַנד און זינגען מה־יפית? אָדער זיצען און וואַרטען, ביז מע וועט קומען און מע וועט איהם צער־רייסען די קישעלעך, צעברעכען די בענקלעך, צעראַבעווען דאָס פערמעגען, פּייניגען דאָס ווייב, שענדען די טעכטער? — זאָגט סאַשאַ צום גאַסט, און דער גאַסט ענטפערט איהם:

— טע־טע־טע! זענט איהר דאָך דער אייגענער פויגעל, וואָס זיי אַלע! וואָס איז דאָס פאַר ווערטער געוואָרען: קעמפען? שלאָגען זיך? איך האָב געמיינט, איהר זענט אַ שטילינקער, צום סוף... מיין טאָכטער אויך אַזוי...

— דער חלוק צווישען אונז איז, וואָס איך זאָג קעמפען פאַר אונזערע א י י ג ע נ ע אינטערעסען פון אונזער א י י ג ע ן פּ אָ ל ק, וואָס מיר איז דאָס נעהענטער, און אייער טאָכטער איז אַוועק ווייטער...

— יאָ, מיין טאָכטער איז אַוועק ווייט, שוין צו ווייט!...

אזוי זאָגט איציקעל שאָסטעפּאַל מיט אַ זיפץ און מיט אַ ביטער שמייכעלע, און זיינע גרויסע שוואַרצע אויגען דריקען־אויס זעהר פיעל פערשטעלטען טרויער, פערבאָרגענעם שמערץ, און ער הויבט אָן מיט אַ טאָן נידעריגער:

— אַט דאַס בין איך טאַקי צו אייך אַריינגעקומען. ערשטענס, זיך אויסרעדען אַביסעל דאָס האַרץ. אייך האָב איך דערקענט פאַר אַ וואויל מענטשעל, גלעבען, איהר זענט מיר געפעלען, דאָס הייסט, איהר הויבט מיר אָן צו געפעלען. איהר האָט אין זיך חאָטש אַ קאַפּעל אידישקייט.

— אַ דאַנק, — מאַכט צו איהם סאַשאַ מיט אַ האַלבען שמייכעל.

— ניטאָ פאַר וואָס. — זאָגט איהם שאָסטעפּאַל גאַנץ ערנסט.— און, צווייטענס, האָב איך אייך געוואָלט ווייזען עפּיס אַ זאַך. איך וועל דאָס אייך באַלד ווייזען. נאָר קודם דאַרף איך אייך זאָגען אַ הקדמה, אַז איהר זאָלט ניט מיינען חס ושלום, אַז איך קלער עפּיס איבער אויף מיין טאָכטער. איך קען מיין טאָכטער זעהר גוט, מעגט איהר מיר גלויבען אויף נאמנות.

— איך גלויב אייך.

— אַלזאָ, איז אָפּגערעדט דערפון, — זאָגט שאָסטעפּאַל און פער׳גנבה׳ט זיך מיט אַ קוק צו סאַשאַ׳ן אין די אויגען אַריין. — אלא וואָס דען? איך פאַרשטעה זי ניט! איך הויב זי ניט אָן צו פאַרשטעהן! געוויס דאַרפט איהר קענען מיין טאָכטער׳ס לעהרער, דעם קריסט, ראָמאַנענקאָ׳ס זוהנדעל, פון דער גימנאַזיע דער לעה־רער, אַ וואויל גויעצעל, איין עהרליכער, נאָר אַ פאַרברענטער „חברה־מאַן”! פון די ד אָ ז י ג ע לייט... מיין טאָכטער האַלט פון איהם. איך האַלט אַפילו אויך פון איהם; נאָר זי — גאָר לעילא ולעילא! אַ גאַנצער גאָט ביי איהר! איך אָבער זאָג איהר: אַ מענטש איז ניט קיין גאָט. זאָגט זי: דו קענסט ניט ראָמאַנענקאָ׳ן. זאָג איך: איך קען גרעסערע לייט פון איהם; איך קען דעם פּראָ־קוראָר, איך קען דעם פּרעדסעדאַטעל, איך קען דעם גובערנאַטאָר אַליין... לאַכט זי פון מיר. איהר ווייסט דאָך, ביי די ד אָ ז י ג ע

איז דער גובערנאַטאָר טריפה... מילא, דאָס בין איך אייך ניט אויס־סען. אַ גאָט איז אַ גאָט... איז ער אָבער נישטאָ היִע, דער גאָט, דער יונגער ראָמאַנענקאָ מיין איך. ער איז ערגיץ ווייס איך וואו, אין סיביר מסתמא. מע ווייסט ניט וואו... פרעגט זיך אַ קשיא: ווי־באַלד אַז ער איז נישטאָ, דער גאָט, דער יונגער ראָמאַנענקאָ מיין איך, היינט וואָס האָט מען אַהין צו געהן?

— וואוהין? — פרעגט סאשא.

— איך ווייס וואוהין? צו זיינע עלטערען, אַפּנים?... דעם פאָ־טער ווייסט איהר דאָך, וואָס פאַר אַ צורר־היהודים ער איז... וואָס האָט זי דאָרט צו טהון אַלע טאָג?

— ווער? — פרעגט ווידער סאשא.

— מיין טאָכטער, טעמע, טאמארא הייסט דאָס! ביז איך בין געוואָהר געוואָהרען, וואוהין זי געהט! אַלע טאָג, אַלע טאָג ווערד זי פארפאַלען אויף צוויי־דריי שעה, און איך האָב נישט געוואוסט וואוהין... וואָס הייסט, איך האָב נישט געוואוסט? נישט געוואוסט— און איין עק!... בקיצור, איך בין געוואָהר געוואָרען, אַז זי געהט אַהין... ווי אַזוי איך בין געוואָהר געוואָהרען? — אַבי איך בין גע־וואָהר געוואָהרען... וואָס טהוט זי דאָרט?... איך ווייס וואָס זי טהוט?... וואָס זאָל איך קלערען? וואָס קאָן איך אויף איהר קלע־רען? זי איז אַ אידישע טאָכטער, זיי זענען גויים, און דער פאָ־טער איז אַ רשע מרושע, אַ צורר־היהודים... און איך קען מיין טאָכ־טער און ווייס, אַז זי האָט פיינט דעם אַלטען ראָמאַנענקאָ גלייך מיט מ'ר. שייך זאָגען פיינט? מיר לעבען דאָך מיט איהם צו־זאַמען. נאָר וואָס געהערט ער זיך אָן מיט אונז? איך ווייס, אַז ביי איהר איז ער טריפה, אַזוי ווי ביי מיר. וואָס דאַרפט איהר? זי האָט מיר אַליין דערצעהלט אַ מעשה, איך געב אייך דאָס איבער בסוד, איהר זאָלט זיך נאָר ניט אויסרעדען פאַר מיין טאָכטער...

— קיין סודות פון אייער טאָכטער דאַרפט איהר, אייגענטליך, מיר ניט דערצעהלען. — זאָגט סאשא און קוקט מיט אומרוהיגקייט אויפ'ן גאַסט.

— מענטש! ס'איז נישט קיין סוד! דאָס ווייסען אין פּע־טערבורג אַלע, גאַנץ פּעטערבורג ווייסט! מילא, בין איך אייך, דאָס אויך ניט אויסען... פרעגט זיך אָבער אַ קשיא: וואָס פאַר עסקים קאָן זי מיט זיי האָבען?...

— מיט וועמען?

— איך ווייס מיט וועמען? מיט זיינע עלטערען, אפנים? מאַהלט אייך, איך בין ניט געשלאָפען, איך האָב נאָכגעקוקט, נאָכ־געשמעקט, — איך ווייס נישט, איך ווייס גאָרניט!... דאָס קינד, זעה איך, פון טאָג צו טאָג געהט־איין, איך זעה, זי טראָגט יסורים. נאָר וואָס — ווייס איך ניט! איך ווייס ניט און קאָן נישט ווי־סען!... היינט, למשל, קום איך אריין, טרעף איך זי פאַרווויינט מיט אַ בלאַט־צייטונג אין די הענד... וואָס איז דיר, טאָכטער? גאָרניט. איצט איז זי אַוועק אהין און געלאָזט אָט דאָס בלאַט אונטערגע־שטריכען מיט רויטען. דאָס בלאַט איז איין אויסלענדיש בלאַט, אַ סוד פאַר מיר. איך וואָלט זעהר וועלען וויסען וואָס דאָ שטעהט... פאַר קיין אַנדערען וואָלט איך נישט פאַרגלויבט. צו אייך האָב איך עפּיס מעהר צוטרויען...

— איך דאַנק אייך זעהר. — מאַכט צו איהם סאַשאַ צערודערט פונ'ם גאַנצען שמועס. — מיר איז אָבער ניט אָנגענעהם אריינצומי־שען זיך אין די פּערזענליכע ענינים פון אייער טאָכטער... אינטימע, סעמיינע זאַכען...

— מענטש וואָס איהר זענט! — שרייט־אויס איציקעל שאַם־טעפּאַל. — וועמען דען זאָל איך געהן דערצעהלען? וועמען דען זאָל איך געבען איבערלייענען? פאַרגעסט נישט, אַז ס'איז מיין איין־און־איינציג קינד! זי איז ביי מיר אַ בת־יחידה, און איך האָב זי ליעב...

די לעצטע ווערטער זענען געזאָגט געוואָרען מיט אַזאַ פייער, אַז סאַשאַ סאָפּראָנאָוויטש האָט רחמנות געהאַט אויף טאַמאַראַ'ס פאָטער, און אפשר ווילט זיך איהם אַליין אויך וויסען, וואָס שטעהט אין בלאַט? וועלכער מענש קאָן געהן פאַרביי איין אָרט, וואו ער

ווייסט, אז דאָרט איז אַ סוד, און נישט אַ קוק טהון חאַטש מיט איין אויג אויף דעם אַראָפּגעלאָזטען פאָרהאַנג?... מע דאַרף נישט פערגעסען דאָס אויך, אַז טאַמאַראַ שאַסטעפּאַל האָט פאַר סאַשאַ'ן אויך אַ שטיקעל אינטערעס. אויב נאָך עמיצער איז פערליעבט אין טאַמאַראַ'ן, איז ער געוויס ניט אַזוי פערליעבט, ווי סאַשאַ, און געוויס נישט פריהער פון סאַשאַ'ן. און ער נעמט דאָס בלאַט ביי'ם פאָטער און לייענט:

„דעם 10־טען, 12 אַזייגער האַלבען טאָג, איז אין דער קאַמער פון פעסטונג, דאָרט וואו עס האָט זיך אויפגעהאַלטען דער געוועזער ראָמאַנענקאָ, געקומען דער פּראָקוראָר און האָט מודיע געווען דעם אַרעסטירטען, אַז צוויי אַזייגער וועט ער הינגעריכטעט ווערען דורך הענגען. אויף דעם פּנים פון'ם פער'משפּט'ען האָט אפילו איין מוסקול ניט אַ ריהר געטהאָן זיך. דער פּראָקוראָר האָט איהם דער־לאַנגט אַ פּאַרטיגע בקשה וועגען בעגנאַדיגען, ער זאָל זיך אונטער־שרייבען. דער פער'משפּט'ער אָבער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגע־זאָגט און האָט געבעטען, מע זאָל איהם געבען טיי. דער פּראָקוראָר איז אַרויסגעגאַנגען און איז נאָכדעם צוריק אַריינגעגאַנגען און גע־בעטען ביי איהם, ער זאָל זיך חתמ'ענען אויף דער ביטע, דאַן וועט מען איהם שענקען דאָס לעבען. דער פער'משפּט'ער האָט איהם נאָך אַ מאָל געזאָגט, אַז ער וועט אַזאַ ביטע קיינמאָל נישט אונ־טערשרייבען. אַז מע האָט איהם געפרעגט, אויב ער פערלאַנגט אַ גייסטליכען פאַר'ן טוידט, האָט ער געענטפערט, אַז ער דאַרף נישט קיין גייסטליכען, קיין אָפיציעלען פאָרשטעהער פון אַ גלויבען. זיין גלויבען, זיין רעליגיע איז אַ אינוועניגסטע, זיין געוויסען איז ריין, ער איז איבערצייגט, אַז ער האָט קיין שלעכטס ניט געטהאָן. פון דער קאַמער איז דער פער'משפּט'ער אַרויס מיט שטאָלץ און רוהיג, גלייך ווי ער וואָלט געהן אויפ'ן שפּאַציער. אַז מע האָט איהם צו־געפיהרט צום עשאַפאָט, האָט ער זיך ליעבליך געווענדעט צו איין אָפיציער מיט פאָלגענדע ווערטער: „גיט איבער מיינע חברים, אַז איך שטאַרב רוהיג און אַז איך וועל אייביג זיין מיט זיי"... זיינע

לעצטע ווערטער זענען געווען: „גריסט מיין מוטער!" אזא איבער־נאטירליכע רוהיגקייט האט מען נאך קיינמאל ניט געזעהען אין די ווענט פון פעסטונג.

אזוי שטארבט א רוסישער העלד".

קאפיטעל ה.

## א שטילע טראגעדיע מיט א רעש׳דיגען סוף.

(ארויסגענומען פון די צייטונגען).

נומער איינס: „איבער א מיידעל, וואס האט זיך גע־האנגען היינט אין איינע פון די טורמעס, האבען אלע ארעסטאנטען דערקלערט א הונגער אויף דריי טאג און אויפגעהויבען א גרויסען סקאנדאל. מע האט געמוזט אנקומען צו דער הילף פון מיליטער. דריי בונטאוושטשיקעס זענען גע׳הרג׳עט אויף טוידט. עלף פער־וואונדעט. אכט פון זיי טוידטליך".

נומער צוויי: „דאס מיידעל, איבער וועלכער עס האט אויסגעבראכען דער גרויסער אויפשטאנד פון די ארעסטאנטען אין די טורמעס, האט מען געפונען געהאנגען אויף די אייזערנע גראטעס פונ׳ם פענסטער אויף צענויפגעדרעהטע פאסען פון א צעריסען העמד. די סיבה, וואס האט געצוואונגען דאס מיידעל צו בעגעהן זעלבסטמארד אויף אזא מורא׳דיגען, מאוימ׳דיגען שטייגער אין טורמע, איז נאך מעהר מאוימ׳דיג, ווי איהר טוידט".

נומער דריי: „אונז איז געראטען ארויסצוקריגען איי־ניגע פרטים וועגען דעם געהאנגענעם מיידעל, וואס מע האט דא ניט לאנג געפונען אין איינע פון די טורמעס. און אט ווי אזוי עס ווערד אונז געמעלדעט פון זעהר א זיכערער קוועלע: מיט א קור־צער צייט צוריק זענען אנטלאפען פון געפענגעניש עטליכע ארעס־טאנטען דורך א וואונדערליכען אופן, וואס איז כמעט אומגלויבליך: ארום האלבע נאכט האט מען אנגעקלונגען צום סמאטריטעל פון דער טורמע אין טעלעפאן מיט א געוויסען „פאראל". אז באלד וועט

קומען צו פאָהרען אין טורמע אריין א ראַטמיסטער מיט עטליכע סאָלדאַטען, צו פערנעמען און ברענגען צו פיהרען צום פּראָקוראָר אין א בעזונדערער קארעטע אייניגע פּאָליטישע פערברעכער, צוויישען זיי איינם א מיידעל, א געוויסע פּאָליטישע, וואָס ווערד בעשולדיגט אין פיעל פערברעכענס. און, ווירקליך, אין עטליכע מינוט ארום איז אָנגעקומען דער ראַטמיסטער מיט די סאָלדאַטען, זיך געמעלדעט מיט א פער׳חתמ׳עטען פּאקעט פונ׳ם פּראָקוראָר, אין וועלכען עס זענען געווען ריכטיג אויסגערעכענט די זעלבע נעמען פון די פּאָליטישע פערברעכער, וואָס דער פּראָקוראָר האָט זיי אויפגעפּאָדערט דורכ׳ן טעלעפאָן.

אין פערלויף פון איין האלבע שעה זענען אלע פּאַרמאַליטעטען אָפּגעטהאָן געוואָרען, און דער ראַטמיסטער מיט די ארעסטאַנטען זענען אָפּגעפאָהרען. ערשט אויפ׳ן אנדערען טאָג אין דער פריה, נאָכדעם, אז מע האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטען צוריק אויף דער קארעטע, און נאָכדעם, ווי מע האָט זיך אָנגעפרעגט דורכ׳ן טעלעפאָן ביי׳ם פּראָקוראָר, האָט זיך ארויסבעוויזען, אז דאָס איז געווען נישט מעהר ווי א פּאָקוס, א קונציגער שווינדעל פון רעוואָלוציאָנערען.

דעם זעלבען טאָג אין דערפריה איז אָבער געראָטען איינעם פון די טיכטיגע פּאָליציע־שפּיאָנען צו דערקענען איינע פון די אַנטלאָפענע, און ער האָט זי ארעסטירט און אָפּגעפיהרט אין אוטשאַסטאָק. פון דאָרט האָט מען זי אָפּגעפיהרט אינ׳ם צווייטען אוטשאַסטאָק, פונ׳ם צווייטען אינ׳ם דריטען... אויף מאָרגען ארום פארנאַכט האָט מען געפונען די אומגליקליכע א געהאַנגענע. דער נאָמען פון דער אומגליקליכער, ווי מיר האָבען ערפאַהרען, איז מאַניא, אָדער מאַשאַ באַשעוויטש".

נ ו מ ע ר פ י ע ר: „היינט זייגער 10 אין דער פריה האָבען זיך צענויפגעקליבען עטליכע הונדערט סטודענטען און ארייבער צעהן טויזענד ארבייטער און האָבען געוואָלט אָפּהאַלטען א פּאַניחידא פאַר דער געהאַנגענער באַשעוויטש. ניך האָט זיך בע־

וויזען פּאָליציע און האָט צעטריבען דעם גאַנצען עולם. קיין ערנס־טער צוזאַמענשטוים איז ניט פאָרגעקומען. עטליכע און דרייסיג זענען אָפּגעפיהרט געוואָרען אין האָספּיטאַל".

נ ו מ ע ר פ י נ ף: „דעם זעלבען טאָג, מיט צוויי שעה שפּע־טער, איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ פאַניחידאַ פאַר מאַשאַ באַשע־וויטש, און ווייל דערביי זענען געהאַלטען געוואָרען אָנצינדענדיגע רעדעס און ס'איז ארויסגעוואָרפען געוואָרען אַ רויטע פאָהן, איז דער צוזאַמענשטוים מיט דער פּאָליציע געוועזען אַ סך ערנסטער. מע צעהלט צוויי און צוואַנציג גע'הרג'עטע און מעהר אַלס הונדערט שווער פערוואונדעטע; אונטער זיי פיעל פרויען און קינדער.
איצט איז רוהיג".

נ ו מ ע ר ז ע כ ס: „אַלס נאָכוועהעניש פון'ם צוזאַמענ־שטוים איבער דער פאַניחידאַ פאַר דער געהאַנגענער באַשעוויטש, האָט אין אייניגע פאַבריקען אויסגעבראָכען אַ סטרייק, וועלכער פערשפּרייט זיך אויך אין אַנדערע שטעדט. עס ווערד געפּלאַנט איין אַלגעמיינער באַהן־סטרייק.
אין די הויפען איז אָנגעגרייט מיליטער. אויף די גאַסען אי רוהיג".

* * *

די לופט איז געוואָרען וואָס אַ טאָג געדיכטער און שטיקענדי־גער. שווערע וואָלקענס האָבען בעצויגען דעם הימעל. עס האָט זיך געטראָגען אַ ריח פון שוועבעל. דער שטורם האָט זיך גערריקט אַלץ נעהענטער און נעהענטער. יעדע מינוט האָט מען געקאָנט ער־וואַרטען אַ וואָלקענבְּרוך, איין אויסגוס, אַ מבול.

נאָר אויב די טרויעריגע געשיכטע מיט מאַשאַ באַשעוויטש האָט אומעדום ארויסגערופען אזא שטורם, קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלען וואָס פאַר אַ רעש זי האָט בעדאַרפט ארויסרופען אין דער שטאָדט, וואו די מאַשאַ באַשעוויטש איז געבאָרען, וואו כמעט אַלע האָבען זי געקענט, וואו אַ מינדסט קינד האָט געקאָנט אָנווייזען אויף איהר

מיט'ן פינגער און זאָגען: „אָן געהט מאַשאַ". די זעלבע שכנים פון ליפּאַ באַשעוויטש, וואָס פּלעגען פריהער אַנטלויפען פון דעם האַלץ־איד מיט זיינע חדושים ונפלאות פון זיין טאָכטער מאַשאַ, די זעל־בע גוטהערציגע לייט האָבען מיט אַמאָל בעקומען רחמנות אויף דעם אָרעמען פאָטער אין זיין גרויסען טיעפען אומבעשרייבליכען טרויער און האָבען בעקומען חשק צו טרייסטען מיט ווערטער דעם, וואָס קאָן ניט זיין געטרייסט, פערהיילען מיט אַ קרעכץ דעם גרוי־סען וועהטיג, וואָס קאָן ניט אויסגעהיילט ווערען קיינמאָל. די גוט־הערציגע מענשען, וואָס האָבען זיך קיינמאָל ניט אינטערעסירט מיט ליפּאַ'ס טאָכטער, האָבען זיך מיט אַ מאָל אָנגעהויבען דערמאָנען אָן דעם דאָזיגען מיידעל מיט די אונטערגעשאָרענע האָר און אָן איהרע אַלע גוטע מעלות, און יעדער האָט בעקומען חשק צו זאָגען דעם אומגליקליכען פאָטער האָטש אַ גוט וואָרט, און אַגב זיך אויס־פרעגען ביי איהם, ווי אַזוי און וואָס און ווען, און צי האָט ער עפּיס געהאַט פון איהר בריעף די לעצטע צייט, און וואָס האָט זי איהם געשריבען, און צי ס'איז אמת איהר אַנטלויפען פון דער טורמע, ווי מע שרייבט, און ווי אַזוי איז זי צו דערצו געקומען?

— דאַכט זיך, אַזוי איז זי געווען אַ מיידעל, גאַרנישט, גלייך מיט אַלע... געה זיי אַ נביא, אַז פון דעם מיידעל וועט אַמאָל אויס־וואַכסען אַזאַ... אַזאַ... וואָס פון איהר וועט רעדען די גאַנצע וועלט!

ליפּאַ באַשעוויטש, אין דער ערשטער מינוט, אַז ער האָט ער־פאַהרען פונ'ם גרויסען אומגליק, האָט ער זיך אויסגעריסען אַ שטיק באָרד, זיך געלאָזט לויפען מיט אויסגעשטרעקטע הענד, אַליין נישט צו וויסען, וואוהין ער לויפט. נאָכדעם האָט ער זיך אומגעקעהרט צוריק, אַראָפּגעוואָרפען די שטיוועל פון די פיס, זיך אָנגעריסען די לאַץ פון דער סאַי־ווי־סאַי צעריסענער קאַפּאָטע, געריסען קריעה אויך מיט ווייב און קינדער, און אַלע האָבען אָוועקגעזעצט זיך „שבעה". נאָר איין אליק (אַ בחור'על פון אַכצעהן יאָהר) האָט נישט געוואָלט זיך אָוועקזעצען אויף דער ערד. ער האָט נישט אַרויסגע־לאָזט אַפילו קיין טרער. עס האָט זיך איהם נאָר אָנגעצונדען דאָס

פּנים, די אויגען זענען ביי איהם געוואָרען ווי איבערגעקעהרט, זיך אַ טאַפּ געטהאָן אין די הויזען־קעשענים און אַ זאָג געטהאָן:

— טאַטע! איך פאָהר גלייך אהין. איך בעט אייך, איהר זאָלט מיך ניט צוהאַלטען.

און עס האָבען נישט געהאָלפען ניט דעם טאַטענ'ס בייזערען זיך, ניט דער מאַמע'ס טרערען, נישט דער געוויין פון די קלענערע קינדער, — אליק איז אוועק און איז ווי אין וואַסער אריין. וואו איז אהינגעקומען אליק — ווייסט ניט ליפּא באַשעוויטש. לאָזט איהם צו־רוה — ער ווייסט נאָר איין זאַך: ער ווייסט, אז ער האָט גע־האַט אַ מאַשאַ, וואָס קיינער פערמאָגט נישט אזאַ מאַשאַ, און איצט איז זי נישטאָ! ליפּא ווייסט, אז די גאַנצע שטאָדט, די גאַנצע וועלט וויעגט זיך מיט זיין מאַשאַ! אַפילו איציקעל שאַסטעפּאַל, וואָס פלעגט פון איהם אנטלויפען, שטעלט זיך אויך היינט אַפּ אַלע מאָל, ווען ער דערזעהט איהם, און פרעגט זיך אויס אויף מאַשאַ'ן. פון איציקעל'ס טאָכטער שמועסט מען ניט! ווען ניט זי, וואָלט ער מיט זיין ווייב און קינדער שוין לאַנג אויסגעגאַנגען פון הונגער... אַפילו גויים, כריסטען, סטודענטען האַלטען אַפּ פּאַניחידעס, אומעדום, אוי־מעדום, דאָ אויך. עס וועט היינט זיין, זאָגט מען, אין דער גרויסער שוהל איין אַסיפה, אַ מין הזכרת־נשמות. אהינצו דאַרף מען געהן, חאָטש אַפילו זיין ווייב שלאָגט איהם אַפּ דערפון. זי זאָגט: מע דאַרף נישט געהן. נאָר וואָס ווייסט אַ אידינע? למאַי זאָל מען ניט צולאָזען איהם דאָס שטיקעל פערגעניגען, האָרכען, וואָס לייטען וועלען זאָגען וועגען זיין מאַשאַ'ן?... און ליפּא לאָזט זיך געהן אין דער גרויסער שוהל, און טרעפט אין דרויסען שוין אזאַ איין עולם. וואָס ער האָט שוין לאַנג אזעלכען נישט געזעהען. דער גרעסטער מיליאָנער זאָל שטאַרבען, וועט ער ניט צענויפנעמען אזאַ איין עולם! און אינוועניג אין שוהל וואָס טהוט זיך! מע קאָן דען אהין אריין? מע לאָזט דען? אַ גליק, וואָס מע האָט איהם דער־קענט.

— דעם פאָטער!... לאָזט אריין דעם פאָטער!...

און ליפא באשעוויטש געהט מיט גדלות, קוים וואס מע שטופט איהם דורך, אהין ארויף, ארויף, דארט, וואו איציקעל שאסטעפאל, וואו די בערנשטיינס מיט די היילפעריגס מיט די אלע איבעריגע גרויסע... ער זעהט פאר זיך א סך בעקאנטע פנים׳ער. דעם אפטייקער סאפראנאוויטש, נחמיה דעם שוסטער מיט זיינע בנים, יודעל קטנתי און נאך און נאך... אלסדינג איז דעקארירט מיט טרויער, בעהאנגען מיט שווארצען... איין אומעט איז אויסגעגאסען אויף אלע פנים׳ער... מאנסבילען און ווייבער צוזאמען... אויף דער בימה שטעהט עפיס איין אומבעקאנט בחור׳ל מיט געלע האר, שיינט איהם א סטודענטעל צו זיין, אויב ניט דעם אפטייקער׳ס זוהנדעל, און האלט זעהר א פייערינע רעדע. ליפא פערשטעהט איהם ניט... רעדען רעדט ער אפילו זעהר שען, זיס, געשמאק, נאר ער פערשטעהט איהם ניט... פסוקים גאנצע ברענגט ער... פילגש בגבעה... סדום און עמורה... דור המבול... דער עולם ווישט די אויגען, און איהם, דעם פאטער, גארנישט; און ער פערשטעהט אליין ניט, פאר וואס איהם איז גארנישט... און אפילו נאכדעם, ווען עס קומט ארויף דער חזן מיט׳ן כאהה, און דער כאהר הויבט אן זינגען, און דער חזן פיסקעלט זיך, און עס לאזט זיך הערען דער טרויעריגער וויינענדיגער נוסח אויסגעצויגען: „אל מלא רחמים“... און די שוהל ווערד פול מיט געוויין... עס וויינען יונגע קינדער... עס וויינען אלטע אידען... ווייבער חלש׳ען... און ער, דער פאטער, גארנישט; און ער פערשטעהט אליין ניט, פארוואס איהם איז גארנישט... נאר אז עס קומט צו די ווערטער: „את נשמת הבתולה מרים גיטעל בת רב ליפא שהלכה לעולמה“, — דערפיהלט דער אומגליקליכער פאטער, ווי עפיס מיט א מאל האט זיך געגעבען א ריס־אפ ביי איהם אין הארצען, א שטיק־ארויף אין גארגעל און א זעץ, ווי מיט א האמער, איבער׳ן מח, און עס רייסט זיך ארוים ביי איהם פונ׳ם האלז, נישט ווי ביי א מענשען, נאר ווי ביי א געקוילעטען אכס, ארויף און אראפ, און ער אליין דערשרעקט זיך פאר זיין משונה׳דיגען קול און צעלאכט זיך פון זיין אבסען־שטימע שטיל צו זיך אין בארד אריין...

און דער כאָהר הערט ניט אויף צו זינגען, און דער חזן הערט ניט אויף צו מאַכען פיסקעס, בעווייזען, וואָס ער קאָן... און דער אָרע־מער ליפא פיהלט, אַז ער האָט פערגעסען אין דער מינוט, צו וואָס ער איז אַהער געקומען, און וואָס טהוט דאָ דער עולם? און אַז אויף דער בימה געהט אַרויף אַ נייער פּאַרשוין, עפּיס איין אומבע־קאַנטער, אַ געזונדער, אַ בעוואַכסענער, אַ האָריגער, ווי אַ בער, מיט אַ שטימע פון אַ בער, און דונערט מיט זיין בערען־שטימע: „ווייסט איהר, ווער איז געווען מאַשאַ באַשעוויטש?" — דאָ דערמאָנט זיך ליפאַ, צו וואָס ער איז אַהער געקומען און וואָס עס טהוט דאָ דער עולם... נאָר ער קאָן ניט פערשטעהן איין זאַך: וואָס זאָגט עפּיס אָט דער בעוואַכסענער נפש אויף זיין מאַשאַ, אַז זי איז געווען? וואָס הייסט, זי איז געווען? נו, און איצט וואו איז זי?... און בשום אופן קאָן זיך ליפאַ באַשעוויטש נישט דערמאַנען, וואו זיין טאָכטער מאַשאַ איז?... און ליפאַ באַשעוויטש קאָן ניט פערשטעהן וואָס טהוען די סאָלדאַטען אין שוהל? סאָלדאַטען רייטענדיג אויף פערד? און וואָס לויפט אַזוי דער עולם? וואָס שפּרינגט מען דורך די פענסטער? וואָס פאַר אַ מהומה אויף זיי? וואָס פאַר אַ בהלה? און אַ זעץ פון אַ „נאַגייקע" ניכטערט איהם אויס, און מע טרייבט איהם צוזאַמען מיט נאָך מענשען אין אוּר־טשאַסטאַק אַריין, און דאָרטען אין הויף שרייבט מען זיי איבער, און אַז עס קומט צו איהם, גיט מען איהם האַלז אין נאַקען און מע וואַרפט איהם אַרויס:

— איהר זעהט ניט, אַז דער אַלטער איז גערירהרט?...

* * *

— דער רוח האָט מיך געטראָגען אין שוהל אַריין! — האָט געזאָגט איציקעל שאַסטעפּאַל, נאָכדעם אַז ער איז אַרויס פון שוהל פריי, אָפּגעקומען סך הכל מיט איין נאַגייקע אין פּלייצע. — אַ גליק, וואָס איך בין אַ ריינער מענטש און בין נישט פאַרמישט אין די „דאָזיגע" זאַכען...

— וואָס דו ביזט נישט פאַרמישט אין די „דאָזיגע" זאַכען איז פון די קלייניגקייטען; זעהסט דו, דאָס, וואָס אונזער טעמע איז ארויס פון זייערע הענט ריין — דאָס איז יאָ אַ גליק!

אזוי ענטפערט איהם זיין פרוי שיוועקע און דאנקט גאָט יעדען טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט, וואָס איהר טאָכטער איז מיט איהר. איהר זאָגט דאָס הארץ, — אַ מוטער'ס הארץ פיהלט — אז נישט אויף לאַנג האָט איהר גאָט געשענקט די מתנה; איז ניט היינט — איז מאָרגען וועט חלילה קומען איין אויסחאַפּעניש אויף איהר קינד.

אזוי האָט זיך אביסעל דורכגערעדט דאָס הארץ שיוועקע שאָס־טעפּאַל פאַר איהר קעכין חוה די אידינע, און קיינער האָט זי נישט געקאָנט אזוי פערשטעהן און אזוי מיטפיהלען איהר, ווי חוה די אידינע, וואָס האָט אליין אויך געהאַט איין „אומגליק".

חוה דער אידינע'ס „אומגליק" איז בעשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט געהאַט אַ זוהן איין „אומגליק". געהייסען האָט ער שמואליק, נאָר גערופען האָט זי איהם „דער אומגליק".

— גלאַט, מע טאָר ניט זינדיגען, נאָר דעם אמת פאַרלייקענען טאָר מען אויך ניט. גאָט האָט מיך געבענשט מיט איין אומגליק. אזוי אַ קוק טהון אויף דער מצבה, דאַכט זיך, אַ גאַנץ פיינער בחור, אַ הויכער, אַ גלאַטער, אַ לעבעדיגער, און רעדט מיט איהם — דאַכט זיך, נישט קיין נאַר אויך, און אַ שטילער, אַ סטאַטעטשנער בחור, און איין ארבייט־יונג, גאָלדענע הענט! ער איז אַ זייגערמאַכער; זיין בעל־הבית, יאָסי דער זייגערמאַכער, קאָן זיך פון איהם גאָר נישט אָפּלויבען. אז מע שמועסט, אַ גראָטענער! איז אָבער דער שווארץ־יאָהר זאָל איהם וויסען — זינט ער האָט זיך „זגיוחעט" מיט'ן שוסטער'ס בנימ'לעך, פארחאַפּט זאָלען זיי אייך ווערען, איז דאָס קינד געוואָרען איין אַנדער קינד! ערשטענס, וואָס פאַר אַ מחותן ביזט דו גלאַט מיט אַ שוסטער'ס אַ יונגעל? דיין טאַטע איז ניט געוועזען קיין שוסטער, און דער זיידע דיינער אויך ניט... וואָלט דאָס נאָך ניט געוועזען אזא איין אומגליק, ווען ער זאָל ניט

לייענען קיין ביכלעך פון עקספראָ...—טפו! איך האָב פאַרגעסן, ווי ס'הייסט! — און ער זאָל ניט מישען זיך אין פרעמדע געשעפטען, דאַרפען דעם קאָפּ פאַר יענעמ'ס אַרבייטער. וואָס געהט דיך אָן, צי יענעמ'ס אַרבייטער וועלען אַרבייטען צוועלף שעה, צי פערצעהן, צי אַכצעהן שעה? פון מיינטוועגען מעגען זיי זיך שלאָגען קאָפּ אָן וואַנט מיט די בעלי־בתים אינאיינעם אפילו זעכס־און־צוואַנציג שעה אין מעת־לעת. וואָס, אפשר ניט אַזוי?...

— געוויס אַזוי! — זאָגט שיווקע און קוקט זיך אַרום, צי טאַמאַראַ הערט ניט זייער שמועס. — ס'איז היינט מיט זיי אומעדום צרות און צרות און צרות!

פריהער, איידער די טאָכטער איז געקומען פון פעטערבורג, האָט זי געצעהלט די מינוטען, זי זאָל שוין קומען בשלום, און אַז זי האָט דערהערט, אַז עס זענען געשלאָסען אַלע גימנאַזיעס און אוניווערזי־טעטען, האָט זיך שיווקע פשוט מחיה געווען.

איין עק, אַ סוף — מע וועט אויפהערען שטודירען, מע וועט שוין קאָנען אַ מאָל אַ שידוך טהון מיט אַ קינד, שוין צייט!...

צום סוף, געה זיי אַ נביא, אַז מע וועט ניט לערנען, וועט זיין נאָך ערגער! וואָרום וואָס קאָן זיין נאָך ערגער פון דעם, ווי זעהען אַ קינד געהט אַרום ווי אַ שאָטען, נודעט זיך, ווערד פערפאַלען אויף צוויי־דריי שעה, מע ווייסט ניט וואו, גיט זיך אָפּ מיט פוסטע זאַ־כען, פיהרט קענטשאַפט מיט אַזעלכע מענשלעך, ווי דעם שוסטער'ס קינדער, — אָסור אויב זי פערשטעהט, וואָס דאָס איז מיט איהר! היינט די שרעקען, וואָס מע הערט זיך אָן אַצינד! הרג'ענען, שי־סען, אויפרייסען איז היינט געוואָרען אַ וואָכעדיגער גאַנג, און דאָ רעדט מען ערשט פון אומגליקען, פון בלוטפערגיסונגען, וואָס ווע־לען זיין!... גוואַלד, ווי אַזוי לעבט מען איבער אָט די אַלע פחדים?!

* * *

דעם זעלבען טאָג, אויפדערנאַכט, איז ביי טאַמאַראַ שאָסטע־פאַל געווען אַ שטיקעל פערזאַמלונג. פון פאַרנאַכט אָן האָט זי גע־

הייסען צומאַכען די לאַדען און געבעטען מאַכען טיי. אַרום זייגער עלף האָבען זיך איינציגווייז אָנגעהויבען צענויפקלויבען, און מייס־טענס אויף דער הינטערשטער טהיר, יונגע לייט, צווישען וועלכע עס זענען געווען דעם שוסטער׳ס צוויי בנים, יודעל קטנתי׳ס אַ זוהנדעל, היינט דער בעוואַכסענער האָריגער נפש, ניידיטש, און צום לעצט (אחרון אחרון חביב) האָט זיך אַריינגעהאַפּט אויך שמואליק, חוה דער אידינע׳ס יונגעל. די גאַנצע צייט, וואָס די יונגע לייט זע־נען געגאַנגען, האָט איציקעל שאָסטעפּאָל נישט גערוהט, געקנייטשט מיט די פּלייצעס, אויפגעהאַפּט זיך פון׳ם אָרט און אַרומגעלאָפען איבער׳ן שטוב, פערלעגט די הענד אַרונטער, און געפייערט מיט די אויגען — מלא גזלן! נאָר אַז ער האָט דערזעהן אַריינגעהן צו דער טאָכטער דער קעכינ׳ס בנ׳אָק, איז ער געוואָרען געפּלעפּט, אַנידער־געפאַלען אויף דער קאַנאַפּע, זיך געהאַפּט מיטביידע הענד ביי׳ם קאָפּ און גענומען שאָקלען זיך און שרייען:

— גוואַלד! גוואַלד! גוואַלד!...

— איצי! גאָט איז מיט דיר! — זאָגט צו איהם שיווקע, און איציקעל מאַכט צו איהר מיט די הענד און לעגט־צו אַ פינגער צום מויל:

— שאַ! שטילער! שריי ניט! דו מאַכסט אונז אומגליקליך!... אומגליקליך מאַכסט דו אונז!... מיר הערען ניט! מיר זעהען ניט! מיר ווייסען גאָר נישט! מיר זענען נישטאָ אין דער היים — ששששאַ!!!...

## קאַפּיטעל ו.

## אַ ביטער שטיקעל צייט.

איציקעל שאָסטעפּאָל איז פון דעסטוועגען ניט געשלאָפען. ער האָט געטהאָן וואָס ער האָט געקאָנט. אַז מע האָט אַזאַ טאָכטער, אַזאַ גערעטענע טאָכטער, ווי ער האָט, בעדאַרף מען זעהען זי חתונה מאַכען, איהר רעדען אַ שדוך. נאָר ווי אַזוי? געוויינטליך, אויפ׳ן

נייעם שטייגער, מאָדערן, נאָך דער צייט. די רעכטע האַנד טאָר ניט וויסען וואָס די לינקע טהוט. חתן־כלה אַליין דאַרפען ניט וויסען, אַז זיי זענען חתן־כלה. דער שדכן דאַרף שטעהן אין אַ זייט, און דער בחור דאַרף זיך בעקענען מיט'ן מיידעל און אַרומטאַנצען אַרום איהר אַזוי לאַנג, ביז די צייט וועט קומען, ביז די שעה וועט שלאָגען... נישטאָ קיין שענערע זאַך אויף דער וועלט, ווי זעהען אַ בחור, אָדער עטליכע בחורים טאַנצען אַרום אַ מיידעל, ווילען זיך אויספיינען פאַר איהר, איבערשטייגען איינער דעם אַנדערען.

אַרום טאַמאַראַ שאַסטעפּאַל האָבען געטאַנצט פיינע בחורים, די פיינסטע בחורים אין שטאָדט. און מחמת זיי האָבען געטאַנצט אַרום אַזאַ רעוואָלוציאָנערקע, ווי שאַסטעפּאַל'ס טאָכטער, זענען זיי געוואָרען, זעלבסטפערשטענדליך, ברענענדיגע אָנהענגער פון דער רעוואָלוציע, אַריינגעוואָרפען אַלע מאָל אַ הויך וואָרט, אַרויסגעוואָרפען אַ שענע פראַזע. טאַמאַראַ שאַסטעפּאַל האָט אָבער געפאָדערט פון די בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערען, אַז זיי זאָלען אַרויסווייזען זייער סימפּאַטיע צו דער בעוועגונג ניט נאָר מיט שענע פראַזען, ניט נאָר מיט הויכע ווערטער אַליין, נאָר מיט דעם, וואָס זיי פערמאָגען, — און וואָס קאָנען פערמאָגען אַזעלכע „בורזשואַזע פרינצען", אַז ניט קיין געלד? און וואָס נאָך קאָן מען פאָדערען פון אַזעלכע בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערען, אַז ניט קיין געלד? און די בורזשואַזע רעוואָלוציאָנערען האָבען געעפענט זייערע בייטעלעך און האָבען געגעבען געלד צוליעב דער „בעוועגונג", איינער איבער'ן אַנדערען, — און מעהר האָט טאַמאַראַ פון זיי ניט פערלאַנגט, און איז געווען צופריעדען פון דער בעקאַנטשאַפט, און זיי אודאי — אַלע זענען געווען צופריעדען, און מעהר פון אַלעמען איז געווען צופריעדען דער שדכן, וואָס האָט זיך געדרעהט „הינטער די קוליסען". זיין גאַנצע אַרבייט איז געווען „הינטער די קוליסען". ער האָט זיך נאָר אַריינגעכאַפּט איין מאָל אין וואָך, צווישען טאָג און נאַכט, צו די שאַסטעפּאַלס, געהאַפּט עטליכע ווערטער מיט איציקל'ען אָדער מיט שיוועק'ן, נאָכגעפרעגט זיך:

— נו ? וואו האלט דאָס ?...

— דאַנקען השם יתברך, דאַכט זיך, עס גערט אויף אַ גאַנג...— האָט געזאָגט איציקעל שאַסטעפּאַל, און שיווקע האָט צוגעלעגט:

— דער וואָס לעבט אייביג זאָל וועלען העלפען, ס'זאָל שוין זיין וואָס גיבער...

דער וואָס לעבט אייביג האָט זיך אָבער נישט געחאַפּט העלפען וואָס גיבער. דער וואָס לעבט אייביג האָט צייט. און דער זומער איז זיך געגאַנגען מיט זיינע הייסע לאַנגע טעג, און ס'איז געקומען אַ נאַכט, אַ ווארעמע, אַ שענע זומער־נאַכט, איין אויסגעשטערנטע, מיט אַ טיעפען בלויען הימעל, מיט אַ זינגען פון פויגלען פונ'ם נישט־ווייטען גאָרטען. עס ליגט זיך ביי אָפענע פענסטער און עס שלאָפט זיך ניט, און עס דענקט זיך, און עס פּלאָנטען זיך גאָל־דענע מחשבות ביי אונזער איציקעל שאַסטעפּאַל אין קאָפּ, גוטע, ליבטינגע, טייערע מחשבות : אַ קנס־מאָל... אַ חופּה... פאַר אידען אַ חופּה־וועטשערע... פאַר כריסטען אַ באַל... אויפ'ן באַל פּריצים אַ סך : דער „פּרעדסעדאַטעל" פון „אינטענדאַנטסקע פּראַוולעניע"... דער „סמאָטריטעל" פון דער טורמע... צוויי גענעראַלען... און נאָך פּריצים... זיי טרינקען געשמאַק פון גרויסע כוסות, הייסען זיך צו־פּיהרען צו דער כלה, לויבען זי אין טאָג אַריין, לויבען אַלע אידישע מיידלעך : „אַלע אידישע מיידלעך, זאָגען זיי, זענען שען, זענען מלא חן, רייצענדע, רייצענד !"...

פּלוצים דערהערט איציקעל שאַסטעפּאַל אַ קלונג. ווער קאָן דאָס צו איהם קלינגען אַזוי שפּעט ? די דיענסטען אַלע שלאָפען שוין. ער הערט נאָך אַ קלונג און נאָך אַ קלונג. מע מוז זיך אַליין מטריח זיין געהן עפענען.

און איציקעל שאַסטעפּאַל איז זיך מטריח בכבודו ובעצמו און געהט אַליין עפענען די טהיר, און ער דערזעהט... אַנטאָן איוואַנאָ־וויטש !

אַנטאָן איוואַנאָוויטש חאָלאָדקאָוו איז שאַסטעפּאַל'ס איין אַל־טער בעקאַנטער. ער איז דאָ פּריסטאַוו שוין פון כמה וכמה יאָהרען,

און איז אַ וואָהלער גוי — ער נעמט אַ קערבעל... מיט איציקעל שאָסטעפּאַל איז ער גאָר אַ גוטער ברודער: ער זאָגט שאָסטעפּאַל'ען „דו" און פּאַטשט איהם אין די פּלייצעס. אַלע יום־טוב חאַפּט ער זיך אַריין צו שאָסטעפּאַל'ען אויף אַ גלעזעל וויין, לויבט די פיש און רעדט איהם אויס, למאַי ער האָט אַ גדלנ׳טע אַ טאָכטער. טאַמאַראַ, אַלע מאָל ווען זי זעהט איהם, בעהאַלט זי זיך, וויל בשום אופן ניט אַרויסקומען צו אַנטאָן איוואַנאָוויטש'ען. אַנטאָן איוואַנאָוויטש פערשטעהט דאָס, ווינקט מיט איין אויג צום פאָטער און זאָגט: „דו באַלעוועסט זי צופיעל! צופיעל איז זי ביי דיר געפּעסטעט! מע טאָר אַ טאָכטער אַזוי ניט נאָכגעבען!"... אַזוי מוסר'ט איהם אַנטאָן איוואַנאָוויטש פאַר דער טאָכטער, און איציטעל שאָסטעפּאַל קוועלט־אָן, ווערד ברייטער ווי לענגער.

דערזעהען חאַלאָדקאָוו'ען, האָט זיך איציקעל שאָסטעפּאַל געגעבען אַ לאָז צו איהם:

— אַנטאָן איוואַנאָוויטש! — און איז אָבער באַלד אָפּגעשפּרונגען צוריק, וואָרום ער האָט דערזעהען הינטער חאָלאָדקאָוו'ס פּלייצעס איין אונבעקאַנטען נאַדזיראַטעל מיט אַ זשאַנדאַרמסקי אָפיציער מיט עטליכע סאָלדאַטען אַ צוגאָב...

אַ גליק, וואָס איציקעל שאָסטעפּאַל איז ניט קיין אידינע און האָט נישט קיין טבע פון חלש'ען... ער לאָזט־אַריין די פּאָליציע, בויגט זיך און נויגט זיך צו זיי און בעט זיי, זיי זאָלען אַריינגעהן. מע פערשפּאָרט זיי אָבער בעטען, זיי געהען אַליין.

— וואו איז דיין טאָכטער?

אודאי האָט איציקעל שאָסטעפּאַל געוואוסט, אַז זיי וועלען זיך נאָכפרעגען אויף דער טאָכטער... צו וועמען דען וועלען קומען אַזעלכע געהויבענע געסט?... ער בעט זיי צו־וואַרטען, ער וועט געהן אויפוועקען די טאָכטער און וועט זי אַריינרופען אהער... מע בעדאַנקט איהם. מע דאַרף ניט. זיי וועלען אַליין... זיי לאָזען זיך צו דער טאָכטער'ס צימער... דער פאָטער האַלט אויסגעשטרעקט די הענד און ציטערט...

שיוועס האָט דערהערט אומבעקאַנטע קולות, איז זי אַ דער־שראָקענע אַרויסגעשפּרונגען פון בעט מיט אַ ליאַרם:

— איצי, וואָס איז?

— גאָר נישט, גאָר נישט, גייה צוריק! — זאָגט צו איהר דער מאַן און מאַכט אויף איהר מיט ביידע הענד, זי זאָל אַוועקגעהן... נאָר ווי קאָן זי אַוועקגעהן, וויסט איז איהר, אַז זי זעהט ביי זיך סאָלדאַטען אין שטוב, און דאָס האַרץ זאָגט איהר, אַז דאָס איז צו־ליעב דער טאָכטער?...

— איצי! זאָג מיר, וואָס טהוט זיך דאָ, איצי? — אַזוי בעט זיך נעבאַך די אָרעמע פרוי ביי איהר מאַן, ער זאָל איהר זאָגען, און איהר מאַן הערט נישט אויף צו מאַכען מיט די הענד, זי זאָל געהן.

שען און רוהיג ווי תמיד, גרויסאַרטיג ווי אַ פּרינצעסין, קומט אָן טאַמאַראַ פון איהר צימער. דאָס ווייסע שאַלכעל אויף די קוים־צענויפגענומענע האָר גיט־צו נאָך מעהר חן צו איהר שען ליכטיג פּנים. מיט איין קוק פון איהרע גרויסע שענע שוואַרצע אויגען נעמט זי אַרום דאָס גאַנצע בילד. שטיל געהט זי צו צום פאָטער און צו דער מוטער, וואָס שטעהען האַלב־טויטע מענשען, רעדט זיי אויס דאָס האַרץ:

— ס'איז גאָר נישט, האָט נישט קיין יסורים... עס וועט מיר גאָר ניט זיין... מע וועט מיך נישט קעפּען...

און טאַמאַראַ נעמט־אַרום די מוטער, נאָכדעם דעם פאָטער, און קושט זיי (דאָס ערשטע מאָל פאַר'ן גאַנצען זומער), און עס מישט זיך אַריין פּאָליציע און זאָגט, אַז ניט איצט איז די צייט פון קושען זיך...

וואָס אַ קראַנקע, אָנגעשראָקענע פאַנטאַזיע קאָן איבערטראַכ־טען אין איין מינוט, וועט דאָס אַ האַנד ניט בעשרייבען אין קיין טאָג... עס איז נישט געווען דער שרעק און די צרה אויף דער וועלט, וואָס דער אומגליקליכער פאָטער האָט ניט איבערגעטראַכט וועגען דעם אין די מינוטען, וואָס די פּאָליציע מיט די זשאַנדאַרמען האָ־בען „געאַרבייט", און שרעקליכער פון אַלץ איז געווען דער געדאַנק,

טאַמער האָט דאָס אַ שייכות מיט ראַמאַנענקאַ'ן?... פון דער איינ־ציגער מחשבה אַליין איז איהם געוואָרען קאַלט און הייס, און וויע־דער אַ מאָל קאַלט.

און אַז טאַמאַראַ איז אַפּגעגאַנגען, און די רעדער פון איין עקי־פּאַזש האָבען איציקעל שאַסטעפּאַל געגעבען צו וויסען, אַז זיין טאָכטער איז אַוועקגעפאָהרען, אַוועקגעפאָהרען זיין איינציג קינד, זיין איינציגע ליעבע, גוטע, טייערע טאַמאַראַ, האָט דער אומגליק־ליכער פאָטער גענומען ערשט אַרומלויפען הין און צוריק איבער אַלע חדרים, אייקען און אָכקען, ברעכען די הענד, רייסען זיך ביי די האָר, שלאָגען זיך מיט'ן קאָפּ אָן וואַנד, און צום סוף איז ער אַנידערגעפאַלען צו שיווקע'ן אויף די הענד און האָט זיך צעוויינט: „פאַרפאַלען! פאַרשפּיעלט אונזער קינד!"...

* * *

דער ערשטער, צו וועלכען דער אומגליקליכער פאָטער האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן, איז געווען, זעלבסטפערשטענדליך, אַנטאָן איוואַ־נאָוויטש. דער פּריסטאַוו אַנטאָן איוואַנאָוויטש חאַלאָדקאָוו איז נאָך געשלאָפען, אַז איציקעל שאַסטעפּאַל האָט פון דער גרינג, קוים־קוים, אָנגעקלונגען צו איהם אין דער טהיר. איהם איז אַרויסגעגאַנגען אַקעגען אַ שרייבערעל מיט'ן נאָמען נעטשיפּאָרענקאָ, און אַ הונד סירקאָ. איציקעל שאַסטעפּאַל איז גוט בעקאַנט סאַי מיט'ן שריי־בערעל נעטשיפּאָרענקאָ, סאַי מיט'ן הונד סירקאָ. ער האָט מיט אַ אונטערטעניג שמייכעלע זיך נאָכגעפרעגט ביי'ם שרייבער אויף אַנ־טאָן איוואַנאָוויטש'ען, און געוואָהר געוואָרען, אַז אַנטאָן איוואַנאָ־וויטש שלאָפט נאָך, איז ער אַריינגעגאַנגען מיט שטילע־שטילע טריט צום שרייבערעל נעטשיפּאָרענקאָ אין קאַנצעלאַריע אַריין. דאָרט האָט ער איהם אַריינגעשמוגעלט אין האַנד אַריין אַ זילבערן קערבעל. נעטשיפּאָרענקאָ, אַ שוואַרצער בחור מיט אַ פּלאַטשיגען שטערן און מיט שטאַרק־אָנגעשמירטע האָר, האָט דאָס זילבערנע קערבעל שטיל אַראָפּגעלאָזט אין קעשענע, געגעבען אַ הוסט אין

האַנד אַריין און געבעטען שאַסטעפּאַל'ען, ער זאָל זיך זעצען נעהענ־טער צום אָפּענעם פענסטער: ביי'ם פענסטער איז בעסער.

נעטשיפּאָרענקאָ איז געווען גערעכט: ביי'ם פענסטער איז בע־סער. אַ הייסער זומערדיגער פריהמאָרגען. גרין און פריש איז ביי חאַלאַדקאָוו'ען אונטער די פענסטער. אַ קליין גערטענדעל מיט אַ צוויי־דריי יונגע בוימעלעך. אין גאָרטען שפּראָצען אַרויס מיט גדלות יונגע ציבעלקעס, גרינער סאַלאַט און שאָר ירקות. אַ קיילע־כיגע צעקודעלטע הוהן פיהרט זיך אַרום מיט איהר חאַליאַסטרע און פערהילכט דעם קאָפּ מיט איהר קוואָקען און מיט זייער פּישטשען. נעטשיפּאָרענקאָ שרייבט, און די פּען ביי איהם סקריפּעט. איציקעל שאַסטעפּאַל קוקט אין גאָרטען אַרויס און טראַכט וועגען עולם הזה, וואָס איז אינגאַנצען אָפּגעגעבען געוואָרען צו עשו'ען. „יעקב, וואָס האָט אויסגענאַרט ביי עשו'ען די בכורה און ביי יצחק'ען די ברכה, האָט מכות, צרות האָט ער מיט שלעק, מיט וועהטיגען מיט געבראָ־טענע לייד. אָט איז ער, איציקעל שאַסטעפּאַל, אַ איד אַ נגיד, מע קאָן זאָגען אַ גביר, האָט איין קינד סך־הכל, — וואָס פאַר אַ פער־געניגען האָט ער געהאַט אין זיין לעבען? האָט ער זיך פערגונען ווען האָבען אַזאַ גערטענדעל? אַזעלכע גרינע פרישע בוימלעך? היהנער מיט קליינע היהנדעלעך?... וואָס ווייסט ער פון אַ לעבען צו זאָגען, אַ חוץ געשעפט און געשעפט און ווידער אַ מאָל גע־שעפט? אַ חוץ פריץ און פריץ און ווידער אַ מאָל פריץ? שען האָט זיך אויסגעפיינט דער חכם יעקב אָקעגען זיין פּראָסטען ברו־דער עשו!"...

פון צווייטען צימער הערט זיך אַ בעקאַנט קול: נע־טשי־פּאָ־רענ־קאָ!"... דאָס איז אַנטאָן איוואַנאָוויטש אויפגעשטאַנען פון'ם שלאָף, רופט צו זיך דעם שרייבער. אין עטליכע מינוט אַרום רופט מען אַריין צו איהם שאַסטעפּאַל'ען. איציקעל שאַסטעפּאַל לעגט־אָוועק אַנטאָן איוואַנאָוויטש'ען אויפ'ן טיש אַ פער'חתמ'עטען פּאַ־קעט. אַנטאָן איוואַנאָוויטש האַפּט אַ קוק מיט איין אויג אויפ'ן פּאַקעט און טהוט אַ זאָג צו שאַסטעפּאַל'ען: „צו וואָס?"... אי־

ציקעל שאַסטעפּאַל ענטפערט איהם ניט אויף דער פראַגע און פרעגט איהם, צי איז ער גוט געשלאָפען? א מינוט זיצען זיי ביידע שטיל. נאָכדעם ווענדט זיך דער איד צום פּריסטאַוו מיט זעהר אַ אונטער־טעניג שמייכעלע:

— אַנטאָן איוואַנאָוויטש דאַרף זיך שטויסען, וואָס איך בין געקומען... אַנטאָן איוואַנאָוויטש מוז וויסען, וואָס דאָ איז... איך פאָדער פון אַנטאָן איוואַנאָוויטש'ען קיין זאַך ניט, נאָר דאָס איינ־ציגע — ער זאָל מיר זאָגען, וואָס דאָ איז?...

— ביזט אַ גרויסער נאַר, שאַסטעפּאַליעץ! (אַזוי רופט איהם דער פּריסטאַוו.) אויף דיר איז מיר אַ וואונדער. דו ביזט דאָך עפּיס אַ איד, און אידען זענען אַלע קלוג, — ווי קומט דאָס, דו זאָלסט מיך פרעגען אַזאַ זאַך? דו פערשטעהסט דען אַליין ניט, אַז איך וויים גלייך מיט דיר? וואָס ווייסט פּאָליציע? פּאָליציע איז אַ בע־זעם, אַ שטעקען אין די הענד פון דער העכערער מאַכט. מע הייסט אונז געהן — געהען מיר, מע הייסט אונז נעמען — נעמען מיר...

— אַנטאָן איוואַנאָוויטש וועט מיר זאָגען חאָטש, וואו זי איז? וואו מיין טאָכטער איז?...

— דיין טאָכטער, שאַסטעפּאַליעץ, איז אין טורמע.

— אין טורמע?...

איציקעל שאַסטעפּאַל פיהלט, ווי מע האָט איהם געגעבען מיט אַ פּיסטויל אין הארצען. עס בעשלאָגט איהם אַ שוויים, און ער ווערד קלענער מיט אַ גאַנצען קאָפּ.

— אַנטאָן איוואַנאָוויטש זאָל זיין אַ גוטער, וואָלט ער מיר גע־זאָגט, צו ווען איך זאָל געהן, צו וועמען איך זאָל מיך ווענדען?...

— צום סמאָטריטעל פון דער טורמע פאַר וואָס געהסט דו ניט? — פרעגט איהם דער פּריסטאַוו. — ביזט דאָך מיט איהם אַ גאַנץ קנעפּעל!... איהר מאַכט דאָך ביידע „חאַפּעס"... (אַנטאָן אי־וואַנאָוויטש בעווייזט איהם מיט דער האַנד, ווי אַזוי זיי ביידע מאַ־כען חאַפּעס.) געה זיך דורך צו איהם, אפשר וועט ער דיר עפּיס קאָ־נען זאָגען, פאַר וואָס מע האָט זי פערנומען? חאָטש איך גלויב

ניט אין דעם. ערשטענס, ווייסט ער גלייך מיט אונז ביידען. דאָס ווייסט נאָר די זשאַנדאַרמעריע, ווייטער קיינער נישט... און, צוויי־טענס, איז ער אַ גרויסער הונד, דיין סמאַטריטעל. איאָ, ער איז אַ הונד?

— נאָך אַ מין הונד! אַ הונד שבהונד! — זאָגט איציקעל שאַסטעפּאַל, שטעהט־אויף, גלייכט זיך אויס די ביינער, לאָזט־ארויס אַ טיעפען זיפץ, און אז ער שטעהט שוין ביי דער טהיר, בעקומט ער פון אנטאָן איוואַנאָוויטש׳ען איין אויסרעד, למאַי האָט ער אזוי פיעל נאָכגעגעבען דער טאָכטער? אנטאָן איוואַנאָוויטש האָט איהם וויפיעל מאָל געזאָגט, אז אַ קינד טאָר מען אזוי ניט נאָכגעבען. אזוי פיעל באַלעווען!...

— אַצינד זעהסט דו, שאַסטעפּאַליע, אז איך בין דיר אַ גוטער פריינד?...

מיט אַ היץ אין קאָפּ און מיט אַ קעלט אין הארצען האַפּט זיך ארויס פון דאַנען איציקעל שאַסטעפּאַל און לאָזט זיך צום סמאָטריטעל פון דער טורמע.

די טורמע איז אַ טורמע — אזוי ווי אַלע טורמעס. איין אומעטיגע, אַ הויכע, אַ שטומע, מיט אַ סך קוימענס און מיט אַ סך פענסטערלעך פון אויבען ביז אראָפּ, ווי אַ מלאך־המות מיט אויגען. וויפיעל מאָל איציקעל שאַסטעפּאַל איז דאָ געוועזען, האָט ער קיינמאָל נישט קיין טראַכט געטהאָן וועגען די נשמות, וואָס רייניגען זיך אינ׳ם דאָזיגען גיהנם... און אז ער האָט יאָ וועז אַ טראַכט געטהאָן, איז דאָס געוועזען אַ מחשבה אויף אַ רגע. ווען האָט ער צייט דערויף?... קיינמאָל האָט ער זיך ניט פאָרגעשטעלט, אז פאַר איהם וועלען אַ מאָל האָבען אַ אינטערעס אָט די קליינע פענסטערלעך, אָט די אייזערנע גראַטעס, אָט די שטומע ווענד, וואָס שווייגען, ווילען ניט זאָגען, וואָס דאָרטען, אינווייניג, טהוט זיך... שוין־זשע געפינט זיך דאָרטען איצטער זיין טאָכטער גלייך מיט אַלע די, פאַר וועלכע ער שטעלט־צו „פּראָוויאַנט“? עס קאָן ניט זיין! עס איז אַ חלום! אַ בייזער חלום!...

ער פאָהרט־צו צו דער טורמע, שפּרינגט־אַראָפּ פון דער דראָזש־קע און קלינגט־אָן צום סמאָטריטעל׳ס טויער, וואָס פון דער רעכ־טער זייט פאַרקאָן. אַ קליין, ווייס שטיבעל מיט גרויסע טעפּ מיט בלומען אויף די פענסטער און מיט אַ גרינעם פּאָפּוגיי אין אַ גע־גילט שטייגעל.

דער סאָלדאַט וואָס ביי דער טהיר קען שוין שאָסטעפּאַל דעם פּאָדריאַדטשיק און ער ווייסט, אַז אויף אַ טרונק בראָנפען וועט שוין דאָ זיין געוויס. אַלע מאָל, ווען דער איד קומט אַהער, רוקט ער איהם אַריין אַ זילבערנע מטבע אין האַנד אַריין. פאַר וואָסערע מעשים טובים — ווייסט ער אַליין נישט...

— איהר דאַרפט צום פּריץ? זייט זיך מטריח אַהער, אין קאַנצעלאַריע; דאַרטען זענען זיי...

אַזוי זאָגט צו איהם דער שומר, האַלט שוין גרייט די האַנד אויף צו מקבל זיין די מטבע, און לאָזט־אַריין דעם סוחר שאָסטעפּאַל צום סמאָטריטעל אין קאַנצעלאַריע.

דער סמאָטריטעל פון דער טורמע, מיראָן פּאַדייאַיטש קאַבאַל־קין, איז אַ גוי אַ סוחר. איהם האָט נאָך קיין איד נישט אָפּגענאַרט; און דער איד, וואָס מיינט, אַז ער האָט אָפּגענאַרט קאַבאַלקינ׳ען, האָט זיך נאָכדעם געוויס אַרומגעקוקט, אַז קאַבאַלקין האָט א י ה ם אָפּגענאַרט... איין אויגעל ביי איהם קוקט־אַרויס קיין צפון־זייט, און דאָס אַנדערע קוקט אייך גלייך אין דער נשמה אַריין. ער האָט אַ טבע, אַז ער רעדט מיט אייך, צעשפּילעט ער דעם מונדיר און פער־שפּילעט זיך, האָט צו טהון כסדר מיט די קנעפּ. און רעדען רעדט ער גיך, צו דער זאַך, האָט פיינט פּוסטע רעד. דערזעהען איציקעל שאָסטעפּאַל ביי זיך אין קאַנצעלאַריע, האָט ער צו איהם אַ מאַך געטהאָן מיט ביידע הענד, געקוקט מיט איין אויגעל:

— ניין, ברודערעל, ביי מיר פרעג ניט, איך וויים גאָרנישט ניט! גאָרנישט ניט! און בין פערנומען היינט! און איך האָב קיין צייט ניט! האָב קיין פּאַראַיבעל ניט!...

און איציקעל שאַסטעפּאַל מוז נעבאך געהן צוריק און מיט א וויסט הארץ האפען נאך א מאָל א קוק אויף די שטומע ווענד פון דער הויכער טוידטער טורמע.

„וואוהין פאָהרט מען?“ — טראַכט זיך איציקעל שאַסטעפּאַל און הייסט זיך פיהרען אויף דער רייכסטער גאַס און שטעלט זיך אָפּ און קלינגט־אָן פריהער צו יענע מחותנים, וואָס זייערע קינדער שדכנ׳ען זיך צו זיין טאָכטער. זיי וואָהנען ווי די „מאָנאַרכען“ אין די שענסטע פּאַלאַצען, און דוקא אקעגען גובערנאַטאָר... אידען זע־נען אויף זיי להרוג ולאבד, למאי זיי רייסען־אויף גויים די אויגען, און די גויים שמועסט מען ניט! זיי פרעגען: „ווער איז ביי וועמען אין גלות — די אידען ביי אונז, צי מיר ביי די אידען?“...

געטראָפען א לאַקיי ביי דער טהיר מיט א שוואַרצען פראַק און מיט א ווייסען שניפּס, און דוקא א גוי, און דוקא א רשע, וואָס לאָזט נישט צו קיין אידען אַריבער דער שוועל: „אין קאַנטאָר אַריין!“ — איין ענטפער פאַר אַלעמען, — איז ער געפאַלען אויף איין עצה: ער האָט אַריינגעשמוגעלט דעם „גויישען פריץ“ וואָס ביי דער טהיר א „חצי פויגעל“ און האָט איהם געזאָגט, ער זאָל זאָגען דעם „אידישען פריץ“, אז איהם וויל זעהען איסאַק שאַסטעפּאַל... אזוי טאַקי מיט די ווערטער: איסאַק שאַסטעפּאַל!... עס האָט גע־האָלפען! ברייט זענען אויפגעעפענט געוואָרען פאַר איהם די טהירען, אין א שענעם זאַל האָט מען איהם אַריינגערופען, אויף א ווייכען שטוהל האָט מען איהם בעזעצט, און מיט זעהר א פריינדליך שמייכעלע האָט מען איהם אויפגענומען, געוואָלט מכבד זיין מיט טיי, — האָט ער זיך אָפּגעזאָגט. נאָר אז ס׳איז געקומען צו דער זאך, צו־ליעב וועלכער ער איז אהער געקומען, איז דאָס פריינדליכע שמייכע־לע פערשוואונדען געוואָרען, און עס האָט זיך בעוויזען אויף זייערע פּנים׳ער א שטיקעל בהלה.

— וואָס? אייער טאָכטער אין טורמע?... וואָס זאָל דאָס בע־דייטען?... שרעקליך! שרעקליך! א קלאָפּ, פשוט ווי מיט א קויל אין הארצען!... וואָס פאַר איין עצה זאָל מען אייך געבען? ליידער

קאָן מען נישט העלפען דערצו גאָרנישט... נישט בעקאַנט מיט די „דאָזיגע" לייט...

אָט אַזאַ מין וואָרעמען „ברוך־הבא" האָט געהאַט איציקעל שאַסטעפּאַל ביי זיינע געהויבענע מחותנים, וואָס זייערע זיהנדלעך שדכנ'ען זיך צו זיין טאָכטער.

* * *

דער איינציגער, וועלכער האָט באמת מיטגעפיהלט דעם אָרעמען פּאָטער אין זיין גרויסען אומגליק און אין וועלכען איציקעל שאַסטעפּאַל האָט געפונען איין אמת'ען איבערגעבענסטען פריינד, איז געוועזן, ווי דער לעזער קאָן זיך שטויסען, סאַשאַ סאַפּראָנאָוויטש.

דעם אַפּטייקער'ס זוהנדעל האָט נישט געוואַרט, ביז שאַסטעפּאַל וועט קומען צו איהם און וועט איהם בעטען, ער זאָל עפּיס טהון. סאַשאַ, וויבאַלד ער האָט נאָר דערהערט, אז ביינאַכט האָט מען צוגענומען טאַמאַראָ'ן, איז ער גלייך אַרויפגעלאָפען אַרויף צו שאַסטעפּאַל'ען און האָט געטראָפען די אומגליקליכע מוטער, שיווקע שאַסטעפּאַל, אין אַזאַ לאַגע, וואָס מע האָט געמוזט רופען באַלד אַ דאָקטאָר, מינטערען און ברענגען רפואות פון דער אַפּטייק, און שפּעטער, אַז דער פאָטער איז געקומען פון זיין גליקליכער רייזע איבער זיינע כריסטליכע און אידישע גוטע פריינד און איז אַריינגעפאַלען אין שטוב אַריין מיט אַזאַ פּנים, וואָס מע האָט פערשפּאָרט ווערטער, — האָט סאַשאַ זיך אַליין אַרויסגערופען, אַז טאָמער דאַרף מען ערגיץ געהן געוואָהר ווערען—געהט ער; טאָמער דאַרף מען אָנווענדען פּראָטעקציעס, אויסנוצען זכות־אבות, האָט ער אַ וועג דורך זיין פאָטער. דער אַפּטייקער האָט זעהר פיעל בעקאַנטע כריסטען, אָפיציערען, וואָס ער שפּיעלט מיט זיי אין קאָרטען...

— שאַט! — האָט אַ זאָג געטהאָן סאַשאַ און האָט זיך געגעבען אַ פּאַטש אין שטערן. — איך האָב! איך האָב! ביי מיין פאָטער איז דאָ אַ בעקאַנטע פּערזאָן, איין אַלטע „באַרישני", נאַדיעזשדאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ הייסט זי, זי קומט צו אונז אַלע טאָג אין דער

אפטייק. האָט די נאַדיעזשדאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ אַ ברודער אַ זשאַנ־דאַרמסקי ראָטמיסטער, וואָס ער מוז וויסען אַלץ. אויב איהר וועט מיר ערלויבען, טהו איך שוין אַ געה צו דער נאַדיעזשדאַ אַלעקסאַנ־דראָוונאַ... איך בין ביי איהר אַ גאַנצער חשוב...

— אויב איך וועל אייך ערלויבען? — זאָגט איציקעל שאָסטע־פּאַל און קאָן מעהר נישט רעדען, און ווען ער זאָל זיך ניט שעמען פאַר'ן אַפּטייקער'ס זוהנדעל, וואָלט ער איהם געפאַלען אויפ'ן האַלז קושען, וואָרום ער פיהלט, אַז ער, סאַשאַ, איז איהם אַ פריינד, איין אמת'ער, איין איבערגעגעבענער פריינד, דער איינציגער צווישען אַלע גוטע פריינד!...

סאַשאַ איז אַוועק צו דער „אַלטער באַרישני" און האָט זי גע־טראָפען ביי זיך אין גאָרטען איבערזעצען קוויטען. דערזעהען דעם יונגען סאַפּראַנאָוויטש, האָט זי זיך אויפגעהויבען פון איהר אַר־בייט און איז איהם געגאַנגען אַקעגען מיט אַ שענעם „גוטמאָרגען", איהם אויסגערעדט, פאַר וואָס ער קומט ניט אָפט אַהער, אין דעם קליינינקען גן־עדן, וואָס זי אַליין מיט איהרע אייגענע הענד האָט בעשאַפען. דאָ האָט איהם נאַדיעזשדאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ מיט איהר הענטעל בעוויזען באמת אַ קליינעם גן־עדן פון פערשיעדענע בלומען, וואָס שמעקען, יונגע בוימלעך, וואָס בליהען, סאַמעטען גראָז, וואָס בעט זיך, מע זאָל דאָס אַ גלעט טהון, און געלע שמאָלע סטעזשקעלעך, מיט זאַמד אויסגעשיט, וואָס ציהען זיך, ווי געלע סטיינגעס אויף גרין זיידענצייג, מיט בלומען בעפּוצט פון דער מיל־דער האַנד פון דער דאָזיגער פעע, אָדער פּרינצעסין פון גן־עדן, נאַ־דיעזשדאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ. עס איז נאָר געווען איין עבירה און אַ פערדראָס, וואָס די פעע, אָדער די פּרינצעסין פון דעם גן־עדן, מיט די ברילען אויף דער נאָז, האָט מיט איהר גראָבליכער מאַנסבילשער שטימע געגומען אויסרעכענען, וואָס דאָס קאָסט, וואָס דאָס גאַנצע הויז קאָסט, און וואָס דאָס הויז ברענגט־איין, און וואָס דער גאָרטען ברענגט־איין, — „ס'איז נישט כדאי, עס טראָגט ניט אַפילו קיין פינף פּראָצענט"... אַ פעע מיט ברילען... אַ פּרינצעסין מיט פּראָ־

צענט... אַך, ווי ווינציג דאָס שטימט מיט דעם קליינינקען גן־עדן!...
און סאַשאַ טרעט־צו צו זיין זאַך, וואָס צוליעב דעם איז ער גע־
קומען.

די גאַנצע צייט, וואָס דער יונגער סאַפּראָנאָוויטש האָט גע־
רעדט, איז די אַלטע „באַרישני" געשטאַנען, די הענט פערלעגט
אַהינטער, געקוקט דורך די ברילען אַרויף אויפ'ן הימעל און געהערט
מיט קאָפּ. און אַז סאַשאַ האָט געענדיגט, האָט זי אַוועקגעשטעלט
די ברילען אויף איהם און געזאָגט מיט איהר גראָבליכער מאַנסביל־
שער שטימע:

— ווילט איהר, הייסט דאָס, איך זאָל דורך מיין ברודער אייך
איבערגעבען אַלץ, וואָס בעלאַנגט צו דער געפאַנגענער, ווי אַזוי
הייסט זי? טאַמאַרא? אַ פּאַטעטישער נאָמען... זעהר אַ פּאַטעטישער
נאָמען!... אָבער, איך מוז אייך זאָגען, מיין ליעבער יונגער מאַן,
אַז די אויפגאַבע איז ניט פאַר מיר. איהר ווילט וויסען, פאַר וואָס?
איך וויל נישט האַנדלען מיט אַ זשאַנדאַרמסקי.

— אייער ברודער דער ראָטמיסטער... — וויל איהר סאַשאַ
אָפּענטפערען.

— מיין ברודער איז דער זעלבער, וואָס זיי, דער זעלבער זשאַנ־
דאַרם. איך וויל איהם נישט קענען! איך וויל זיין פּנים נישט
אָנקוקען!

אויף אַזאַ קלאַפּ האָט זיך סאַשאַ ניט געריכט. סאַשאַ איז אָבער
ניט פון די מענשען, וואָס פערלירען זיך ביי'ם ערשטען אָפּשטויס.
ער האָט אָנגעווענדט אַלע קרעפטען. ער האָט אָנגעשיקט אויך זיין
פאָטער אויף דער „אַלטער מויד", און ער האָט גע'פּועל'ט, אַז זי
זאָל זיך איבערבעטען צוליעב דעם מיט איהר ברודער דעם
זשאַנדאַרמסקי ראָטמיסטער. און עס איז ניט אַוועקגעגאַנגען קיין
עטליכע טעג, האָט נאַדיעזשדאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ געבראַכט צו
טראָגען אין דער אַפּטייק אריין אַ גאַנצען פּאַק מיט נייעס, פער־
דרעהטע, פערפּלאָנטעטע, פערקריפּעלטע, דער רוח אַליין קאָן דאָ
ברעכען דעם קאָפּ: עפּיס אַ מיידעל, וואָס האָט זיך אויפגעהאַנגען

אין טורמע... און א בעקאנטשאפט מיט א מענשען, וואס האט אוועקגעשיקט איינעם אויף יענער וועלט...

— דער שווארצער יאהר זאל זיי וויסען דארטען! זאלען זיי אייך אלע ברעכען די קעפ! און מיך זאלט איהר לאזען צורוה און נישט בעטען מעהר. איך זאל מיר שמוצען די הענד! און פאלגט מיך, יונגער מאן, טהוט א שפיי אויף דעם גאנצען עסק און קומט בעסער צו מיר אין גארטען היינט. וועל איך אייך מכבד זיין מיט „שפאנקעס", מיין אייגענע פלאנצונג. איהר האט נאך אזעלכע שפאנקעס ניט געגעסען! ווען איך האב אזעלכע בוימער א סך, וואלט איך געקאנט פערגרעסערען די הכנסה פונ'ם גארטען אין צווייען, אויב ניט אין דרייען...

זעלבסטפערשטענדליך, אז סאשא סאפראנאוויטש האט איבער־געגעבען טאמארא'ס פאטער די דאזיגע ידיעה אין זעהר א איידע־לער פארם, אדער ווי זיין פאטער דער אפטייקער האט זיך אויס־געדריקט אויף זיין אפטייק־לשון: „א ביטערע פיל איינגעוויקעלט אין גאלד". ער האט געמאכט די גאנצע געשיכטע צו קליין געלד, און אז איציקעל שאסטעפאל האט מיט שרעק און מיט האפנונג אויסגעהערט די דאזיגע בעפוצטע געשיכטע, האט איהם דאס פנים געשיינט, די אויגען געלויכטען, ווי ביי א קליין קינד, וואס מע האט נאר־וואס בעשטראפט און איבערגעבעטען מיט א שפיעלכעל: „ער וויסט שוין, ער פארשטעהט שוין — אלץ איבער אט דעם ראמאנענקא, ימח שמו וזכרו"...

פון יענעם טאג אן האט סאשא נישט גערוהט. ער האט דורכ־געשלאגען, ווי ער אליין האט זיך אויסגעדריקט, אייזערנע מויערען, און זיך בעקאנט מיט אזעלכע מענשען, וואס ער וואלט זיינע יאה־רען אויסגעלעבט און וואלט זיי נישט געקענט. ער איז געוואהר געווארען סודות... עס איז איהם געראטען, געוויינטליך, פאר געלד (שאסטעפאל האט ניט געזשאלעוועט קיין געלד), צו לייענען א קאפיע פון טאמארא'ס א בריעף צו איינעם א חברה־מאן מיט'ן נאמען מארטשענקא. א בריעף א הייסער, א פלאם־פייעריגער

בריעף... סאשא וואָלט זיך נערעכענט גליקליך, ווען טאַמאַרא שרייבט צו איהם, צו סאשא׳ן, אזא בריעף... ער האָט נעבאך אַלץ געמוזט אראָפּשלינגען, נאָר עס האָט זיך נישט געהאַנדעלט דאָ אום זיינע אייגענע געפיהלען צו טאַמאַרא׳ן; דאָ איז געווען נויטיג אַרויסצורייסען זי פון די אייזערנע נעגעל, אַרויסשלעפּען זי פון׳ם אָפּגרונד, אין וועלכען זי איז אַריין און אין וועלכען זי האָט וואָס ווייטער אַלץ מעהר געזונקען. עס האָט זיך ביי זיי געוויקעלט איין ענין אינ׳ם אַנדערען: דער נאָמען מאַרטשענקאָ איז געווען געבונדען מיט ראָמאַנענקאָ. ראָמאַנענקאָ־מאַרטשענקאָ איז געווען איינגעפלאָכטען אין דער געשיכטע פון מאשא באשעוויטש, וואָס האָט אזוי טראַגיש געמאַכט אַ סוף צו איהר לעבען אין טורמע...

איין אָפטער גאַסט איז געוואָרען איציקעל שאַסטעפּאַל ביי זיין שכן דעם אַפּטייקער אין הויז... ער האָט זיך בעפריינדעט נים נאָר מיט׳ן אַפּטייקער׳ס זוהנדעל, נאָר אויך מיט׳ן אַפּטייקער אַליין, און מיט סאשא׳ס חבר, קעסלער. עס איז געווען צו זעהען אַלע פאַרנאַכט ביי׳ם אַפּטייקער אין שטוב אַ קליינע אסיפה פון היימי־שע מענשען: סאָלאָמאָן סאַפּראָנאָוויטש, איציקעל שאַסטעפּאַל, סאשא סאַפּראָנאָוויטש און זיין חבר שמעון קעסלער, און מע האָט גערעדט נאָר פון איין פּערזאָן — פון טאַמאַרא׳ן, און נאָר פון איין זאַך — פון איהר בעפרייאונג.

— דו ווייסט, וואָס איך וועל דיר זאָגען? — אזוי מאַכט אי־ציקעל שאַסטעפּאַל צו זיין פרוי שיווקע. — אָט דער סאַפּראָנאָ־וויטש (שוין אוים „אַפּטייקער״) איז אַ גאַנץ וואויל מענטשעל. מיר איז געפעלען, ווי אזוי ער פיהרט זיך מיט זיין זוהן (שוין אוים „זוהנדעל״, נאָר „זוהן״!), ווי אזוי ער גיט איהם אָפּ כבוד און ווי אזוי ער האָט איהם ליעב — און ס׳איז טאַקי דאָ ווּעמען!...

אויך דער אַפּטייקער האָט געביטען די מיינונג אויף זיין שכן שאַסטעפּאַל. ער זאָגט צו זיין זוהן:

— אַ רחמנות נעבאך אויף אונזער שאַסטעפּאַל! (שוין אוים „אידאש״!) ער איז גאָר נישט אזא ווילדער מענש, כלעבען!

## קאַפּיטעל ז.

## אַ ל ס ד י נ ג ר ו ה ט.

מיט ריזענטריט איז זיך די בעוועגונג געגאַנגען איהר וועג איבער אַלע שטעדט און שטעדטלעך אין איין גרויסען וויעדער־קול, אין וועלכען עס האָט אָפּגעקלונגען דאָס איינציגע וואָרט פ ר י י־ה י י ט... אַלע רעדער פון דער גרויסער לאַנד־מאַשין האָבען זיך ווי דורך אַ בעפעל פון אַ גרויסען מעכאַניק, אָדער דורך אַ כשוף פון אַ צויבער־שטעקען, אָפּגעשטעלט. און אַלץ איז ווי פערשטאַרט בען געוואָרען, און אַ מאָדנע רוה און אַ מערקווירדיגע שטילקייט איז אַריינגעטראָטען אין גאַנצען לאַנד, אַ מין נאַטירליכער פייער־טאָג, אַ גרויסער יום־טוב, נישט אַזאַ יום־טוב, וואָס ס'איז איבער־געגעבען געוואָרען צו די מענשען בירושה, נאָר אַזאַ מין יום־טוב, וואָס מענשען אַליין האָבען איהם בעשאַפען, וואָס מענשען אַליין האָבען, נאָך אַ סך יאָהרען שווער אַרבייטען און נאָך אַ סך יאָהרען זיך אַרומרייסען איינער מיט'ן אַנדערען, מיט אַ מאָל איהם, דעם יום־טוב, אַרויסגערופען אין לעבען, האָבען זיך פעראייניגט אונטער איין אידעע און זיך צענויפגעקליבען אַלע אין איין אָרט און גע־זאָגט צו זיך אַליין: היינט זאָל זיין שבת וינפש — גערוהט און אויסגערוהט!...

— אַ גוט יום־טוב אייך! — האָט געזאָגט יודעל קטנתי, אַריינ־געפאַלען צו נחמיה דעם שוסטער מיט אַזאַ יום־טוב'דיג אויסזעהען, ווי סיידען שמחת־תורה קאָן אַ איד זיין אַזוי בגילופין. אפשר איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל יודעל קטנתי איז שוין געווען אין אַ פּאָר ערטלעך ביי בעקאַנטע בעלי־מלאכות און געטרונקען לחיים לכבוד דעם גרויסען יום־טוב, וואָס „מיר בעלי־מלאכות“ האָבען גע־מאַכט? און אפשר איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל זיין „זוגתי“ (אַזוי האָט ער זי גערופען: „מיין זוגתי“) האָט איהם אַרויסגע־טריבען, ער זאָל געהן קריגען ערגיץ אויף שבת? און אפשר איז די פריילינקייט איהם געקומען דערפון, וואָס זיין „קדיש“ איז אי־

בערגעפיהרט געווארען פון איין געפענגעניש אינ׳ם אנדערען, און ס׳איז א סברה, אז מע זאל איהם משפט׳ען מיט פעלד־געריכט, אדער, ווי יודעל רופט דאס אן, „בחסד וברחמים — מיט יושר און מיט סאוועסט, א שטריקעל אויפ׳ן האלז און פאזשאלויטע אווו קאזנאו“ ?...

— א מצוה, זאל זיך א הונט ניט גלוסטען קיין המנטאש, אז ער הערט ניט די מגילה !

אזוי לאזט אויס יודעל קטנתי מיט זיין בלומענשפראך און בע־קומט א פארציע פון נחמיה דעם שוסטער׳ס ווייב, זיסעל :

— א חרפה און א בושה אין אייער ווייטען האלז אריין ! ווי שעמט זיך דאס ניט א איד היינטיגע צייטען רעדען אזעלכע ווער־טער און מאכען חוזק פון איין אייגענעם זוהן, וואס האט איינגע־שטעלט זיין לעבען פאר אייך און פאר מיר און פאר אונז אלעמען ? אייער גליק, וואס מיינע קינדער זענען איצט נישטא אין דער היים ; מיין חיים וואלט אייך געגעבען א פעטשאטעק, אז ס׳וואלט אייך פינסטער געווארען איןביידע אויגען !

— וואט טיבע יוצר המאורות ! — זאגט יודעל קטנתי, און נחמיה דער שוסטער זעצט דאס איבער אויף אידיש :

— אט האסט דו דיר א חתונה !

— וואס דען ? זעצט זיך אוועק אזא איד אפלאכען פון זיין אייגען קינד, וואס איז זיך מפקיר פאר דער וועלט...

— פאר דער וועלט ? — זאגט יודעל. — די „וועלט“ האט, הייסט עס, אריינגעשיקט א בריוועל צו מיין זוהן : „ידידי רב וועלוועל ! הנה כפי כאשר אזוי ווי איך, „וועלט“, בין פארביי, איך דארף האבען פרייהייט, לכן בקשתי, זאלסט זיך מטריח זיין צו מיר למען השם מיט נחמיה דעם שוסטער׳ס צוויי בנים און מיט חוה דער אידינע׳ס קדיש, און מיט נאך אזעלכע אנשי־חיל פון אונ־זער פאלק עמך... שא ! ברוך הבא, א איד רב ליפא !...

דאס איז געוועזן ליפא באשעוויטש.

**ווען יודעל קטנתי** זאָל נישט געבען צו וויסען, אַז דאָס איז ליפּא באַשעוויטש, וואָלט מען איהם זיכער נישט דערקענט. אַזוי שטאַרק האָט זיך דער אָרעמער „האָלץ־איד“ איבערגעביטען. זיין בעזעמדיגע באָרד איז געוואָרען ווייס ווי שניי און צעשפּרייט אין דער ברייט איבער'ן גאַנצען פּנים. און דאָס פּנים אַליין איז געוואָרען מאָדנע געל־גלאַנצענדיג און געקנייטשט, ווי אַ צעקנייטשטע מגילה אויף דער לינקער זייט. דער שטערן האָט זיך אַרויפגערוקט אַרויף מיט צוויי גאַנץ טיעפע ווינקלען. דאָס היטעל טראָגט ער איבער די אויגען, דאָס האַרץ ביי איהם איז צעהראַסטעט, די קאַפּאָטע איז צעפּליקט, איין אַרבעל אויסגעריסען, און אַ גרויסען שטעקען אין האַנד טראָגט ער, און די אויגען ביי איהם ברענען ווי קויהלען, קוקען אין איין פּינטעל אַריין, און רעדען רעדט ער מיט אַ ניגון, אָהן איין אָפּשטעל, שטעהט ניט אויף איין אָרט, געהט פון איין שטוב אין דער אַנדערער און וועקט דעם עולם, גרייט איהם צו צום גרויסען אומגליק, צום אויסגוס, צום שטורם, וואָס קומט אויף דער וועלט.

— הערט־צו, פעלקער! — אַזוי האָט ליפּא אָנגעהויבען מיט אַ ניגון פון פּסוק, אַז ער איז אַריינגעקומען צו נחמיה דעם שוסטער. — פאַרנעמט, איהר מענטשען פון דער וועלט, וואָס מיין מויל טהוט צו אייך רעדען אַצינד. וואַכט־אויף פון אייער שלאָף, הויבט־אויף אייערע אויגען אַרויף און אַראָפּ, אַרום און אַרום, און זעהט, ווי עס חמאַרעט זיך דער הימעל. שוואַרצע וואָלקענס טראָגען זיך אין דער לופטען, דער ווינט טהוט זיי טרייבען מיט אַ גרוים אַיילעניש, און זיי פאַרדעקען דעם גאַנצען הימעל. אָט באַלד ברעכט־אויס אַ שטורם, אָט באַלד קנאַלט־אויס אַ דונער און עס טהוט אַ זעץ אַ רעגען, אַ שלאַגס־רעגען, אָבער נישט קיין רעגען פון וואַסער, נאָר אַ רעגען פון בלוט. עס פליסען טייכען, טייכען פון בלוט לויפען באַרג־אַראָפּ, פילען־אָן די הייזער, טרייבען־אַרוים די מענטשען אויף דער גאַס, לויפען־אַרום ווי משוגעים, שרייען און פילדערען, קוקען־אַרויף, געהען ביז'ן האַלז אין בלוט און רופען צו גאָט, ער זאָל זיי

העלפען. אָבער ער הערט ניט, דער גאָט, ער איז אַ גאָט פון נקמה. ער קאָן אייך ניט פארגעסען אייערע זינד און אייער שולד, וואָס איהר טהוט פאַלשען, נארען איינער דעם אַנדערען, שווינדלען און ליגנערען און פארגיסען אומזיסטיג בלוט...

— אָט וועט איהר באַלד הערען, ווי ער וועט אויסלאָזען מיט אַ מאָדנעם געזאַנג! — אַזוי באַמערקט יודעל קטנתי, און ער האָט געטראָפען: ליפּא באַשעוויטש פאַלט־אריין פונ׳ם פריהעריגען נוסח אינ׳ם נוסח פון קינות און לאָזט־אויס זיין דרשה אַזוי:

— זאַמעלט אייך צענויף אַלע, איידער עס קומט דער בלוטינער מבול אויף דער וועלט, טהוט תשובה, זייט מתפּלל און זאָגט: אנא ד׳ הושיעה נא — עגערען, מאַגערען, מאַגראַדען! עעעעעגערען, מאַגערען, מאַגראַאאאַדען!!!!...

— רב ליפּא! אפשר וועט איהר עפּיס עסען? — פרעגט איהם נחמיה דעם שוסטער׳ס ווייב.

— עסען? — פרעגט ליפּא און פאַלט אריין צוריק אין זיין פריהעריגען נביאות׳דיגען טאָן אריין. — אייער אייגען פלייש וועט איהר עסען, איינס דאָס אַנדערע לעבעדיגערהייד, אַ מוטער וועט אויפפרעסען איהר אייגען קינד, און קינדער וועלען מאַכען אַ סעודה פון זייערע עלטערען, אַ ברודער וועט פארקויפען זיין אייגענע שוועסטער, אַ חתן — זיין כלה. עס וועט אויסגעמעקט ווערען דאָס וואָרט „רחמנות" פון דער וועלט, ביז גאָט׳ס צאָרן וועט ניט אויסגעגאָסען ווערען אין אַ גרויס דערטרינקעניש, אַ מבול פון בלוט און פון טרערען. דאָס זענען די טרערען פון אלמנות און יתומים, פון אַלטע פאָטער און מוטער, פון שוועסטער און ברידער, וואָס האָבען זיך געלאָזט פייניגען פון די אומריינע רשעים און האָבען נישט געוואָלט רופען צו גאָט און לויבען זיין נאָמען און זינגען צו איהם אויף אַ קול: עגערען, מאַגערען, מאַגראַדען! עעגערען, מאַגערען, מאַאַגראַאַדען!! עעעעגערען, מאַגערען, מאַגראַאאאַדען!!...

— וואו איך האָב ערגיץ אַ שונא און וואו איהר האָט אַ שונא און אויף אַלע גויישע שונאים געזאָגט געוואָרען אַזאַ סוף, רבונו של עולם!

אזוי זאָגט זיסעל די שוסטערין און ווישט די אויגען מיט'ן פארטוך. ליפּא באשעוויטש הערט נישט אויף צו זאָגען נביאות אַלץ מיט דעם זעלבען נוסח:

— זעהט איהר דען ניט, ווי עס פאַלען שטיינער פונ'ם הימעל? פייעריגע שטיינער, פעך און שוועבעל, און פעדערען, פעדערען, פעדערען אָהן אַ שעור? הערט איהר דען ניט קיין געשריי פון געשענדעטע ווייבער, פון צעריסענע קינדער, און פון אַלטע לייט מיט צוויעקעס אין מוח? זעהט איהר דען ניט קיין אויפגעשניטענע בייכער, אָנגעפילט מיט לעבעדיגע קעץ?...

— זאָל שוין זיין גענוג, רב ליפּא, געהט אייך געזונטערהייד! — זאָגט צו איהם זיסעל און בעגלייט איהם ארויס פון דער טהיר. און עס הערט זיך נאָך פון יענער זייט ליפּא'ס געזאַנג אַלץ מיט'ן אייגענעם טרויעריגען נוסח פון קינות: „עגעדען, מאַגעדען, מאַגדארען!"...

קאַפּיטעל ח.

מזל טוב! גוט יום טוב!

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

וואָס האָט זיך אַזעלכעס געטראָפען? פון וואַנען האָבען זיך גענומען אַזוי פיעל מענשען אויף דער גאַס? וואָס לויפען דאָס ארום פון גאַנץ פריה אָן סטודענטען מיט לאַנגע פּאַפּיערען אין די הענד און טיילען יעדען איינציגען, וועמען זיי בעגעגענען, פראַנק און פריי? וואָס נעמט מען זיך ארום אין מיטען גאַס? וואָס קושט מען זיך? וואָס גראַטולירט מען זיך? וואָס גיט מען אַ מזל־טוב? און וואו איז ערגיץ פּאָליציע? פאַר וואָס זעהט מען ניט קיין סאָלדאַטען, קאָזאַקען, זשאַנדאַרמען?...

די גאסען ווערען אלע מינוט פולער, מענשען — מעהרער. קיין טראמוויי, קיין דראזשקעס זעהט מען ניט פאהרען. אלע בע־וועגט זיך, אלסדינג געהט. ביידע זייטען טראטוארען און די גאנצע גאס אין מיטען זענען געפאקט מיט מענשען. און די פנים׳ער פון די מענשען לייכטען. און אנגעטהאן איז מען יום־טוב׳דיג. און רויטע בענדלעך האט מען זיך צוגעשפילעט אויפ׳ן הארצען. און רויטע פאהנען האט מען אויפגעהאנגען אויף די טויערען פון די הייזער, רויטע טישטיכער האט מען אויסגעהאנגען אויף די באל־קאנעס, רויטע קוויטען אויף די פענסטער. אט האט זיך אפגע־שטעלט א מיידעל מיט א רויט זיידען טיכעל אויפ׳ן קאפ. אין איין מאמענט רייסט זי אראפ פון קאפ דאס רויטע טיכעל, צערייסט דאס אויף א סך קליינע שטיקלעך, צעטיילט זיי צווישען די סטו־דענטען, וואס רינגלען זי ארום פון אלע זייטען און רייסען די רויטע שטיקלעך ביי איהר פון די הענד. אלע זענען יום־טוב׳דיג, פרייליך, אבער ערנסט. ס׳איז פארגעקומען עפיס א גרויסע, א מורא׳דיג־גרויסע זאך...

* * *

איציקעל שאסטעפאל איז נאך געשלאפען, אז מע האט אנגע־קלאפט צו איהם אין דער טהיר אריין.

— ווער איז? — האט זיך געלאזט הערען איציקעל׳ס קול.

— ס׳איז איך, סאפראנאוויטש.

— סאשא? וואס איז דארטען?

— מזל־טוב, קאנסטיטוציע!

— וואס?

— א קאנסטיטוציע האט מען אונז געשענקט... שטעהט אויף, עס קעהרט זיך די וועלט!

— שיוועק, דו הערסט?

— וועה איז מיר! וואס האט זיך געטראפען?

— קאנסטיטוציע!...

— איך בעט אייך, זאלט איהר געזונט זיין, וואס איז דאס

אזעלכעם? — זאָגט שיװוקע צו סאשאַ'ן, און איציקעל װערד אין כעס, מאַכט מיט די הענד און גיט איהר צו פערשטעהן אויף די פינגער:

— װאָס פאַרשטעהסט דו ניט? קאָנסטיטוציע הייסט אַ קאָנ־סטיטוציע!

און איציקעל דרעהט־אוים דעם קאָפּ צו סאשאַ'ן, װי איינער רעדט: „געהט טענה'ט מיט אַ אידינע!“ סאשאַ סאַפּראָנאָװיטש אָבער האָט געדולד און גיט צו פערשטעהן דער מאַדאַם שאָסטע־פּאַל, װאָס הייסט דאָס קאָנסטיטוציע, און ער גיט צו, אַז װי באַלד מע האָט אונז געגעבען אַ קאָנסטיטוציע, קאָנען מיר האָפען אויף אַמנעסטיע.

— איהר פאַרשטעהט? אין אַ פּאָר שעה אַרום װעלען מיר האָבען די זכיה צו זעהען טאַמאַראַ'ן פריי אָט־דאָ־אָ אין שטוב!

סאשאַ זאָגט דאָס מיט אַזאַ איבערצייגונג, אַז די פאָטער־און־מוטער קוקען זיך איבער איינס מיט דאָס אַנדערע, קאָנען זיך ניט איינהאַלטען און צעװיינען זיך. ער געזעגענט זיך אָפּ אויף גיך און לויפט־אַרויס און בעגעגענט זיך אויף די טרעפּ מיט'ן פאָטער.

— סאשאַ? פון װאַנען איז?

— פון די שאָסטעפּאַלס.

— האָסט זיי אָנגעזאָגט די בשורה?

— נו, געװיס.

— װאָס האָב איך דיר געזאָגט?

— װאָס האָסט דו מיר געזאָגט?

— קאָנסטיטוציע!...

— װאַרט אויס, פּאַפּאַ, ביזט נאָך ניט פאַרטיג.

— װאָס רעדסט דו, סאשאַ, גאָט איז מיט דיר! אָט איז די צייטונג, נאַ לייען!

— איך האָב שוין געלייענט, געלייענט...

— נו?

— נו — נו!...

קיין ווערטער האָט מען מעהר נישט בעדאַרפט. דער פּאָטער האָט פערשטאַנען, וואָס דער זוהן מיינט. ער קען איהם. דער אַפּ־טייקער איז אויסער זיך פון סאַשאַ׳ס ענטפער. ער האָט אויפגע־שטעלט אויף איהם די בלויע ברילען און וויל איהם עפּיס זאָגען, קומט אָן די „אַלטע מויד" מיט׳ן הונד העקטאָר און פאַלט־אַרויף דעם אַפּטייקער אויפ׳ן האַלז און קושט זיך מיט איהם און גראַ־טולירט איהם מיט דער קאָנסטיטוציע און זאָגט, אַז איצטער זע־נען אַלע מענשען גלייך... און וויל זיך צעקושען אויך מיט׳ן אַפּטיי־קער׳ס זוהן. קומט אָן פון דער אַנדערער זייט קעסלער און שלעפּט איהם אַוועק, און נאַדיעזשדאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ בלייבט מיט׳ן אַפּטייקער אין צווייען, און זי קוקט אַרויף דורך איהרע ברילען, און עס לאָזט זיך הערען איהר מאַנסבילשע שטימע:

— זעהט נאָר וואָס דאַרטען טהוט זיך!

דאָס, וואָס זיי האָבען דערזעהען, לאָזט זיך ניט בעשרייבען אַזוי גרינג. דאָס איז געווען אַ מבול פון מענשען, וואָס האָבען זיך צענויפגעגאָסען אינאיינעם מיט די גאַסען, און צוזאַמען מיט די גאַסען האָבען זיי געוואַכסען און בעוועגט זיך. ניט מענשען זענען געגאַנגען, נאָר גאַסען, גאַנצע גאַסען, און קעפּ, געדיכט ווי זאַנגען אין פעלד, האָבען זיך געוויעגט קוים־קוים, ווי עס וויעגען זיך די זאַנגען פון אַ קליין לייכט ווינטעל, און פאָהנען האָבען גע־פלאַטערט איבער די קעפּ, און די באַלקאָנען פון די הייזער מיט די דעכער און מיט די פענסטער זענען געווען בעהאַנגען מיט רויטען און בעזעצט מיט מענשען, און אַלסדינג איז געווען צענויפגעגאָסען אינאיינעם: מענער און פרויען און קינדער, און כריסטען און אי־דען. און שטיל איז געווען און רוהיג און יום־טוב׳דיג, ווי יום־טוב אין אַ מקום קדוש. און קיין זכר פון פּאָליציע איז נישט געווען. און חאָטש ס׳איז געווען איין אָקטאָבער־טאָג, האָט די זונן גע־מאַכט שלום מיט דער ערד צוליעב דעם גרויסען יום־טוב אויף דעם דאָזיגען טאָג און האָט געלויכטען, געשיינט און געוואַרעמט, ווי אינ׳ם שענסטען זומער־טאָג. און פון די זייטיגע גאַסען זענען

אויסגעוואַכסען נייע ימים פון מענשען מיט פאָהנען און האָבען זיך צענויפגעגאָסען אינ׳ם גרויסען מבול פון קעפּ, און אַלע אינ־איינעם האָבען שטורמדיג בעגריסט דעם גרויסען יום־טוב, דעם ערשטען פרייהייטס־טאָג אינ׳ם גרויסען לאַנד. און עס האָבען זיך געהערט פערשיעדענע ליעדער און געזאַנגען. און עס האָבען זיך אַרויסגעריסען אַלע מאָל פערשיעדענע ווערטער און אויסגעשרייען. נאָר אָפטער פון אַלע ווערטער האָט מען געקאָנט הערען דאָס וואָרט: „קאָנסטיטוציע!“ „קאָנסטיטוציע!“

טויזענדער קולות האָבען זיך אַרויסגעריסען פון טויזענדער העלזער און האָבען אָנגעפילט די לופט מיט דעם איינציגען ליעבען טייערען וואָרט: „קאָנסטיטוציע!“

עס האָט זיך אויסגעוויזען, אַז ניט נאָר די מענשען — די הייזער, די דעכער, די גאַסען, די בוימער, די שטאָדט, די שטיינער האָבען געשריגען „קאָנסטיטוציע!“ עס האָט זיך געדאַכט, אַז אויך די ערד ציטערט און שרייט: „קאָנ־סטי־טו־ציע!“

איינער פון דעם גאַנצען מבול מיט מענשען איז אַרויפגעשפרונ־גען אויף איין איבערגעקעהרטען פאַס און האָט אויסגעדונערט מיט אַ גראָבער באַסאָוער שטימע, אין וועלכער ס׳איז געווען צו דער־קענען דעם בעוואַכסענעם פאַרשוין מישאַ בערעזניאַק־ניידיטש.

— בירגער! דאָס ערשטע מאָל ווערד איהר אָנגערופען מיט דעם דאָזיגען פרייען נאָמען „בירגער“! ערלויבט מיר, איין אומ־בעקאַנטען, צו גראַטולירען אייך מיט דעם גרויסען יום־טוב, מיט דעם גרויסען טריומף. בירגער! מיר פייערען אונזער טריומף, מיר פרייען זיך מיט אונזער יום־טוב! פערגעסט אָבער נישט אונזערע קעמפּער, די, וועלכע האָבען פערגאָסען זייער בלוט, די, וועלכע האָבען געשענקט זייער לעבען, די, וועלכע האָבען אָוועקגעטראָגען זייערע קעפּ אויפ׳ן עשאַפאָט פאַר אונז און פאַר אונזער פרייהייט. אויף די קניע זאָלט איהר פאַלען, אַלע ביז איינעם!

און דער גאַנצער מבול פון מענשען שטעלט זיך אַוועק, ווי איין מענש, אויף די קניע, און דער רעדנער טהוט דאָס אייגענע

אויף דעם איבערגעקערטען פאס, הויבט־אויף די האנד און לאזט־
ארויס מיט זיין באסאווער שטימע דאס געוויסע טרויער־ליעד :

„ווי זשערטוואיו פאלי —
איהר זענט א קרבן געפאלען"...

און דער גאנצער מבול פון מענשען חאפט־אונטער, ווי איין
מענש, דאס דאזיגע טרויער־ליעד, און עס לאזען זיך אראפ די רווי־
טע פאהנען, און אלע קעפ זענען אנגעבויגען, און אלע זינגען, און
פיעלע־פיעלע וויינען, ווארום פיעלע־פיעלע האבען אייגענע און
בעקאנטע, וואס זענען געפאלען... און א הייליגע שטילקייט ווערד
פערשפרייט איבער דעם מבול פון אפגעדעקטע קעפ פון די אלע
מענשען, וואס האבען זיך דא צענויפגעזאמעלט אינ'ם נאמען פון
דער פרייהייט...

און אז דער רעדנער שטעלט זיך אויף די פיס, שטעהט אויף
מיט איהם דער גאנצער מבול פון מענשען, און זיין באסאווע שטי־
מע דונערט ווייטער :

— בירגער ! מיר האבען אפגעגעבען אונזער חוב צו די גע־
פאלענע קעמפפער. איצט דארפען מיר זיך דערמאנען אן די
קעמפער, וועלכע זענען נאך ניט געפאלען. זיי לעבען נאך און
מוטשען זיך אין די ענגע פינסטערע טורמעס. אן זיי דערמאנט
אייך. זיי ווייסען נאך ניט פון אונזער גרויסען יום־טוב, וואס זיי
האבען אונז בעשאפען. צו זיי, צו זיי לאמיר געהן ! צו די מארטי־
רער פאר אונזער פרייהייט לאמיר קומען ! אלע, ווי איין מענש,
לאמיר זיך לאזען צו די טורמעס. קיין איינציגער זאל ניט בלייבען
דא. אמנעסטיע לאמיר פאדערען פאר אונזערע שוועסטער און ברי־
דער ! בעפרייען זאל מען זיי באלד, די רגע, די טהירען עפענען
און ארויסלאזען די אומשולדיגע. און זאל מען אונז בעגעגענען מיט
פייער, וועלען מיר אלע פאלען. צו די טורמעס, בירגער, צו די
טורמעס !

— הוררררררא ! ! ! — קאטשעט זיך א הילך פונ'ם מבול מיט

מענשען פון איין עק שטאָדט ביז'ן אנדערען, און גאַנצע חוואַליעס קעפּ טראָגען זיך אַהין, צו די טורמעס!

די ערד, וואָס טראָגט אויף זיך די דאָזיגע אַלטע שטאָדט, האָט נאָך קיינמאָל נישט געהערט אזא הילך, פון וועלכע מויערען קאָנען צעשפּאַלטען ווערען. דער הימעל, וואָס דעקט־איבער די דאָזיגע ערד, האָט נאָך קיינמאָל נישט געזעהען אזא בעוועגונג פון מוראַש־קעס־מענשען. און די זונן האָט פערגעסען, אז עס איז איין אָקטאָ־בער־טאָג, און האָט אַ צופריעדענע אַראָפּגעקוקט מיט איהר פייעריג פּנים אויף די צעהיצטע גליקליכע מענשען, און די גאַנצע נאַטור האָט גענומען אנטייל אינ'ם דאָזיגען גרויסען ליכטיגען הייליגען פרייהייטס־יום־טוב.

קאַפּיטעל ט.

פערשטעהרט דעם יום־טוב.

חדושים ונפלאות! ווי אזוי האָבען זיך מענשען אינ'ם דאָזיגען ים, אינ'ם דאָזיגען מבול, געקאָנט געפינען איינס דאָס אַנדערע? אויף אזא בריה'שאַפט זענען געווען פעהיג נאָר אזעלכע מזיקים, ווי סאַשאַ סאַפּראַנאָוויטש און זיין חבר קעסלער. די צוויי חברים האָבען מיט'ן כח פון זייערע עלענבויגענס זיך דורכגעשלאָגען אַ וועג און האָבען, געהענדיג צו די טורמעס, זיך אָנגעשלאָגען אויף איציקעל שאַסטעפּאַל, וואָס סע האָט איהם אַרויסגעטראָגען פון שטוב איי־נעם אַליין מיט זיין שירם — ער ווייסט אַליין ניט מיט וואָסער אַ כח.

ווי מע דערזעהט איין אייגען קינד, אזוי האָט זיך שאַסטעפּאַל דערפרייהט, אז ער האָט דערזעהען דעם אַפּטייקער'ס זוהן. שוין זשע איז דאָס אַלץ אויף דער וואָהר? שוין זשע איז דאָס אַלץ אמת? קאָנסטיטוציע? אַלע זענען גלייך? און אפילו אידען אויך?... מע וועט בעפרייען די פּאָליטישע? און אָט באַלד וועט ער זעהען זיין בעפרייעטע טאָכטער? זיין ליעבע, איינציגע, טייע־רע טאָכטער? ער קוקט זיך אַרום אויף אַלע זייטען, בעטראַכט

די דאָזיגע אַלע „יונגלעך“, דאַכט זיך, „גאָרנישטען“, און דאָך האָ־
בען טאַקי ז י י אויסגעפיהרט!... און בעקאַנטע אידען בעגע־
גענט ער, וואָס געבען איהם אַפּ מזל־טוב, קושען זיך מיט איהם:
„מיר זענען היינט גלייך מיט אַלעמען!“... ניט שוין זשע טאַקי
גלייך מיט אַלעמען?... און ניט נאָר אידען — כריסטען בעקאַנטע
גריסען איהם, קושען זיך מיט איהם, געבען איהם אַפּ מזל־טוב.
עפּיס נאָר משיח׳ס צייטען!... פּלוצים דערפיהלט ער אַ האַנד אויף
זיין פּלייצע. ער דרעהט אוים דעם קאָפּ:

— סאַשאַ?...

און איציקעל נעמט סאַשאַ׳ן אונטער דער האַנד און ער קוקט
איהם אין די אויגען אריין, ווי איינער רעדט: „איז דאָס ניט קיין
חלום?“... און סאַשאַ סאַפּראָנאָוויטש האָט ווי געטראָפען זיין
מחשבה, און זאָגט צו איהם מיט אַ שמייכעל:

— יאָ. מיר געהען זיי בעפרייען. נאָך אַ האַלבע שעה און טאַ־
מאַרא וועט דאָ זיין מיט אונז... מיט אונז!...

— אם ירצה השם! — זאָגט איהם איציקעל מיט אַ ירא־שמים־
פּנים, האָט מורא זיך אליין געבען אַ גוט אויג און קוועטשט סאַ־
שאַ׳ן די האַנד. — איז די משמעות, הייסט עס, אז איצטיגס מאָל
האָבען מיר אויסגעפיהרט?

דאָס וואָרט „מיר“ זאָגט איציקעל שאַסטעפּאַל שוין מיט
גדלות, מיינענדיג דערמיט נישט אַזוי זיך, ווי די טאָכטער... און
ער דערזעהט אינ׳ם מבול פון קעפּ אַ בעקאַנט מיידעל מיט אַ בחור
אונטער דער האַנד געהען ביידע זעהר יום־טוב׳דיג. ער וואָלט גע־
מעגט שווערען, אז דאָס איז זיין שטוב־מיידעל חאַסקע. יאָ, עס
איז חאַסקע מיט איהר חתן דעם טרובאַטש... „אַ יום־טוב — טראַכט
ער זיך — אַלע זענען גלייך“. אַביסעל טהוט איהם הנאה, וואָס
אַלע זענען גלייך, און אַביסעל אַהרט דאָס איהם: ווי געשיקט זיך
עס, אז זיין שטוב־מיידעל חאַסקע זאָל זיין גלייך מיט זיין טאָכ־
טער טאַמאַרא?... און צוריק טהוט ער אַ טראַכט: „אַ שענע רייי־
נע כפּרה, זאָלען זיי זיין גלייך, אַבי ער זאָל שוין דערלעבען זעהען

די טאָכטער געזונדערהייד!"... און נאָך אַ בעקאַנט פּנים דערזעהט ער אינ'ם מבול פון קעפּ; דאָס איז נעטשיפּאָרענקאָ, דעם פּריס־טאַוו'ס שרייבערל. „וואָס טהוט דאָ דער גויעץ?" און ער קאָן זיך ניט איינהאַלטען און טהוט אַ וואונק צו איהם און אַ מאַך מיט'ן שירם, און דעם קאָפּ האַלט ער הויך, מיט גדלות:

— וואו איז אַנטאָן איוואַנאָוויטש? פאַר וואָס זעהט מען איהם ניט אויף אונזער יום־טוב?

נעטשיפּאָרענקאָ לאָזט אַראָפּ די אויגען, טהוט אַ טרייסעל מיט'ן קאָפּ, ענטפערט נישט שאָסטעפּאַל'ען. מע ווייסט ניט, צי איז ער צופריעדען, אָדער ניט?...

— עס איז דעם פּריסטאַוו'ס רעכטע האַנד. — זאָגט שאָסטע־פּאַל צו סאָשאַ'ן מיט גדלות. נאָר סאָשאַ האָט זיך פערקוקט אין איין אַנדער זייט. דאָרט געהט זיין פאָטער, סאָלאָמאָן סאַפּראָנאָוויטש, געאָרעמט מיט זייער שכנה, נאַדיעזשדאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, זעהען אויס גליקליך, ווי אַ פּאָר־פּאָלק נאָר־וואָס נאָך דער חתונה. אויף איטליכענס פּנים איז אָנגעצייכענט גליק, יום־טוב, יום־טוב, יום־טוב!

אַ געוואַלטיגער „הורא", אַ נייער שטראָם פון מענשען. איין אומבעשרייבליכער ענטוזיאַזם האָפּט־אַרום די גאַנצע מאַסע. דאָס האָט געעפּענט די טויערען פון טורמע דער גובערנאַטאָר אַליין, און האָט נאָך געהאַלטען דערביי אַ רעדע און האָט בעפרייעט אַלע פּאָ־ליטישע, וועלכע דער עולם האָט בעגעגענט מיט דער גרעססטער התפּעלות. און עס איז נישטאָ קיין ברעג צו דער שמחה פון די מאַסען, און עס קויקעלט זיך דער הילך פון איין עק ביז'ן אַנדערען:

— לעבען זאָל די פרייהייט! לעבען זאָלען די בעפרייעטע!

זעלבסטפערשטענדליך, אַז יעדער איינציגער וויל זעהען די בעפרייעטע מיט זיינע אייגענע אויגען. אייניגע האָבען עס געוואָלט נאָר פון נייגיעריגקייט, אייניגע האָבען געהאַט אַ אינטערעס: איין אייגענער, אַ קרוב, אַ גוטער בעקאַנטער. און בכדי דער יום־טוב זאָל זיין נאָך פולער און די גאַנצע שטאָדט זאָל וויסען פון דער

אמנעסטיע, האָט מען די בעפרייעטע געגומען פיהרען מיט מוזיק, מיט געזאַנג און מיט געשרייען „הורא" איבער די גרעסטע גאַסען פון שטאָדט. אַלע מאָל האָט מען אָוועקגעשטעלט אויף א אימ־פּראָוויזירטער ביהנע איינעם פון די בעפרייעטע, ער זאָל זיך בע־וויזען, ער זאָל עפּיס זאָגען, חאָטש עטליכע ווערטער — און א הורראַ האָט פערהילכט זיינע רעד. נאָר אָט איז געוואָרען מיט א מאָל א דערשטיקעניש. מע האָט זיך פּשוט געשטעלט איינער דעם אַנדערען אויף די קעפּ. און אויף דער אימפּראָוויזירטער ביהנע האָט זיך בעוויזען זעהר א שען מיידעל מיט שוואַרצע געקרייזעל־טע האָר, מיט א אידישער נאָז און מיט שענע שוואַרצע גרויסע אוי־גען. איציקעל שאָסטעפּאָל, וואָס האָט זיך געהאַלטען די גאַנצע ציים אָן זיין יונגען פריינד סאַשאַ סאַפּראָנאָוויטש, האָט זיך גע־געבען א וואָרף, אויסגעצויגען ביידע הענד אַרויף:

— מיין טאָכטער! מיין קלוגע, טייערע טאַ...

מעהר האָט דער גליקליכער פאָטער נישט געקאָנט אַרויסזאָ־גען. ער איז איבערגעהאַקט געוואָרען אין מיטען וואָרט. עס האָט זיך געטראָפען א מאָדנע זאַך, א זאַך, וואָס קיין מענש האָט נישט געקאָנט פאָראויסזעהען, א זאַך, וואָס קיינער האָט עס זיך ניט גע־קאָנט פאָרשטעלען ניט אויף וואָהר, ניט אין חלום, א זאַך, וואָס האָט פערשטערט דעם גליקליכסטען יום־טוב, פערשטערט, פער־פינסטערט אויף לאַנג, אויף לאַנג, אויב ניט אויף שטענדיג... עס האָט זיך פּלוצים גאָר אומגעריכט דערהערט א קנאַק פון א סך ביקסען, מע ווייסט ניט פון וואַנען, פון וועלכער זייט, און דער מבול פון קעפּ האָט זיך אָנגעהויבען ביסלעכווייז, ביסלעכווייז, צו וויעגען, און אַלץ האָט בעקומען א מאָדנע אויסזעהען.

ווי פון א זיסען שלאָף, ווי פון א גוטען חלום האָט מען זיך אויפגעחאַפּט, און א קאַלטער שרעק האָט אַרומגענומען אַלעמען, און צווישען דעם פערגליווערטען עולם איז מיט א מאָל אויסגע־בראָכען א פּאַניק, א בהלה, א לויפעריי און א שפּרינגעריי איבער קעפּ, א ערדטרעטעניש... ניט פערשטאַנען נאָך, וואָס דאָ איז גע־

שעהן, האָט יעדער איינציגער אינסטינקטיוו געגעבן אַ טראַכט פון זיך, ווי אַזוי ראַטעווען מען זיך אַרויס פון דאַנען אַ לעבע־דיגער? — און מע האָט גענומען ראַטעווען איטליכער זיין אייגענעם נפש... סאַשאַ סאַפּראַנאָוויטש'עס ערשטער געדאַנק איז געווען — „טאַמאַראַ"... וואו איז טאַמאַראַ? ווי אַזוי דערשלאָגט מען זיך צו איהר און מע שלעפּט זי אַרויס פון דער סאַמע הושטשע? אָנשטאָט דעם, ער זאָל לויפען אויף־צו־פריהער, ווי אַלע וואָס אַרום איהם, האָט ער זיך געגעבן אַ וואָרף צוריק, אַהין, צום אויבען־אָן, דאָרט, וואו טאַמאַראַ איז נאָר־וואָס געשטאַנען. ער האָט גענומען אַרבייטען מיט'ן כח פון זיינע טרוקענע עלענבויגענס, שפּאַנען איבער קעפּ, פערגעסען יעדע סכנה, און האָט זיך סוף־כל־סוף טאַקי דערשלאָגען צו דער סאַמע הושטשע, צו דער סאַמע טריבונע. דער־זעהען די צעטומעלטע פערלוירענע טאַמאַראַ צווישען אַ סך צעטו־מעלטע און פערלוירענע, געגעבען זי אַ נעם מיט גוואַלד אונטער דער האַנד, אַ שלעפּ־אַרויס פון דער מאַסע און האָט זיך געלאָזט מיט דעם זעלבען כח פון זיינע דאַרע עלענבויגענס און מיט דעם זעלבען שפּאַנען איבער קעפּ, איבער גע'הרג'עטע און איבער לעבע־דיגע מענשען, און עס איז איהם געראָטען אַרויסצורייסען זיך פון דער ענגשאַפט אויף אַ פריי שטיקעל פּלאַץ.

אין דער ערשטער מינוט האָט זיך טאַמאַראַ נישט געקאָנט אָפּ־געבען קיין רעכענונג, וואָס זי טהוט און וואוהין זי געהט און מיט וועמען זי געהט. שפּעטער, אַז זי האָט זיך אַרויסגעמאַכט פון דער ענגשאַפט אויף דעם פרייען פּלאַץ און זי האָט זיך אַרומגעקוקט צוריק און האָט דערזעהען בלוט, בלוט פון אונטערגעשאָסענע, צע'־הרג'עטע, צעטראָטענע מענשען, — האָט זי זיך געגעבען אַ רייס־אויס פון סאַשאַ'ס האַנד און האָט זיך געוואָלט לאָזען לויפען צו־ריק. סאַשאַ סאַפּראַנאָוויטש אָבער האָט זיך בעשלאָסען, טאַמאַראַ'ן פון די האַנד נישט אַרויסצולאָזען, האָט ער זי אַ חאַפּ געטהאָן צו־ריק מיט זיינע דאַרע, נאָר שטאַרקע האַנד:

— צוריק וועט איהר נישט געהן!

איבעריגע ווערטער. סאַי ווי סאַי איז שוין אונמעגליך געווען געהן צוריק. געהן האָט מען געקאָנט נאָר ווייטער, אי דאָס ניט געהן, נאָר לויפען, וואָרום אַ גערדיכטע חוואַליע פון מענשען האָט זיך, ווי אַ שטראָם, געטראָגען און געטראָגען...

און פון הינטען האָט זיך געהערט אַ שיסעריי... און פערד האָבען געטראָטען איבער לעבעדיגע מענשען...

ערשט אַז זיי זענען שוין געווען אויף דער וואסילטשיקאָווער גאַס, ביי'ם הויז נומער 13, ביי דער אַפּטייק פון סאָלאָמאָן סאַפראָנאָוויטש, האָט טאַמאַראַ בעמערקט, אַז איהר בעגלייטער סאַשאַ האַלט זיך מיט דער לינקער האַנד ביי דער רעכטער פּלייצע, און אַז דאָס פּנים איז איהם בלאַס, ווי ביי אַ טויטען.

— וואָס איז אייך? — האָט זי איהם געפרעגט, געשעמט זיך קוקען איהם גלייך אין די אויגען.

— גאָר נישט, גאָר נישט, נישט געפעהרליך.

אזוי האָט איהר געענטפערט סאַשאַ מיט אַ פריינדליך שמייכעלע, אָנווייזענדיג איהר אויף דער פּלייצע, און האָט אַראָפּגעלאָזט זיך פּאַוואָלינקע אויף דער ערד. טאַמאַראַ האָט זיך אָנגעבויגען איבער איהם, אויפגעהויבען איהם מיט ביידע הענד, ווי מע הויבט אויף אַ קינד, און מיט אַלע כחות איז זי צוגעגאַנגען צו דער טהיר און האָט גענומען קלינגען אזוי לאַנג, ביז עס זענען ארויסגעקאָפען חוה די אידינע, חאַסיע דאָס מיידעל און דער סטאָראָזש דער גוי, און מע האָט דעם אונטערגעשאָסענעם סאַשאַ ארויפגעטראָגען צו איציקעל שאָסטעפּאַל אין הויז אריין (דעם אַפּטייקער'ס וואָהנונג איז געווען צוגעשלאָסען), און ערשט דאָרט, אַז מע האָט איהם אַוועקגעלעגט אויף אַ קאַנאַפּע, צעשפּילעט דעם אַרבעל, האָט מען דערזעהען, אַז ער געהט־אָפּ מיט בלוט, און סאַשאַ האָט אָנגעהויבען חלש'ען.

— דעם דאָקטאָר! וואַסער! אייז! דעם אַפּטייקער! — און אַלע האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף אַלע זייטען, ווער נאָך וואַסער, ווער נאָך אייז, ווער נאָכ'ן דאָקטאָר. שיווקע, וואָס האָט

שוין געוואוסט, אַז טאַמאַראַ איז פריי (נחמיה דעם שוסטער'ס ווייב האָט פערדיענט די מצוה; זי איז געקומען צו לויפען אהיים איהר אָנזאָגען די בשורה פריהער פאַר אַלעמען), האָט זיך געלאָזט לוי־פען מיט אַ גוואַלד אין דער גאַס אַרויס און בעגעגענט זיך מיט'ן מאַן, וועלכער איז געלאָפען אהיים האַלב אַ טוידטער. דערזעהען שיווקע'ן לויפען, איז איציקעל שאַסטעפּאַל שיער ניט געשטאָרבען פאַר שרעק. ער האָט מיט'ן שירם געוויזען נאָך פון דער ווייטען צו שיווקען, אַז זי זאָל געהן צוריק, וואָרום אין גאַס טהוט זיך חושך, מע שיסט.

— מע שיסט! — שרייט צו איהר דער מאַן.

— מע שיסט?

— מע שיסט! מע שיסט! געה צוריק!

— דאָ אויך, — ענטפערט איהם שיווקע, — מע האָט שוין געשאָסען! דערשאָסען!

— וואו? ווען? — שרייט איציקעל און פאַלט שיער חלשות.

— דעם אַפּטייקער'ס זוהן האָט מען געשאָסען...

* * *

דעם פערוואונדעטען סאַפּראַנאָוויטש'ען האָט מען אַרויסגענו־מען די קויל און איבערגעבונדען די וואונד. דער דאָקטאָר האָט גע־זאָגט, אַז עס איז ניטאָ קיין געפאַהר, דער קראַנקער וועט אין דריי־פיער טעג אַרום קאָנען אויפשטעהן. ער האָט נאָר אָנגעזאָגט, מע זאָל אַכטונג געבען אויף דער טעמפּעראַטור, און ווייטער גאָרניט. דער קראַנקער האָט גערעדט, געשפּאַסט און געפיהלט זיך זעהר גוט. און ווי אַזוי האָט ער זיך געקאָנט פיהלען ניט גוט, אַז טאַ־מאַראַ איז געזעסען נעבען איהם גלייך מיט אַלע; זי האָט זיך אַליין אַרויסגערופען אויף צו זיצען נעבען קראַנקען. איציקעל שאַס־טעפּאַל האָט געוואָלט, אַז זי זאָל געהן רוהען נאָך אַ טאָג פון גרויסע שרעק, און אַגב האָט די מאַמע זי שוין אַזאַ צייט ניט געזעהן... האָט אָבער טאַמאַראַ געזאָגט, אַז זי וועט פון דעם קראַנקען נישט

אָפּטרעטען... זיצענדיג אָט דאָ, האָט טאָמאַראַ פערטראַכט זיך, דאָס ערשטע מאָל פון זינט זי קען זיך מיט סאַשאַ'ן, איבער אַלץ, וואָס צווישען זיי איז פאָרגעקומען ביז איצטיגען מאָמענט. דאָס ערשטע מאָל, קאָן מען זאָגען, האָט זיך טאָמאַראַ אָפּגעגעבען אַזוי נאָהענט מיט דעם מענשען, און איהר גאַנצע פערגאַנגענהייט איז איהר דורכגעלאָפען אין די געדאַנקען, און זי האָט זיך דערמאָנט, ווי דער דאָזיגער סאַפּראַנאָוויטש איז איהר נאָך קינדוויז נאָכגעגאַנגען, ווי א שאָטען... און נאָכדעם, אַז ער איז אונטערגעוואַכסען, געוואָרען א „בחור'על", איז ער איהר געווען כסדר פאַר די אויגען, שטענדיג א רויטער, תמיד א שעמעוודיגער... און נאָכדעם, ווי ער איז געפאָהרען מיט איהר קיין פעטערבורג, מורא געהאַט צוגעהן צו איהר נאָהענט... נאָכדעם אין פעטערבורג זייערע בעגעגענישען און געשפּרעכען: „מ ע ה אָ ט מ י ך ג ע מ א כ ט פ א ר א י י ן א ו י פ ז ע ה ע ר י ן א ו י ף ו ו י י נ ג ע ר ט נ ע ר, מ י י ן א י י ג ע נ ע ם ג אָ ר ט ע ן ה אָ ב א י ך פ ע ר ל אָ ז ט"...

און טאָמאַראַ פערטראַכט זיך אויף דעם פשט פונ'ם פסוק און אויף דעם אַלעם, וואָס זי איז דורכגעגאַנגען און דורכגעמאַכט אין דער לעצטער צייט: וואָס איז זי, אייגענטליך, געווען פאַר דער בעוועגונג? נישט מעהר אַלס א פּאַסיווע, א זייטיגע פּערזאָן... וואָס האָט זי אַליין אויפגעטהאָן? גאָר נישט מיט גאָר נישט! מיט וואָס האָט זי אין דער דאָזיגער קאָנסטיטוציע א גרעסערען חלק, למשל, פון איהר מוטער? א גאַנצע רייהע פון אקטיווע פאַרשוינען געהען דורך פאַרביי איהר: ראָמאַנענקאָ, מאַשאַ, בערעזניאַק און נאָך און נאָך — וואָס איז זי פאַר זיי געווען, אַז נישט קיין גוטע בעקאַנטע און נישט מעהר? פאַר וואָס האָבען אַלע אַנדערע געהאַט מעהר אָדער ווייניגער אַרבייט, און זי נים? צוויי מאָל איז זי אָפּגעזעסען אין טורמע, און ביידע מאָל אַלס א זייטיגע, א צוגעטשעפּעטע, און קיינמאָל נים אַלס איין אַקטיווע מיטאַרבייטערין, ווי אַנדערע. און ווער האָט זיך נאָך אַזוי פיעל געריסען צו אַקטיווער אַרבייט, ווי זי? אָט איז סאַפּראַנאָוויטש נים קיין

רעוואָלוציאָנער, — פֿאַר וואָס האָט ער שטענדיג אַזוי פֿיעל צו טהון אַלס נאַציאָנאַליסט פֿאַר זיין אייגען פֿאָלק? איז דען ז י י ן פֿאָלק ניט א י ה ר פֿאָלק? איז זי דען ניט שולדיג, ווי סאַשאַ זאָגט, צו איהר פֿאָלק מעהר אַלס צו אַלע אַנדערע, פֿאַר וועמען עס דאַרט איהר דער קאָפּ און עס טהוט איהר וועה דאָס האַרץ און זי איז גרייט אַפילו זיך מוסר נפש צו זיין?...

— וואָס מאַכט ער? — פֿרעגט שאָסטעפּאַל, צוגעהענדיג אויף די שפּיץ פֿינגער צום בעטעל, וואו סאַשאַ ליגט און די טאָכטער מיט סאַשאַ׳ס חבר קעסלער זיצען ביי די זייטען.

— ער שלאָפֿט, — זאָגט טאַמאַרא שטיל.

— ששש... ער שלאָפֿט! — זאָגט איציקעל שאָסטעפּאַל צו שיווקען, וואָס געהט איהם נאָך פֿון הינטען.

אין דער מינוט רייסט זיך אַריין חוה די אידינע מיט אַ בשורה גלייך צום בעל-הבית, צו איציקעל שאָסטעפּאַל:

— בעל-הבית! אויף דער אידישער גאַס, זאָגט מען, איז פֿריילין!

— ששש... וואָס הייסט ס׳איז פֿריילין? — פֿרעגט איציקעל.

— אַ פּאָגראָם, זאָגט מען.

אַלע חאַפּען זיך אויף פֿון די ערטער.

— אַ וואָס?

— אַ פּאָגראָם ווייסט איהר ניט? אַ אידישער פּאָגראָם, דאָס אייגענע, וואָס אין קעשינעוו...

דאָס דאָזיגע עכט-רוסישע וואָרט „פּאָגראָם“, וואָס קאָן ניט איבערגעזעצט ווערען אויף קיין שפּראַך אין דער וועלט, רופֿט אַרויס ביי אידען אַ געפֿיהל, וואָס קיין אומה ולשון קאָן עס ניט פֿער־שטעהן, אויסער אַ אידען. ווי ווילד דאָס זאָל ניט קלינגען, האָט דאָס אין דער מינוט, אין דעם דאָזיגען טאָג, געקלונגען נאָך מעהר ווילד, ווי אַלע מאָל. היינט אַ פּאָגראָם? ווי איז דאָס מעגליך?!...

אין די ווערטער קומען־אָן נחמיה דער שוסטער מיט זיינעביידע זיהן מיט שטאַרק איבערגעשראָקענע פּנים׳ער.

— מע שלאָגט, — זאָגט חיים, און בעני חזר׳ט איבער:

— מע שלאָגט... ס׳איז אַ פּאָגראָם...

אַלע זענען ווי פערגליווערט געוואָרען. סאַשאַ האָט זיך אויפ־געזעצט, אַנגעשפּאַרט אויפ׳ן עלענבויגען און בעגעגענט זיך מיט טאַמאַראַ׳ס אויגען. אינ׳ם דאָזיגען קוק האָט זיך אויסגעדריקט אַלסדינג, וואָס ס׳איז ביז אַהער צווישען זיי נאָך ניט געזאָגט געוואָרען. נחמיה דער שוסטער האָט געפונען פאַר נויטיג צו בע־רוהיגען די בעלי־בתים.

— שרעקט אייך ניט, עס איז מיט חסד: אָרעמע לייט שלאָגט מען... אויף דער אידישער גאַס איז אַ פאָרמענע פּאָגראָם. נאָר־וואָס איז געווען ביי מיר מיינער אַ באַקאַנטער שניידער, יודעל קטנתי...

— געהט אייך געזונטערהייד מיט אייער שניידער קטנתי! — צעלאָזט זיך איציקעל שאַסטעפּאַל מיט כעס אויפ׳ן שוסטער, גלייך ווי דער שוסטער איז דאָ דער גאַנצער חייב, און טאַמאַראַ שטעהט־אויף, גלייכט זיך אויס, דאָס פּנים פלאַמט איהר, די אויגען ברע־נען:

— ס׳אַליגען! עס קאָן ניט זיין! עס קאָן ניט זיין!...

— פאַר וואָס קאָן עס ניט זיין? עס קאָן זעהר זיין! — זאָגט סאַשאַ אין אויפרעגונג. — דאָס איז דער אמת׳ער עפּילאָג, וואָס מע האָט בעדאַרפט ארויסזעהען...

— איהר זאָלט נאָר ליגען רוהיג! — שלאָגט איהם טאַמאַראַ איבער מיט אַ ווייכען טאָן, וועלכען ער האָט נאָך פון איהר קיינ־מאָל ניט געהערט. — אייך האָט דער דאָקטאָר אָנגעזאָגט, איהר זאָלט ליגען רוהיג... איך געה און קום באַלד צוריק... רוהיג זאָלט איהר ליגען!

סאַשאַ פאָלגט זי, ווי אַ קינד, לעגט זיך אָוועק צוריק, ליגט כלומרשט רוהיג און קוקט, ווי טאַמאַראַ טהוט זיך אָן, קלויבט זיך געהן. ניט שוין זשע וועט זי אַוועקגעהן, און ער וועט דאָ בלייבען אַליין, אָהן איהר?... ער פיהלט, ווי עס טראָגט איהם פון דער קאַ־

נאפּע. אַט־אַט, דאכט זיך, שפּרינגט ער אראָפּ, טהוט זיך אַ וואָרף איהר פאַר די פיס: „נ י י ן, ד ו וועסט ניט געהן אליין, טאַמאַראַ, מיט מיר וועסט דו געהן! מיט מיר! מיט מיר!“...

* * *

טאַמאַראַ איז אַוועק, און סאַשאַ איז געבליבען ליגען אין אַ העליש פייער.

די טעמפּעראַטור האָט זיך ביי איהם אויפגעהויבען.

## קאַפּיטעל י.

### וואָס טאַמאַראַ האָט געזעהען און געהערט.

עס איז נאָך געוועזען פריה, אַז טאַמאַראַ האָט זיך געלאָזט איבער דער שטאָדט אראָפּ־צו, דאָרט, וואו די אָרעמע לייט וואָהנען, אויף דער אידישער גאַס. זי האָט בעגעגענט אָרעמע ווייבער מיט קינדער, מיט פּעקלעך און שמאַטעס אַ סך, פאָהרען אויף פוהרלעך, איין פוהרעל נאָכ׳ן אַנדערען, מיט איבערגעשראָקענע פערשעהמטע פּנימ׳ער, גלייך ווי זיי וואָלטען עפּיס אָפּגעטהאָן אַ מיאוסע מעשה, בעגאַנגען אַ פערברעכען... וואוהין פאָהרט מען? זיי ווייסען אליין ניט וואוהין זיי פאָהרען. אין שטאָדט איז, זאָגט מען, אַ פּאָגראָם, דאַרף מען פאָהרען ערגיץ זיך בעהאַלטען; דער — צו אַ בעקאַנטען כריסט, דער — אין אַ האָטעל, און דער — צום באַהן... לאַנג האָבען אָבער די דאָזיגע ניט געקאָנט פאָהרען, וואָרום מע האָט זיי נישט געלאָזט; מע האָט זיי גענומען אָפּשטעלען, פערקערעוועען די פערד־לעך און אָפּשיקען צוריק, צוריק. טאַמאַראַ איז צוגעגאַנגען צו אַ פּאָליציאַנט און געפרעגט, ווי אַזוי דערלאָזט ער אַזאַ זאַך? האָט זי בעקומען פון איהם אַ תשובה, אַז די באַרישני זאָל זיך בעסער אָפּטראָגען פון דאַנען בעצייטענס, וואָרום זי קאָן חאַפּען דעם איי־גענעם פּסק, וואָס די דאָזיגע אידען...

— וואָס עפּיס אידען? — פרעגט איהם טאַמאַראַ.

— ווארום היינט איז אזא טאג... — ענטפערט איהר דער פאליציאנט מיט אזא טאן, גלייך ווי עס וואלט זיך גערעדט פון בעגיסען די גאסען וכדומה אזעלכע געוועהנליכע זאכען.

טאמארא געהט ווייטער און שלאגט זיך אן אויף אזא סצענע: איין ארעמע אידישע פרוי, נאך א יונג ווייבעל, מיט צוויי קינדער, איינס ביי דער האנד, דאס אנדערע אויף די הענד, לויפט מיט א קאשיק, און איהר לויפען־נאך צוויי גוי'עס. איינע האט שוין דעם קאשיק צוגענומען, און די אנדערע רייסט ביי איהר די שאל פונ'ם קאפ. טאמארא לויפט־צו און שטעלט זיי אפ.

— וואס טהוט איהר דאס? גאט איז מיט אייך!

— היינט מעג מען! — ענטפערען איהר די גוי'עס מיט א געלעכטער און לאזען־אפ דאס ווייבעל. און טאמארא ווערד געוואהר פון איהר, אז דאס לויפט זי פון דער אידישער גאס, וואו מע שלאגט אידען... וואוהין זי לויפט — ווייסט זי נאך אליין ניט, נאר זי האט גערעכענט, אז דא, צווישען די נגידים, און איבערהויפט — צווישען כריסטען, וועט מען מן הסתם ניט שלאגען, טאמער וועט עמיצער אויף איהר רחמנות האבען און אויף איהרע צוויי יתומה'לעך? זי וואלט וועלען זיך בעהאלטען ערגיץ ביי א גוטען כריסט, ביי א כריסט איז מען זיכערער...

טאמארא'ן פאלט איין א געדאנק צו פערבארגען דאס דאזיגע ווייבעל ביי א כריסט. ביי וועמען? עס איז ניט ווייט פון דער גימנאזיע — ביי דער פרוי ראמאנענקא! און זי זאגט צום ווייבעל, אז זי וועט זי אפפיהרען צו א בעקאנטען כריסט. „צו א כריסט? לאנג לעבען זאלט איהר!"... דאס ווייבעל וויל זי ארומחאפען קושען. און זי חאפט זי פאר א האנד און זי לויפט מיט איהר, און לויפענדיג דערצעהלט איהר דאס ווייבעל טויזענדער שרעקליכע זאכען, וואס האבען זיך אפגעטהאן ביי זיי אויף דער אידישער גאס: מע שלאגט, מע הרג'עט, מע הרג'עט אויף טוידט. טאמארא פערשטעלט זיך די אויהערען, און נישט ווילענדיג דערמאנט זי זיך אין ביאליק'ס בלוטיגע פאעמע, וואס סאשא האט איהר אמאל גע־

לייענט, און וואָס האָט דעמאָלט געמאַכט אויף איהר איין איינ־
דרוק פון אַ שענער, הויכער פּאָעזיע, נישט מעהר. איצטער קלינגען
זיי איהר אין די אויהערען, ווי טראָמפּייטען, ווי הונדערט קעסעל־
פּויקען:

אַ פּויסט וואו איז?
וואו איז אַ גרויסער דונגער,
וואָס זאָל זיך אָפּרעכענען פאַר אַלע דורות?...

עס ציהט זי צוריק אין שטאָדט אריין, האַפּען וואָס ס׳וועט
איהר אריינפאַלען אין די הענד אריין, זיך נוקם זיין, זיך אָפּרע־
כענען פאַר׳ן אומזיסטיגען בלוט. זי דערמאָנט זיך, אַז זי האָט
גענומען אָפּפיהרען דאָס דאָזיגע וויבעל מיט די קינדער צו אַ
כריסט. אָט איז שוין די גימנאַזיע. אָט דאָ זיצט איהרער אַ בע־
קאַנטער כריסט...

— אָט דאָ וועט אייך זיין גוט! — זאָגט טאַמאַרא צום ווייבעל
און זי קלינגט אָן ביי דער טיר איין מאָל און צוויי מאָל און דריי
מאָל — מע ענטפערט ניט. קלינגט זי אָן אין טויער, בעוויזט
זיך דער דוואָרניק. דערזעהען „אידען“, ווערד ער מלא חמה: „דאָ
איז ניט קיין אידישע סינאַגאָגע, טראָגט זיך אָפּ בעצייטענס, כל
זמן מע האָט אייך ניט געבראָכען די ביינער!“...

— איהר קאָנט אייך געהן. — זאָגט דאָס ווייבעל צו טאַמאַ־
רא׳ן. — איך בלייב זיצען דאָ, עס מעג זיך זיין וואָס עס וויל זיך,
פאַרט צווישען כריסטען, טאָמער וועט זיך עמיצער דערבאַרעמען.
איך בין איין אָרעמע אלמנה מיט צוויי ברעקלעך קינדער יתומים.
וואָס וועט מען ביי מיר נעמען?...

טאַמאַרא לאָזט זיך געהן און דערזעהט פון דער ווייטען אַ
פּראָצעסיע מיט נאַציאָנאַלע פאָהנען. וואָס זאָל דאָס בעדייטען?
און זי דערזעהט פון דער ווייטען שוין זעהר אַ שען בילד, ווי אַזוי
מע האַקט טירען, מע ברעכט פענסטער און מע וואַרפט און מע
שמיצט און מע שליידערט, און קליינע שקצים׳לעך און גוי׳עס און
שיקסעס הויבען דאָס אויף, און מע שלאָגט עפּיס עמיצען. און זי

זעהט, ווי מענשען פאלען און מע טרעט אויף זיי מיט די פערד...
און טאמארא לויפט־צו, און זי דערזעהט, אז אט האט זיך פלוצים
די פראצעסיע אפגעשטעלט נעבען דער גימנאזיע... אויפ׳ן באלקאן
שטעהט דער אלטער ראמאנענקא אהן א הימעל און בויגט זיך און
נויגט זיך, און עס לאזט זיך הערען א מורא׳דיגער „הורראָ!“

— נידער מיט דער קאנסטיטוציע! א טוידט צו די אידען!!!

— הורראָ! א טוידט צו די אידען!!!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

## קאפיטעל יא.

## דער שטורם פערשפרייט זיך.

דעם אפטייקער סאלאמאן סאפראנאוויטש איז דאס אפגעראָ־
טען, ווי א מוצלח. איהם האט דאס נאכ׳ן ערשטען שאס אפגע־
ריסען פון זיין פריינדין נאדיעזשדא אלעקסאנדראוונא און אוועק־
געטראגען מיט׳ן שטראם אין איין אנדער זייט שטאדט, אין די
ווייטע גאסען און געסלעך, וואו ער איז שוין לאנג נישט געוועו.
ער האט דערהערט פון דארטען, פון אונטען ערגיץ, טראגען זיך
מאדנע קולות; עס האט אויסגעדאכט, ווי מענשען שרייען, רופען
צו הילף, און ס׳איז איהם געווארען קאלעמוטנע אויפ׳ן הארצען,
און ער האט געוואלט שוין אומקעהרען זיך צוריק. גאר דער גוטער
יאהר האט איהם געטראגען, און ער האט זיך איינגעשטעלט און
איז נעגאנגען אביסעל אראפ־בארג, צו דער אידישער גאס צו, און
האט אנגעהויבען צו בעגעגענען מאדנע מינים נפשות, וואס ער
האט שוין לאנג אזעלכע נישט געזעהען: באָרוויסע, אפגעריסענע,
מיט געשוואלענע פנים׳ער, מיט רויטע נעזער, מיט אונטערגעבלוי־
טע אויגען. יעדער פון זיי האט עפיס געטראגען פולע הענד און
האט זיך געאיילט מיט אזא אימפעט, ווי מען איילט זיך אויף
יום־טוב, אדער מע דארף אפטראגען דאס און גיכער געהן נעמען
נאך א מאל, ווארום מע קאן פערשפעטיגען... צווישען דעם, וואס

די נפשות האָבען געטראָגען, זענען געווען נייע שטיוועל, אַלטע קאַ־לאָשען, נייע קאָלדרעס, אַלטע זעק, זילבערנע וואזעס, פּאַפּיערענע פּודלען, אייזערנע טעפּ, פּעקלעך מיט טיי, פּאָרצעלייענע זייגערס מיט היטלעך צוקער, וכדומה אַזעלכע זאַכען, וואָס פּאָרען זיך עפּיס ניט... נאָך נישט געוואוסט אַקוראַט וואָס דאָס איז, נאָר דער־פּיהלט, אַז דאָ איז ניט פריילין, האָט ער חשק געהאַט שוין אַ נעם טהון זיך צוריק. נאָר אַ מאָדנער כח האָט איהם ווי געצויגען אַלע מאָל וואָס ווייטער און ווייטער, ביז ער האָט בעגעגענט פון אַ צווייטער גאַס אַ חאַליאַסטרע יונגע שקצים מיט דובינקעס. האָבען זיי איהם אָפּגעשטעלט און אַ פרעג געטהאָן, וויפיעל געלט האָט ער ביי זיך? נאַטירליך, האָט זיך דער אַפּטייקער אַרויסגעשטעלט אַקעגען זיי מיט גרויסקייט: וואָס פאַר אַ העזה האָבען זיי אָוועק־שטעלען אַ רוהיגען מענשען אין מיטען גאַס, און נאָך אין אַזאַ צייט, וואָס מע האָט אונז געשענקט קאָנסטיטוציע?...

— אַהאַ? קאָנסטיטוציע? — האָבען די יונגע שקצים געענט־פערט דעם אַפּטייקער און מכבד געווען מיט אַ ברוך־הבא איבער'ן קאָפּ אַזוי געשמאַק, אַז ער איז באַלד פריטשמעלעט געוואָרען, פער־לאָרען דעם קאַפּעליש מיט די בלויע ברילען און איז אַנידערגע־פאַלען אויף דער ערד. און חברה האָבען קודם אַראָפּגענומען ביי איהם דעם גאָלדענעם זייגער מיט דער קייט, אויסגעטרייסעלט אַלע קעשענעס, און ערשט נאָכדעם איז ביי זיי אַרויס אַ ספק, צי איז דאָס אַ איד אָדער אַ כריסט? זאָל ער זיין אַ כריסט? — למאַי איז ער אַ געלער? איז ער אַ איד? — למאַי איז ער געגאָלט? און עס איז געבליבען בהסכם כולם, אַז מע זאָל פרעגען ביי'ם אַפּטייקער אַליין. זעלבסטפערשטענדליך, אַז דער אַפּטייקער האָט באַלד גע־זאָגט, אַז ער איז אַ כריסט, איין אמת'ער כריסט.

— ווי באַלד ער איז אַ כריסט, זאָל ער אונז בעווייזען; זאָל ער זיך אָקאָרשט איבער'צלמ'ען דריי מאָל!

אַזוי האָבען געפאָדערט חברה, און דער אַפּטייקער, טוידט ווי אַלע טוידטע, האָט זיך געבאָך געמוזט דריי מאָל איבער'צלמ'ען.

— צלמ׳ען זיך קאָן אַ איד אויך! — האָט זיך אָנגערופען איינער אַ חכם. — זאָל ער אונז ווייזען, אַז ער טראָגט אַ צלם.

דאָ איז איהם געוואָרען שלעכט: טאָמער, אַ קשיא אויף אַ מעשה, וואָס חברה קאָנען טהון מיט איהם? איז ער געפאַלען אויף איין עצה (ניט אומזיסט האָבען אידען אַ שם פון אַ חיטרע פאָלק!) און האָט זיך כלומרשט מודה געווען פאַר זיי, אַז ער אליין קומט אַרויס פון אידען, דאָס הייסט, ער איז אַמאָל געווען אַ איד, נאָר איצט איז ער אַ כריסט. אַי, וואו איז זיין צלם? —

— איך בין אַ פּראָטעסטאַנט! — האָט זיך בעצייטענס פער־ענטפערט דער אַפּטייקער און געבעטען זיך ביי די חברה־לייט, זיי זאָלען אויף איהם רחמנות האָבען, ער האָט אַ קראַנק ווייב מיט פיער קליינע קינדערלעך, מיט איין אַלטער מאַמע, מיט אַ בלינדען טאַטען (צוליעב פּקוח־נפש און מחמת ער האָט שוין אָנגעהויבען זאָגען ליגען, האָט ער שוין געהאַקט ווייטער).

און די חברה־לייט האָבען רחמנות געהאַט אויפ׳ן גע׳שמד׳טען פּראָטעסטאַנט, וואָס האָט אַ קראַנק ווייב מיט פיער קליינע קינ־דערלעך מיט איין אַלטער מאַמע מיט אַ בלינדען טאַטען, און האָבען נאָר צוגענומען ביי איהם די מלבושים מיט די שטיוועל, איהם איבערגעלאָזט דאָס העמד מיט די זאָקען און געשענקט איהם אַ פּאָר פּעטש דערפאַר, וואָס ער איז אַ פּראָטעסטאַנט, ניט קיין פּראַ־וואָסלאַוונער.

— האָסט דו זיך גע׳שמד׳ט, האָסט דו שוין בעדאַרפט אָנ־נעמען דעם ריכטיגען גלויבען פון אַ פּראַוואָסלאַוונעם, ניט אַזאַ גלויבען, ווי ביי די פּראָטעסטאַנטען! דאָס אַנדערע מאָל, אַז דו וועסט זיך שמד׳ען, זאָלסט דו זיך שוין שמד׳ען ווי עס געהער צו זיין...

. . . . . . . . . . . . . . . . . .

דער על־פּי־נס־געראַטעוועטער אַפּטייקער סאַפּראָנאָוויטש האָט ביי זיך אין האַרצען געבענשט גומל, וואָס ער איז ניצל געוואָרען פונ׳ם טוידט, וואָס ער האָט זיך מיט איהם געזעהען נאָר־וואָס

פנים אל פנים. ער האָט ניט געוואוסט, אַז דאָרט, אין דער היים, איז פון זיין גאַנצען גוטס, פון זיין אַפטייק, נישט געבליבען קיין שריד ופליט. אַ גליק נאָך, וואָס זיין פריינדין נאַדיעזשדאַ אַלעק־סאַנדראָווגאַ האָט איהם חאָטש אָפּגעראַטעוועט זיין שטוב און זיין זוהן סאַשאַ'ן. ווען זי קומט מיט איין האַלבע שעה פריהער, וואָלט זי אפשר די אַפטייק אויך אָפּגעראַטעוועט. די גוטע נאַדיעזשדאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ. ווי באַלד ס'איז געוואָרען די גרויסע בהלה, געקומען אַהיים און געוואָהר געוואָרען, אַז אין שטאָדט איז ניט רוהיג, — אַזוי איז זי אַוועק גלייך צו איהר פריינד סאַפּראָנאָ־וויטש'ען, זעהען וואָס טהוט זיך דאָרטען, און אָנגעקומען אַקוראַט צו דער רעכטער ארבייט. דערזעהען דעם חורבן פון דער אַפּטייק, איז זי פערציטערט געוואָרען. געטראָפּען הינטען ביי דער טהיר אַ באַנדע חברה־לייט שוין גרייט אויף צו געהן אַרויף אין שטוב אריין זיך נעמען דאָרט אויך צו דער ארבייט, האָט זיך נאַדיעזשדאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ צעשריגען אויף אַ קול, אַז זיי זאָלען זיך די רגע אָפּטראָגען פון דאַנען, וואָרום אָט רופט זי אַרויס אַ ראָטע קאָ־זאַקען! זי איז אַ ראַטמיסטער'ס אַ שוועסטער, זי וועט ניט דער־לאָזען, מע זאָל זיך צוריהרען צו דעם דאָזיגען הויז. דאָס הויז איז איהרס! „עטאָ אוזשאַסנאַ! עטאָ וואָזמוטיטעלנאָ!"...

— מיר דאַרפען ניט דיין הויז, מיר דאַרפען נאָר די אידען, וואָס זיצען דאָ! — האָבען איהר געענטפערט די שווארצע חברה.

— דאָ איז נישטאָ קיין אידען! וואָן, וואָן פון דאַנען!!!

„עטאָ אוזשאַסנאָ! עטאָ וואָזמוטיטעלנאָ!"...

און נאַדיעזשדאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ האָט אויסגעזעהען שרעקליך אין איהר ניט־געמאַכטען כעס. די שווארצע חברה האָבען זיך מיישב געווען: אידען זענען דאָ גענוג אין שטאָדט, דער טאָג שטעהט ניט, — און זענען אָפּגעטראָטען צום צווייטען הויז.

* * *

איציקעל שאָסטעפּאַל און זיין ווייב שיווקע, וואָס זענען גע־שטאַנען ביי'ם פענסטער אין מורא'דיגע פּחדים, נישט געוואוסט

וואוהין צו לויתען, האָבען דערזעהען, ווי די שווארצע חברה האָבען עפּיס מיט א מאָל ווי אָפּגעטראָטען פון זייער טהיר, און זיי האָבען געדאנקט גאָט, וואָס זיי זענען עפּיס על־פּי־נס ניצל געוואָרען פון אזא סכנה. גאָר אליין נישט געוואוסט וועמען זיי האָבען צו פערדאנקען מיט'ן דאָזיגען נס...

אויך סאשא'ס חבר, קעסלער, איז געשטאנען ביי'ם פענסטער און האָט אַלע מינוט אָפּגעגעבען דעם קראנקען סאשא'ן א ראפּאָרט, וואָס אין דרויסען טהוט זיך. סאשא האָט געגעבען טאמארא'ן דאָס וואָרט, אז ער וועט זיך ניט ריהרען פונ'ם אָרט, — מעג זיך קעהרען די וועלט, וועט ער זיין וואָרט האַלטען. סיידען די שווארצע חברה וועלען אריינקומען אין שטוב אריין! קעסלער האָט אפילו פערבאַריקאַדירט די טהיר מיט קאַסטענס און מיט בענקלעך. איין אַנגעלאָדענעם רעוואָלווער האָט ער אויך. ער וועט שיסען יעדען איינציגען, ווער עס וועט זיך וויזען אויף דער טהיר, און וועט צו זיין קראנקען חבר נישט צולאָזען קיינעם, סיידען מע וועט איהם, קעסלער'ען, הרג'ענען...

— די באנדע האָט אָפּגעקערעוועט פון אונזער שטוב און איז אוועק ווייטער, — אזוי ראַפּאָרטירט קעסלער פאר זיין חבר, דעם אונטערגעשאָסענעם סאשא, און איציקעל שאַסטעפּאַל טהוט זיך א וואָרף צום פענסטער און דערזעהט דעם פּריסטאַוו, אַנטאָן איוואנאָוויטש חאַלאַדקאָוו, דורכפאָהרען פאַרביי רייטענדיג אויף א פערד, שאָקעלט זיך אהין און אהער מיט דער גאנצער גראַציע פון איין אָפיציער, מאכט עפּיס מיט דער האנד, נאָר ער הייסט ניט צעטרייבען די באָסיאַקעס. איציקעל שאַסטעפּאַל וויל עפענען דאָס פענסטער און אויסשרייען צו אַנטאָן איוואנאָוויטש'ען, ער זאָל זיך אָננעמען זיין קריוודע, ער זאָל צעטרייבען אָט די שכורים. לאָזט איהם ניט שיווקע. זי האַלט איהם צו ביי דער האנד.

— איצי! עפען ניט דאָס פענסטער! מיר זענען פאַרביי, איצי!

איציקעל שאַסטעפּאַל פערהאַקט דאַס פענסטער, נאָר עס טראָ־
גען זיך דורכ׳ן פערהאַקטען פענסטער משונה־מאָדנע קולות, טוי־
זענדער קולות, אַ מאָדנער הילך, אַ מיש־מאַש פון געשרייען, פון
געוויין, פון מענשען, וואָס בעטען זיך, מע זאָל זיי ראַטעווען, און
פון מענשען, וואָס שרייען „ביי זשידאָוו“, און אַ קאָמאַנדע הערט
זיך, און אַ שיסעריי פון ביקסען הערט זיך, און אַ קלונג פון צע־
בראָכענע שויבען הערט זיך, און אַ מורא׳דיגער „הורראַ“ פערהילכט
די אַלע קולות — ס׳איז עק־וועלט, אַ פּנים?...

* * *

נאָר נחמיה דעם שוסטער׳ס קינדער, יודעל קטנתי׳ס קדיש,
חוה דער אידינע׳ס „אומגליק“, בערעזניאַק־ניידיטש און די איבע־
ריגע חברים זייערע האָבען ניט געוואַרט ביז מע וועט קומען צו
זיי גוט־יום־טוב ביטען... ווי באַלד זיי האָבען נאָר דערהערט, אַז
אויף דער אידישער גאַס איז „פריילין“, אַזוי האָבען זיי אויסגע־
פּויקט צווישען אַלע חברים, מע זאָל זיין גרייט. זיי האָבען זיך
איינגעטיילט אין פערשיעדענע פּונקטען, ארויסגעגעבען אַלעמען
דאָס געוועהר, און אַ סך האָבען זיך געלאָזט אראָפּ צו דער אידישער
גאַס, און אומעדום, וואו נאָר עס האָט זיך אָנגעהויבען ערגיץ וואו
אַ חתונה, זענען זיי אונטערגעקומען און האָבען מיט זייערע רע־
וואָלווערען צעטריבען די חברה־לייט, אַזוי ווי וואָראָנעס. אַזוי איז
דאָס געגאַנגען אויף איין גאַס, אויף דער אַנדערער גאַס; נאָר אַז
ס׳איז געקומען צו דער דריטער גאַס, האָט פון זיי מיט אַ מאָל דאָס
גליק אָפּגעטראָטען. זיי האָבען בעגעגענט צו אַ שטאַרקען ווידער־
שטאַנד, און זיי האָבען אָנגעהויבען פאַלען איינציגווייז, אַזוי ווי
שטרוי...

צווישען די ערשטע קרבנות איז געווען נחמיה דעם שוסטער׳ס
יונגערער זוהן, בעני, וועלכער איז אַרונטערגעפאַלען פון צוויי קוי־
לען, וואָס האָבען איהם דורכגעלעכערט די לונגען און דאָס האַרץ.
ווי איין אונטערגעשאָסענעם הירש אויף דער אַחאַטע, האָבען
איהם צוויי חברים אונטערגעחאַפּט אויף די הענד און האָבען איהם

אויף דער גיך אוועקגעטראָגען אַהיים, און האָבען געטראָפען אין דערהיים נאָר די מוטער. דער ברודער, חיים, איז געווען מיט זיינע חברים אויף איין אַנדער פונקט, און דער טאַטע נחמיה איז גע־גאַנגען מיט זיין פריינד יודעל קטנתי געוואָהר ווערען, וואָס טהוט זיך.

זעלבסטפערשטענדליך, אַז יודעל קטנתי איז געווען אויפגע־לעגט ווי תמיד, ובפרט ער האָט דעם פריהמאָרגען לכבוד דעם גרויסען יום־טוב געמאַכט אַ פיינע כוסה, האָט ער געשאָטען מיט פסוקים און געלאַכט פון דער קאָנסטיטוציע, זיך געהאַלטען פשוט ביי די זייטען, זיך גערייצט מיט'ן שוסטער, זיך בעריהמט, אַז ער האָט געוואוסט פריהער, ער זאָל אַזוי האָבען אַלדאָס גוטס אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט, אַז דאָס אַלץ דאַרף זיך אָט אַזוי ענדיגען, חאַ־חאַ־חאַ!...

לאַנג לאַכען האָט מען אָבער דעם דאָזיגען פרייליכען שניי־דערעל נישט געלאָזט. דערהערט, אַז אויף דער וואָסילטשיקאָווער גאַס הויבט שוין אויך אָן ווערען פרייליך, האָבען זיי זיך אינצווייען מיט נחמיה דעם שוסטער געלאָזט אַרויף אַהיים, און ווי זיי זענען געקומען, האָבען זיי געטראָפען די גאַס שוין רעכט בעלאַגערט מיט מענשען... מע איז נאָר־וואָס צוגעטראָטען צו סאַפראָנאָוויטש'עס אַפטייק.

— יודעל, מיר זענען אין דער ארבייט! — זאָגט נחמיה דער שוסטער.

— וואָס טיבע יוצר המאורות! — ענטפערט איהם יודעל דער שניידער.

ביי די ווערטער קומט אָן ליפּא באַשעוויטש אָהן אַ היטעל, די האָר צעלאָזט, דאָס האַרץ צעהראַסטעט, אין האַנד אַ שטעקען, און ער האַלט אין מיטען פרעדיגען מיט'ן נוסח פון ישעיהו:

— און עס וועט קומען אַ בראַן' אויף אייערע לייבער, און איהר וועט זוכען הילף און וועט שרייען, און קיינער וועט אייך ניט ענטפערען, וואָרום גרויס איז דער צאָרן פון גאָט, וואָס טהוט

ריכטען די וועלט מיט זיין גרויסען שטורם־ווינט, וואס ער ברענגט אויף דער ערד, דערפאר וואס איהר האט ניט געוואלט צוהערען זיין געבאט... עגעדען, מאגעדען, מאגדאדען! עגעעדען, מאגעדען, מאגדאאאדען! עעעגעדען, מאגעדען, מאגדאאאאדען!...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

טרויעריג, זעהר טרויעריג האט זיך אויסגעלאזט דער טאג, וואס האט זיך אנגעהויבען אזוי גליקליך, אזוי פריילדך, און שטיל האט זיך אראפגעלאזט אויף דער ערד די טונקעלע נאכט און האט פערשפרייט איהרע שווארצע פליגעל אויף דער מרה־שחורה'דיגער וועלט. נאך דעם צו־פרייליכען און גליקליכען טאג האט די נאכט אויסגעזעהן ווי איין אלמנה, אנגעטהאן אין שווארצען. שטיל איז געווען ארום און ארום. קיין דורכגעהער, קיין דורכפאהרער. אלע טהעאטערען זענען געשלאסען. אלע רעסטאראנען זענען געשפארט. אויסגעלאשען זענען די ליכט אין די גאס־לאמפען. עס איז חושך און שטיל. ווען־ניט־ווען לאזט זיך הערען א וויימער הילך, איין אפקלאנג פון א הייזעריגען „הורראַ", א קול פון א געשלאגענעם, א גוואלד פון א סך מענשען, א געזאנג פון א שכור, וואס רייסט זיך דורך און ווערד פערשטארבען, און וויעדער ווערד שטיל... שטיל קוקט־אראפ אויך דער מרה־שחורה'דיגער הימעל מיט זיינע מיריאדען פינקעלדיגע וועלטען אויף דער קליינער חושכ'דיגער ערד, וואס מיינט און וויל איינרעדען אויך יענעם, אז צוליעב איהר האט דאס גאט בעשאפען אט די גרויסע רייכע מיליארדען־שטערענדיגע וועלט. שטיל, פינסטער, חושך! זי וויל ניט דערצעהלען, די שטילע פינסטערע חושכ'דיגע נאכט, וואס ס'איז פארגעקומען דארט, אין די חושכ'דיגע, ארעמע, שמוציגע אידישע גאסען און געסלעך, אין די חושכ'דיגע, ארעמע, שמוציגע אידישע הייזער און הייזלעך, ביי די דערנידעריגטע, ארעמע, הונגעריגע, אומגליקליכע, נאקעטע און בארפיסע פערווארפענע, פערגעסענע און דערשלאגענע — — — ניין, זי וויל ניט דערצעהלען, די שטילע פינסטערע חושכ'דיגע נאכט, וואס עס איז פארגעקומען דארט! אויך שווייגט די שטילע פינ־

סטערע חושכ׳דיגע נאַכט פון די שטילע פינסטערע געהיימע פער־
זאַמלונגען אין שטילע פינסטערע געהיימע קעלערס, וואו שטילע
פינסטערע געהיימע מענשלעך האָבען אויסגעטיילט די ארבייט, זיי
זאָלען זיין גרייט צו „מאָרגענדיגען טאָג“... און נאָך און נאָך א סך
זאַכען זענען אָפּגעטהאָן געוואָרען אין דער דאָזיגער שטילער, פינ־
סטערער, חושכ׳דיגער נאַכט. און זי שווייגט, די נאַכט. זי וואַרט
אויפ׳ן ליכטיגען פרישען פריהמאָרגען. ער וועט קומען, דער גע־
ווינשטער ליכטיגער פריהמאָרגען. ער וועט קומען און מע וועט עס
אַלסדינג דערצעהלען — אין פריידען.

## קאַפּיטעל יב.

## א י י ב י ג ע ו ו א נ ד ע ר ע ר.

עס איז געווען א נאַסער, א קאַלטער פריהמאָרגען, איינער פון
יענע קאַלטע נאַסע אָסיענדיגע טעג, וואָס מע זאָגט, אז עס איז
„איין עבירה א הונד אַרויסצולאָזען אויף דער גאַס“. דער וואָקזאַל,
אויף וועלכען עס האָבען זיך אַמאָל געטראָפען שאַסטעפּאַל מיט
סאַפּראָנאָוויטש דעם אַפּטייקער, בשעת זייערע קינדער זענען אָנ־
געקומען פון פּעטערבורג אהיים אויף פּסח, איז געווען פול געפּאַקט
מיט מענשען, און איבערהויפּט — די דריטע קלאַס. עס איז ניט
געווען א נאָדעל דורכצוּוואַרפען. מעהרסטענס פּאַסאַזשירען זענען
געווען אַחינו בני ישראל. מע קאָן זאָגען, כמעט לויטער אידען.
געזעסען און געשטאַנען קעפּ אויף קעפּ ווייבער מיט קינדער מיט
טשעמאָדאַנעס, טאָרבעס, זעק און פּעקלעך, און קישענס, קישענס,
קישענס!... די פּנים׳ער ביי אַלע אָנגעשראָקענע, קוקען זיך אַרום
אויף אַלע זייטען, ציטערען פאַר א געשריי, פאַר א פּייף... נאָך די
שמועסען פון די פּאַסאַזשירען דאַרף מען רעכענען, אז דאָס זענען
עמיגראַנטען, וואָרום עס לאָזען זיך הערען די ווערטער: „ליבוי“...
„האַמבורג“... „שיפסקאַרטען“... „אַמעריקאַ“... דאָס וואָרט „אַמע־
ריקאַ“ — אָפּטער פון אַלץ. דאָס וואָרט „אַמעריקאַ“ האָט פאַר זיי
א בעזונדערע צוציהונגס־קראַפט, א מין כשוף. דאָס איז א וואונש,

א אידעאל, וואָס א סך, א סך פון זיי האָבען לאַנג וועגען דעם געחלומ׳ט. אמעריקאַ שטעלט זיך זיי פאָר ווי א מין יענע וועלט, א מין גן־עדן. הלואי, רבונו של עולם, מע זאָל זיי האָטש אריינלאָזען, ניט אָפּשיקען חלילה צוריק...

דאָס געשריי איז גרויס, דער טומעל מיט׳ן לויפען מיט׳ן שטור־פּען זיך איז נאָך גרעסער. צווישען די פאַרשוינען זעהט מען איי־ניגע מיט איבערגעבונדענע קעפּ, מיט אונטערגעבלויטע אויגען — סימנים פונ׳ם נאָך ניט פערהיילטען אומגליק, נאָך ניט אָפּגעקיהל־טען פּאָגראָם...

— מע וועט אייך דען אריינלאָזען אין אמעריקאַ מיט אזא פּאַסאָן? — רייצט זיך א יונגעל איין עזות־פּנים, די הענד אין די קעשענעס, קעגען א אידינע מיט איין איינגעקוועטשטען שטערן און מיט געלזוכט אין פּנים.

— א מכה דער מאַמע דיינער! — ענטפערט איהם די אי־דינע. — אבי איך האָב געזונטע אויגען, האָב איך דיך אין דער ערד!

א יונג ווייבעל און זויגט א קינד און שלעפּט א אידען פאַר דער פּאָלע. זי וויל וויסען, צי מע לאָזט אריין קיין אמעריקאַ מיט זויגענדיגע קינדער? דער איד דאַווענט, קאָן איהר נישט ענט־פערען, טהוט ער איהר א מאַך מיט דער האַנד, ווי איינער רעדט: „דו ביזט נעבאָך א גרויסע בהמה!“ און קוקט זיך ארום בשעת מעשה, צי זעהט ניט דער זשאַנדאַרם, ווי ער דאַווענט.

בעזונדער אין א ווינקעלע זיצט א געזינדעל: א פאָטער, א מוטער, זעכס קינדער; פּיער יונגלעך, — יונגלעך איז אין אמע־ריקאַ, זאָגט מען, א גליק, זיי געהען ארבייטען — צוויי מיידלעך, — מיידלעך, זאָגט מען, איז אויך א גליק אין אמעריקאַ, זיי געהען ארבייטען, און א באַבע מיט א זיידען זענען אויך דאָ. די באַבע וואָלט אפשר אויך געפאָהרען מיט די קינדער קיין אמעריקאַ, קאָן זי ניט איבער׳ן זיידען, ווייל ער איז א בלינדער. א בלינדען לאָזט מען קיין אמעריקאַ ניט אריין. מוז זי דאָ בלייבען מיט׳ן אלטען.

סיידען אמאָל, איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר, וועלען זיי איהר צושיקען פון דאָרטען אַ שיפסקאַרטע... דערווייל זאָל ער נאָך לעבען. גענוג, אַז גאָט האָט איהם געשטראָפט, מע האָט איהם בשעת פּאָג־ראָם אויסגעשטאָכעןביידע אויגען, דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געוואָלט זאָגען וואו איז די קינדער'ס געלד, צוויי און צוואַנציג קערבלעך... און דער אַלטער זיידע גלעט די אייניקלעך איבער די קעפּלעך, וויינט מיט זיינע בלינדע אויגען און זאָגט צו זיי:

— איך וועל אייך שוין מעהר, קינדערלעך, אפּנים, ניט זעהען קיינמאָל! קיינמאָל אייך ניט זעהען מעהר!...

צווישען די עמיגראַנטען קאָן מען דערקענען נחמיה דעם שוס־טער, זיין ווייב זיסעל און זייער עלטערען זוהן חיים. דער יונגע־רער, בעני, ליגט אויפ'ן הייליגען אָרט נאָך אָהן אַ מצבה. זיי האָבען אויסגעפּערקויפט וואָס זיי האָבען געהאַט און פאָהרען אין אַזאַ לאַנד, פון וואַנען זיי וועלען שוין מסתמא קיינמאָל צוריק נישט קומען.

— האָסט אַ טעות, אַלטער, מיר וועלען נאָך קומען צוריק אַלע, און איך אודאי...

אַזוי זאָגט חיים צום פאָטער און ער וויל איהם איינרעדען, אַז ער, חיים, פאָהרט ניט אַהין אויף שטענדיג; און ניט צוליעב זיך פאָהרט ער, נאָר צוליעב זיי. און זאָל זיך נאָר אַ ביסעל איבער־קאָכען אָט דאָ, וועלען אַלע פאָהרען צוריק אַהער, „צו אונז", אַזוי ווי מע פאָהרט אַצינד אַהין, קיין אַמעריקאַ...

— אם ירצה השם! — מישט זיך אריין אַ איד אַ ווילד־פרעמ־דער פון דער זייט, וואָס שניידט דינע ריפּטלעך ברויט מיט אַ קליין שאַרף מעסערעל און בעשמירט דאָס מיט אַ געלכעל פון איין איי און בעט־אוים אַביסעל זאַלץ ביי אַ פרעמדער אידינע מיט אַ פער־וויינט פּנים צו זיך אין הויפען אַריין.

— אַהין געפאָהרען, אַהער געפאָהרען — ישראליק פאָהרט!

אַזוי רופט זיך אָפּ דער איד, וואָס האָט ביז אַהער געדאַווענט און איצט לעגט ער צענויף דעם טלית ותפלין, און די באַקען פלאַ־

מען איהם. — אונזער פאָלק ישראל, פאַרשטעהט איהר מיך, איז מקיים דעם פסוק, וואָס גאָט האָט אַמאָל געזאָגט צו אברהם אבינו: לך־לך — זאָלסט אַרויסגעהן פון דיין לאַנד און פון דיין געבורטס־אָרט און פון דיין פאָטער'ס הויז...

— אַ גליק האָט אונז געטראָפען! — רופט זיך אָפּ נאָך אַ זייטיגער פאַרשוין מיט אַ גילקע אויף איין אויג, און איהם ענטפערט אָפּ אַ דריטער, אויך אַ ווילד־פרעמדער, נאָר אַ יונגערמאַן, ווייזט אויס, אַ שטיק אינטעליגענט, אָהן פאות און שטאַרק אונטערגעהאַקט דאָס בערדעל:

— געוויס אַ גליק, וואָרום וואַנדערען, גלות פּראָווען — דאָס איז אונזער געבאָט, אונזער מיסיאָן. האָט איהר פאַרשטאַנען, צי וועך־וואָס? אין דעם טאָג, וואָס אידען וועלען אויפהערען אָפּריכטען גלות, וועלען זיי חלילה אויפהערען צו זיין אידען...

דערזעהען, אַז די צוהערער קוקען אויף איהם פער'חדוש'ט, פערענטפערט ער זיך:

— איהר מיינט, ס'איז מיינס? דאָס זאָגט איינער אַ גרויסער, נאָר אַ גרויסער מענטש (און ער דרעהט־אויס מיט'ן גראָבען פינגער און זאָגט מיט אַ ניגון): „מה־דאָך, זאָגט ער, אַצינד, ווען מיר זענען צו שאַנד און צו שפּאָט, פאָדערט מען, זאָגט ער, פון אונז, מיר זאָלען זיין עהרליכער און אָרענטליכער און בעסער און פיינער פאַר אַלעמען, היינט לא כל שכן וואָס פאַר פּרעטענזיעס וועלען שוין האָבען, זאָגט ער, צו אונז די פעלקער אין דער צייט, ווען מיר וועלען זיין, זאָגט ער, לייטען גלייך אויף אונזער אייגענער ערד?"... ניין, ברידער! אונזער מיסיאָן איז וואַנדערען, שטענדיג זיין צווישען פרעמדע פעלקער, זיין אַ מוסר, אַ ביישפּיעל פאַר אַלעמען... האָט איהר עס פאַרשטאַנען, צי וועך־וואָס?

דאָס רעדעל אַרום דעם יונגען מאַן, וואָס פּרעדיגט, ווערד אַלע מינוט ברייטער און גרעסער. אידען האָבען ליעב האָרכען אַ גוט וואָרט, עס מעג זיין וואו איהר ווילט און ווען איהר ווילט, אַפילו „אַ מינוט פאַר'ן פּאָיעזד". מאַנסבילען, די וואָס האָבען פערשטאַ־

נען, האָבען פערשטאַנען, אַז דער יונגערמאַן בעדאַרף זיין אַ ציוניסט, וואָרום ער רעדט גוּ שען און היצט זיך צו שטאַרק. און ווייבער, וואָס האָבען ניט פערשטאַנען גאָרניט, האָבען אויך צוגע־שאָקעלט מיט די קעפּ, אונטערגעהאַלטען מיט אַ זיפץ און גרייט געווען אַלע מינוט לאָזען אַ טרער — עלעהיי, לאָז זיך אייך דאַכטען, אַ מגיד רעדט...

צווישען עולם, וואָס האָט אַרומגערינגעלט דעם יונגען מאַן דעם אינטעליגענט, איז געווען אויך סאַשאַ סאַפּראַנאָוויטש, וואָס איז אַרויסגעקומען אַרויסבעגלייטען זיין פאָטער דעם אַפּטייקער — ער פאָהרט קיין ארץ־ישראל דאָרט ווערען איין אַפּטייקער. טאָמער וועט מען בעדאַרפען האַלטען עקזאַמען, וועט ער האַלטען. אַזאַ אומגעריכטע מעטאַמאָרפאָזאַ האָט געקאָנט אַרויסרופען ביי איהם נאָר דער שטורם מיט אַלע רעזולטאַטען פונ׳ם שטורם, וועלכע ער האָט איבערגעלעבט. פערשטעהט זיך, אַז סאָלאָמאָן סאַפּראַנאָ־וויטש האָט געהאַט איין אַנדער מאַרשרוט — קיין אַמעריקאַ. נאָר אויף עמיגרירען קיין ארץ־ישראל האָט איהם אַרויפגעפיהרט זיין זוהן סאַשאַ. און אַנדערש האָט דאָס ניט געקאָנט זיין — פאָרט איין איין־און־איינציגער זוהן. סאַשאַ בלייבט דערווייל דאָ ביז ער וועט ענדיגען; אַז ער וועט ענדיגען, וועט ער סאַי ווי סאַי אַריבער־פאָהרען קיין ארץ־ישראל. ארץ־ישראל און אַמעריקאַ — צו אַ גרויסער תהום! שענער פון אַלץ איז געווען דאָס, וואָס דעם אַפּ־טייקער׳ס כריסטליכע פריינדין, נאַדיעזשדאַ אַלעקסאַנדראָוונאַ, האָט צוגערעדט איהר פריינד דעם אַפּטייקער, ער זאָל בעסער אַריבערפאָהרען קיין ארץ־ישראל. „פּאַלעסטינאַ — האָט זי גע־זאָגט, און טאַקי גוט מכבד געווען איהם — פּאַלעסטינאַ — דאָס איז דאָך אייער באַטקאָווּשטשינאַ, אייער פאָטערלאַנד, ווי קאָנט איהר עס פערבייטען אויף אַ פרעמד לאַנד, אויף אַמעריקאַ?... עטאָ אוזשאַסנאָ! עטאָ וואָזמוטיטעלנאָ!“...

אַ סך האָט אויך מיטגעהאָלפען זיין שכן איציקעל שאָסטעפּאַל, וואָס איז פון איצט אָן נישט נאָר אַ שכן — אַ סברה, אַז ער איז

שוין גאַר אַ מחותן. עס איז נאָך נישט אָפיציעל פערשטעהט זיך, עס איז נאָך דערוויייל אַ סוד, נאַר אַזאַ סוד, וואָס אַלע ווייסען עס און אַלע רעדען, שושקען זיך, — היינט־מאָרגען קאָן עס ווערען אַ פּאַקט. די קינדער בעדאַרפען דערוויייל ערשט ענדיגען זייער קורס. זיי פאָהרען ביידע ווידער אַ מאָל קיין פּעטערבורג, און זענען די לעצטע צייט אַזוי בעפריינדעט, אַז ס׳איז שוין גאָר ביי קיינעם קיין שום ספק ניט, אַז דאָס זענען חתן־כלה. אַ שטיקעל מניעה איז נאָר אין איין זאַך: דער חתן איז אַ ציוניסט, און אַ פערברענטער ציוניסט, און די כלה איז צום ציוניזם דערוויייל קאַלט, זעהר קאַלט. נאָר „מה שלא יעשה השכל יעשה הזמן" — זאָגט איציקעל שאַסטעפּאַל מיט אַ פסוק צו זיין האַלב־אָפיציעלען מחותן דעם אַפּטייקער, וואָס חאָטש ער פערשטעהט ניט קיין לשון־קודש, פון דעסטוועגען טהוט ער אַ גלאַנץ מיט די ברילען, מע זאָל מיינען, אַז ער האָט פערשטאַנען.

— אַלעקסאַנדער סאָלאָמאָנאָוויטש, וואו זענט איהר פערפאַלען געוואָרען? עטאָ אוזשאַסנאָ! עטאָ וואָזמוטיטעלנאָ!

נאַדיעזשדאַ אַלעקסאַנדראָווגא האָט דאָס אַזוי אויסגערופען, אַ פּלעסק געגעבען מיט די הענד, דערזעהען סאַשאַ סאַפּראַנאָוויטש׳ען אין דריטער קלאַס צווישען עולם, וואָס אַרום דעם יונגען אינטע־ליגענט. נאָך איהר זענען באַלד אָנגעקומען אויך דער אַפּטייקער, וואָס האָט זיך שטאַרק אויסגעבלייכט, און טאַמאַראַ און איציקעל שאַסטעפּאַל, וואָס האָט זיך שטאַרק פערעלטערט אין דער לעצטער צייט: די אויגען זענען געוואָרען זוי אונטערגעשוואָלען, מיט קי־שעלעך. זיין טאָכטער טאַמאַראַ האָט זיך אויך פערענדערט — זי איז שענער געוואָרען, נאָך שענער ווי פריהער.

— וואָס טהוט זיך דאָ? — האָט טאַמאַראַ אַ פרעג געגעבען.

— אונזערע וואַנדערער — האָט איהר סאַשאַ אָפּגעענטפערט, בעוויזען מיט די אויגען אויף דעם עולם עמיגראַנטען — אונזערע אייביגע וואַנדערער.

— די אייביגע וואנדערער! — האָט איהם, ווי א וויעדער־קול, מעלאַנכאָליש נאָכגעזאָגט נאַדיעזשדא אַלעקסאַנדראָוונא מיט א טראַגישער אינטאָנאַציע און איז אָבער באַלד אָנגעפאַלען אויף איהרע גוטע פריינד: וואָס שטעהט מען? ס'איז שוין צייט זיך געזעגענען! און אויסגעלאָזט האָט זי מיט איהר שטענדיגען אויס־רוף: „עטאָ אוזשאַסנאָ! עטאָ וואָזמוטיטעלנאָ!"...

און דאָס גאַנצע געזינדעל לאָזט זיך געהן אויפ'ן פעררּאָן, און דאָרט געזעגענט מען זיך מיט'ן אַפּטייקער סאַפּראָנאָוויטש, און מע קושט זיך און מע ווינשט איהם אַלדאָס גוטס פונ'ם גאַנצען האַרצען.

סוף פונ'ם צווייטען טהייל.

# קאפיטלעך

## ערשטער טייל.


קאפיטעל א. פסח, פסח און פסח . . . . . . . . . . . . 7
קאפיטעל ב. קינדער און עלטערען, עלטערען און קינדער . . . . . . 26
קאפיטעל ג. מאשא באשעוויטש . . . . . . . . . . . . 42
קאפיטעל ד. יאשקא ווארנא . . . . . . . . . . . . 47
קאפיטעל ה. די קליינע קאמונע . . . . . . . . . . . . 50
קאפיטעל ו. געשאסען דעם פויגעל און ניט געטראפען . . . . . . 55
קאפיטעל ז. מאשא זוכט א טעריטאריע . . . . . . . . . 61
קאפיטעל ח. מאשא באשעוויטש ביי טאמארא שאסטעפאל . . . . . . 71
קאפיטעל ט. ער האט זיי געפאקט ! . . . . . . . . . . . . 78
קאפיטעל י. דער זונטאג . . . . . . . . . . . . 83
קאפיטעל יא. טאמארא בעפרייהט . . . . . . . . . . . . 87
קאפיטעל יב. פון צער און צארן . . . . . . . . . . . . 91


## צווייטער טייל.


קאפיטעל א. טאטעס און קינדער . . . . . . . . . . . . 103
קאפיטעל ב. פסח צום סדר . . . . . . . . . . . . 117
קאפיטעל ג. דעם שוסטער'ס אורח . . . . . . . . . . . . 127
קאפיטעל ד. איציקעל שאסטעפאל געהט ארום אהן א קאפ . . . . . 148
קאפיטעל ה. א שטילע טראגעדיע מיט א רעש'דיגען סוף . . . . . 159
קאפיטעל ו. א ביטער שטיקעל צייט . . . . . . . . . . . . 168
קאפיטעל ז. אלסדינג רוהט . . . . . . . . . . . . 184
קאפיטעל ח. מזל טוב ! גוט יום־טוב ! . . . . . . . . . . . . 188
קאפיטעל ט. פערשטעהרט דעם יום־טוב . . . . . . . . . . . . 194
קאפיטעל י. וואס טאמארא האט געזעהען און געהערט . . . . . . 204
קאפיטעל יא. דער שטורם פערשפרייט זיך . . . . . . . . . . . . 207
קאפיטעל יב. אייביגע וואנדערער . . . . . . . . . . . . 215